# מאַרטאַ'ס קינדער

(אַנטי־מיליטאַריסטישער ראָמאַן)



— פון —

באַראָנעסע בערטהא זוטנער



איבערזעצט פון

ש. יאַנאָווסקי



פערלאג „פרייע ארבייטער שטימע“.

# ערשטער קאַפּיטעל.

„עס לעבע די צוקונפט!"

מיט די ווערטער האָט גראַף רודאָלף דאַצקי גע־שלאָסען זיין פעסט־רעדע. „ און פון דעם בעכער", האָט ער נאָך צוגעלייגט, א וואַרף טהאָנדיג דעם שאמפּאניער־בעכער אָן די די וואנד, „זאָל קיינער מעהר ניט טרינקען, און היינט, ביי דער פייערונג פון מיין ערשט־געבאָרענעם קינד, זאָל קיין אַנדערער טאָסט ניט ארויסגעזאָגט ווערען, ווי בלויז דער: „עס לעבע די צוקונפט!" ניט וועגען אונזערע עלטער־עלטער־זיידעס ווילען מיר טראכטען, און זיך ארויסווייזען געגנוג ווירדיג פאר זיי, נור פון אונזערע איניקלאך... מוטער — האָט ער זיך אליין אונ־טערבראָכען — וואָס איז דיר?... דו וויינסט?... וואָס זעהסטו דאָרט?

די באַראָנעססע מארטא טיללינג האָט מיט איהרע צוויי גרויסע שווארצע אויגען, וועלכע זיינען געוועזען אין אזא מערק־ווירדיגען קאָנטראסט מיט איהרע ווייסע האָר, און פון וועלכע עס האָבען איצט צוויי גרויסע טרערען ארויסגערונען איבער די באקען איהרע, געקוקט אָנגעשטרענגט אין די ריכטונג פון סאָד, וועלכער איז געוועזען אויסגעשפּרייט פאר דער אָפענער טעררא־סען־טיר.

וואָס זי האָט דאָרט געזעהען, איז געוועזען א גאַללוציגאציע־בילד, וועלכען זי האָט אָפט געזעהען אין חלום. אַן אלטער מאַן, איהר מאַן, וועלכער האָט ביין אונטערגאנג פון דער זוהן מיט א שערעלע געשניטען און אויסגעגלייכט די רויזען־בוימלאך.

זיי האָבען אמאָל, ווען זיי זיינען נאָך געוועזען א יונגע און גליקליכע פּאָר, געערדט פון זייער צוקונפט, אוז איהר גליקלי־כער יונגער טיללינג האָט צו איהר דאן געזאָגט: „ווייסטו, מאַר־

טא, ווען איך וועל אמאָל ווערען איבער זיעבציג און וועל שוין ניט מעהר טויגען אין די קאָכעדיגע וועלט, וועל איך דאן איבער־געבען מיין ליעבע צו די בלומען, און וועל ווערען א ריכטיגער גערטנער.“ און זי האָט איהם אויף דעם געענטפערט: „יא, איך שטעל דיך מיר שוין פאַר אין א הויז־קעפּ — ניט פון מיר אויס־געשטריקט, איך בעשעפטיג מיך ניט מיט אזא לאַנגוויילינגער ארבייט — אויף דיינע זילבערנע לאָקען, אין דער האנד האלטסטו א גאָרטען־שערעל, מיט וועלכער דו שניידסטסט אָב די פערוויא־נעטע בלומען פון די רויזען־בוימלאך“. און ער האָט ווידער אויף דעם בעמערקט: „יא, און דו זיצסט אויף דער גאָרטען־באַנק, א דופּטיגער טוך פון לייס אויף דיינע שוין אויך ווייסע האָר געשמאקפול אָנגעטהאָן, וואָרים א קאָקעטקע וועסטו בלייבען דיין גאנצען לעבען; אין דער האנד וועסטו האלטען עפּעס א שטריקעריי, אָדער א צוגעמאכטען בוך, פון וועלכען דו וועסט מיר שפּעטער פאַרלעזען, און שמייכלענדיג קוקסטו צו, ווי איך ארבייט. מיר וועלען זיין א גליקליך אלטע פּאָרעל, מארטא.“

דיזע פאָרשטעלונג האָט אזוי פעסט איינגעדרונגען אין איהר מח, דאָס אין איהרע חלומות האָט זי געטרוימט וועגען דעם, ווי פון א פאקט. אכטצעהן יאָהר ווי זי איז שוין געוועזן אַן אלמנה, און דאָך, ווען זי האָט נור געטראכט פון איהר פערלאָרע־נעם פרידריך, האָט זי איהם געזעהען פאר זיך א לעבעדיגען. אין די מייסטע פעללע, ווי ער איז געוועזן, אלס חתן, און מאנכע מאָל אין יענער געשטאלט, ווי זיי האָבען זיך ביידע פאָרגעשטעלט אין זייער פאנטאזיע.

אין דעם טאָג, ביין טויף־פעסט פון איהר איינִיקעל, ווען רו־דאָלף, איהר זוהן, האָט געזאָגט אין זיין טאָסט־רעדע: „יא, מו־טער, דאָס גלאָז טרינק איך צום אנדענקען פון דיין אייביג־געּ־ליעבטען און אייביג בעוויינטען מאן, ווען איך פערדאנק אלעס, וואָס איך דענק און וואָס איך בין“, האָט איהר הארץ א שוידערליכער וועה דורכגעבאפּט. זי איז געזעסען אנטקעגען דער

אָפענער טיר. די שטראַהלען פון דער אונטערגעהענדער זון האָבען ארומגעוועבט א רויזען־בוים מיט זייער ציטער־גאָלדיגען שיין, און פון דאָרט האָט זיך בעוויזען פאר איהר זיין געשטאלט. זי זעהט די גאָרטענ־שערעל פינקלען, די ווייסע האָר פון קאָפּ גלאַנצען. און ער שמייכעלט צו איהר: „ניט אמת, מארטא, זיינען מיר ניט א גליקליכע אלטע פּאָרעל?“

דערשראָקען פון רודאָלף׳ס פראגע, האָט זי ראש טרוקען געמאכט איהרע אויגען און זיך אויפגעהויבען.

זי האָט גענומען דעם אָרעם פון איהר שכן פון דער רעכטער זייט פון דעם מיניסטער „אודאי“, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבען געברויכען אָפט דאָס ווערטעל „פון דער אנדרער זייט“, אזוי, דאָס איצט איז ער געוועזען בעקאַנט אונטער דעם צונאָמען „מיניסטער פון דער אנדרער זייט“, און אין זיין בעגלייטונג איז זי אריין אין זאל דערביי. נאָך זיי זיינען אריין די אנדרע. עס איז געוועזען בלויז א קליינע טיש־געזעלשאפט. א חוץ רודאָלף׳ס שוועסטער, סילוויא, וועלכע איז געוועזען אן אמת׳ער פּאָרטרעט פון דער מוטער, ווען זי איז יונג געוועזען, איז דאָרטען נאָך געוועזען די גרעפין לאָרי גריזבאך, רודאָלף׳ס שווינער, דאָקטאָר ברעססער, דער לאַנג־יעהריגער פריינד פון גראף אלטהויז און נאכהער פון באראָנעססע טיללינג, און זיין זוהן הוגאָ ברעססער. דאן איז דאָרט געוועזען גראף אנטאָן דעלניצקי, דער טויף־פּאָטער פון דעם ערשט־געבאָרענעם, פּאָלקאָווניק באראָן שראופער, אן אלטער בעוואונדערער פון דער גרעפין גריזבאך, און דער גלח, פּאָטער פּראָטוס.

סילוויא האָט אריינגעגאָסען שווארצען קאָפע אין די שאָלען און האָט זיי דערלאנגט צו די געסט.

יעדע בעוועגונג פון דער שלאנקער, בויגיגער פיגור האָט געאָטהעמט מיט חן. אויף איהר געזיכט איז געוועזען צו דערקענען דעם שיין פון העכסטען גליק.

מארטא און לאָרי האָבען גענומען פּלאַץ אויף א דיוואן,

וואָס איז געשטאַנען אין א ווינקעל, און די מענער זיינען גע־בליבען ארום סילוויא.

— אלזאָ, האָט דער טאָני דעלניצקי טאַקי זיך ערקלערט איהר אין ליעבע?... נו, גראטוליר איך... און מעג מען דערפון רעדען אין דער הויך?

— ניין, איך בעט דיך. סילוויא האָט עס מיר דערצעהלט אויפ'ן וועג, געהענדיג צוריק פון דער קירכע. ערשט מאָרגען וועט ער קומען צו מיר און פערלאַנגען איהר האַנד פון מיר. ערשט דאַן, ווען איך וועל האָבען יא געזאָגט, קען די פערלאָבונג געמעלדעט ווערען עפענטליך — פערשטעהסט, ווען איך וועל „יא" זאָגען.

— דו וועסט דאָך ניט זיין דאגעגען? ער איז דאָך איינע־ פון די גרעסטע און בעסטע שידוכים אין עסטרייך. אמת, ער איז געוועזען א לייכטער פויגעל, אָבער אזוי זיינען זיי דאָך אלע, מעהר אָדער ווייניגער. אזעלכע יונגע לייט, ווי רודאָלף, זיינען ניטאָ קיין סך.

און ווען איך זאָל יא האָבען עטוואָס דאגעגען? איך גלויב ווירקליך, אז זייערע כאראקטערע פּאסען זיך גאנץ ווע־ניג... אָבער סילוויא איז שוין מעהר קיין קינד ניט.

— ווי איך זעה, ווייסטו נאָך ניט, וואָס דו זאָלסט טהאָן. דו וואָלסט, ווי איך זעה, געוועזען דאגעגען, ווען דו וואָלסט גע־קאָנט אויספיהרען.

— ווירקליך, עס איז פון קיין נוצען ניט. זעה נור, ווי גליקליך זי זעהט אויס, און מיט וואָס פאר א פייער דעל־ניצקי רעדט עס צו איהר.

לאָרי האָט אויפגעזיפצט, און געזאָגט:

— עס איז דאָך אזוי שעהן צו זיין יונג.

— אָבער מיר דוכט זיך, אז דו ביזט נאָך אלץ גאנץ יונג, לאָרי.

— מיט א פּאָר טעג צוריק בין איך אלט געוואָרען אכט און פערציג.

— קערפערליך האָסטו זיך ניט פיעל געענדערט און גייס־טיג גאָרניט געענדערט זייט די לעצטע צוואַנציג יאָהר. דו ביזט נאָך אַלץ אזוי שלאַנק, אזוי בלאָנד, אזוי לעבעדיג און, פערצייה מיר, אזוי קאָקעטיש און זוכסט צו געפעלען, אזוי ווי אין דיינע יונגע יאָהרען... דיזע גראַנאַט־רויטע קלייד, דערצו די בליקען, וואָס דו האָסט צוגעוואָרפען אונזער מיניסטער „פון דער אַנדערער זייט“ — וואָס וועט דערצו זאָגען דער שראופער, דיין אַלטער בעוואונדערער?

— און דו ביזט אָנגעטהאָן אייביג אין שווארץ און אימער אזוי ערנסט. דו מאַכסט זיך א פיעל עלטערען אויסזעהען, ווי עס פאַסט פאַר דיר.

— אך, מיין טהייערע, ווען מען האָט דורכגעמאַכט אזא אונגליק, ווי איך, אזא אונגליק נאָך אזא גליק, וואָלט מען שוין בעדאַרפט זיין אין גאַנצען געבראָכען... איך בין עס ניט, ווייל איך האָב מיינע קינדער.

עס איז צו זיי צוגעגאַנגען דער מיניסטער און האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אין א פאָטעל, לעבען דער זייט פון גרעפין לאָרי.

— איך האָב נור וואָס געהאַט א ויכוח מיט גראַף רודאָלף, און איך וואָלט געוואָלט, אז איהר זאָלט ריכטען צווישען אונז. דער טאָן פון זיין טאָסט־רעדע איז מיר גאָרניט געפעלען געוואָרען. און וואָס איז ער אזוי בעפאַלען די טאַטעס און זיידעס? אודאי, ווען מען פייערט א נור־וואָס געבאָרענעם קינד, איז דער געדאַנק נעהענטער צו די אייניקלאך; אָבער פון דער אַנדערער זייט דאַרף מען דאָך ניט פערגעסען, דאָס עס איז דאָ נור איין באָדען, וואו אַלעס זאָל קענען געדייהען און וואַקסען — איך מיין עס פאַר אונזערע מענשען — דער באָדען פון טראַדיציע. וואָס זאָגט איהר, גרעפין?

לאָרי איז געווען זעהר ווייט פון צו האָבען אירגענד א מיי־נונג וועגען דעם, אָבער אזוי ווי זי האָט דאָך געמוזט עטוואָס ענטפערען, האָט זי געזאָגט:

— איהר זיינט פאַלשטענדיג גערעכט. דאָס איז אזא מיי־נונגס־אויסדרוק, וועלכער איז זעהר אנגענעהם פאר דעם, צו וועמען מען זאָגט עס.

— און איך האַלט מיט מיין זוהן — האָט מארטא ווידער־שפּראָכען איהר פריינדין. — עס איז בעסער צו האַנדלען צו גונסטען פון די, וועלכע קומען נאָך אונז, איידער פון די, וועלכע זיינען געוועזען פאר אונז. אויפצופּאַסען אויף די גאַסען, אַז זיי זאָלען זיין ריין, איז גאַנץ שעהן, אָבער אויפברעכען א נייעם וועג איז נאָך שעהנער.

די יונגע פערליעבטע פּאָרעל האָט איצט געקאָנט זיך אויס־בייטען מיט א פּאָר ווערטער, אז קיינער זאָל ניט הערען:

— מאָרגען וועל איך זיין ביי אייער מוטער, סילוויא... איך שרעק מיך א ביסעל.

— איהר גלויבט דאָך ניט, דאָס מאמא...

— ניין, אָבזאָגען וועט זי מיר ניט, דערפאר האָב איך קיין מורא ניט, אָבער די גאַנצע פייערליכקייט, די 'אונגעוואוינהייט.

סילוויא האָט געלאכט:

— האָפענטליך איז עס טאקי עפּעס, צו וואָס איהר זיינט גאָרניט געוואוינט. ווער זאָל דען האָבען פראקסים אין אזא זאך? איבעריגס, אויך איך פיהל מיך אזוי אונגעוועהנליך שרע־קעדיג. איך בעגרייף גאָרניט, ווי אזוי איך האָב מיט איין קור־צען יא מיין גאַנצען לעבען פאר'משכונ'ט... האָב איך מיך ניט א ביסעל צו שטאַרק געאיילט? איך קען אייך דאָך אייגענטליך אזוי ווייניג, און איהר מיך קענט דאָך גאָרניט.

— צי איך קען אייך? די נאַטירליכסטע, לוסטיגסטע און טהייערסטע בעשעפעניש.

— קורץ, א מאָדעל פון א גוט־ערצויגענער גרעפין־מיידע־רעל, ווי קיין אַנדער בילד האָב איך דאָך גאָרניט געהאט די גע־לעגענהייט ארויסצוברענגען אין די פינף אָדער זעקס קאָטיליאָ־נען, וואָס מיר האָבען צוזאמען געטאַנצט. עס איז דאָ אָבער אין

*מירווירקליך פיעלעס, פון וואָס איהר האָט גאָר קיין בעגריעף ניט!

— צום ביישפּיעל?

— איך האָב אונגעהייער גרויסע פאָרדערונגען צום לעבען און צו די מענשען, און מעהר פון אַלץ צו דעם מענשען, וועלכער דאַרף עס מיין לעבען גאַנצער מאַכען.

— מוז ער דען זיין א האַלבער גאָט?

— ניין, אָבער א גאַנצער מענש. אָט, ווי דער דאָ — האָט זי געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף איהר ברודער.

רודאָלף איז צו זיי צוגעגאַנגען.

— ווארום טייטעלסטו אויף מיר מיט די פינגער?

— דו ווערסט דאָ געלויבט, אלס מוסטער פון פאָלקאָמענהייט — האָט דעלניצקי געענטפערט. — דו ביסט די פערקערפּערונג פון דעם אידעאַל, וועלכען דיין שוועסטער — ווי האָט זי עס געזאָגט — שטעלט זיך פאָר, אלס א גאַנצען מענשען.

זיפצענדיג, האָט רודאָלף געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— אויב אזוי, מוז איך ווידערהאָלען דעם לייט־מאָטיוו פון מיין טאָסט־רעדע: „עס לעבע די צוקונפט!“ די וועט האָבען גאַנצע מענשען. היינט געפינט מען נור פערטלען, אכטלען, הונדערטלען פון מענשען —

— ניטאָ אפילו קיין האַלבע?

— אָה, האַלבקייט אין אן אנדער זין, דאָס טרעפט מען שוין צו אָפט. ערנסט גערעדט, דו האָסט א צו גוטע מיינונג וועגען מיר, סילוויא. דו ווייסט דאָך, אז איך האָב אן אויפגאַבע, און דו ווייסט דאָך, ווי וועניג קרעפטען איך האָב געפונען, אום זי צו ערפילען —

— ניט די קראַפט, די מעגליכקייט האָט דיר געפעהלט — האָט איהם סילוויא אונטערבראָכען.

— אויך דאָס. האָפענטליך וועלען די מעגליכקייטען גרע־סערע זיין, ווען מיין פרידריך וועט אויסוואַקסען. זיין פעלד־

וועט זיין דאָס צוואַנציגסטע יאהרהונדערט, און פון איהם ער־וואַרט איך די ערפילוּנג פון גרויסע זאכען.

— דו ביסט היינט אין גאַנצען צוקונפט — האָט דעלניצקי געזאָגט — און דאָך קען איך מיט דיר ניט מיטגעהן, ווייל דער „יעצט“ איז פאר מיר צו שעהן.

סילוויא האָט איהם צוגעוואָרפען א בליק, מיט וועלכען זי האָט איהם פארווערט ווייטער צו רעדען. זי האָט ניט געוואָלט, אַז רודאָלף זאָל איצט זיך דערוויסען, וואָס איז עס, וואָס מאכט אזוי שעהן דעם „איצט“ פאר דעלניצקי.

אין אנאנדער ווינקעל פון צימער איז געשטאַנען פאָלקאָוו־ניק שראופער, דאָקטאָר ברעססער און דער גלח און האָבען גע־רעדט צווישען זיך.

— א היבשער בחור, אייער זוהן, הערר דאָקטאָר — האָט דער גלח געזאָגט — איהם וואָלט זעהר געפּאסט א מיליטערישער יוניפאָרם. ווארום האָט איהר איהם ניט געגעבען צו מיליטער?

פאטער פראטוס איז געוועזן א צייט לאנג א פעלד־קאפּלאן און ער האָט געפיהלט זיך שטארק צוגעצויגען צו די, וואָס האָ־בען געהערט צו דעם מיליטערישען קלאַס. די צייט, וואָס ער האָט פערבראכט צווישען די אָפיציערן, האָט געהערט צו זיינע בעסטע ערינערונגען. צוויי און דרייסיג יאָהר אלט, פון א גאנץ לעבעדיגען גייסט, מיט א גרויסער לוסט צו לעבען און צו לער־נען, איז ער געוועזן ווייט פון אירגענד א סעקטענ־גייסט, פון א שטרענגען פאנאטיזם. אלס א געזעלשאפטער איז ער געוועזן אלגעמיין בעליעבט. ער האָט עס פערשטאנען פונקט אזוי גוט מיטצושפּאסען, ווי אנטהייל צו נעהמען אין א וויסענשאפטלי־כער דיסקוסיע. ער האָט אויך פערשטאנען, ווי ניט צו געברוי־כען דעם טאָן פון א לעהרער, פון א מוסר־זאָגער, פון איינעם, וואָס וויל בעקעהרען אנדערע. צי ער אליין אין זיין נשמה האָט ניט געבראָכען מיט מאַנכע דאגמען, דאס האט מען קיינמאָל ניט געקאָנט דערגעהן פון זיינע ווערטער, אָבער אין זיין האל־

טונג מיט פריידענקער האָט זיך געמערקט א שטריך פון א שטילער אכטונג צו זיי.

און דאָקטאָר ברעססער האָט איהם געענטפערט:

— „איהם געבען צו מיליטער? איך? ער האָט זיך זיין בעדוף אליין אויסערוועהלט. ער איז א שריפטשטעללער.

— אזוי? — האָט דער פּאָלקאָווניק ארויסגערעדט שטארק אויסציהענדיג דעם וואָרט. — איז עס דען איבערהויפּט א פּראָפעסיע?

— איך זאָל עס אזוי מיינען, איינע פון די בעסטע און שעהנסטע — האָט פּאָטער פּראָטום געזאָגט.

— און איך דענק, אז שריפטשטעללעריי איז נור א בייזאך. עס איז דאָך ניט קיין קאריערע מיט א געזיכערטער איינקונפט, מיט א מעגליכקייט צו געהן אלץ העכער און העכער.

— דאָס טאָקי ניט. אָבער אזוי ווי מיין זוהן האָט געירש'ענט פון זיין מוטער א געניגענדעס פערמעגען —

— איך פערשטעה, הייסט עס, ער שפּיעלט זיך אונטער מיט שריפטשטעללעריי, און ער טהוט עס גאנץ פּריוואט.

— פּונקט פערקעהרט. ער האָט פאר זיך אויסערוועהלט די ברייטעסטע עפענטליכקייט, אלס זיין לעבענס-וועג. ער איז שריפטשטעללער און זשורנאליסט.

— זשורנאליסט — אלזאָ, א פּראָפעסיע פון יענע מענשען — איך גלויב, אז ביסמארק האָט זיי אזוי גערופען — וועלכע האָבען פערפעהלט צו דערגרייכען א ריכטיגע פּראָפעסיע?

— איך געפין, אז דער זשורנאליזם איז א זעהר שעהנע פּראָפעסיע — האָט דער גלח זיך ארייננגעמישט — א זעהר ליעבער פריינד מיינער שרייבט די קונסט-און מוזיק-ארטיקלען פאר „די נייע פרייע פּרעססע".

— עס וואונדערט מיך, אז אן עהרענמאן זאָל שרייבען פאר יענעם „יודענבלאט".

— אָה, איך שטעה ניט אויף דעם אַנטיסעמיטישען שטאַנד־פּונקט, העררר פּאָלקאָווניק, און פֿאַר וועלכע צייטונג שרייבט אייער זוהן, דאָקטאָר ברעססער?

— פֿאַר פערשיעדענע. דאָך פון ד'עם קומענדען אָקטאָבער וועט ער פערנעהמען די שטעללע פון א רעדאַקטאָר פון א זיך-ניי-גרינדענדער פּאָליטישער צייטונג.

— האָפפענטליך וועט עס זיין א גוט־געזאָנענע צייטונג. אָבער, דאָך, אַלס לייטענאַנט, וואָלט מיר אייער זוהן ליעבער געוועזן. אָבער איהר זיינט דאָך א פריינד פון באַראָנעססע טיל-לינג, זיינט איהר דאָך מסתמא פּונקט אַזא געשוואָרענער מילי-טער־פיינד.

— מיליטאַריזם-פיינד — האָט ברעססער איהם פעררריכט.

— דאָס איז שוין אַלץ איינס. ווען איינער האָט ניט ליעב עטוואָס, גיט ער עס צו א פערהאַסטען „איזם“. ניט אמת, פּאָ-טער פּראָטוס. די שונאים פון דער קירכע זאָגען אויך ניט, דאָס זיי האָבען עפּעס געגען די רעליגיאָן אָדער געגען די גלחים, נור דעם קלעריקאַליזם האָבען זיי פיינט.

— איך פיהל אָבער דאָך אַן אונטערשיעד. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום דאָקטאָר:

— אייער זוהן קומט מיר פֿאַר היינט זעהר שווייגעדיג און מעלאַנכאָליש. איז עס אַזוי?

— ער איז געוועהנליך ערנסט. דאָך שיינט מיר אויך אַזוי, דאָס ער איז היינט ערנסט, צוטראָגען.

דער יונגער מאַן, וועגען וועמען מען האָט גערעדט, איז גע־זעסען ביים טיש און האָט געבלעטערט די איללוסטרירטע צייטונגען. אָבער זיין בליק האָט נור געבלאָנדזשעט איבער די ביל-דער, אימער צוריקקעהרענדיג זיך אין דעם ווינקעל, וואו סילוויא און דעלניצקי זיינען געשטאַנען און גערעדט.

זייט יאָהרען האָט הוגאָ ברעסער געטראָגען א טרוימערי-שע נייגונג פֿאַר סילוויא אין זיין האַרץ. ער איז אָבער געוועזן

גאנץ האָפנונגסלאָז. ער האָט זיך ניט ערלויבט צו דענקען גאָר פון דער רייכער, געפייערטער אריסטאָקראַטקע. זעהענדיג אָבער איהר צוזאמען מיט אנאנדערען, האָט עס איהם שטאַרק גענער-גערט. ער האָט דערפיהלט א שטארקע אייפערזוכט. אַליין אויפצוגעבען די האָפנונג אויף גליק איז שוין גענוג שווער, אָבער צו זעהען דעם גליק אין דעם בעזיץ פון אנאנדערען, דאָס איז אונערטרעגליך... ער האָט זיך איצט געזאָגט, אז פון היינט אָן מוז ער זעהען אויסמיידען דיזע געזעלשאַפט, ער קען עס ניט צו-זעהן און אריבערטראָגען, און דערצו נאָך איז ער איהר ניט ווערטה. ער וואָלט איהר פערגינט דעם בעסטען, דעם שעהנס-טען, אָבער ניט דעם גאַנץ געוועהנליכען מענשען... עס איז דאָך שוין גענוג צו בעדויערען, וואָס רודאָלף האָט חתונה געהאט מיט אזא גאַנץ געוועהנליכער פרוי.

צו דערזעלבער צייט זיינעןביידע שוויגער אריין אין דאָס שלאָף-צימער פון דער יונגער קינפּעטאָרין איהר א בעזוך אָבצו-שטאַטען.

בעאַטריסע דאָצקי איז געווען איינגעוויקעלט אין שליי-פּען און אין א זעהר שעהנעם נאַכט-מאַנטעל. זי איז געלעגען אין בעט און געהאַלטען דעם קליינעם פּריץ אויף איהר ארעם. א קאַמערפרוי און א וועכטערין זיינען געשטאַנען דערביי.

גרעפין לאָרי איז צוגעגאַנגען שנעל צו איהר טאָכטער.

--- אלזאָ, טריקסי, ווי געהט עס? גיב נור דעם וואָרם א ביסעל צו מיר. אזא ליעבער שנעק. אין גאַנצען די מאַמע. און דו ביזט דאָך עהנליך צו מיר, פאָלגליך איז עס אין גאַנצען די באבע — כאָטש איך קען ניט זאָגען, אז איך בין זעהר גליקליך פון דעם טיטעל „באבע“.

--- עס פּאַסט דיר טאַקי ניט, ליעבע מאַמאַ!

— אָבער מיר פּאַסט עס יא, בעאַטריסע — האָט מאַרטא געזאָגט — טו גיב מיר דעם קליינעם, לאָרי.

גרעפין גריזבאך האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטען, און האָט אריינגעלייגט דאָס קינד אין מאַרטא'ס אָרעמס.

— און איצט לאָמיר דיר דערצעהלען...

זי האָט זיך געזעצט אויפ'ן ברעג פון בעט, און האָט איהר אָנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי אזוי עס איז צוגעגאַנגען דאָס טויפען פון קינד אין דער קירכע, וואָס דער גלח האָט געזאָגט, און ווי דער קליינער האָט געשריען, און וואָס פאַר רעדען מען האָט געהאַלטען ביין טיש. פּאָלקאָווניק שראופער האָט גערעדט אזוי הערליך פון די גרויסע טהאַטען, וועלכע דעם קליינעם פּריץ איז בעשערט אויסצופיהרען אין זיין דיענסט צום פאָ-טערלאנד, ווען ער וועט, ווי זיין זיידע און עלטער-זיידע טראָ-גען דעם קייזער-ראָק. פון דעם איז לאָריי אריבערגעשפּרונגען אויף איהר רויטען קלייד, וועלכען זי האָט בעשטעלט ביי דער שפּיצער... „ווייסטו, זי ארבייט דאָך שעהנער און בעסער, ווי אלע", דאן איז זי אריבערגעשפּרונגען אויף דעם, ווי מען דארף קליינע קינדער ערנעהרען, און דאן ווי די מוטער דארף זיך פיה-רען. „אין זעקס וואָכען ארום" — האָט זי געענדיגט — „מוזטו געהן נאָך מאריאצעל, אום צו דאנקען גאָט'ס מוטער פאר די גע-בורט פון דעם קליינעם אינגעל (איך בין אזוי צופריעדען, וואָס דאָס איז א אינגעל צוליעב דער ירושה) איך בין געווען אין מאריאצעל נאָך איידער דו ביסט געבאָרען געוואָרען, און, זעהסט, עס האָט דיר גליק געבראכט."

מארטא איז געזעסען שווייגענדיג ביין צווייטען ברעג פון בעט און האָט טראכטענדיג געקוקט אויף דאָס קינד, וואָס זי האָט געהאַלטען אין איהר שויס. געדאנקען, געפיהלען, בילדער האָבען זיך דורכגעטראָגען דורך איהר נשמה, ניט קלאָר, ניט אָב-געזונדערט, נור אריינפליסענדיג איינע אין די אנדערע.

דער זוהן פון איהר זוהן. און אפשר וועט דער אויך האָ-בען א זוהן.... און אזוי געהט דאָס לעבען, גאָרניט קימערענדיג זיך וועגען טוידט. און אין מיטען צווישען לעבען און טוידט, אימער לייד, קאַמפּף, עלטער. און וואָס איז דיין ציעל? און וואָס איז דיין וועג? יא, אמאָל א ביסעל גליק, ליעבע, בעגייס-טערונג; נו, דאָס איז דאָך שוין אליין אן ערפילטער צוועק.

דער ציעל קען דאָך נור זיין: מעהר גליק, מעהר פרייד, מעהר ליעבע, מעהר בעגייסטערונג... אָ, דו קליינע, הילפלאָזע בעשעפענים, וואָס וועט פון דיר ווערען, ווען דו וועסט איבער-הויפט לעבען בלייבען? וויפיעל שמערץ וועסטו עס מוזען אי-בערטראָגען! זיכער ביזטו נור מיט איינס, מיט'ן טוידט, מיט דער אייביגער אבוועזענהייט... אָ, מיין פערלאָרענער!

און ווידער האָט זי געזעהען מיט איהר גייסטיגען אויג טיללינג'ס בילד, אָבער ניט אין דער געשטאַלט פון אן אלטען, מידען, נור ווי ער איז געוועזן אין זיין פוללער קראפט אין דעם טאָג, ווען ער איז געפאלען טוידט פון די קוילען פון די פראנ-צויזישע סאָלדאטען.



## צווייטער קאַפּיטעל.

גראף רודאָלף דאָצקי, געבאָרען אין 1859, איינינע מאָנאטען פאר דעם אויסברוך פון דער עסטרייך-איטאַליענישער מלחמה, אין וועלכער זיין פּאָטער איז נע'הרג'עט געוואָרען, איז איצט אַלט געוועזן דרייסיג יאָהר. אַלס בעזיצער פון דעם גרויסען טראָצקישען פערמעגען, האָט ער ניט געהאט קיין אנדער ברירה, ווי צו ווערען דער פערוואַלטער פון די פיעלע אימעניעס. דאָס איז געוועזן זיין פּראַקטישע פּראָפעסיע. צו דעם אָבער האָט ער געהאט נאָך אַן אידעאַלען צוועק, וועלכען ער האָט געווידמעט אַלע זיינע גייסטיגע און מאָראַלישע כוחות. און דאָס איז גע-ווען די ערפּילונג פון זיין שטיף-פּאָטער'ס — באראָן פרידריך טיללינג'ס — צוואה: צו בעקעמפּפען די אינסטיטוציאָן פון מיליטאַריזם. די ריכטיגע יורש'טע פון דיזער אויפגאבע איז געוועזן טיללינג'ס אלמנה, אָבער רודאָלף האָט פרייוויליג גענו-מען אויף זיך די אויפגאבע צו זיין איהר מיטהעלפער. דער אָנ-געפאנגענער „פּראָטאָקאָל“, ווען באראָן טיללינג האָט נאָך גע-לעבט — געמיליך, דאָס בוך, אין וועלכען עס זיינען פערצייכענט געוואָרען די פּאָרטשריטע פון דער פרידענס-אידעע און דער פרי-דענס-בעוועגונג, איז צוערשט ווייטער געפיהרט געוואָרען פון באראָנעססע טיללינג, דער אלמנה, און נאכהער פון רודאָלף. אויך האָט ער מיט דורשטיגקייט געלעזען די אַלע נאַטור-וויסענ-שאַפטליכע ביכער, וואָס באראָן טיללינג האָט זיך פערשאפט פאר זיין ביבליאָטהעק, און האָט איהר מיט די געהענדע יאָהרען שטאַרק פערמעהרט.

מיט דעם אַלעם האָט רודאָלף געמוזט ניט פערנאַכלעסיגען זיין שטודיום. אַלס גימנאַזיסט. ווען די שול-צייט האָט זיך גע-ענדיגט, האָט ער געמוזט אָבדיענען אַ יאָהר, אַלס פרייוויליגער

אין דער ארמיי. דאן איז ער געקומען אין דעם בעזיץ פון זיין גרויסען פערמעגען, צוליעב וואָס ער האָט זיך געמוזט נעהמען צו נייע לאַנדווירטשאַפטליכע שטודיען, און דאָס האָט איהם בעדייטענד געשטערט זיך אָבצוגעבען אין גאַנצען צו דער ארבייט פאר זיין אידעאל.

אויך איז געקומען א צייט, ווען דורך די געזעלשאַפט פון די, מיט וועמען ער איז געווען פון איין עלטער און איין שטאנד, איז ער אריינגעשלעפט געוואָרען אין דעם שטורם פון אלערלייע וועלטליכע פערגעניגענס און ספאָרטס. נאַטירליך, האָט זיך דאן אָבגערוקט אין גאַנצען אָן א זייט זיין קלערען און טהאָן פאר זיין ציעל. דאָס לעבען ארום איהם, דער איינפלוס פון די פעאָדאלע, שאָוויניסטישע און רעאקציאָנערע אנזיכטען האָבען א ווייל געהאט אן אָבשוואכענדע ווירקונג אויף זיינע אנטי-מיליטאריסטישע געפיהלען און געדאנקען. און זיי וואָלטען, אפשר, אין גאַנצען אונטערגעגאנגען, ווען זיי וואָלטען פון דער פריהסטער יוגענד ניט געווען אזוי טיעף איינגעפלאַנצט אין זיין מוח און הארצען, און ווען עס וואָלט ניט אָנגעהאלטען ביז צו א גרויסען גראד דער איניגער פערקעהר מיט זיין מוטער, וועלכע האָט עס פערשטאנען, ווי אלע מאָל אויפס-ניי אָבצופרישען די אידעאלען, וועלכע ער האָט בעדארפט זיין לעבען ווידמען.

ניט לאַנג האָט עס אָבער געדויערט, און דער יונגער גראף איז באלד רוהיג געוואָרען. דאָס פוסטע לעבען פון דער „גאָלדענער יוגענד“ מיט זייערע אייביגע הולטאַיסטוואָס, שיכור'ע הוליאנקעס, מיט זייערע יאגד-אינטערעסען און הינטער-קוליסען-אינטריגען האָט איהם באלד אָבגעעקעלט. עס האָט איהם נעצווינגען צוריק צו זיינע פליכטען, אלס גוטס-בעזיצער. שוין אין דער עלטער פון פיער און צוואנציג יאָהר האָט ער זיך ארויסגעריסען פון דעם לעבען פון זיינע חברים. ער האָט זיך צוריקגעצויגען אין ברונהאָף—איינע פון זיינע שעהנסטע און גרעסטע גיטער, און האָט איינגעלאדען זיין מוטער און שוועסטער צו וואוינען מיט איהם.

דאָ האָט ער זיך אָבגעגעבען מיט א דאָפּעלטען חשק צו זיינע צוויי אויפגאבען. ער האָט אונטערבראָכען דאָס דאָזיגע איינזאמע לעבען אויפ'ן דאָרף בלויז דורך אייניגע רייזען נאָך פּאריז, לאָנדאָן און איטאליען. וואָרים ער האָט פערשטאנען, אז מען מוז זעהען א גוט שטיק פון דער וועלט, אויב מען וויל אמאָל ווערען אַן עפענטליכער ווירקזאמער טהוער.

דאָס פעלד פון זיין טהעטיגקייט האָט זיך אונבעמערקט פון איהם אליין מעהר און מעהר אויסגעברייט. פון אָנפאנג איז עס געוועזען בלויז די איינציגע אידעע, טיללינג'ס ירושה, די בעקעמפפונג פון דער מיליטאריסטישער אינסטיטוציאָן, וואָס האָט געשוועבט, אלס ציעל, פאר זיינע אויגען, אָבער ביסלאכווייז איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס יעדער צושטאנד, יעדע אינסטיטוציאָן איז פיעלפאך פערבונדען און פערקניפּט אין די וואָרצלען מיט פיעלע אנדערע צושטענדע און אינסטיטוציאָנען, און דאן האָט ער געמוזט זיך פערטיעפען אין אנדערע פּראָבלעמען און אנדערע בעוועגונגען. ער האָט זיך פעראינטערעסירט מיט אלץ, וואו נור א נייער גייסט האָט געמאכט א פערזוך צו־צוברעכען די אלטע פאָרמען. וואָס מעהר ער האָט געפאָרשט, דאָס אלץ מעהר פעלדער האָבען זיך געעפענט פאר איהם, וועלכע ער האָט נאָך ניט אָנגעהויבען אויסצופאָרשען. און אָט די מאסע נייע געדאנקען און געפיהלען, וועלכע האָבען מיט אמאָל איהם בעשטורעמט, האָט איהם געשטערט זיך צו נעהמען צו א בע־שטימטער ארבייט. פריהער מוז ער לערנען און לער־נען, פריהער מוז זיין ברויזענדער, קאָכיגער גייסט קומען צו א בעשטימטער קלאָרקייט, און דאן ערשט וועט ער קענען מיט פעסטקייט ארייננרייפען אין דאָס קאָכעדיגע לעבען. „שפּע־טער, שפּעטער“, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, און דערוויי! האָט ער עס אויפגעגעבען צו ווירקען פּאָליטיש אָדער פּובליציס־טיש. ער האָט ניט געשפּארט זיך אריינצוקומען אין רייכסראט, צו א זיץ אין וועלכען ער איז געוועזען בערעכטיגט צוליעב זיין גרויסען גרונד־פערמעגען. ער האָט זיך אויך ניט אָנגעשלאָסען

אָן קיין בעראיין, אויך האָט ער ניט געשריבען און ניט פער־
עפענטליכט קיינע ארטיקלען אין אירגענד א צייט-שריפט. ער
האָט זיך בענוגענט מיט שטודירען און דענקען, מיט קוקען און
בעאָבאכטען. עס איז פאר איהם געווען קלאָר, אז ער מוז ווערען
אָן עפענטליכער טהוער, כדי צו ערפילען די אויפגאבע פון טיל-
לינג'ס צוואה, אָבער ער האָט עס אָבגעלייגט אויף שפעטער.

ווען רודאָלף איז אַלט געוואָרען אכט און צוואנציג יאָהר,
האָט ער בעשלאָסען צו הייראטהען. אלס איינציגער בעזיצער פון
אזא פערמעגען, און דער לעצטער מענליכער שפראָץ פון דער
פאמיליע דאָצקי, איז ער איינפאך מחויב געווען צו זאָרגען פאר
די אויפהאלטונג פון דעם נאָמען און פערמעגען און אויסקלייבען
פאר זיך א פאסענדע פרוי.

פון קינדוייז אויף האָט ער געהערט — האלב אין שפאס,
האלב אין ערנסט — ארום זיך, אז די איינציגע טאָכטער פון דער
גרעפין גריזבאך, די קליינע בעאטריסע, איז זיין בעשערטע. די
מוטערס זיינען געווען יוגענד-פריינדינס, די קינדער האָבען זיך
אימער געשפיעלט צוזאמען, און סיי ביי איהם, רודאָלף, און סיי
ביי בעאטריסע, איז דער געדאנק, אז זיי וועלען אמאָל זיין א
פאָר, געוואָרען עטוואָס גאַנץ זעלבסט-פערשטענדליכעס, עט-
וואָס, וואָס קען גאָר אנדערש ניט זיין. דאָס איז ניט געווען א
געפיהל, וואָס האָט זיי טיעף בעוועגט, אָדער זיי שטארק גליקליך
געמאכט, אָבער יעדענפאלס איז עס געווען א געפיהל, וואָס האָט
זיי ביידע פערשאפט פערגניגען

אָהן לאנגע ליעבעס-ערקלערונגען פון זיין זייט, אָהן א לאנ-
גע איבערלייגונג פון איהר זייט און אָהן יעדע איבערראשונג פאר
די ביידע פאמיליען און זייערע פריינד, האָט שטאטגעפונען די
פערלאָבונג צווישען רודאָלף און בעאטריסע, און זעקס
וואָכען שפעטער זיינען זיי שוין געווען מאן און ווייב. בעאטריסע
איז געווען א זעהר שעהנע, רייצענדע פרוי. אין גייסטיגער בע־

ציהונג איז זי געוועזן ניט פיעל העכער פון איהר מוטער, אָבער רו־דאָלף האָט גאָרניט פּרובירט צו פּעראינטערעסירען איהר אין זיין גייסטיגען לעבען. אין דעם פּונקט איז זיין מוטער געוועזן און געבליבען זיין איינציגע פּערטרויטע, זיין איינציגע געזי־נונגס־גענאָסין. ביי זיין קליינער פרוי האָט ער ניט געזוכט די נויטיגע ענערגיע פאר זיין ארבייט, נור ערהאָלונג. אויסרוהען האָט ער געוואָלט ביי איהר און זיך לאָזען פון איהר אויפמונטע־רען. זי איז געוועזן פון דער נאטור א זעהר לוסטיגע און האָט זיך געפיהלט פאָלשטענדיג גליקליך דורך די לעבענס־שטעלונג, וועלכע דער ליעבענסווירדיגער און שעהנער מאַן האָט איהר אָנ־געבאָטען, און אין אזעלכע אומשטענדען האָט זי דאָך געקאָנט איהם ברענגען די נויטיגע פרעהליכקייט און לוסטיגקייט. אז ער וועט קענען לעבען איהר גייסטיג זיך אויסרוהען, אין דעם איז ער זיכער געוועזן, ווייל זי האָט גאָרניט פערשטאַנען און ניט גע־וואוסט פון זיינע געדאנקען און ציעלען. ער וועט מיט איהר ניט דארפען דעבאטירען איבער פערשידענע געדאנקען און פּלע־נער. אין איהר געזעלשאפט וועט ער זיך אויף א ווילע פריי־מאכען פון זיין גייסטיגער ארבייט.

מארטהא איז ניט געוועזן געגען דעם שידוך. זי האָט גע־פיהלט, דאָס רודאָלף'ס לעבענס־אויפגאבע און לעבענס־אינהאלט זיינען אויסער די גרענעצען פון די הויזליכע פערהעלטניסע, ווי דאָס איז, למשל, ביי א פּריסטער, וואָס גיט זיך אין גאַנצען אָב מיט זיין פּראָפעסיע. רודאָלף'ס שיקזאל איז ניט געוועזן אבהענ־גיג פון זיין גייסטיגער געמיינשאפטליכקייט מיט א געליעבטער פרוי — ער האָט געהאט א פיעל ברייטערעס פעלד און אויף דעם פעלד איז געוועזן די מוטער זיין קאמעראדין, זיין ראטה־גע־בערין. און עס וואָלט איהר שטארק וועה געטהאָן, ווען זי וואָלט געמוזט איבערלאָזען די דאָזיגע ראָליע צו אנאַנדערער. די גרוי־סע שעהנקייט פון דער יונגער גרעפין דאָצקי, צוזאמען מיט איהר קינדערשער לוסטיגקייט, האָט איהר געמאכט פערזעהען, דאָס גייסטיג איז זי ווייט ניט גלייך מיט איהר זוהן רודאָלף. עס האָט

איהר נור הנאה געטהאָן, דאָס מען האָט געהאַלטען בעאטריסע פאר ענטציקענד, און רודאָלף האָט איהר ליעב געהאַט פון גאַנ־צען הארצען. טו וואָס דארף מען מעהר?

אזוי האָט זיך געפיהלט מארטהא גאַנץ רוהיג און צופריע־דען מיט איהר זוהן'ס פערהייראטהען לעבען. אנדערש אָבער האָט זי געדענקט און געפיהלט איבער די קומענדע הייראטה פון איהר טאָכטער סילוויא. איהר הארץ האָט איהר שטארק גע־שראָקען. פאר סילוויא האָט זי אימער געטרוימט, דאָס אין איהר הייראטהען מיט א מאַן וועט איהר זיין בעשערט דער גליק, וועלכען זי האָט געגאָסען צוזאמען מיט איהר טיללינג, אָבער פאר דעם האָט זי ניט געפונען קיין גאראנטיע אין דער נאַטור פון דעם יונגען גראף דעלניצקי.

עס איז געווען אין אָבענד פון דעם טויף־פעסט. סילוויא איז געזעסען ביין פענסטער אין איהר צימער. עס איז שוין גע־ווען גאַנץ דונקעל דרויסען. דאָס פענסטער איז גע־ווען אָפען, דורך וועלכען עס האָט ארייַנגעשטראָמט די קיהלע נאַכט־לופט פול מיט אלערליי ריחות פון גאָרטען. הינ־טער די בוימער־שפּיצען איז ארויפגעשטיגען א גליהענד־רויטע, אַן אונגאַטירליך־גרויסע שיינענדע לבנה. פון ווייטענס האָט זיך געהערט דער געזאַנג פון א נאַכטיגאַל.

סילוויא'ס קאָפּ איז געלעגען איבער'ן שטוהל און איהרע הענד זיינען איהר אראָבגעהאַנגען. זי האָט געאָטהעמט שווער דורך איהרע האלב־געעפענטע ליפּען; זי האָט אַליין געפיהלט דאָס שלאָגען פון איהר הארץ.

פערליעבט... דאָס גליק פונ'ם בעוואוסטזיין איז ניט נור גע־ווען א גייסטיגער, נור אויך א גליק, וואָס זי האָט געפיהלט קער־פּערליך. א זיסע ווארימקייט, א זעליגקייטס־שפּירענדע קלע־מונג אין דער ברוסט, און א כוואַליענדיגע בעטויבונג אין קאָפּ.

ביין אָבשיעד — זיי זיינען געשטאַנען הינטער א פאָרהאַנג, פערבעהאַלטען פון די אנדערע — האָט דעלניצקי איהר געקושט אין מויל. דער ערשטער ליעבעס־קוש אין איהר לעבען. איצט

איז זי דאָ געזעסען און האָט זיך בעמיהט די ראָזיגע פאסירונג ווידער ארויסצורופען אין איהר געדאנק. זי איז געווען אויפ־געטרייסעלט, רייכער — מיט איין וואָרט, אין גאנצען אנאנדערע, ניט מעהר דיזעלבע סילוויא, וואָס זי איז געוועזן מיט איניגע שטונדען צוריק.

די טיר פון איהר צימער האָט זיך געעפענט.

— אין דער פינסטער גאָר, מיין קינד?

און מארטא האָט א דריק געטהאָן דעם עלעקטרישען קנע־פעל. א מאטע ראָזיגע ליכט האָט פארפלייצט דאָס צימער, און האָט געוויזען די וויים־לאקירטע מעבעל, די מיט בלומען גע־שטיקטע שטאָפען און קארפעטס און קאָווי׳אָרען פון דעם פרישען, איינפאכען מיידעל-צימער.

סילוויא איז אויפגעשפרונגען.

— האָסט זיך דערשראָקען?

— אָה, ניין, מאַמאַ... גוט, וואָס דו קומסט... ווען ניט, וואָלט איך באלד געקומען צו דיר... זעץ זיך דאָ אויף די סאָפא, און לאָז מיך זיך זעצען אויף דעם נידריגען בענקעל.

און סילוויא האָט זיך אוועקגעזעצט ביי די פיס פון איהר מוטער און אוועקגעלעגט איהר קאָפּ אויף דער מוטער׳ס שויס.

מארטא האָט מיט ליעבע און צערטליכקייט געגלעט איהרע האָר.

— אָט אויף אזא אופן, טאָכטער, ווען איך פלעג דיר דער־צעהלען פערשיעדענע קינדער-געשיכטען, ווען דו ביזט נאָך קליין געווען — האָט מארטא געזאָגט מיט א שמייכעל. — איצט האָבען זיך אונזערע ראָליען געביטען. איצט מוזטו מיר דערצעהלען דיין געשיכטע. ווי אזוי איז עס געקומען?... מאָרגען וועט דעלניצקי קומען און פערלאנגען פון מיר דיין האנד... וועל איך, וועלען מיר יא זאָגען?.... ביזטו זיכער מיט זיך אליין?

— גליקליך בין איך, גליקליך...

— די פראגע איז, צי דו וועסט ווערען גליקליך, אויף דיין גאנצען לעבען, מיין איך? פאסט איהר זיך איינער צום אנדערען?

קענסטו איהם, אלס מאן, וועמען דו זאָלסט קענען שענקען דיין גאנצען צוטרוי? אלס מאן, אין וועמעס גוטסקייט, און אין וועמעס איינשטימונג מיט דיין גאנצען וועזען דו ביזט איבערצייגט?

— דאָס האָב איך איהם אליין געזאָגט מיט א פּאָר שטונדען צוריק: „מיר קענען זיך דאָך גאָרניט.“. ווי דו, מוטער, אזוי אויך איך האָב געפיהלט א האלבען צווייפעל. אָבער איצט איז ער פערשוואונדען. ליעבע קען ניט אזוי אָבנאָרען — און איז ניט די ליעבע אליין שוין א גאראנטיע פאר גליק? צי דאָס וועט זיין פאר'ן גאנצען לעבען?... ווער קען עס פערלאנגען מיט אמאָל אזוי פיעל? איז דאָס אליין ניט גענוג שוין, ווען מען קען דיזע גאָלדענע פּרוכט — דאָס גליק — איבערהויפּט אפּרייסען און דערקוויקען דערמיט די נשמה?... דערמאָנסטו זיך, מוטער, דו האָסט מיר ניט נור קינדער-מעשה'לעך, נור אויך געשיכטען פון דיין לעבען דערצעהלט. דערמאָנסטו זיך, ווי דו האָסט זיך פער־היראטה מיט רודאָלף'ס פאָטער. א י י ן קאָטיליאָן אויף א באָל, און דיין און זיין שיקזאל איז געווען בעזיעגעלט. ביסטו דען ניט געווען גליקליך מיט איהם? אמת, ניט פאר דעם גאנצען לע-בען — ווייל נאָך א קורצען יאָהר איז ער שוין פון דיר אוועקגע-רויבט געוואָרען... אָבער איז דער איינציגער יאָהר ניט געווען א שעהנער און א גליקליכער?

— מיין קינד, דאָס איז עטוואָס אנדערעס... איך בין דאן געווען אזוי יונג, אזוי ניט אויסגעוואקסען אין שכל און כאראַק-טער, בעת דו, סילוויא —

— איך בין דאָך אויך יונג —

— אָבער דאָך שוין צוויי און צוואנציג... איך בין דאן גע-ווען בלויז זיעבצעהן. אָבער ניט די יאָהרען זיינען דאָ וויכטיג. דו ביסט אן ערנסט מיידעל, א זעלבסט-שטענדיג דענקענדע פרוי, דו שטעלסט גרויסע פאָדערונגען צו די מענשען —

— יא, דאָסזעלבע האָב איך היינט מיין געליעבטען גע-זאָגט, דיזעלבע צווייפעל אויסגעדריקט.

— זעהסט דו?

— אויסגעדריקט האָב איך זיי, אָבער איך פיהל זיי ניט — ווענינגסטענס, איצט ניט. דאָס גליק, מיט וועלכען איך בין פול, איז שטאַרקער פון אלץ — פון אלעס אַנדערע — איך בעגרייף עס גאָרניט...

— דו האָסט שוין אזוי פיעל יונגע לייט אָבגעזאָגט, און צווישען די, וועמעס ליעבע דו האָסט צוריקגעוויזען, זיינען געווען אזעלכע, וועמען איך שעץ פיעל העכער, ווי דעלניצקי. דו אָבער האָסט געפונען אזוי פיעל חסרונות אין זיי. דער איז פאר דיר ניט געווען אַלוועלטליך געבילדעט גענוג, דער ניט גרויסמוטהיג גענוג; איינעם האָט עס געפעהלט אין א פינקלענדען גייסט, א צווייטען אין מילדקייט — קורץ, מען האָט געמענט גלויבען, אז דו ווילסט נור צו אַן אידעאל פון פאָלקאָמענהייט אנפערטרויען דיין צוקונפט, אנדערש ניט, און איצט —

— און איצט פיהל איך, מאַמע, דאָס אויף דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ קיין אַנדער מענש, צו וועמען איך זאָל געהערען, אויסער דעלניצקי. איך זאָל דיר דערצעהלען קינדער-מעשה׳-לעך, מאמע? דאָ האָסטו איינע. אַן אמת׳ער נס, וואָס האָט ניט אין זיך קיין „ווארום" און קיין „צו-וואָס". עס האָט קיין ערקלערונג און נויטיגט זיך ניט אין קיינער. איך בין אזוי גליקליך, און עס קומט מיר אויס, אזוי ווי אלץ וואָלט זיין פערכשופ׳ט, און איך אַליין בין גאָר אנאַנדערע. דאָס, וואָס איך האָב פריהער געטראַכט, איבערלייגט, געוואויגען און געמאָסטען — דאָס אלעס איז איצט אוועקגעפלויגען; עטוואָס נייעס רינגעלט מיך ארום, דרינגט מיך דורך, הויבט מיך אויף.

— קינד, קינד, דו רעדסט, ווי פער׳שכור׳ט.

— אָ, מאמא, אָבער ניט פון שאמפאניער. איך ווייס איצט, וואָס דאָס איז שכור זיין פון גליק.

— דו ביסט מיר אָבער דאָך שולדיג די ערצעהלונג: ווי אזוי איז עס געקומען?

— אויפ׳ן וועג פון קירכע האָט ער זיך ערקלערט.

— ניין, ניט דאָס, איך וויל וויסען, ווי איז עס געקומען,

דאָס ער האָט דיין הארץ געפאנגען? ביסלאכוויין? אָדער מיט אמאָל? וואָס פאר א בעזאָנדערע אייגענשאַפטען האָסטו געפונען אין איהם?

— בעזאָנדערע אייגענשאַפטען? עפּעס א גרויסע טוגענד, א מעלה, וואָס האָט מיך געבראכט צו דעם איבערלעגטען ענטשלוס: „דער מענש איז ווערטה מיין ליעבע, און איך וויל איהם זי שענקען?" עטוואָס אזעלכעס איז ניט געשעהען. אמת, איך האָב דאָס אימער ערוואַרטעט. און אזוי ווי אלע מיינע בעקאַנטע און אלע די, וועלכע האָבען ביז איצט ערקלערט זיך מיר אין ליעבע, האָבען אויף מיר ניט געמאַכט דעם מינדעסטען איינדרוק, האָב איך געגלויבט, אז דאָס איז דערפאַר, ווייל קיינער פון זיי האָט נאָך ניט ארויסגעוויזען אזעלכע ליעבעסווירדיגע אייגענשאַפטען, ווי איך פאָרדער זיי פון מיין צוקינפטיגען מאַן. ווען עס וועט קומען איינער, וואָס וועט זיין עהנליך צו מיין אידעאל, דאַן וועל איך איהם שענקען מיין ליעבע. עפּעס אזוי ווי אזא געשענק וואָלט געווען עטוואָס, וואָס איינער טהוט פרייוויליג און מיט זיין קלאָרען בעוואוסטזיין!... איצט האָב איך זיך דערוואוסט, דאָס ליעבע הענגט גאָרניט אָב פון ווילען, פונקט ווי מען קען ניט קריגען קיין נערווען־פיבער פון א פרייען ענטשלוס — אזוי —

— ווי א נערווען-פיבער? אלס א קראנקהייט בעטראכט מיין סילוויא איהר געפיהל, וואָס דארף ענטשיידען איהר שיקזאל?

— אלס א זיסע, פערטויבענדע, געפעהרליכע קראנקהייט —

— וואָרום א געפעהרליכע?

— ווייל איך וואָלט געשטאָרבען, ווען עס וואָלט איצט געקומען א שטערונג?

— אָה, מען שטאַרבט ניט אזוי לייכט פון די קלעפּ פון שיקזאל און אויך ניט פון די וועהטאָגען פון דער נשמה. איך בין א גוטער ביישפּיעל דערצו. דאָך איצט וויל איך דיך אליין לאָזען — געה שלאָפען. א גוטער, לאַנגער יוגענד-שלאָף וועט

דיך אָבפּרײַסען און בערוהיגען. איצט ביסטו אזוי אויפגערעגט. איך וויל דיך ניט פּלאָגען מיט מעהר פראגען. מאָרגען פריה וועסטו מיר בעסער קענען דערצעהלען דאָס, וואָס איך וויל נאָך וויסען. א גוטע נאכט, מײַן קינד.

מארטא האָט זיך איבערגעבויגט איבער איהר טאָכטער, מיט איין האנד האָט זי איהר צערטליך געגלעטּ די האָר אויפ'ן קאָפּ, און די אנדערע האָנד האָט סילוויא צוגעצויגען צו איהרע ליפּען.

— גוטע נאכט, מוטער, פריינדין — איינציגע, גוטע, ליעב־סטע מאַמע, איך בין אזוי גליקליך...

נאָך דעם, ווען סילוויא איז אליין געבליבען, איז זי וויעדער צוגעגאנגען צום אָפענעם פענסטער, און אָנשפּארענדיג זיך אָן די פענסטער-וואנד, דעם קאָפּ איהרען געשטיצט אויף איהר צו־ריקגעלייגטען אָרעם, האָט זי ארויפגעקוקט צום נאכט-הימעל. איצט איז שוין די לבנה געשטאנען הויך אויפ'ן הימעל, און האָט געגאָסען א זאנפטען בלוי-ווייסען שיין אויף די בוימער און די אלעען אין גאָרטען. די שטילע לופט איז געוועןן דורכדרונגען פון דעם דופט פון ראָזען און יאסמין.

דיזע נאכט-לופט און דיזער ריח! ווי אָפט האָט סילוויא געפיהלט זייער צויבער. דאָך, וועהרענד פריהער איז אזא צוי־בער געוועןן א סאָרט פערשפּרעכונג, היינט אָבער איז עס פאר איהר געוועןן די ערפילונג. יא, דאָס לעבען איז שעהן... יא, דער פריהלינג מיט זיין בלומען-אוצר, מיט דעם געהיימניספולען גלאַנץ פון זיינע לבנה־נעכט איז דער אָנזאָגער און ברענגער פון א ליעבע-אָטהעמענדען גליק...

„ווי אזוי איז עס געקומען?" וועגען דעם האָט סילוויא איצט זיך פערטראכט.

מיט פערצעהן טעג צוריק אין פראטער — עס איז דאן גע־וועןן אזא נאכט, אזא שטילע, אזא העלע פריהלינגס-נאכט, ווי איצט. אין זאכער זאל איז געוועןן פעראנשטאלט דער יונגער־הערן־באל. פון אלע יונגע הערען איז דעלניצקי געוועןן דער

עלעגאנטעסטער. וועניגסטענס צעהן גרעפינען האָבען זיך גע־דרעהט ארום איהם און כמעט אלע מאַמעס האָבען געוואונשען אין דער שטיל, דאָס זייערע טעכטער זאָלען איהם קענען ארייג־כאַפּען, ווייל ער איז געוועזן איינער פון די בעסטע „פּארטיען“ אין לאַנד.

אויף דריי אָדער פיער פריהעריגע בעללער האָט דער יונגער דעלניצקי ארויסגעוויזען איהר בעזאָנדערע אויפמערקזאמקייט, צוליעב וואָס זי האָט זיך געפיהלט — ניט אָהן א געוויסען גע־פיהל פון צופרידענהייט — אלס די, וועמען אלע האָבען שטארק מקנא געווען. דאן אָבער אויף א פּעסט ביי דער פראנצויזישער געזאַנדשאַפט, האָט ער זיך געהאַלטען גאַנץ פון דערווייטענס פון סילוויא, און האָט גאַנץ עפענטליך געמאַכט ליעבע דער פרוי פון אן אלטען דיפּלאָמאַט. א געמישטער געפיהל פון קרענקונג און ערגערניס האָט פאר סילוויא'ן קלאָר געמאַכט, דאָס זי איז צו איהם ניט גלייכגילטיג.

אם ליעבסטען וואָלט זי ניט געגאנגען אויפ'ן באַל, דעם יונג־העררען־באַל, דעם לעצטען פון סעזאָן. וויעדער צו זעהען דעלניצקי'ן אונטער אזעלכע אומשטענדען, וואָלט איהר נור וועה געטהאָן. עס איז אָבער אנדערש געקומען. גלייך, ווי זי איז אריין אין זאַל, איז דער יונגער־מאַן צו איהר צוגעקומען, און גע־בעטען איהר, זי זאָל מיט איהם טאַנצען דעם קאָטיליאָן.

פאר אַן אויגענבליק האָט זי געהאַט בדעה איהם אָבצוזאָ־גען מיט דער ערקלערונג, דאָס זי האָט שוין צוגעזאָגט אַנאַנדע־רען דעם טאַנץ, אָבער איידער זי האָט נאָך בעשלאָסען וואָס צו טהאָן, האָט זי שוין ניט ווילענדיג יא געזאָגט.

דאָרט איז אויך געוועזן יענע יונגע פרוי, מיט וועלכער ער איז געוועזן אזוי פערנומען אין דעם אָבענד ביין פראנצויזישען געזאַנדטען. אָבער דאָס מאָל האָט דעלניצקי מיט איהר קיין צעהן ווערטער ניט אויסגערעדט. ווערהענד א טאַנץ־פּויזע איז צו סילוויא צוגעקומען איינע פון איהרע פריינדינען, זיך אָנגע־האַנגען אויף איהר אָרעם, און געזאָגט:

— קום, לאָמיר זיך אַ ביסעל דורכגעהן הין און צוריק. איך האָב דיר וואָס צו דערצעהלען.

— און וואָס איז עס אזעלכעס?

— איך בין ערשט ניט לאַנג צוריק אויסגעקליבען געוואָרען אלס פערטרויטע פון אַ פערליעבטען. עס איז ניט אזא פרעה־ליכער אמט; מען איז, ווי דו ווייסט, ליבער אליין די געליעבטע... אָבער, אזוי ווי דאָ האנדעלט זיך וועגען דיר, וועגען וועמען מען ווייס, אז דו ביסט מיין ליעבסטע פריינדין, קורץ, איך פיהל ניט קיין קנאה. האָסטו געזעהען, מיט וועמען איך האָב געטאַנצט דעם לעצטען קאדריל?

— יא, מיט דעלניצקי... און איך האָב געזעהען, ווי ער האָט מיט אזא פייער גערעדט מיט דיר —

— דאָס, וואָס ער האָט מיר געזאָגט אזוי פייערדיג, איז, דאָס ער איז אין דיך שטערבליך פערליעבט, נור, דאָס ער גלויבט, אז דו ביסט צו איהם זעהר קאַלט. נעכטען האָט ער אין זיין פערצווייפלונג געמאַכט ליבעס־ערקלערונגען צו אַנאַנדערע... ער האָט בעשלאָסען דיך אויסצומיידען, אָבער היינט איז זיין גאַנצער בעשלוס געוואָרען צו גאָרניט. ער האָט עס ניט אויס־געהאַלטען... און ער האָט מיך געבעטען, ביי דיר אויסצוגעפינען קלוג, אזוי, אז דו זאָלסט זיך ניט כאַפּען, אויב ער מעג האָפען. איך ערפיל אָט דעם דאָזיגען אויפטראג, נאַטירליך, ניט קלוג און ניט אזוי, אז דו זאָלסט זיך ניט קענען כאַפּען, און צו וואָס איך? אלזאָ?

סילוויא האָט זיך צוריקגעהאַלטען מיט אַן ענטפער, און דאַן האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבען שפּיעלען אַ רוישענדע וואַלצער־מעלאָדיע, און מעהרערע יונגע לייט זיינען צוגעגאַנגען צו די ביידע מיידלאַך, איינלאַדענדיג זיי מיט אַ העפליכער פערבויגונג צום טאַנץ.

„פרעהט אייך מיט'ן לעבען" איז געווען דער נאָמען פון וואַלצער, און ווירקליך, סילוויא האָט געפאָלגט דעם געבאָט, וואָס מייסטער שטרויס האָט ארויסגעלאָזען אין אַ דריי־פּערטעל

טאקט, און מיט'ן גאנצען הארצען האָט זי זיך געלאָזט טראָגען איבער'ן זאַל פון איהר טענצער.

דער קאטיליאָן, מיט וועלכען עס איז געקרוינט געוואָרען די שעהנע באל-נאכט, האָט ניט געבראכט קיין פאָרמאלנע, אָפּענע ליעבעס-ערקלערונג פון דעלניצקי, אָבער דער בליק און דער טאָן האָבען אונצעהליגע מאַל געטהאָן דאָסזעלבע. זיינע בליקען האָבען געבעטען אום ליעבע, און איהרע האָבען עס איהם צוגעזאָגט. וואָלט ער איהר יענעם אבענד פאָרגעשלאָגען צו הייראטהען איהם, וואָלט סילוויא זיך גענומען צייט דאָס צו איבערלייגען, ווייל זי איז נאָך געווען דורכאויס ניט ענטשלאָסען צו ווערען דעלניצקי'ס פרוי — פאר דעם דארף זי דאָך איהם קענען א ביסעל מעהר — אָבער אויף די שטומע בליקען, וואָס האָבען געגליהט מיט ליעבע, האָבען איהרע אויגען געגעבען, ניט קענענדיג אנדערש, א צערטליכען ענטפער, און זיין שטימע, וואָס האָט געציטערט מיט ליידענשאפט, אפילו ווען ער האָט גערעדט פון די גלייכגילטיגסטע זאכען, האָבען געוועקט א ווידערקול אין איהרע עטוואָס-געצוואונגענע ענטפערס.

נאָך דעם קאָטיליאָן איז זי געזעסען ביי זיין זייט, ווען מען האָט געגעסען סאפּער, און דאן דאָס ארויסקומען אין גאס, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען. ער איז עס געווען, וועלכער האָט איהר איינגעוויקעלט אין איהר מאנטעל, וועלכער האָט איהר אָנגעטהאָן דעם לייס־טוך אויף איהר הוט, וועלכער האָט איהר צוגעפיהרט צו איהר קאָטש און איהר געהאָלפען ארייני-שטייגען — מיט א לאנגען, ציטערענדען האנד-דרוק.

אָן דאָס אַלעס האָט זיך סילוויא איצט דערמאָנט. איצט איז אַלעס שוין געווען בעשלאָסען. ער האָט פערלאנגט איהר האנד און זי האָט „יא“ געזאָגט. ער האָט זי געקושט און זי האָט איהם צוריקגעקושט...

און אזוי האָט עס באסירט מיט סילוויא, ווי מיט דער ערשטער, בעסטער יונגער מיידעל, וועמעס גאנצער גייסטיגער האָריזאָנט איז בעגרענצט פון די בעגריפען: באל, ליעבע, ליידענ-

שאפט, גלענצענדע פארטיע. און דאך ווי גאנץ אנדערש איז סילוויא געוועזן בעשאפען! איהרע אינטערעסען האבען ארומגעכאפט א גאנצע וועלט פון אידעען, קענטניסע און צייט־פראגען. זי האט אימער גענומען אן ערנסטען אינטערעס אין די ציעלען, שטרעבונגען און פלענער פון איהר מוטער און ברודער. כאטש זי איז ניט געוועזן זייער מיטארבייטערין, אבער זי האט זיך אינטערעסירט מיט אלץ, וואס זיי האבען געטראכט און געטהאן, און זי איז געווארען אן ערנסטע מענשענקינד, פול מיט הויכע אידעאלען. און ווען זי האט געטרוימט פון איהר צוקונפט, פלעגט זי זיך פארשטעלען ביי דער זייט פון א בעדייטענדען מאן — א געלעהרטער אדער א שטאאטסמאן, וועלכער זאל ארויפדריקען דעם שטעמפעל פון זיין אינדיווידואליטעט אויף זיין צייט, און וועלכער זאל דעם שטעמפעל אזוי פארמירען, אז זיינע צייט-גענאסען זאלען קענען ארויפגעהן אויף א שטאפעל העכער אין זייער לעבען, דענקען און פיהלען אויף דעם לייטער פון דער אויסעדעלונג און בעגליקונג.

און איצט? איצט איז זי געוועזן פערטיג און ענטשלאסען צו טהיילען איהר לעבען מיט א מענשען, וועמעס כאראקטער זי האט גארניט געקאנט, וועלכער האט איהר קיין פערזיכערונג ניט געקאנט געבען, דאס ער וועט מאכען צו ווירקליכקייט איהרע חלומות, דאס ער וועט א מאל פערנעהמען א גרויסע און איינפלוסרייכע שטעלונג; זי האט זאגאר ניט געוואוסט, דאס ער איז איבערהויפט אן עדעלמענש. דאס דאזיגע ווארט פון טיללינג „עדעלמענש“ איז זעהר אפט געהערט געווארען אין הויז. און אין איהר ברודער האט סילוויא געזעהען א מוסטער פון די אלע אייגענשאפטען, וואס בערעכטיגען איינעם צו דעם טיטעל עדעלמענש. פון טאני דעלניצקי׳ס אייגענשאפטען האט זי נור געקאנט יענע, וועלכע האבען געמאכט קלאפען איהר הארץ אין זעליגער אונרוהיגקייט, דאס ער האט אויסגעזעהען משוגע פערליעבט, און דאס ער איז דער איינציגער מענש, דער איינציגער אויף דער ערד, נאך וועמעס קוש איהרע ליפען האבען געלעכצט.

זי איז אָבער ניט געװען בלינד. זי האָט זיך ניט איינגערעדט, אז ער האָט אַלע מעגליכע מעלות, װי דאָס איז דער שטייגער פון די נאאיװ־פערליעבטע. זי האָט גאַנץ גוט געװאוסט, דאָס זי איז בע׳כשופ׳ט פון זיין ליידענשאַפט. און דער כשוף איז געװען אזא שטארקער און אזא זיסער, דאָס זי האָט גאָרניט פּרובירט צו װעהרען זיך געגען איהם. און טאקי צוליעב װאָס? עס האָט איהר ניט געבונדען קיין אַנדער פליכט. זי האָט קיינעם ניט איהר טרייהייט געבראָכען — זי האָט איינס געשטעלט אין קאָן, איהר אייגענעם גליק, דעם גליק פון די שפּעטערע יאָהרען. נו, איז דאָס האָט זי געמאָגט ריזיקירען, װייל דער גליק פון דעם איצטיגען מאָמענט און פון דער סאמע נעכסטער צוקונפט איז דאָך איהר זיכער, און אויך האָט זי געפיהלט, דאָס זי ברענגט א צװייטען דאָס העכסטע גליק, דאָס מיט איהר „יא“ האָט זי איהר געליעבטען געבראכט די העכסט בעגליקענדע מתנה, װעה־רענד מיט איהר „ניין“ װאָלט זי איהם העכסט אונגליקליך גע־מאכט. זי האָט געפיהלט, דאָס דורך איהר פערלאָבען זיך מיט דעלניצקי װערט זי אריבערגעטראָגען פון דער אלטעגליכקייט צו א יום־טוב־צייט, פון װעלכער זי קען זיך ניט ארויסרייסען, איידער זי האָט פערזוכט פון יעדען פון די נומערען, װאָס גע־פינען זיך אויף דעם דאָזיגען פּראָגראם....

לאנג נאָך איז סילוויאַ געשטאַנען ביין אָפענעם פענסטער, אריינגעצויגען די שמעקעדיגע נאכט־לופט. יעדער אָטהעמצוג — פרייד, יעדער פולס־שלאג — לעבענסגענוס.

# קאפיטעל דריי.

דורך א דינער האָט מארטא געלאָזט בעטען איהר זוהן, ער זאָל קומען אין איהר צימער. זי האָט מיט איהם וועגען עטוואָס צו רעדען.

רודאָלף איז גלייך אריין צו זיין מוטער אין צימער.

— וואָס בעפעהלט מיין ליעבע מוטער?

באראָנעסע טיללינג איז געזעסען אין א קליינעם רונדען צימער, ניט ווייט פון איהר שרייב־צימער. אין דעם קליינעם פלאץ איז געווען בלויז א קליינע סאָפקע ביי דער לינקער האנד, א נידעריגער שראנק ביי דער רעכטער, און אין מיטען צימער איז געשטאַנען מארטא'ס פאָטעל פאר א זיך־דרעהענדיגען לע־זע־טישעל, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען די טאָג־צייטונגען, אַן ארבייטס־קערבעל, א פעכער, א בלומענוואזע און א ראהם מיט טיללינג'ס פערבלאסטען בילד. אויף די וואנד זיינען גע־האנגען נאָך מעהרערע בילדער פון דעם ערמאָרדעטען באראָן טיללינג אין פערשיעדענע פאָזען און גרויס. צווישען די ביל־דער איז אויך געווען זיינס א געמאָלט בילד ביז די קניע פון דער האנד פון א בעריהמטען פראנצויזישען קינסטלער. דיזער פאָר־טרעט איז אָבער ניט געוועזן פערענדיגט. אנגעפאנגען אין 1870, האָט ער ניט געקאָנט געענדיגט ווערען, ווייל דער מאלער האָט געמוזט געהן דיענען אין דער ארמיי. דאָך, אזוי אונפערענדיגט, ווי דאָס בילד איז געווען, האָט זיך שוין געמערקט א שטאַרקע עהנליכקייט.

דער קליינער שראנק, קונסטפול אויסגעשניצט פון אייכען־האָלץ, און אויסגעלייגט מיט העלפאַנטביין, איז געווען בעדעקט און אויסגעפילט מיט פערשיעדענע ערינערונגען אָן טיללינג. דאָרט זיינען געשטאַנען צוויי קעסטלעך פון זילבער, אויף וועלכע

עס זיינען געווען אויסגעגראווירט די דאטען 1864 און 1866. דארט זיינען געווען די בריעף, וועלכע טיללינג האט געשריבען צו זיין פרוי פון די דענישע און בעהמישע שלאכטפעלדער. און אין א קליינעם גאלדענעם קעסטעל איז געלעגען דער סאמע ערשטער בריעף, וואס זי האט פון איהם געקראגען—דעם וואס ער האט צו איהר געשריבען ביי זיין מוטער'ס טוידטען-בעט. אין דעם שראנק זיינען אויך געווען איהרע בלויע טאג-ביכער, דער זאגענאנטער פראטאקאל, אין וועלכען בארא און בארא נעסע טיללינג האבען פערשריבען די כראניק פון דער פריעדענס-אידעע.

אין דעם ווינקעל פלעגט מארטא פערברענגען טעגליך מעהרערע שטונדען. דא האט זי געלייענט איהרע ביכער און צייטונגען, אדער האט געצויגען די פעדים פון א שטיקעריי, דענקענדיג בשעת מעשה אן דעם פערלארענעם מאן.

מיט די ווערטער: „וואס בעפעהלט מיין ליעבע מוטער?" האט רודאלף געקושט זיין מוטער'ס האנד. דאן האט ער זיך אנידערגעזעצט אויף די קליינע סאפקע.

מיט פערגניגען האט מארטא א קוק געטהאן אויף איהר זוהן — א בילד פון מענליכער יוגענד-שטארקייט און איידעלקייט. ער האט געטראגען א העלען זומערדיגען מארגענאנצוג, וועלכער האט געמאכט זיין פון דער זון פערברוינטע הויט-פארב אויסזעהען נאך דונקעלער. טיעף-שווארץ איז געווען זיין טיעף-געשארענער קאפ האר, שווארץ די שמאלע וואנצעס, וועלכע האבען ניט פערשטעלט דעם פיין-געצייכענטען מויל. שווארץ און לייכט-געקרייזעלט איז געווען זיין שפיציג בערדעל, וואס איז געווען עטוואס אונטערגעשארען. נור די אויגען אונטער די געדיכטע ברעמען זיינען געווען בלוי. דער פנים איז געווען אן איידעלער, די געשטאלט בויגיג און שלאנק און כמעט זעקס פוס הויך. אריסטאקראטישע הענד און פיס. מיט רעכט האט מען געהאלטען רודאלף דאצקי אלס איינעם פון די שעהנסטע מענער אין דעם הויף-ארעל פון וויען, אין וועלכען עס פעהלען ניט קיין

גאנץ שעהנע מענער. אזוי אונגעפעהר האט אויסגעזעהען דער יונגער הוזאר, וועלכער האט געפאנגען די הארץ פון דער יונגער זיעבצעהן יעהריגער מארטא אלטהויז, ווען זי האט איהם דער־זעהען צום ערשטען מאל. דאך איז רודאלף'ס פנים, כאטש זעהר עהנליך צו זיין פאטער'ס, געווען פיעל מעהר דורכגיים־טערט. און אין שפראך און אין זיין טאן האט רודאלף פיעל גע'ירש'ענט פון זיין שטיעף־פאטער.

— איך האב געוואלט מיט דיר רעדען וועגען צוויי גאנץ וויכטיגע זאכען, רודאלף — האט מארטא געזאגט.

— אויך איך וויל דיר עפעס מיטטהיילען. דאך וועגען דעם שפעטער. צוערשט קומסט דו.

— אלזא, ערשטענס, דעלניצקי האט געבעטען סילוויא'ס האנד.

— האב עס מיר געטראכט.

— זי ליעבט איהם און איז ענטשלאסען איהם צו נעהמען. אמת, איך האב מיר מיין צוקינפטיגען איידעם עט־וואס אנדערש פארגעשטעלט, אבער — וואס דענקסטו וועגען דעם?

— מיין גאט, איך קען טאני'ן אזוי ווייניג... איך קען אבער גארניט שלעכטעס זאגען וועגען איהם.... און אויב זי האט איהם ליעב —

— איך האלט איהם פאר אויבערפלעכליך, פאר אונפעהיג צו פערשטעהן די געזינונגען און די אידעען, וואס מיינע קינדער האבען געמאכט פאר זייערע.

— אפשר וועט סילוויא האבען אן איינפלוס אויף איהם.

— אויך איך האב געטראכט וועגען דעם אין ערשטען אוי־גענבליק... דאס זיי האבען זיך ליעב, דאס האב איך שוין פון לאנג געמערקט, בעזאנדערס זייט יענעם באלל פון די יונגע העררען.... און דעלניצקי איז דאך א ליעבער, א גוטער מענש, א דזשענטעלמען... אבער ווען דאס האט שוין פאסירט, קומען מיר אין קאפ פערשיעדענע צווייפעל... דאס קינד פון מיין געליעב־

טען פרידריך... דאָס פארגין איך ניט קיינעם, וועלכער איז ניט אזוי, ווי ער איז געווען. אָבער איז דען דאָ אזעלכער?... און מיר וועלען איהר פערלירען...

— איך גלויב נימ, דאָס אונזער סילוויא וועט פון אונז זיך אָבקעהרען, בלייבען פרעמד צו אונז. מיר דריי זיינען מיט פיעלע אָדערען פון הארץ און נשמה צוזאמענגעקניפּט, צוזאַמענגעוואקסען, און קיין זאך קען אונז ניט פארנאנדעררייסען, אפילו ניט די הייראַטה. זעה מיך, למשל...

— יא, יא, דו, מיין רודאָלף! און איצט לאָמיר ריידען פון דיר. דאָס איז די צווייטע זאך, וואָס איך האָב אויף מיין הארצען. דו האָסט נעכטען, ביין טויף־פעסט, ארויסגעזאָגט ווער־טער, וועלכע האָבען אויף מיך געמאַכט א טיפען איינדרוק — זיי האָבען געקלונגען, ווי א געליעבטע, לאנג שוין שטום־געוואָרענע שטימע.

— און דערפאר האָסטו זיך צוואויינט? וואָס האָב איך אזוינס געזאָגט? איך קען זיך ניט דערמאָנען.

— דערפאר געדענק איך זיי דאָס בעסער. יעדעס וואָרט האָט זיך איינגעפרעסט אין מיין זכרון... „אזוי לאנג“, האָסטו געזאָגט, „ווי מיר האלטען זיך אָן פעסט ביי דער פערגאַנגענ־הייט, וועלען מיר בלייבען ווילדע. אָבער שוין שטעהען מיר ביין טויער פון א נייער צייט. די בליקען זיינען געצילעוועט פאָרוועררטס, אלעס דרענגט, שפּארט צו א נייער, העכערער פאָר־מע, שוין וואַכט אויף דער געדאנק, דאָס די גערעכטיגקייט דארף זיין דער פונדאמענט פון דעם גאנצען סאָציאלען לעבען, און אָט פון דעם געדאנק וועט די מענשהייט אויפבליהען, די עדעלע מענשהייט.“ דאָס זיינען געווען דיינע ווערטער, רודאָלף, אָבער, מיין זוהן, די צוקונפט ווערט נור אן אנדערע, ווען די געגענ־וואַרט ווערט אויסגענוצט פאר בעדייטענדע טהאַטען. ווילסטו ניט אָנהויבען טהאָן?

— יא, איך וויל. דאָס איז עס געווען טאַקי, וואָס איך האָב דיר געוואָלט דערצעהלען. וואָס איך זעה פאר מיר, איז א

פלאַץ אין פּאַרלאַמענט. דאַן די בעשאַפונג און, אפשר, די פיה־רערשאַפט פון אַ נייער פּאַרטיי. צו דעם אויך פּובליציסטישע טהעטיגקייט... אין ברעססער'ס בלאַט וועט פאַר מיר יעדע וואָך זיין אָפען אַ גאַנצער קאָלום.

— און דאָרט וועסטו פערטרעטען די אידעע פון פריעדען און פון ענטוואַפנונג? ווי גליקליך דאָס מאַכט מיך. דו ווייסט דאָך. עס האָט זיך געבילדעט אַן אינטערפּאַרלאַמענטאַרישער בונד — דאָ וואָלסטו געקאָנט גרינדען אַזאַ גרופּפּע אויך אין עסטרייכשען פּאַרלאַמענט.

— איך האָב אַ פיעל ברייטערע פּראָגראַם אין געדאַנק. כדי עס זאָל געעפענט ווערען אַ ברייטער וועג פאַר די גרויסע ענדערונג, מוז מען זעהן אָנפאַנגען פיעלע אַנדערע גרויסע ענדערונגען.

מאַרטאַ האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— געוויס, יעדע ענדערונג האָט אַ שיכות מיט אַנדערע, און ברענגט מיט זיך אויך אַנדערע ענדערונגען אין די אַלע פערצווייגטע ריכטונגען. דו ווייסט דאָך אָבער, אַז אין אונזער צייט הייסט עס: זיך טהיילען מיט דער ארבייט.

— עס זיינען אָבער דאָ זאַכען, וועלכע לאָזען זיך ניט טהיילען, וועלכע זיינען איין גרויסעס גאַנצעס, צום ביישפּיעל, אַ וועלט־אַנשויאונג. וואָס מעהר איך קוק מיך אום אין גאַנצען עפענטליכען לעבען, דאָס קלערער זעה איך, אַז דאָס, וואָס איז דאָס נויטיגסטע, איז גערעדע דאָס: אַ וועלט־אַנשויאונג. ניט שרויפען און מאַסטען דאַרפען געענדערט ווערען אויפ'ן שיף, כדי עס זאָל קענען בעסער זעגלען, נור דער גאַנצער קורס מוז ווערען אַנאַנדערער. ווייל אין זיין איצטיגער ריכטונג ציהט זיך דער שיף צו אַ קעסעל־גרוב, וועלכער וועט איהם סוף כל סוף אריינציהען אין זיין טיפעניש.

— און דו אַליין, מיין זוהן, ווילסט עס זיין דער קאַפּיטאַן, וועלכער זאָל עס ענדערען דעם גאַנצען קורס? דיין עהרגייץ איז גרויס...

— עהרגייץ ? — רודאָלף האָט געמאכט א בעוועגונג מיט'ן האַנד, דורך וועלכע ער האָט געוואָלט ווייזען, אז ניט דאָס בע־וועגט איהם צו זיין האנדלען—עהרגייץ? — ניין! דעם האָב איך ניט. איך וויים גאַנץ גוט, אז דאָס, וואָס מען רופט כבוד, קען מען ניט געפינען אויף די וועגען, וועלכע מען מוז צוערשט אויס־האקען —

— און וואָס האָט דיך בעוואויגען געראדע איצט צו נעה־מען זיך צו דער ארבייט ?

— איך בין שוין געוואָרען דרייסיג. די צייט פון א לעה־רען־אינגעל איז פאָראיבער, און דאן, אפשר, האָט א ביסעל צו טהאָן דערמיט דער נעכטיגער פעסט : ווען איך האָב ארויסגע־זאָגט, אז מיר מוזען זיך ארויסווייזען צו זיין ווירדיג פאר אונ־זערע זיהן און אייניקלאך, דאן האָט מיך דער געוויסען מיינער דערמאָנט, אז איך האָב אליין נאָך גאָרניט געטהאָן פאר דעם. ווי קען איך האָפען, אז מיין זוהן זאָל ערנסט פאָרטזעצען מיין ארבייט, ווען איך אליין האָב ניט ערפילט די אויפגאבע, וואָס איך האָב איבערגענומען פון מיין פאָטער ?

— פון דיין פאָטער ?

— אך, פערצייהע, מיין ריכטיגען פאָטער האָב איך קיינמאָל ניט געקאָנט, און אין מיין הארצען טראָג איך אימער אָט דעם — ער האָט געוויזען אויף דאָס בילד אויף דער וואַנד.

— דאָס האָט ער אויך פערדיענט...

— און ביסטו איינפערשטאנען מיט מיין ענטשלוס ?

— איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט : ער מאכט מיך גליק־ליך. נור פאר איין זאך האָב איך מורא, דאָס דו ווילסט בעאר־בייטען א צו גרויסע פעלד, און צוליעב דעם קענסטו פערנאכלע־סיגען געראדע די פלאַנץ, וועלכע ער — מיט א בליק אויפ'ן בילד — האָט אונז איבערגעלאָזען. איך מיין יענע גאַנץ בע־שטימטע, ארומגעגרענצטע בעוועגונג.

— איך וויים, וואָס דו מיינסט : ארביטריישען, וועלט־פריעדען — און דאָס רופסטו בעגרענצט ? דאָס מיינט ניט עט־

וואָס ווענ׳גער, ווי די אומענדערונג פון אונזער גאַנצער ער׳ציהונג, פון אונזער פּאָליטיק, מאָראל, געזעלשאַפטס-אָרדנונג — קורץ, א גאַנצע רעוואָלוציאָן. און בעמערקסטו ניט, דאָס מיר לעבען ווירקליך אין א צייט, ווען עס קומט פאָר א רעוואָלוציע אויף אלע געביטען? זייט צעהן יאָהר איז אין דייטשלאַנד פאָרגעקומען א „רעוואָלוציאָן פון דער ליטעראַטור“, די בילדענדע קונסט רופט איהר אויפשטאַנד „סעסעציאָן“. די פרויען רופען איהר רעוואָלוציאָן, „עמאַנציפּאַציאָן“, און די אַרבייטער — סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, און אַזוי אויף אלע געביטען...

— ניט יעדער אָבער, וועלכער שטרעבט נאָך א נייער צייט, דאַרף איבעראַל מיטאַרבייטען. יעדער העלפט די אנדערע אַם בעסטען, ווען ער ערפילט גוט זיין אייגענע אויפגאַבע.

— דו, מוטער, אינטערעסירסט זיך נור מיט איין פראַגע, און ניט מיט דער ענדערונג אין ליטעראַטור און קונסט, און ניט מיט דער פרויען־און אַרבייטער-בעוועגונג.

— אינטערעסירען? דאָס יאָ. ווער עס נעהמט אנטהייל אין דער ענדערונג פון דער צייט, דער הערט און זעהט מיט שפּאַנונג אלעס... אָבער קעמפּפען און ווירקען, דאָס וואָלט איך נור געוואָלט אין איין ריכטונג — און, ווי דו ווייסט, אַזוי ווייט, ווי מיינע כּוחות זיינען געווען, האָב איך עס פּרובירט דורך דאָס אויפשרייבען פון מיין לעבענסגעשיכטע... אין אַנדערע ריכטונגען פעהלט מיר די קראַפט צו פערשטעהן. איך בין זיך דיר מודה, אז די נייע קונסט שרעקט מיך שטאַרק אָב... דאָס עס ציהט מיך נאָך צו אלץ, וואָס איך האָב געלערענט אין מיין יוגענד צו בעוואונדערען, אלס שעהן און גוט... איך האָב ניט פּרובירט צו מאַכען פון סילוויאַ „א נייע פרוי“. איך בין צו אלט, אז —

— אפשר איז דאָס דער אונטערשיעד צווישען אונז — האָט רודאָלף אונטערבראָכען — איך בין יונג, איך בין אויפגעוואַקסען אין א ברוזענדער אַטמאָספערע, אין דעם שטורם פון די „מאָדערנע“... אמת, דער דאָזיגער שטורם האָט מייסטענס

געבלאָזען אויף מיר פון ביכער און צייטונגען, ווייל די מענשען, מ׳ט וועמען מיר פערברענגען, די לעבען נאָך אַלץ אויף דעם גאַנץ אַלטען שטייגער, און זיי ווייסען גאָרניט, אַז די וועלט בעוועגט זיך. העכסטענס, ווייסען זיי, אַז עפּעס אַ מיאוס׳ע מאַסע טרייסעלט און וויל צושמעטערען אונזער שעהנע אָרדנונג, און געגען די פּיהלען זיי די גרעסטע פעראכטונג. אויסער דעם אַלטען גראף קאָלנאָס, קען איך קיינעם ניט פון אונזערע קרייזען, וואָס זאָל האָבען די מינדעסטע אהנונג פון מאָדערנע אידעען. מעג זיין, אַז עס זיינען דאָ אַ פּאָר דוצען, אָבער איך קען זיי ניט —

— פון קאָלנאָס האָב איך היינט בעקומען אַ זעהר ליעבען בריעף — האָט מארטא איהם אונטערבראָכען — דאָס איז ווירקליך אַ מערקווירדיגער און גרויסער מענש. אָבער ניט דאָס. וואָס איך פערשטעה אונטער דעם וואָרט „מאָדערן“. קיין סמן ניט פון דעקאַרענטענטהום, גאָר ניט פון דעם איבערגעשפּיצטען איבערמענשענטהום, גאָרניט פון די תאוות, וואָס שענדען דאָס הייליגסטע.

— דו דאַרפסט ניט, מאַמע, נעהמען אין אַנבעטראַכט געראדע דאָס, וואָס איז קראנקהאַפט אין דעם מאָדערנעם גייסט.

— געוויס האָסטו רעכט. די מייסטע מיספערשטעהדניסע קומען טאַקי אַרויס דערפון. יעדע זאַך האָט דאָך אַזוי פיעל פערשיעדענע זייטען, און צוויי מענשען, וועלכע אין תוך זיינען איינפערשטאַנען, שטרייטען, דעבאַטירען איבער אַ זאַך, פאַר וועלכע זיי האָבען איין נאָמען, אָבער וועלכע זיי בעטראַכטען פון צוויי פערשיעדענע זייטען... יע, וועגען וואָס האָבען מיר אייגענטליך גערעדט?

— וועגען קאָלנאָס.

— יאָ, גאַנץ ריכטיג... וואו איז זיין בריעף? אהה, אָט איז ער. ער האָט מיר דאָ צוגעשיקט זיין נייעסטעס געדיכט. נאָ, לייען. ווי דו זעהסט, קען ער מיין שוואַכקייט, זיין ליעד איז געצילעוועט געגען די קאַנאָנען.

[illegible] האָט גענומען דעם בריעף און עס שנעל איבערגע-

ליענט. דאָס געדיכט פון דרייצעהן פערזען האָט געטראָגען דעם נאָמען „נאָך זעקס טויזענד יאָהר“, אין וועלכען עס איז גע־שילדערט געוואָרען א סצענע פון דער ווייטער צוקונפט, ווען מען געפינט אויס אין דער צו אייז־געוואָרענער אייראָפּא פער־שיעדענע זאכען, פון וועלכע די דאמאָלסדיגע מענשען ווייסען ניט די נעמען און, צו וואָס זיי זיינען געברויכט געוואָרען, און זיי מאַכען אלערליי פאָרשונגען, אום זיך צו ערקונדיגען אי־בער דעם גאַנג פון דער קולטור.

געלעהרטע שרייבען דיקע ביכער
און זיי שטרייטען זיך ווי הייטע אויך
אום ווערט און שעהנהייט דער אנטיקע
און איהרע ווערקע נוצגעברויך.

דאן געפינען זיי א מאָדנעם אונפערשטענדליכען אינסטרו־מענט, וועגען וועלכען די גרעסטע געלעהרטע צוברעכען זיך די קעפּ. דאָס איז א דיקער מעטאַלענער רעהר. זאָל עס זיין, טראַכ־טען זיי, א ריעזען־אָרגעל, א פרעהיסטאָרישע פלייט, אָדער א האָרן צום טרינקען פאר ריעזען? אָדער, אפשר, גאָר א מיס־טעריעזער סימבאָל — זאָגאר אין די פינסטערע צייטען פון גלוי־ביגע געצען? — ענדליך האָט מען געפונען אויף א שטיין אן אויסגעגראווירטע ערקלעהרונג. אליין וואָלטען זיך די געלעהר־טע קיינמאָל ניט דערטראַכט דערצו. דעם מעטאַלענעם דיקען רעהר האָט מען געברויכט צו מאַסענמאָרד, וואָס מען האָט גע־רופען מיט דעם נאָמען „מלחמה“.

און ווייל דער טויד־שלאַג גוט קאַנאַניש
(דער מיטעל הייליגטע דען צוועק)
זאָ נאַנטע מען דאָס דינג קאַנאָנע
און בלים (אוועקגעבלאָזען) דאמיט די געגנער וועג.

רודאָלף האָט איהר צוריקגעגעבען דעם בריעף.

— נון, דאָס זאָג איך דאָך, דער אלטער איז אן אמת־מאָ־דערנער מענש, ווייל זיין בליק איז געריכטעט צו דער צוקונפט.

ער ווייס, דאָס מיר האַלטען אין איין ענדערען זיך. ער שטרעבט צו דאָס, וואָס האַלט אין קומען, בעת מיינע פּערעהרטע קאָמע־ראַדען, אפילו, ווען זיי האָבען שוין אידעאַלען, זעהען זיי איהר אין דער פערגאַנגענהייט. די מייסטע זעהען איבערהויפּט ניט ווייטער פון זייער נאָז.

— דערביי אָבער, מיין זוהן, זיינען אָט דיזע מענשען, לויט זייער שכל, ניט נאַרישער פון דיר. עס ווענדט זיך נור אָן דעם, אויף וועלכע גערדאַנקען-וועגען, אויף וועלכע ערקענטניס-פעל־דער מען איז אַרויף צופעליג. ערציהונג איז אַלעס. און ניט נור קינדער־ערציהונג, נור אויך די ערציהונג פון די ערוואַקסענע. טיללינג האָט ערשט אָנגעהויבען נאָכצודענקען איבער געוויסע זאַכען, ווען ער איז שוין אַלט געוועזען אַ יאָהר פערציג.

— דו האַלטסט נור אין איין דענקען וועגען איהם — האָט רודאָלף געזאָגט אין אַ שטילען טאָן און מיט אַ געפיהל פון גרוי־סער פערעהרונג פאַר זיין מוטער.

מאַרטאַ האָט אויפגעהויבען דעם בליק צום הימעל.

— אימער. איך בין שטאָלץ אויף דעם אויסצוגעפינען אויף מיר, דאָס עס איז דאָ אַ ליעבע, וועלכע איז שטאַרקער, ווי דער טויט.



# פיערטער קאַפּיטעל.

אַ הייסער נאָכמיטאָג אין אויגוסט. די היץ אָבער שטערט ניט די בעוואוינער פון ברונהאָף זיך צו אמוזירען ביין טעננים־שפיעל.

דער שפּיעל־פּלאַץ געפינט זיך אין א טהייל פון פּארק, וועלכער איז אין דער צייט ניט בעשיינט פון דער זון. פון דער זייט זעהט זיך די הינטערשטע טהייל פון שלאָס, מיט די טעראסען, וואָס פיהרען אין שלאָס אריין.

אין מיטען פון שפּיעל־פּלאַץ איז דאָ א וואסער־בעקען, פון וועלכען עס שלאָגט א פאנטאַן. ארום און ארום געפינען זיך אין קינסטלערישער אָרדנונג פארבען־פּרעכטיגע בייטען. נור־וואָס איז דער גערטנער געווען בעשעפטיגט מיט בעשפריצען די בייטען פון א וואסער־קישקע. די בייטען אונטער דעם בלענדענדען וואסער־שטראהל, האָבען ארויסגעגעבען זייערע טייערע ריחות, וועלכע זיינען פון דער לופט צוגעטראָגען געוואָרען צום טענים־פּלאַץ. א זאָנדערבארע ליכטיגקייט איז געלעגען אויף דעם גרינעם גראָז און די בוימער.

צופעליג איז דאָרט געווען פערזאמעלט דיזעלבע געזעלשאפט, וועלכע איז געוועזען ביין טויף־פעסט פון דעם יונגען, ניט־לאַנג־געבאָרענעם גראף דאָצקי. נור איצט איז שוין צווישען דער געזעלשאפט געווען די יונגע באַליבאָסטע פון שלאָס, וועלכע איז שוין געוועזען פאָלקאָם געזונד, און וועלכע האָט שוין אָבגעפּראוועט איהר פרומע רייזע נאָך מאַריאצעל, ווי איהר מוטער, די גרעפין גריזבאַך, האָט עס איהר געראטהען. מען איז דאָ געזעסען ביי דער זייט פון דעם טענים־פּלאַץ, אויף א רייהע פון בענק, און מען האָט זיך צוגעקוקט צו די פיער, וואָס האָבען געשפּיעלט טענים: סילוויאַ און איהר חתן, גראף דעלניצקי, רודאָלף און דער יונגער ברעסער.

דער יונגער ברעססער איז געוואָרען אונגעטריי צו זיין בעשלוס, אויסצומיידען דיזע פאמיליע, אין פאַל סילוויאַ וועט ווערען דעלניצקי׳ס כלה. די געוואוינהייט צו פערברענגען אין

דער פאמיליע, פון וועלכער זיין פאטער איז געוועזן אזא גו־טער פריינד, איז איהם געוועזן צו טהייער, אז ער זאל זיך קע־נען אָברייסען פון איהר. דער פערקעהר מיט בּאראָנעססע טיללינג, די קאמעראדשאפטליכע פלוידער־שטונדען מיט רו־דאלף דאָצקי און, וועניגסטענס, דאָס קענען קוקען אויף די גע־ליעבטע — פון דעם אלעם, האָט ער ניט געקאָנט אויף לאנג זיך בּערויבען. די נארישע אייפערזוכט האָט ער געמוזט דערשטי־קען. האָט ער דאָך קיינמאָל ניט ערוואַרטעט צו הייראטהען סילוויא, מוז ער ביי זיך פּועל'ען צו קענען זי זעהען, אַלס די פרוי פון אנאנדערען. און דאָס, וואָס דיזער אַנדערער איז ניט געוועזן אזא וויכטיגער מענש, דאָס איז פאר איהם געוועזן א שטיקעל טרייסט, וועלכען ער וואָלט אפילו אָפען ניט צוגע־געבען, אָבער דאָך געפיהלט אין זיך. אזוי ווי, לויט זיין מיינונג, איז דעלניצקי ניט ווערטה געוועזן סילוויא'ס ליעבע, האָט דער יונגער ברעססער זיך איינגערעדט, אז סילוויא האָט איהם מסתמא ניט ליעב, נור זי האָט איהם גענומען, ווייל ער ער איז א גלענצענדע פּארטיע פון פּראקטישען שטאנדפּונקט. מיט דעם געדאנק האָט ער וועניגסטענס פערטריבען איין העלפט פון זיין אייפערזוכט.

— „גיים—פּליי—אוט"—די דאָזיגע ווערטער האָבען זיך געטראָגען פון שפּיעל־פּלאַץ, אָבער אין א רוהיגען טאָן. די בּאַלס זיינען געפלויגען אהין און אהער, אָדער זיך אָנגעשטוי־סען אָן די נעץ, און זיינען געפאלען צו דער ערד, און דאָס אלעס אזוי שטיל, אויסער דאן, ווען דער בּאַלל איז פערהאלטען גע־וואָרען פון דעם ברעג פון דער ראקעטע, דאן פלעגט געוועהנליך איינער פון די צוקוקער אויסרופען: „האַלץ—האָלץ!" די בּע־וועגונגען פון די שפּיעלער זיינען געוועזן רוהיגע, געלאסענע, קיין לויפען אָדער שפּרינגען, פיעל מעהר, בעזאָנדערס, ביי די מענער, א שטילע, זיך וויעגענדע נאכלעסיגקייט.

מארטהא, וועלכע איז געזעסען עטוואָס אָן א זייט, האָט געהאלטען א צייטונג אין האנד. זי האָט אָבער ניט געלייענט, נור האָט בעטראַכט די שעהנע געשטאַלטען פון איהרע קינדער.

זי האָט שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק פון סילוויאַ'ס
ווערען דעלניצקי'ס כלה. טעגליך האָט איהר סילוויאַ ער־
קלערט, דאָס זי פיהלט זיך פאָלקאָם גליקליך. נור פון צייט
צו צייט זיינען איהר געקומען אין געדאַנק די אלטע צווייפעל.
פיעלעס אין דעם ווערען פון איהר צוקינפטיגען איידעם האָט
געווירקט אויף איהרע נערווען, ווי דאָס רייבען פון א מעסער
אָן א ליימענעם טאָפּ, אָדער, ווי דאָס קראַצען פון שפּיציגע
פינגער־נעגעל אויף א זיידענקאַרפּעט, אָבער זי האָט באַלד פער־
טריבען פון זיך אַזעלכע געפיהלען.

בעאַטריסע און איהר מוטער זיינען געזעסען איינע לעבען
דער אנדערער, שטאַרק פערטיפט אין א שמועס וועגען דער
ערציהונג פון קליינע קינדער. די עקזיסטענץ פון דעם נייעם
איינוואוינער און יורש פון ברונהאָף איז פאַר זיין מוטער גע־
ווען די וואונדערבאַרסטע ערשיינונג אויף דער וועלט, און פאַר
זיין גרויסמוטער — די וויכטיגסטע.

די פיער הערען: פאָלקאָווניק שראופּער, מיניסטער
„אודאַי“ אָדער „פון דער אנדערער זייט“, דער גלח פּראָטוס און
דר. ברעססער האָבען גערעדט צווישען זיך.

— פון דעם שפּיעל פערשטעה איך גאָרניט — האָט פּאַ־
טער פּראָטוס געזאָגט — עס זעהט גאָרניט אויס אינטערע־
סאַנט. זעהט נור, ווי לאַנגזאַם זיי בעוועגען זיך, קיין לויפען,
קיין שפּרינגען, בעזאָנדערס די הערען, אַזוי שטיל, אַזוי נאַכ־
לעסיג. אָבער עס מוז זיי געוויס אַמוזירען. ווען ניט, וואָל־
טען זיי דאָך ניט געשפּיעלט מיט אַזאַ חשק. אָבער מיר דאַכט
זיך, אַז דער קעגעל־שפּיעל, וועלכער ווערט אין גאַנצען אויס
מאָדע, איז געווען פיעל אינטערעסאַנטער.

— אַזוי איז שוין די וועלט, הויכווירדיגער הערר, דאָס
אַלטע ווערט פערדרענגט פון דאָס נייע — האָט דאָקטאָר
ברעססער געזאָגט.

דער גלח האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, דאָס איז נור אזוי צווישען די מענשען, וואָס זו־כען אלץ נייעס. קוקט אָבער זיך צו צו דער נאַטור. אימער דיזעלבע בוימער, דיזעלבע בערג —

— אָה,ניין, שוין גאָרניט דיזעלבע! — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופען — די פערענדערונגען אין דער נאַטור קומען נור פאָר לאַנגזאם, אזוי, דאָס מען בעמערקט זיי ניט. אָבער מיינט איהר ניט, אַז די דאָזיגע געגענד האָט דורכגעמאַכט זייט דער טערטיער צייט פיעל גרעסערע ענדערונגען, ווי די פון דעם קעגעל־שפּיעל צום טעניס־שפּיעל?

— אודאי! — האָט דער מיניסטער זיך אריינגעמישט — די גרעסטע און די אָפּטעסטע ענדערונגען זעהט מען אין דער פּאָליטיק. דאָ קען מען בשום אופן ניט איינפיהרען א צו־שטאַנד פון רוה. כאָטש אונזערע קאָנסערוואַטיווען מאַכען אזעלכע געוואַלדיגע אנשטרענגונגען. ווייסט איהר, מיינע הערען, דאָס אונזער רודאָלף איז א קאַנדידאַט פאר׳ן פּארלא־מענט?

— איך ווייס עס — האָט דאָקטאָר ברעססער געענט־פערט — די באַראָנעססע איז העכסט גליקליך דורך זיין בע־שלום.

— פון איין זייט פערשטעה איך עס — האָט דער מיניס־טער געזאָגט — די מאַמעס זיינען אימער גליקליך צו זעהען זייערע זיהן זיך אויסצייכענען אין עפענטליכען לעבען. פון דער אַנדערער זייט אָבער ברענגט די קאַריערע פון א פּארלא־מענט־מיטגליעדער פיעל פערדרוס און שווירינקייטען.

דער פּאָלקאָווניק האָט געקוועטשט מיט די אקסלען:

— וואָס מיר שווירינקייטען! מיט רודאָלף׳ס נאָמען און זיינע פערבינדונגען וועט ער זעהר לייכט קענען זיך ארויפ־ארבייטען צו איינע פון די אנגעזעהענסטע שטעללען. צוערשט א פּאָר יאָהר אין פּארלאַמענט, דאַן א מיניסטער־פּאָרטפעל —

— איך קען זיך גאָרניט פאָרשטעלען — האָט פּאָטער פּראָטוס געזאָגט — וואָס פאר א ראָליע רודאָלף וועט שפּיע־

לען אין דער פּאָליטיק. לויט זיין ראנג, וואָלט ער זיך בע־
ז׳ארפט אָנשליסען אָן דער קאָנסערוואַטיווער פּארטיי.

— נאטירליך — האָט צוגעשמייכעלט דער מיניסטער.

— לויט איך קען איהם אָבער, איז ער שטארק גענייגט
צו די ליבעראלען, אויב זאָגאר ניט צו די סאמע ראדיקאלען.

יעדענפאלס איז זיין געדאנקען־גאנג מיר זעהר ניט
צום הארצען — האָט דער פּאָלקאָווניק געזאָגט —
איך קען נאָך אלץ ניט פערדייהען די רעדע, וואָס ער
האָט געהאלטען ביים טויף־פעסט פון זיין יורש, און איהר,
הערר דאָקטאָר, האָט איהם נאָך אונטערשטיצט דאן... אויב
איך דערמאָן מיך נור גוט, האָט אויך איהר דאן גע׳טענה׳עט, אז
מען זאָל זיך ענטזאגען צו בעוויליגען די קאָסטען פון דער אר־
מיי... ווען רודאָלף זאָל אויפטרעטען אין דער ריכטונג....

דער מיניסטער האָט געמאכט א בערוהיגענדע בעוועגונג
מיט דער האנד.

— האָט ניט קיין מורא, ווען מען גאָט גיט די שטעלע,
גיט ער איהם אויך דעם פערשטאנד. דאָס מיינט מיט אנדע־
רע ווערטער: ווען מען דערגרייכט צו א געוויסער שטעלע און
מען קומט אריין אין געוויסע קרייזען, ווערט מען פון די פער־
פליכטונגען פון דער שטעלע און פון דעם גייסט פון די קריי־
זען אזוי דורכדרונגען, דאָס די אלטע אידעען און נייגונגען
ווערען צורונען, ווי דער טומאן, און מען טהוט אלץ, וואָס די
נייע שטעלע פאָדערט.

— עס איז אָבער ניט אזוי דער פאל — האָט דר. ברעמ־
סער געענטפערט — ווען איינער איז א שטארקע פּערזענליכ־
קייט. דאן צווינגט ער די קרייזען זיך צוצופאסען צו איהם
און צו זיינע אידעען, און ניט פערקעהרט —

די שפּיעלער האָבען געענדיגט זייער פּארטיע. רודאָלף
איז צוגעגאנגען צו די דעבאטאנטען.

— וועגען וואָס האָט איהר גערעדט אזוי היציג?

— וועגען אייך און אייער קאנדידאטור אין פּארלאמענט.

— דאָ האָט איהר מסתמא ניט פיעל גוטעס געזאָגט וועגען מיר, ווייל מיט דער אויסנאהמע פון דר. ברעססער, שטעהט איהר דאָך אַלע אויף א פונקט־פערקעהרטען שטאנדפונקט, ווי איך.

— די שאַטירונגען מעגען זיין פערשיעדען — האָט דער מיניסטער געענטפערט — אָבער אין סאמע תוך זיינען דאָך אַלע אנשטענדיגע מענשען איינשטימיג: געטריי צו דער קאָנסטיטוציע, צום קייזער און צום פאטערלאנד.

— טריי, טריי — האָט רודאָלף געזאָגט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ — די גוטע מדה פאסט זיך זעהר גוט פאר דאָס, וואָס עקזיסטירט. וואָס זאָל אָבער זיין דעריעניגער, וועלכער וויל דיענען דאָס, וואָס האלט אין ווערען?

ברעססער האָט געענטפערט:

— דער מוז זיין מוטהיג.

— יא — האָט רודאָלף געזאָגט — מוטהיג און אויך טריי צו זיך אַליין.

סילוויא און דעלניצקי האָבען געשפּאצירט אין איינער פון די פארק־אַלעען, אזוי, אז די אנדערע האָבען זיי געקאָנט זעהען, אָבער ניט הערען.

אין די זעקס וואָכען, זייט זיי זיינען געוואָרען חתן־כלה, האָט סילוויא דורכגעמאכט זעהר פערשיערענע שטימונגען. דער גרויסער גליקס־רויש פון יענעם אָבענד, ווען זי האָט איהם געגעבען דעם ערשטען קוש און איהר צוזאָג צו זיין זיינע, האָט זיך ניט ווידערהאָלט, נור דערמאָנען זיך האָט זי געקאָנט אָן דאָס, וואָס זי האָט יעמאָלט געפיהלט, אָבער שוין קיינמאָל ניט געפיהלט ווידער דאָסזעלבע. עס קענען דאָך טאקי ניט זיין קיין צוויי ערשטע קושען, און עס זיינען אויך ניטאָ קיינע צוויי אויגענבליקען, אין וועלכע מען פאסט א בעשטימטען, לעבענס־ענטשיידענדען בעשלוס. זי האָט זאָגאַר מאנכעס מאָל געפיהלט, ווי איהר ליעבעס־געפיהל ווערט פאראליזירט. אויך איהרע נערוועץ האָבען שטארק געליטען, ווי די פון איהר מוטער, פון

דעם, ווי דעלניצקי פלעגט רעדען. אָבער דאָס האָט ניט אָנ־געהאַלטען לענגער, ווי א מינוט. די נעכסטע מינוט האָט איהר ווידער געבראכט דעם בעוואוסטזיין, דאָס זי איז א ליע־בענדע, גליקליכע כלה.

איינינע טריט זיינען זיי געגאַנגען שווייגענדיג. דאן האָט דעלניצקי געזאָגט:

— ווי שעהן, ווי שעהן דו ביזט! — „דו“ פלעגען זיי זיך זאָגען נור דאן, ווען זיי זיינען געוועזען אליין. און געראדע דאָס האָט געמאכט דעם „דו“ קלינגען, ווי א הייסער קוש. — אזוי געפעלסטו מיר פיעל בעסער, ווי אין דיין זומער־קלייד, און ביין שפּיעלען אין באָלל ביזטו נאָך פיעל רייצענדער, ווי ביין טאנצען.

אין איהר קורצער ווייסער פּיקעט־קליידעל מיט א לעדער־נעם גארטעל ארום די בויגיגע, ניט צו דינע טאַליע; מיט די געלע שיך אָהן אָבזאצען, אויף איהרע שמאָלע פיס; מיט דעם איינפאכען מאַטראָזען־הוט אויף די קאַשטאַנען־ברוינע האָר, וועלכע איז געוועזען פערפלאָכטען אין א פעסטען צאָפּ, און אויף וועלכע די זון האָט געוואָרפען איהרע שטראהלען, האָט סילוויאווירקליך מיט זיך פאָרגעשטעלט א רייצענד בילד. איהר יונ־גער פּנים מיט דעם פיינעם פּראָפּיל איז געוועזען ווי אין שיין איינגעטונקט, ראָזיגע גליהענדע פארב אויף די באַקען, א דונ־קעל־רויטע גליהונג אויף די ליפּען, שווארצעם פינקלען אין די אויגען, א ווייס־בליצענדער שמייכעל. מיט רעכט האָט דער בעגליקטער חתן געקאָנט זאָגען: „ווי שעהן דו ביסט!“

— מיינסטו אזוי? און איז מיין שעהנקייט דאָס ליעבסטע פאר דיר?

— אלעס איז מיר ליעב אין דיר. דו ביסט א טהייער מיי־דעל, פון ראססע, אָהן פינטעפליושקעס....

א וואָלקען האָט א שוועב געטהאָן איבער סילוויא׳ס פּנים. דאָס איז ווידער געוועזען איינער פון יענע אויסדריקע, וועל־

כע האָבען איהר געמאַכט פיהלען אזוי אונאנגענעהם. זי האָט געשוויגען. דעלניצקי האָט ווייטער גערעדט:

— קיין זאך איז מיר ניט אזוי פערהאַסט, ווי די געמאַכטע אָדער קאָקעטקע־מאַניערען, אָדער ווי די זאָגענאַנטע נייע, עמאַנציפּירטע... דו ביסט איינפאַך, נאַטירליך... אמת, אויך מערדעריש קלוג, דו ווייזט עס אָבער ניט ארויס ביי יעדער געלעגענהייט. פאַר דיין געלערענטקייט האָב איך זיך אין אָנפאַנג א ביסעל געשראָקען... דו האָסט א שם, אז דו האָסט שטודירט אַלערליי געלערענטע זאכען, און דאָס דו מיט דיין מאַמאַ און רודי לייענט שטונדענלאַנג דיקע, געלעהרטע ביכער. אָבער עס איז ניט אזוי שלעכט. איך האָב דיך קיינמאָל ניט געהערט רעדען אזוי פּעדאַנטיש...

— ביז איצט, מיין ליעבער טאַני, האָבען מיר דאָך מייסטענס געזעהען זיך אין באַל־זאַל. דאָרט האָב איך דאָך ניט געקאָנט פיהרען מיט דיר „פּעדאַנטישע" געשפּרעכען... און זייט מיר זיינען געוואָרען חתן־כלה, רעדען מיר דאָך כמעט אימער פון אונזער ליעבע. און אויך די טעמא ערלויבט גאָרניט „פּעדאַנטישעס", אָבער דו מוזט זיין פּאָרבערייטעט, און איך רעכען אויף דעם, דאָס ווען מיר וועלען זיין פערהייראַט —

— צו רעדען מיט מיר איבער שאָפּענהויער און ניטשע, אָדער, אפשר, גאָר איבער די געשיכטע פון די קאָנציליען? ניין, איך דאַנק —

— די ביידע דענקער, וועלכע דו האָסט אָנגערופען, כאָטש זייער שפּראַך איז אזוי טיעף און וואונדערבאַר, געהערען ניט צו מיינע ליעבלינגע ——

— האָסטו זיי דען גאָר געלייענט?

— און דו ניט? — דעלניצקי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין — און וואָס די קאָנציליען אַנבעלאַנגט — פון זייער געשיכטע האָב איך ניט פיעל געהערט.

— איך יא. דו ווייסט, איך בין געוועזן צוויי יאָהר אין קאַלקסבורג, ביי די יעזואיטען.

— ביי דען יעזואיטען!

טאני האָט אונגעדולדיג געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— נו, יא, ביי דען יעזואיטען. און דאָרט ווערט אַלעס גענוי שטודירט. וואָס האָט צו טהאָן מיט דער קירכענ־לענגער, ווי צוויי יאָהר, האָב איך דאָרט איבעריגס געשיכטע. נים אויסגעהאַלטען. פון מיר וואָלט דאָרט געוואָרען א ריכ־טיגער יעזואיטען־תלמיד.

— א דאנק גאָט. וואָס איך האָב אָבער געוואָלט זאָגען: איך רעכען אויף דעם, אז מיר וועלען זיך פעראייניגען גיים־טיג, אינערליך — דאָס מיר וועלען רעדען איבער אַלעס, וואָס מיר בעוואונדערען פון די מיסטעריען —

— איך בעוואונדער און שטוין איבער די מיסטעריען פון דיין שעהנקייט.

איצט האָט זי געצויגען מיט די אקסלען.

— שוין ווידער?

— ביזבּז בייז, ווען איך בעוואונדער דיך, ווען איך ווער משוגע פון דיין שעהנקייט?

ניין, ווענען דעם איז זי ניט בייז געווען. אָבער דאָס, וואָס ער האָט ניט געוואוסט איבער וואָס אנדערש צו רעדען מיט איהר, דאָס האָט איהר אָנגעהויבען שטארק שרעקען.

ער האָט צוגעדריקט איהר אָרעם פעסט צו זיך, האָט זי צוגעבויגען צו זיך, פערזינקענדיג טיעף זיינע ברענענדיגע אויגען אין איהרע — א בליק, וואָס האָט איהר דורכגענומען מיט א זיסען ציטער. און וואָס פאר א ווערדע האָט געהאַט אַלעס אנדערע אין דער וועלט ביי דער זייט פון אזא מיסטעריום, אזא זיסען געהיימניס?

איצט האָבען זייביידע געשוויגען. אין דער שטיקענדער לופט האָט זיך אויפגעהויבען א שטילער רעגען־ריח. די זאַנ־דערבארע בעלייכטונג איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר זאַנ־דערבאר. עס האָט אויסגעזעהען אַלעס ארום, ווי גרינער

מעטאל. פון דערוויטענס האָט זיך געהערט א פערשטיקטער דונער.

— קינדער, קינדער — האָבען די אנדערע צו זיי געשריען — עס קומט א שטורם — לאָמיר אריינגעהן אין שטוב.

ווען עטוואָס האָט נאָך געקאָנט דערהויבען סילוויא׳ס פיהלען — האלב לוסט און האלב שרעק — איז עס געווען די אויסזיכט, דאָס באלד וועט אויסברעכען א שטארקער שטורם: א שמייסענדער רעגען, העלע בליצען, דונערען: זי האָט געגלוסט דערצו און זי האָט מורא געהאט פאר דעם. און ווירקליך, עס זיינען אוועק בלויז איינינגע מינוטען, פול מיט ערווארטונג, האָט א פייפענדער ווינט אָנגעהויבען צו בויגען די בוימער, און טראָגען דעם שטויב און די בלעטער, דורך די לופט. ריקע, ווארעמע טראָפּענס רעגען זיינען געפאלען. די געל-גרינע בעלייכטונג האָט אָבגעטרעטען איהר פלאַץ פאר א פלוצלינגאָנקומענדע דונקעלהייט. שווארצע וואָלקענמאַסען זיינען אָנגעקומען און אראָבגעהאנגען טיעף צו דער ערד. א בליץ, וואָס האָט געבלענדעט די אויגען, האָט דורכגעשניטען דעם הימעל, און באלד נאָך דעם א מורא׳דיגער דונער־קלאַפּ. ער האָט געמוזט טרעפען ערגעץ נית ווייט.

די גאַנצע געזעלשאפט איז געלאָפען אזוי שנעל, ווי זי האָט געקאָנט, צום שלאָס צו. סילוויא און איהר חתן זיינען געווען עטוואָס ווייטער, און זיי האָבען זיך געמוזט נאָך מעהר איילען, ווי די אנדערע, אום זיי זאָלען נית ווערען דורכגעגנעצט פון רעגען. הוגאָ ברעסער, מיט א שירם אין דער האנד, איז געלאָפען זיי אנטקעגען.

איצט איז אָנגעקומען א ריכטיגער וואָלקענברוך. דאן האָט סילוויא אָנגעהויבען צו לויפען. ווען זי איז געווען בלויז א טריט ווייט פון הוגאָ, האָט זי זיך פּארהאַקט אָן א שטיין און איז געפאלען. דער יונגער מאַן האָט אין דער ריכטיגער מינוט איהר געכאַפּט אין זיינע אָרעמס.

ער האָט זי פעסט ארומגענומען. אין דער מיט עלעקטרי־

ציטעט אַנגעגאָסענער אַטמאָספערע, אין דעם שטורם פון די
ווילד־געוואָרענע עלעמענטען, האָט עס אויך אין זיינע אָדערען
ווילד געקלאַפּט. און זיין לאַנג־פערשטיקטע ליידענשאַפט האָט
געפונען איהר אויסגאַנג אין דעם אויגענבליק, ווען דער צופאַל
האָט אריינגעוואָרפען אין זיינע אָרעמס זיין היימ־געליעבטע
מיידעל. ער האָט אַנדערש ניט געקאָנט. ער האָט זי צוגע־
דריקט צום הארצען, און דערביי איז אין דעם גאַנצען אויסדרוק
פון זיין פּנים געווען צו לעזען די קלאָרסטע ווידוי פון זיין פּיי־
ערדיגער ליעבע.

אויך סילוויא איז געווען אונטער דעם כשוף פון דער
שטורמדיגער מינוט. די ענטפּלעקונג פון דער ליידענשאַפט איז
פאַר איהר געווען א מין בליץ־שטראהל. זי האָט ניט גע־
פיהלט קיין כעס. וואָס זי האָט געפיהלט, איז געווען פיעל מעהר
דער קלאַפּ פון דעם עלעקטרישען שטראָם, וואָס האָט אויפגעצי־
טערט די הארץ, צו וועלכער זי איז געווען צוגעדריקט.

נור דריי סעקונדען האָט עס געדויערט. שוין איז דעלגיצקי
צוגעשפּרונגען און האָט איהר צו זיך גענומען. ער האָט פון
דאָס געשעהענע ניט מעהר געזעהען, ווי איהר אויסגליטשען זיך
און די צופעליג־אַנגעבאָטענע הילפע.

— איהר האָט דאָך זיך ניט וועה געטהאָן? — האָט ער
ביי איהר געפרעגט, פול מיט זאָרג.

סילוויא האָט שווער און טיעף אויפגעאָטהעמט.

— ניין, ניין, גאָרניט, גאָרניט — האָט זי געשטאַמעלט, און
צוגעמאַכט די אויגען.

# פינפטער קאפיטעל.

אין דעם אבענד איז סילוויא ניט פערבליבען מיט דער געזעלשאפט אין זאל.

גלייך, נאך דעם מאהלצייט, ביי וועלכען זי האט זיך כמעט ווי ניט צוגעריהרט צו אירגענד איינער פון די פיעלע געריכטען איז זי אוועק אין איהר צימער מיט דעם אויסרייד, אז עס טהוט איהר שטארק וועה דער קאפ.

זי האט געוואלט מיט זיך אליין קלאר ווערען, און מתודה זיך זיין צו זיך אליין, און אפשר אויך ארויפלעגען אויף זיך א נעהעריגע שטראף, אויב זי זאל געפינען, אז זי האט ווירקליך בעגאנגען אירגענד א זינד...

ביין טיש האט פאר א קורצע ווייל די אונטערהאלטונג אנגענומען א העבערען טאן, ווי געוועהנליך. הוגא ברעסער און רודאלף, וועלכע זיינען געזעסען איינער געגען צווייטען, האבען אנגעפאנגען א דעבאטע, וועלכע איז באלד געווארען אזוי לעבעדיג און אינטערעסאנט, דאס אלע אנדערע שמועסען האבען אויפגעהערט, און אלע האבען זיך צוגעהערט צום געשפרעך פון די צוויי יונגע לייט.

— און איך זאג, ליעבער ברעסער, אז דאס העכסטע איז די טהאט.

— און איך בלייב דערביי, אז דאס העכסטע איז דער געדאנק, כאטש שוין דערפאר אליין, ווייל ער קען זיין איינזאם — שוועבען אין די גרעסטע הויכקייטען. איך ווייס ניט אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט פון קיין זאגענאנטע טהאט, דורך וועלכע די מענשהייט זאל ווערען אידעלער און גרעסער — דאס איז אימער געוועזען דער אויפטהו פון דעם גרויסען געדאנק.

— אבער דער ערשטער טרעפ קען דאך ניט זיין העכער פון

צווייטען. צוערשט דענקט מען, און דאן האנדעלט מען. דאס וואָרט מוז ווערען פלייש, א קערפער. די אידעע מוז זיין די נשמה פון א קערפער. דאס, וואס איינער טראכט, דאס מוז ווע־רען א ווירקליכקייט, מוז, מיט איין וואָרט, ווערען א טהאט.

— די ווערטער פאסען זיך אויף קלעפ מיט'ן קולאק, אויף געוואלט־אקטען איבערהויפט. און עס וואונדערט מיך, דאס געראדע איהר, דער פערטהיידיגער פון פריעדען, זאָלט אזוי רעדען.

— אָט טאקי דערפאר, ווייל איך בין א פערטהיידיגער פון אן אידעע, וויל איך, אז זי זאָל זיך אומוואנדלען אין א טהאט, אז זי זאָל פערקערפערט ווערען אין אינסטיטוציאָנען.

— דאס קומט שוין במילא, ווען די אידעע ווערט גענוג שטארק. אן אינסטיטוציאָן איז ניט פעהיג לאנג צו לעבען, ווען זי ווערט ארויפגעצוואונגען פאר דער צייט... וואס, איבע־ריגס, פערשטעהט איהר אונטער אינסטיטוציאָנען? געזעצע? קאָנסטיטוציעס? פאָליטישע פאָרמען? אנשטאלטען און קער־פערשאפטען? ווי אונוויכטיג און קליין דאס איז אלעס אין פערגלייך מיט דעם קעניגרייך פון געדאנק, פון גייסט, וואס האלט אין איין וואקסען, וואס שטייגט אימער אלץ העכער און העכער....

— אָבער דאָך אין אזוי ווייניג קעפ!...

— די פיעלע פאָלגען נאָך לאנגזאם.

— ניין, די פאָלגען נאָך דעם געדאנק, וואס איז גע־וואָרען זיכטבאר, דאס הייסט, דעם געדאנק, וואס איז פערוואנ־דעלט געוואָרען אין א טהאט.

— איבעריגס — נאָך פיעל ווערטהפוללער, ווי דאס האנד־לען און דאס דענקען, איז דאס געפיהל. דאס געפיהל איז דאס סאמע העכסטע אין לעבען... ער איז אויך דער רעגולאטאָר פון אלע זאָגענאנטע אינסטיטוציאָנען. דער געפיהל, ניט דער אי־בערלייגענדער פערשטאנד, קען דיענען אלס די ריכטיגע מאָס

פון קולטור. נור אין דעם קעניגרייך פון די געפיהלען וויקלען זיך פארנאנדער די רייכסטע בלומען פון דער נשמה: מיטלייד, בעגייסטערונג, פערטיפונג, און די קרוין פון דער גאנצער עק־זיסטענץ — די ליעבע. פון דעם געפיהל שטראָמט ארויס די שאפונגס־קראפט פון קינסטלער און עס פלאמט די לוסט פון קונסט־גענוס, און אויך פון דעם נאטור־גענוס. ניט דער איי־גענטליכער ריח פון דער ראָזע ענטציקט אונז, נור דאָס, וואָס מיר פיהלען, איינאָטהעמענדיג איהר דופט אין פערבינדונג מיט אונזערע פאָרשטעלונגען און עררינערונגען. דאָס, וואָס מיר הערען ביים שפיעלען, איז בלויז ליארעם און געפילדער; ערשט דאָס, וואָס מיר פיהלען, איז מוזיק.

— וואָס פאר א געשוואָלענע ווערטער ער געברויכט עס — האָט —רעלניצקי געזאָגט אויפ׳ן אויער צו זיין כלה — הער זיך ניט צו. לאָמיר ליבערשט רעדען.

סילוויא האָט מיט איהר האנד געמאכט א זיך־וועהרענדע בעוועגונג, האָט זיך פון איהם אין גאנצען אָבגעקעהרט, און מיט געשפאנטער אויפמערקזאמקייט זיך ווייטער צוגעהערט צו דעם, וואס ברעסער האָט גערעדט.

— דורך דאָס, וואָס איינער פיהלט, דורך אינספיראציאָן, דורך פאָרשטעלונג, דורך ליידענשאפט, וואקסט דער מענש אי־בער זיך זעלבסט. אויגענבליקען, אין וועלכע דער מענש ווערט א גאָט, דאָס זיינען נור אויגענבליקען, ניט קיינע טעג, ניט זאָ־גאר קיינע שטונדען — די זיינען די אויגענבליקען פון אן אי־בערשטראָמענדען געפיהל. דער פאָעט, דער נביא, דער ליע־בענדער, די וויסען, וואָס דאָס זיינען אזעלכע אויגענבליקען... ווער עס האָט זיי געהאַט אין זיין לעבען, דער וועט ניט אוועק־געבען די עררינערונג אָן זיי פאר קיינע אוצרות אין דער וועלט. און צו איינער פון אזעלכע עררינערונגען — הוגאָ האָט גענו־מען זיין גלאָז אין האנד און האָט זיך אויפגעשטעלט — איך בעזינג די דאָזיגע עררינערונג ערשט זינט היינט. טרינק איך, און ווער עס האָט דורכגעלעבט אזא אויגענבליק, וואָס האָט

איהם דערהויבען איבער אלעס אירדישע, דער קען מיט מיר צו־
זאמען טרינקען!

— מיט אנדערע ווערטער — האט זיך אבגערופען פאל־
קאווניק שראופער, וועלכער איז געזעסען לעבען ברעסער — לע־
בען זאלען אונזערע שעהנע עררינערונגען.

דערמיט איז דער עטוואס איבערשפאנטער ארויסטריט פון
דעם יונגען ברעסער געבראכט געווארען אויף די שטופע פון
אלגעמיינער פערשטענדליכקייט, און אלע האבען איהם צוגע־
טרונקען מיט דעם אויסגעשריי: „לעבען זאלען אונזערע שעה־
נע עררינגרונגען.“

דעלניצקי, אלס חתן, האט נאך צוגעלייגט:

— נאך מעהר לעבען זאלען אונזערע שעהנע ערוואר־
טונגען.

סילוויא האט צוגעטרונקען צו הוגא'ס טאסט. אויף איהר
חתן'ס בעמערקונג האט זי גארניט געענטפערט.

ווען זיי זיינען אריין אין זאל, האט דעלניצקי געפרעגט ביי
זיין כלה, וועלכע ער האט געהאלטען אונטער'ן ארעם:

— ווארום האסטו אויף מיין טאסט ניט געענטפערט?

— לאז מיך — האט סילוויא געענטפערט אין א נערוועזען
טאן — איך האב קאפ־ווער.

און מיט דעם אויסרייד איז זי אוועק אין איהר צימער.

אנקומענדיג צו זיך אין צימער, האט זי צוערשט אויפגע־
עפענט די פענסטער. די דינער האבען זיי אוים פארזיכטיגקייט
אין דער צייט פון שטורם צוגעמאכט. סילוויא האט געלעכצט נאך
לופט. די זון איז שוין אונטערגעגאנגען. אבער עס איז נאך
געוועזען ליכטיג. אבגעקיהלט, פייכט פון רעגען, און פול מיט
ריחות, האט די לופט אריינגעשטראמט אין צימער. פון די בוי־
מער און צווייגען האבען נאך די טראפענס געקאפעט. ביין
האריזאנט, אט דא, אט דארט, האט עס נאך א בליץ געהטאן.

סילוויא האט זיך געלאזען אבקיהלען איהר הייסען שטערען

פון דעם בלאָזענדען ווינטעל, דאן איז זי צוגעגאנגען צו דער טיר, און איהר פערשלאָסען. עס וואָלט איהר געווען איצט זעהר אונאנגענעהם, ווען איהר מוטער וואָלט צו איהר איצט אַריינ־געקומען. און אויב זי וועט געפינען די טיר פערשלאָסען, וועט זי געווים גלויבען, אז סילוויא שלאָפט, און איהר ניט שטערען.

דאן האָט זיך סילוויא א וואָרף געטהאָן אויף א שמאָלע סאָפע, האָט צוגעשלאָסען די אויגען מיט די ווערטער:

„אלזאָ, איצט מתודה זיך זיין... איך בין שולדיג... איך בין לייכטזיניג — און ווי זאָל איך עס רופען איינפאך מיט'ן ריכטיגען נאָמען, וואָרים, ווען איינער איז זיך מתודה, זאָגט ער ניט קיין ליגען, איך בין ליעבעס־דורשטיג. מיין ליעבע צו טאני, וועלכע האָט אויפגעפלאמט אונטער זיין ערשטען קוש — איז עס איבערהויפט ליעבע? אייגענטליך ניין, ווייל איצט געפעלט ער מיר אָפט אזוי ווענינ! ווייל פיעלעס, וואָס ער זאָגט צו מיר, בעריהרט מיך, ווי מיט א קאַלטען וואסער־שטראָם. און דאָסזעלבע, וואָס איך האָב געפיהלט ביי טאני'ס ערשטען קוש, דאָסזעלבע האָב איך געפיהלט היינט און נאָך שטארקער, אין די אָרעמס פון הוגאָ ברעסער... הוגאָ ברעסער האָט מיך ליעב. דאָס האָב איך גאנץ קלאָר געפיהלט. ער האָט עס אויך געזאָגט: דער אויגענבליק, וועלכער האָט איהם געמאכט עהנליך צו גאָט, און וועלכען ער האָט היינט ערשט היינט געפיהלט.. דאָס איז געווען דער אויגענבליק, ווען ער האָט מיך, וועלכע האָט זיך ניט געוועהרט, צוגעדריקט צו זיין הארצען.... איך האָב איהם צוגעטרונקען... האָב איך דען דערמיט איהם ניט געזאָגט: „איך פערשטעה דיך"? וואָס וועט ער איצט קלערען און מעגען האָפען? און פאר וואָס וועל איך איצט מוזען מורא האָבען?...

אימיצער האָט אָנגעריהרט די קליאמקע פון טיר.

— איך בין עס מיין קינד. האָסט זיך שוין געלייגט שלאָפען?

סילוויא האָט ניט געוואוסט, וואָס זי זאָל טהאָן. זאָל זי

עפענען די טיר? זאָל זי דער איינציגער און אמת'ער פריינדין איהרער אלעם דערצעהלען, וואס עס קומט פאָר אין איהר נשמה? אָבער וויים זי דען עס אליין? ניין, פריהער מוז זי מיט זיך אליין קלאָר ווערען.

זי האָט ניט געענטפערט, און מארטא איז אוועק.

איצט האָט סילוויא צוגעמאכט די פענסטער, האָט אראָב־געלאָזט די פאָרהאנגען און אָנגעצונדען ליכט. זי האָט זיך אוועקגעזעצט ביי איהר שרייב־טיש און האָט גענומען אין האנד רעלניצקי'ס בילד וואָס איז דאָרט געשטאנען.

לאנג האָט זי בעטראכט דאָס בילד. דערביי האָט זי זיך דערמאָנט אָן די געפיהלען פון צערטליכקייט און גליק וואָס זי האָט גענאָסען, און זי האָט זיך געזאָגט: דאָס איז דאָך ליעבע.

באלד אָבער האָבען זיך אָנגעהויבען וועקען אלערליי צווייפלען אין איהר קאָפּ:

— איז עס אָבער אזא ליעבע, ווי איך האָב איהר איצט פער־שטאנען, א ווירדיגע ליעבע?... און האלט ניט זאָגאר די ליע־בע אין פערשווינדען, ווען אנאנדערער איז געווען אין שטאנד פאר אן אויגענבליק צו וועקען אין מיר א גלייכען געפיהל?.... און איבערהויפּט ווען איך האָב אויסגעפונען, ווי ווייט העכער דער דאָזיגער אנדערער איז איבער מיין חתן?... וואָס פאר א שוואונג עס איז דאָ אין הוגאָ ברעסער'ס ווערטער, וועלכע טאני האָט גערופען געשוואָלענע! נו יא, אין גרונד גענומען, האָט עס געקלונגען א ביסעל איבערטריבען, עקזאלטירט, און ווער וויים, אויב ער האָט עס טאקי געמיינט און געפיהלט; אויב ער האָט ניט געמיינט גאָר מיט דעם מיך צו פאנגען, א סאָרט גע־שפּראָכענע פאָרטזעצונג פון זיין מוטהיגען ארומנעהמען מיך אין גאָרטען?... אפשר איז עס נור דער שטורם געווען שול־דיג, וואָס איך האָב אין יענעם אויגענבליק אויפגעציטערט, ווי אונטער אן עלעקטרישען קלאפּ... איך ליעב דאָך ניט דעם ברעסער. מיין הארץ האָב איך דאָך געשענקט טאני... מיין

הארץ — אָדער איז עס אפשר גאָר — מאַכט ניט אויס, איך בין ווי יערעס מענשענקינד, א זאך פון נשמה און קערפּער.... מיט ווארים בלוט.... אָבער דאָס חתונה האָבען מיט איהם, מיין גאָט, צו זיין מיט איהם דאָס גאַנצע לעבען איין גוף און איין נשמה... און ווי, ווען די נשמה וועט עס ניט אויסהאַל־טען? און דאָ העלפּט ניט קיין לייקענען. אין דער לעצטער צייט האָב איך פיעלע זאכען געפונען אין טאני, וואָס געפעֿ־לען מיר גאָרניט, און פיעלעס פעהלט איהם, וואָס איך האָב אומזיסט געזוכט, און דאן איז מיין ליעבע געווען, ווי אויסגעלאָ־שען... אמת, נור פאר א ווײַלע, און דאן האָט זי פון דאָס־ניי אויפגעפלאקערט, אָבער ווי, ווען דאָס פערלעשען וועט זיך ווי־דערהאָלען אלץ אָפטער און אָפטער? איצט איז נאָך צייט צו־ריקצוטרעטען....

און דאן האָט זיך זיך אָנגעהויבען אויסמאָלען די מעגליכ־קייט פון אָפּברעכען די פערלאָבונג. איז עס ניט איהר פליכט — ווען אפילו אזא, וואָס טהוט איהר אזוי וועה? איז זי דען ניט זיך און איהם שולדיג אויפצולייזען א פערבינדונג, וועל־כע זאָל איהר שפּעטער אזוי פערדריסען?

מיט א ראשען בעשלוס האָט זי גענעפענט איהר פּאָרט־פעל, אום צו שרייבען א בריעף צו איהם. דאָרט, אין פּאָרט־פעל, איז געלעגען א צעטעלע, וואָס זי האָט געפונען אריינגע־שטעקט אין זיין ערשטען בוקעט, וואָס ער האָט איהר געשיקט, ווערענדיג אָפיציעל איהר חתן.

זי האָט דאָס צעטעלע אָבגערוקט אָן א זייט, אום ארויס־צונעהמען א בויגען פּאפּיר. דערביי איז איהר בליק געפאַלען אויף דעם אינהאַלט פון דעם צעטעלע, אָן וועלכען זי האָט שוין פערגעסען. דעליניצקי האָט איהר געשריבען:

„מיין גליק וועגען דעם „יא“, וואָס איך האָב געקראָגען, איז אזוי גרויס, דאָס עס איז גאָר קיין מאָס ניטאָ פאר דעם. נור עטוואָס וואָלט געקאָנט זיין נאָך גרעסער: מיין פערצווייפ־לונג, ווען עס וואָלט געווען „ניין“.

די ווערטער האָבען אריינגעדרונגען אין סילוויא׳ס נשמה,

ווי א געשריי און א געבעט: אום גאָטעס ווילען, וואָס ווילסטו טהאָן? ווארף מיך ניט אריין אין די שרעקליכסטע פערצווייפ־לונג.

זי האָט זיך אויסגעמאָלט, ווי שרעקליך ער וועט ליידען, ער, וועמען זי ליעבט דאָך. און דאן האָט זי זיך פאָר־געשטעלט, ווי דאָס וועט אויפרעגען איהר מוטער, רודאָלף'ן, און דאָס ערגסטע — הוגע ברעסער'ס טריאומף, און זיין פאלשע אויסטייטשונג פון איהר שריט, וואָס דאָס קען איהם נאָך פער־פיהרען צו אלערליי פאלשע האָפנונגען. ווארים, וואָס זי זאָל ניט טהאָן אין בעצוג צו טאני, אָבער וואָס אנבעלאנגט הוגאָ ברעסער, דעם יונגען שריפטשטעלער, וועט זי וויסען, ווי איהם צו האלטען פון דערוויימענס. דאָס איז זי דאָך איינפאך שול־דיג איהר עהרע און ווירדע.

און ווידער האָט זי זיך געפיהלט צוטומעלט און אונענט־שלאָסען.

אלס א פראָבע בלויז האָט זי געוואָלט אויפשרייבען דעם בריעף, אָבער קיינמאָל איהם ניט אָבשיקען.

זי האָט איינגעטונקט די פעדער. דערביי האָט זי דערזע־הען דעם דימענטענעם רינג בליצען אויף איהר פינגער, די ערשטע מתנה פון איהר חתן. ווי האָט זי זיך דאן געפרעהט איבער דעם פערלאָבונגס־רינג, די גאראנטיע פאר דאָס געגע־בענע וואָרט, פאר דאָס וואָרט, וואָס בינדט פאר'ן גאנצען לע־בען... שטיל האָט זי בעוועגט די האנד, אום צו מאכען די שטיינער פינקלען.

און איז עס ניט א העסליכע האנדלונג צו ברעכען דאָס וואָרט? ניין, זי וויים ניט, וואָס זי זאָל טהאָן, וואָס איהר פליכט איז צו טהאָן.

אָבער יעדענפאלס דעם בריעף מעג זי דאָך אָנשרייבען. און זי האָט וויעדער איינגעטונקט די טרוקען־געוואָרענע פען, און האָט אָנגעשריבען:

„מיין ליעבער דעלניצקי!“

מערקווירדיג, ווי איהר האנד האָט איהר געציטערט — עס איז דאָך גאָרניט איהר האנדשריפט.

„פערצייהט דעם ענטשלוס, צו וועלכען עס האָט מיך גע־בראכט א רייפליכע איבערלעגונג. ניט איך און ניט איהר וואָלטען גליקליך זיין“ —

זי האָט אויסגעשטראָכען די גאנצע שורה. ווי שוואך דאָס איז אויסגעדריקט... אריינשטעכען א מענשען א שפיז אין הארצען, און בעטען איהם אום ענטשולדיגונג, ניין, אונמעגליך אזוי.... און עס איז איבערהויפט אונמעגליך.

זי איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל, איז צוגעלאָפען צום בעט, און געשטעלט זיך אויף די קניע, און איינגעגראָבען איהר פנים אין די דעקע. זי האָט געוואָלט וויינען און בעטען....

זי האָט הויך אויסגעקרעכצט: טאני, טאני, ליעב איך דען דיך ניט מעהר? און דאָך קען איך זיך ניט צושיידען מיט דיר. ביידעס איז אזוי שרעקליך טרויעריג: דאָס, וואָס איך האָב פערלאָרען מיין גליקס־געפיהל, מיין ליעבעס־ברויז און דאָס מוזען זיך זעגענען מיט דיר.

איהר אויפרעגונג האָט זיך באלד אויפגעלייזט אין טרערען. כמעט א שטונדע איז זי געבליבען אויף די קניע און האָט געוויינט, צוערשט שטארק, דאן שוואכער און שוואכער.

זי איז געוואָרען שטארק מיעד, און די אויגען, ברענענדיגע פון פיעל וויינען, האָבען זיך ביי איהר געשלאָסען. זי האָט זיך צוזאמענגענומען, האָט זיך אויסגעטהאָן צום שלאָפען געהן, פול מיט בענגעהר צו דער רוהע פון בעט. זי האָט ניט גע־וואָלט מעהר דענקען, נור שלאָפען.

דאָס געפיהל פון זיין אונגליקליך האָט איהר פערלאָזען... א ווארעמער, לינדער שטראָם פון צערטליכקייט איז ארויסגע־שטיגען פון איהר הארץ גלייך מיט טאני׳ס בילד. ווארום האָט זי איהם בעוויינט, ווי א טוידטען? ער לעבט דאָך נאָך, און אויך איהר ליעבע אָטהעמט נאָך... און דאָס לעבען איבער־הויפט, דאָס גרויסע, דאָס רייכע לעבען, האָט דאָך פאר איהר

אזוי פיעל שעהנעם און זיסעס, און דאן דער שלאָף.... ווי גוט וואָלט עס איצט געווען צו פערלירען דאָס בעוואוסטזיין און פערזינקען אין אַ טיעפען, טיעפען שלאָף... זי האָט זיך אריינ־געגלימשט צווישען די קיהלע ליילאכער, האָט אויסגעלאָשען די ליכט, איינגעגראָבען דעם קאָפּ אין די קישענס, און מורמלענדיג: „גוטע נאכט, טאני", איז זי אין איינינע מינוטען איינגע־שלאָפען.



# זעקסטער קאַפּיטעל.

— איז עס אמת, רודי? דו ווילסט זיין א קאַנדידאַט פאר'ן פּארלאמענט? ווי דאָס פרעהט מיך!

רודאָלף האָט אויפגעבליקט איבערראשט פון זיין צייטונג צו זיין יונגער פרוי.

— פון וואנען ווייסטו דאָס? און וואָרום פרעהסטו זיך?

בעאטריס, וועלכע איז נאָך ניט אין גאַנצען פארטיג גע־ווען מיט איהר אָנבייסען און האָט געהאַלטען ביין אָנשמירען א זעמעל מיט פּוטער, האָט געמאַכט א בעוועגונג מיט'ן קאָפּ, אזוי ווי זי וואָלט זיך געפיהלט שטארק געערגערט.

— פון וואנען ווייס איך עס? פון פרעמדע מענשען, ווייל דו האַלטסט מיך ניט פאר גוט גענוג צו דערצעהלען מיר אזא וויכ־טיגע זאַך. און איך פרעה מיך צוליעב דעם כבוד — אין דער פּאָליטיק קען מען דאָך געהן גאַנץ הויך... אפשר וועסטו נאָך מיניסטער...

— דאָס וואָלט מיר געווען זעהר ליעב, ווייל אין אזא שטע־לונג וואָלט איך געקאָנט אויסאיבען גרויסען איינפלוס אין דער ריכטונג, פון וועלכער איך טרוים... אָבער דער וועג פון אן אָבגע־אָרדענטען ביז צום מיניסטער איז א גאַנץ ווייטער. און דאָס, וואָס איך האָב דיר ניט דערצעהלט, אָבער, טריקסי, דו אינטע־רעסירסט זיך דען מיט פּאָליטיק?

— ניין, א דאנק גאָט, איך אינטערעסיר מיך גאָרניט דער־מיט — דאָס הייסט, אַז דו וועסט שוין זיין אין דעם, וועט עס מיך אמוזירען.

— אמוזירען?

— נו, געוויס, ווען מען וועט זאָגען: דער אָבגעאָרדנע־טער גראף דאָצקי האָט געהאַלטען א רעדע... פון וואָס [illegible]

מען דאָרט ?.... איבער זאַלץ־שטייער, אָדער איבער נייע גע־ וועהר — וועט עס דאָך זיין אמת לוסטיג.

— לוסטיג ?

—— נאַטירליך, וועסטו זיך אָנשליסען צו די קאָנסערוואַ־ טיווע.

— ווי, דו ווייסט אויך, ווי די פּאַרטייען הייסען און ווי זיי זיינען צוטהיילט.

— דאָס האָט געזאָגט מאַמאַ און הערר וועגעמאַן.

רודאָלף האָט געשמייכעלט.

— אהה, דער מיניסטער „אודאי", וועלכער הייסט שוין איצט מיניסטער „פון דער אנדערער זייט."

בעאַטריסע האָט ווייטער גערעדט:

— מענשען פון אונזער ראַנג געהערען אימער צו די קאָנ־ סערוואַטיווע, איבערהויפּט אַלע אַנשטענדיגע מענשען....

— איך שטוין...

— דו וועסט דאָך מיר זעהען פערשאַפען א גוטען פּלאַץ אויף דער גאַלערעע, ווען דו וועסט האַלטען דיין ערשטע רעדע. דאָס וועט מיר זיין פיעל ליעבער, ווי א טהעאַטער.

— אָבער איך בין נאָך ניט אויסערוועהלט.

— אַלס גרויסער גרונד־בעזיצער — אויך דאָס ווייס איך פון אונזער מיניסטער — ביזטו דאָך בערעכטיגט...

— אָט, ווען איך וואָלט מיך אָנגעשלאָסען אָן איינע פון זייערע פּאַרטייען — עטוואָס, וואָס איך וויל ניט טהאָן — איך האָב בדעה, אָבער דאָס פערשטעהסטו ניט. איבער דעם, ווי איך דענק און פיהל, דאָס האָט דיר דער מיניסטער „פון דער אנדע־ דער זייט" ניט געקאָנט דערצעהלען, ווייל דאָס געפינט זיך אוי־ סער דער ספערע פון זיין פּאָליטישען געדאַנק. איך האָב איהם איינמאָל געגעבען א פּאָר אָנצוהערענישען, האָט ער מיך אזוי אָנגעקוקט פונקט, ווי איך וואָלט צו איהם גערעדט אויף טער־ קיש. ווען איך וואָלט דיר געוואָלט איצט ערקלערען —

— ניין, דאָס דאַרפסטו ניט. פאַר מיר איז אַלעס טערקיש,

וועגען וואָס עס ווערט גערעדט און פערהאַנדעלט אין די הויכע הייזער. איך לייען קיינמאָל ניט וועגען דעם אין די צייטונגגען. דאָס איז ניט פאר אונז, פרויען. מיט אונז האָט מען דאָך ניט געלערענט לאַטייניש און גריכיש — דאָס בילדעט דאָך דעם פערשטאנד, און אויך דאָס קענען נור די מענער... און איבער־הויפט אַלעס, וואָס האָט צו טהאָן מיט פּאָליטיק, דאָס איז דאָך אזוי באַנאַל.... אפשר ניט פאר די מענער, אָבער די האָבען דאָך א גאַנץ אַנדער גייסט....

— וו עס זעהט אויס, וואָלסטו ניט געשטאַנען אין דער פרויען־פראגע אויף דער זייט פון דיינע געשלעכט־גענאָסינען?

— פון עמאַנציפּאציאָ — אויסער דאָס רויכערען פון סיגאַ־רעטען — וויל איך ניט וויסען. וואָלסטו זיך געוואונשען אַן עמאַנציפּירטע פרוי?

— אזעלכע, ווי דו שטעלסט זיך פאָר, געוויס ניט. אי־בערהויפּט ווינש איך זיך ניט קיין אַנדער פרוי — דו ביסט א ליעבער אוצר... און איך בעט דיך, בלייב געטריי דיין פיינד־שאַפט צו פּאָליטיק אפילו דאַן, ווען איך זאָל מיך מוזען אין איהר ארייננוואַרפען. פּרוביר ניט דאַן מיר פאַרצושלאָגען א געוויסע ריכטונג, ווי דו האָסט עס פריהער געטהאָן מיט די קאָנסערוואַטיווע און אנשטענדיגע. וואָס מאַכט אונזער פּריצי? האָט איהם די מיידעל אין גאָרטען ארויסגענומען?

— יאָ, אונטער דער לינדע... קום, לאָמיר געהן צו איהם.

און זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

— געה דו, איך האָב צו ארבייטען.

— אהא, אָט זעהט מען שוין דעם שטאַאַטסמאַן — האָט בעאַטריסע געזאָגט לאַכענדיג — ארבייטען מוז ער!

זי האָט זיך געשטעלט הינטער זיין שטוהל, האָט ארומ־געלייגט איהר ארעם ארום זיין האַלז און האָט א קוש געטהאָן זיין שטערען — ער מוז ארבייטען — דעם שיקזאַל פון עסטרייך קירעווען און דערביי פערנאַכלעסיגען זיין ווייב און קינד. אדיע,

אלזאָ, צובּרעך זיך נור ניט דעם געליעבּטען קעפּעלע. גיבּ מיר
א קושעלע.

ער האָט אוועקגעלייגט די ציישונג און האָט צוגעצויגען
צו זיך זיין פרוי.

— נאָך צוויי, טריקסי, אויף יעדע איינע פון דיינע באַ־
קען־גריבּעלעך.... אדיע, און גריס מיר אונזער קרוינפּרינץ.

— פאַר איהם וועל איך א נייע וויעג־ליעד דיכטען:

שלאָף, קינדעלע, שלאָף,
דיין פאָטער איז א גראף.

— דאָס איז ניט זעהר ניי.

— ווארט נור:

שלאָף דו, קליינער אריער,
דיין פאטער איז א פּארלאמענטאַריער.

מיט א לייכטען טריט איז זי ארויס דורך די אָפענע
פענסטער־טיר אין גאָרטען. דערביי האָט געפלאטערט דאָס
ווייסע טוך פון איהר שלאָפראָק, און די שטראהלען פון דער
מאָרגען־זון האָבּען זיך פערפלאָנטערט אין איהרע בלאָנדע האָר.

מיט א פערגניגטען שמייכעל האָט איהר רודאָלף נאָכגע־
קוקט:

„ליעבּע קליינע פויגעלע.... און פון אזא פויגעלע פער־
לאַנגט מען דאָך ניט דעם געהירן פון אן אָדלער!“

דאן האָט ער זיך אויפגעהויבּען און איז אוועק אין דעם
ערשטען שטאָק פון זיין ארבּייטס־צימער.

דיזער צימער איז אין הויז געוועזען בעקאַנט אונטער דעם
נאָמען „הארלעקינזאל“. ווי די צוויי־פארבּיגע קליידער פון
דעם קאָמעדיאַנט, אזוי איז דאָס צימער געוועזען צוטהיילט אין
צוויי העלפטען, וועלכע האָבּען זיך אין אלץ אונטערשיידעט
איינע פון דער אַנדערער. ביי דער ענד פון יעדער העלפט זיי־
נען געוועזען בּרייטע דאָפּעל־פענסטער, אין וועלכע עס האָט
אריינגעקוקט די גרינקייט פון די בּוימער. אין יעדער העלפט
איז געשטאַנען א גרויסער שרייבּ־טיש, אזוי אַזוי געשטעלט,

אז די ליכט זאָל פאַלען גענען די האַנד. אין ביידע העלפטען פון צימער זיינען געווען ביכער־שראַנקען, אָבער איין העלפט איז געווען אין ווייסען, די אַנדערע אין שווארצען האָלץ. איין העלפט איז געווען פאַר געשעפט, די צווייטע א שטודיר־צימער.

די צוטהיילטקייט פון רודאָלף׳ס לעבען האָט זיך אָבגעשפיגעלט אין דעם צימער. אויף איין זייט: ווירטשאַפטס־ביכער, געשעפטס־בריעף, שטייער־בויגענס, לאַנדווירטשאַפטליכע צייטונגען, פּראָספּעקטען פון מאַשין־פאַבריקען און פון תבואה־געשעפטען; פערזיכערונגס־פּאָליסים, מוסטערס פון האָלץ און שטיין, און א גאַנצע ביבליאָטהעק פון פאַך־ביכער איבער פעלד־און גאָרטען־ארבייט, איבער פרוכט־און פיה־צוכט, איבער מילך־ווירטשאַפט און וואַלד־קולטור. אויף די ווענדע האָבען זיך געזעהען די הערנער פון הירשען און אַנדערע חיות, אויך פאָטאָגראַפישע בילדער פון פערשיעדענע געביידען און פלעצער, וואָס האָבען געהערט צו גראַף דאָצקי׳ס אייגענטהום; אין דער צווייטער העלפט פון צימער איז דער אר־בייטס־טיש געווען בעדעקט מיט מאָנאַט־און וואָכען־שריפטען פון א סאָציאַל־פּאָליטישען אינהאַלט. בריעף פון פערשיעדענע געלעהרטע און שריפטשטעלער, אויף וועלכע ער האָט בעדאַרפט ענטפערען, און מיט וועמען ער איז געשטאַנען אין א שטענדיגער קאָררעספּאָנדענץ. א פּאַק ביכער, נור וואָס צוגעשיקט פון דעם ווינער בוכהענדלער, אום זיי אָנצוקוקען, און אימער די נייסטע ערשיינונגען פון וויסענשאַפט און ליטעראַטור. דאָס מאָל איז עס געווען דער לעצטער ניטשע: „געטערדעממערונג“, „לוקינג בעקווארד“ פון בעללאַמי, „די גרונדלאַגע פון דער עטהיק“ פון הערבערט ספּענסער, „אַלטע און נייע וועלט־אַנשויאונגען“ פון קארוס שטערנע, „ענטוויקלונג צו גליקזעליגקייט“ פון קארנערי. אין די ביכער־שראַנקען זיינען געשטאַנען די ווערק פון מארקס, לאַסאַל, ענגעל, הענרי דזשאָרדזש, אויגוסט קאָנט, ליטרע, ערנסט העקעל, סטיוארט מילל, האָקסלי, באָקל, שטרויס, ווירכאָוו, בערטהעלאָט, אַלפרעד פוילע, גיואַ און אַנ־

דערע. אין אן אָפענעם ביכער־רעגאַל זיינען געווען ווערטער־ביכער, לעקסיקאָנס. אין אן אנדערע זיינען געשטאַנען די ווערק פון זיינע ליעבלינגס־דיכטער: געטהע, בייראָן, וויקטאָר הוגאָ, קיטץ, שעללי, פלאַטען, מוססע, לאָנגפעללאָו און אויך פון די סאַמע איננגסטע פון דאן: ליליענקראָן, הענקעל, האַרט. דאן זיינען געווען דאָרט פראָזא־ווערק ווי טאָלסטאָי׳ס „קריעג און פריעדען“, זאָלאַ׳ס „זשערמינאַל“. אויף די ווענד זיינען געווען שטערן־קאַרטען און די פאָטאָגראַפיען פון די בעריהמטע בילדער פון די קינסטלער: גאַבריעל מאַקס, בעקלין, קלינגער, פיגעל־היים, ווערעשטשאַגין. אויך זיינען געווען איניגע פאָרטרעטען: דאַרווין, איבסען, ריכאַרד וואַגנער.

רודאָלף איז אריין אין זיין צימער, האָבענדיג בדעה אָנצו־שרייבען א פראָגראַם פאַר זיין קאַנדידאַטור, אלס אָבגעאָרדענ־טער. אזוי ווי ער האָט זיך ניט געוואָלט אָנשליסען אָן קיינע פון די עקזיסטירענדע פאַרטייען, האָט ער געמוזט אויפגעבען איינפאַך צוצושטעהן צו איינער פון די גרופּפען פון די גרויסע גרונד־בעזיצער. ער האָט געהאַט בדעה צו לאָזען זיך וועהלען אין וויען אויף דעם גרונד פון זיינע אייגענע פּאָליטישע אידע־אַלען. אָט דאָס האָט ער געוואָלט אויפשרייבען, צוערשט פאַר זיך זעלבסט, ניט צום דרוקען און צום פערשפּרייטען. ער מוז פריהער מיט זיך אליין זיין זיכער און איניג, אין וואָס פאַר א פאָרם אָנצוקליידען די ציעלען, וואָס שוועבען פאַר זיין גייסט. דאָס מוז זיין א גוטע און אן ערנסטע שטיק ארבייט.

איידער ער האָט זיך געזעצט צום שרייב־טיש, איז ער צו־געגאַנגען צום פענסטער. פון דאָרט האָט ער געזעהען א זעהר שעהן בילד.

אין דעם שאָטען פון דעם אַלטען לינדענבוים, אויפגע־פאַסט פון א מיידעל אין א רוסישען בויערען־קאָסטיום איז גע־שטאַנען די וויגעלע פון זיין זוהן, צו וועלכער עס איז איצט צו־געקומען זיין בעאַטריסע פון א דערבייאיגער אלעע, אין איהר ווייסען פלאַטערענדען קלייד, און האָט זיך איבערגעבויגט איבער

די ווינעלע. רודאָלף איז געבליבען שטעהן ביין פענסטער און זיך צוגעקוקט צו דער פאמיליען־סצענע. אם ליעבסטען וואָלט ער זיך אָנגעשלאָסען אָן זיי, און דאן וואָלט דאָס בילד געווען פאָלשטענדיג. אָבער ער איז דאָך געקומען אהער צו ארבייטען.

לאנגזאם האָט ער פערלאָזען דאָס פענסטער, און זיין בליק איז געפאלען אויף דעם טיש, וואָס איז געשטאַנען אין דער צווייטער העלפט פון צימער. דאָרט, אויף דעם טיש פון דעם לאַנד־אייגענטהימער, האָט ער דערזעהען א נייעם פאקעט, וואָס איז איהם געווען אונבעקאַנט, און וואָס איז נור וואָס געבראַכט געוואָרען פון דער פאָסט. און ער האָט געמוזט זעהען, וואָס דאָס איז, אפשר איז דאָס זעהר וויכטיגעס.

ער איז צוגעגאַנגען, פאַרנאַנדערגעעפענט דעם פאקעט און ער האָט געפונען דאָס, וואָס ער האָט מיט א צייט צוריק בע־שטעלט: איינינע קליינע מוסטערס פון דרעש־און זעע־מאַשי־נען. שוין האָט ער געוואָלט קלינגען און לאָזען רופען דעם פער־וואַלטער. האָט ער אָבער גלייך זיך דערמאָנט, דאָס איצט האָט ער עטוואָס אַנדערעס צו טהאָן. ניט קיין קלענערע זאַך, ווי צו פערפאַסען א פראָגראַם, וואָס זאָל בילדען מיט זיך דעם אויס־גאַנגס־פונקט פון זיין עפפענטליכער טהעטיגקייט.

פערטיעפט אין געדאנקען איז ער צוריקגעגאַנגען צום שרייב־טיש פון זיין „סטודיאָ“, און צום ערשטען מאָל איז איהם געקומען דער געדאנק אין קאָפּ: „מען קען ניט דיענען קיין צוויי באַליבאַטים“, און דאָ זיינען גאָר דריי: די פאַמיליע, די לאַנד־ווירטשאַפט און דערצו נאָך זיין א לעהרער און א בויער פון א נייעם לעבען. צו דעם אַלעם קומט נאָך צו דאָס, וואָס הענגט צוזאמען מיט זיין לעבענס־שטעלונג: דער אומגאַנג מיט די, וואָס זיינען פון דעמזעלבען שטאַנד, ווי ער, פון דעם וואַק־סען שוין ארויס געוויסע געזעלשאַפטס־פליכטען: די שכנים מיט זייערע וויזיטען, זייערע פערגניגענס; דאן די יאַגדען אויף דעם אייגענעם גוט, און דערביי ווערט ברונהאָף איבערפילט מיט געסט, און די טעג און די אָבענדען זיינען פערנומען מיט

ספאָרט, מיט שפּיעלען אין ביליארד, אין קאָרטען. דאָס איז א געזעלשאַפטס־קרייז, וועמעס אינטערעסען און בעגריפען זיינען דורך א גאנצען אָבגרונד אָבגעשיידט פון די אינטערעסען און בעגריעפע, וואָס פילען אויס זיין לעבענס־אויפגאַבע."

דאָך האָט רודאָלף פּרובירט צו פערטרייבען פון זיך דער־וייל דעם געדאנק, אז מען קען ניט דיענען צוויי העררען: עס איז דאָ א גאנצער צירקעל פון פליכטען און, פארפאלען, מען דארף זעהען זיי אלע ערפילען... אלעס אין זיין צייט.... און דאָס לעבען דארף מען אויך געניסען. איך וועל זיך דאָך ניט ענט־זאגען פון אלע די פערגניגענס, וואָס איך קען קריגען פון מיין פאמיליע און פון מיינע געזעלשאַפטליכע קרייזען.... און מען טאָר ניט פערנאכלעסיגען די פליכטען, וואָס מען איז שולדיג צו די אַנדערע קרייזען פון בעקאנטע און פריינד, ווען מען וויל האָבען א ווירקונג אין עפענטליכען לעבען. מען דארף נור זיך אָבגעבען אין גאנצען צו א געוויסער זאך אין די שטונדען, ווען מען טהוט עס. צו דער ארבייט, אלזאָ!

ער האָט אוועקגעלייגט פאר זיך א ווייס בלאַט פאפיר און האָט גענומען די בלייפעדער אין האנד. אָנשפארענדיג דעם שטערען אויף די לינקע האנד, האָט ער מיט דער רעכטער מע־כאניש געמאכט אייניגע שטריכען אויף דעם אויבערשטען ברעג פון דעם ליידיגען פאפיר. זיינע געדאנקען האָבען גע־צוויגען ווייטע צירקלען. דעם גאנצען אינהאַלט פון זיינע אנ־זיכטען, שליסע און פערלאנגען האָבען זיי ארומגעכאפּט. דעם אונטערגרונד האָט געבילדעט זיין בעוואוסטזיין, דאָס ער האָט צו פערקינדען פאר דער וועלט אייניגע גאנץ נייע און גרויסע אמת'ען אין פּאָליטישען לעבען און סאָציאלע איינריכטונגען. נור מען מוז זיי דייטליך און קלאָר אויסדריקען. כדי טהעאָרע־טישע וואהרהייטען זאָלען זיך פערוואנדלען אין פּאָליטישע אינ־סטיטוציאָנען און סאָציאלע זיטען, מוזען זיי פריהער אריינ־דרינגען אין די קעפּ פון די פיהרער און פון די מאַסען. אמת, דער איינצעלנער אָבגעאָרדנעטער האָט ניט די מאַכט פאר די

פערווירקליכונג פון נייע אידעען. דער פארלאמענט איז ניט קיין ווערקשטאט, אבער ער איז א טריבונע. צו דער דרשה אין דער קירכע הערט זיך צו נור א קליינע געמיינדע; די רעדע אבער אין פארלאמענט, איבערגעדרוקט אין אלע צייטונגען, דרינגט אריין אין דאס גאנצע לאנד; און נאך איבער די גרע־נעצען.

און ער האט אנגעהויבען צו שרייבען. איינצעלנע הויפט־ווערטער, אבגעטהיילט דורך פונקטען: גערעכטיגקייט, געמיינ־וואהל, פריעדען, און נאך אזא גאנצע רייהע פון ווערטער, וועל־כע, ווען ער האט זיי אויפגעשריבען, האבען אנגעפילט זיין נשמה מיט א גאנצער קייט פון בעגריפען און בילדער, פול גרויס־קייט, אבער, ווען ער האט זיי איבערגעלעזען, איז איהם געקו־מען דער געדאנק, דאס די אלע ווערטער זיינען דאך שוין אבגע־ריבענע מטבעות, נייך, נאך ערגער, פאלשע שפיעלמארקען. ווא־רים זייט יאהרען און יאהרען, ביי יעדער פראגראם־רעדע, אין יעדען וואהל־אויפרוף ווערען געברויכט אזעלכע און עהנליכע ווערטער, טו ווי קען דורך זיי אויסגעדריקט ווערען דאס ערהא־בענע, דאס נייע, וואס שוועבט פאר פאר זיין גייסט? גאלד, עכטעס גאלד איז עס געווען, וואס ער האט געוואלט ברענגען צו זיינע מיטמענשען. ווען ער וועט צו זיי קומען מיט דיזעלבע מעשענע מארקען, ווי די אנדערע, טו ווי אזוי וועלען זיי איהם קענען טרויען? ווי אזוי וועלען זיי דערקענען דעם ווירקליכען אוצר, וואס ער האט פאר זיי? אמת, גערעכטיגקייט, געמיינ־וואהל, פריעדען, בעסערעס קען קיין פאלקס־פערטרעטער ניט צוזאגען, דאס טרויעריגע אבער איז, אז דאס ווערט צוגעזאגט פון אלע, וועלכע טהוען פונקט דאס פערקעהרטע, וועלכע, אנ־שטאט גערעכטיגקייט העלפען זיי דער געוואלט, אנשטאט צו זעהען, אז עס זאל הערשען פריעדען צווישען מענשען, העצען זיי גאר איינע געגען די אנדערע, און שטעלען דאס וואוילזיין פון זייער פארטיי העכער, ווי אלעס אנדערע, פאר די מעהרסטע מיינט פאליטיק קיין אנדער זאך, ווי דער קאמפף פון קלאסען־

אינטערעסען, אָדער אויך א מיטעל פאר די בעפרידיגונג פון פערזענליכען עהרגייץ, אָדער צו קריגען א גוט־בעצאָהלטע שטע־לע. און דאָס אלעס געהט אונטער די ווערטער: „גערעכטיגקייט און דאָס וואָהלזיין פון אלע".

רודאָלף האָט געברויכט צו האָבען אן אנדער וואָרט. וואָס מען דארף, איז ניט דאָס אויסרעכענען פון אלע מאָראל־לעהרען, פון אלע שעהנע ווערטער, מיט וועלכע עס שוויבעלט און גריבעלט אין אלערליי פעסט־רעדען. וואָס מען דארף איז — ער האָט דאָס ריכטיגע וואָרט: „פ ע ר ז ו י ר ק ל י כ ו נ ג."

ער האָט טיעף אויפגעאָטהעמט. ווי א כוואליע פון ענער־גיע און פון א וואונש צו טהעטיגקייט האָט זיך עס א גאָס געטהאָן פון זיין ברוסט. ער איז אויפגעשפרונגען און איז גע־גאַנגען איבער'ן צימער הין און צוריק. איצט האָט זיין געדאנ־קען־גאַנג אָנגענומען אַנאַנדער ריכטונג. טהאָן, טהאָן! וואָס קען אָבער אַן איינצעלנער אָבגעאָרדנעטער טהאָן אין זיין ענגען קרייז פון מאכט? ער קען פאָרדערען. די פערשפּרעכונגען און פראזען, מיט וועלכע אלע רעדען זיינען אזוי פול, די קען ער האַלטען פעסט, בעשטעהן אויף זייער פערווירקליכונג.

ביין וואָרט זיי נעהמען. יא, דאָס איז עס. די גאַנצע פוסטע קלינגעריי פון די גרויסע ווערטער, ווי מוז דאָס ווערען צו א ברויזענדער הארמאָניע, אז מען זאָל נור ארויסנעהמען פון זיי זייער טיפען זין און לאָזען זיי ווערען א טהאַט. אַן אויפבלי־צען פאר א סעקונדע איז דורכגעלאָפען דורך רודאָלף'ס מוח. ווי א לאַנדשאַפט, ווערענדיג בעלויכטען פון א בליץ, אזוי דייט־ליך, אָבער פונקט אזוי פּאָראיבערפליהענדיג, איז פאר איהם ער־שינען א גאַנצע רייהע פון לעבעדיג־געוואָרענע ווערטער: וואָהלשטאַנד, פרייהייט, פרידען, רעכט. די אלע פיער פער־שמאָלצען צוזאמען בילדען דעם הערליכען בעגריעף „גליק".

באַלד אָבער איז ווידער אלעס פינסטער געוואָרען. אָבער ער האָט געפיהלט, אַז ער וועט שפּעטער זיך קענען ווידער פאר־שאַפען דאָס נויטיגע ליכט. נור זיך צוזאמעננעהמען, א קורצע

אנשטרענגונג, און דער גרויסער אוצר פון אידעען וועט באלד ווידער קומען, אום צו לאָזען זיך אויפנעהמען — א פערעל נאָך א פערעל, א דימענט נאָך א דימענט — אלזאָ, צו דער ארבייט, גלייך!

— הערר גראף, א טעלעגראמע.

רודאָלף איז געוואָרען גוט בייז. אָבער, נאַטירליך, מיט א טעלעגראמע האָט דער דינער געמוזט קומען זאָגאר אין דעם קדשי קדשים פון זיין סטודיאָ. עס האָט דאָך געקאָנט זיין עט־וואָס, וואָס טאָר ניט אָבגעלייגט ווערען.

דאָס מאָל איז עס געווען די ידיעה, דאָס דעם פאָלגענדען טאָג מעג זיך ברונהאָף ריכטען אויף געסט, כאָטש אונגעבעטענע. די מאַנעוורען פון דעם יאָהר האָבען שטאַטגעפונען ניט ווייט פון שלאָס און דער קוואַרטירמייסטער האָט טעלעגראפירט, אז ער קומט אין איניגע שטונדען ארום, און דאָס נאָך איהם קומט איין גענעראל, איין פאָלקאָווניק און מעהרערע אָפיצערען.

נאַטירליך, האָט מען זיך גלייך געמוזט נעהמען זיך פאָר־בערייטען פאר זייער אויפנאַהמע. עס מוזען, אלזאָ, ארויסגעגע־בען ווערען פערשיעדענע בעפעהלע, און דאָס שרייבען פון דעם פראָגראם מוז דערווייל אויפגעגעבען ווערען. און דאָס האָט אין גאַנצען איבערגעפיהרט רודאָלף׳ס שטימונג. דער ענד־צוועק זיינער איז צו שאפען אזעלכע צושטענדע, אין וועלכע די פעלקער זאָלען בעפרייט ווערען פון אלערליי מיליטער־לאסטען און קריעגס־געפאהרען, און דער צוועק, וואָס ער מוז גלייך אויפ־נעהמען, איז פאָרצובערייטען א רייכע, א הערצליכע, א לוסטי־גע אויפנאַהמע פאר די מיליטער־מענשען, וועלכע קומען ערשט פון א קריעגס־פראָבע.... ניין, מען קען ניט דיענען צוויי הערען...

## זיעבעטער קאפּיטעל.

הוגאָ ברעסער׳ס ליידענשאַפט איז אויפגעבלאָזען געוואָרען דורך דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָך דעם שטורם, ביז צום העכסטען ברען. צוערשט יענער גליקזעליגער אויגענבליק, ווען ער האָט איהר געהאַלטען אין זיינע אָרעמס, דאַן די בעגייסטערונג, אין וועלכע ער האָט זיך אריינגעבראַכט דורך זיינע אייגענע ווערטער, זיצענדיג ביין מאָהלצייט, און דערביי האָט ער געזעהען, ווי די אויגען פון דער געליעבטער האָבען ניט געזעהען קיין אַנדערען אויסער איהם; דאַן איהר מינע, ווען זי האָט איהם געענטפערט אויף זיין טאָסט, צוטרינקענדיג צו איהם, און צולעצט איהר אַנטלויפען פון צימער. דאָס אַלעס האָט איהם אויסגעזעהען, אַזוי ווי צווישען זיי ביידע וואָלט נעווען אַן איינפערשטענדניס. הייס און שטאַרק האָט ער געפיהלט, דאָס עטוואָס נייעס איז אריינגעטרעטען אין איהר און זיין לעבען. זיי האָבען זיך געליעבט. זיי מוזען געהערען איינער צום אַנדערען, ניט קוקענדיג אויף אַלע שטערונגען... די פערלאָבונג איהרע מיט דעלניצקי מוז צוריקגערופען ווערען.

ברעסער האָט שוין דעם פאָלגענדען פריהמאָרגען געמוזט פערלאָזען דעם שלאָס ברונהאָף, וויל ער האָט בעדאַרפט אין וויען ארום מיטאָג־צייט זיין ביי אַ קאָנפערענץ פון יענע מענשען, וועלכע האָבען געהאַט בדעה צו גרינדען אַ נייע צייטונג, אין וועלכער ער האָט עס געזאָלט זיין דער פעליעטאָן־רעדאַקטאָר.

נאַטירליך, האָט ער ניט געקאָנט געהן און זיך זעגענען מיט קיינע פון די דאַמען פאַר זיין אוועקפאָהר. אָבער פאַר סילוויא האָט ער איבערגעלאָזען אַ שטומע שליחות אין דער פאָרם פון אַ בוקעט, וואָס ער האָט אַליין אָבגעריסען אין סאָד

און געבונדען און דאָס איבערגעבען סילוויאַ׳ס קאמער־מיי־
דעל, זי זאָל עס ארויפלייגען אויף דעם טואלעטען־טיש פון
איהר באַליבאָסטע. דער בוקעט איז ניט געווען זעהר גע־
שמאקפול צוזאמענגעשטעלט: א ראָזע, א פּאָר פוקסיען, דריי
מאַנבלומען און ארום א דאַלדערינג פון „ברענענדער ליעבע“.
זי וועט שוין פערשטעהן, וואָס ער וויל דערמיט זאָגען, האָט
ברעסער זיך געטראכט.

ער איז אריין אין א ליידיגען וואגאָן. זיינע געדאנקען
זיינען געפלויגען פון די נעכטיגע פּאסירונגען צו דעם קאָנפע־
רענץ, וואָס דארף היינט פּאָרקומען, און באַלד צוריק צו סיל־
וויא׳ס בילד. איצט האָט איהם דאָפּעלט אינטערעסירט די גרינ־
דונג פון דער צייטונג, ווייל געראדע איצט איז עס געווען, ווי
געוואונשען פאר איהם, ער זאָל פערנעהמען א פעסטע שטעלע
אין דער זשורנאַליסטישער וועלט, ווי אויך אין זיין קאריערע,
אלס שריפטשטעלער. ליעבע פייערט אויף די עהרגייציגקייט.
איצט האָט ער געוואָלט דערגרייכען עטוואָס גרויסעס מיט זיין
פעדער. גרויסעס, אלס דיכטער, און אפשר נאָך גרעסערעס,
אלס פּובליציסט. ער האָט געטרוימט פון אריינפיהרען א נייעס,
א העכערען טאָן אין די טאָג־פּרעסע, ווירקען פאר די ציעלען
פון סאָציאלער ענטוויקלונג, צו געבען די שטיצע פון דער
עפענטליכקייט צו די אידעאלע שטרעבונגען פון רודאָלף, איהר
ברודער, העלפען איהם מיט דעם, וואָס ער וועט רודאָלף׳ס גע־
דאנקען, ארויסגערעדט אין פּארלאמענט, ענטוויקלען אין זיין
צייטונג. ווייל צו דעם, וואָס ער זאָל זיין דער איינציגער פיה־
רער פון דעם פּעליעטאָן, זאָל ער אויך האָבען א פּלאַץ אין דער
פּאָליטישער אבטהיילונג. דאָס איז געווען א קאמפף־פעלד,
אויף וועלכען ער וועט קענען פיעל זיעגע פאר זיך ערקעמפּפען.
און ער האָט געוואָלט ארויסקומען, אלס זיעגער. ער האָט גע־
וואָלט, אז זי זאָל קענען מיט איהם שטאָלצירען. און ווער
ווייס, אפשר וועט ער נאָך קענען עראָבערען פאר זיך די ביהנע.
זיין קאָפּ איז אזוי פול מיט אלערליי דראמאטישע סוזשעטען,
און דאן וועט ער צוזאמען מיט זיין בעריהמטקייט אויך פיעל

געלד פערדיענען. א שווערד, א קרוין און א צויבער־שטאָק זאָל פאר איהם זיין פּען ווערען...

אויף א צווישען־סטאַנציע איז אין דעם וואַגאָן אריין אן אַלטער מאַן — צופעליג א בעקאַנטער דאָקטאָר, זיין פּאַטער'ס א קאָללעגע.

הוגאָ'ן וואָלט געווען פיעל ליעבער אַליין צו בלייבען. ער האָט געפיהלט זיך געשטערט פּונקט ווי אימיצער, ווען מען שטערט אין מיטען צעהלען זיין אוצר.

— אך, גוטען טאָג, ברעסער — דאָס איז ווירקליך אן אנ־גענעהמע בעגעגעניש. איהר זעהט אויס פרעכטיג און אזוי שטראהלענדיג.

די ווערטער פון דאָקטאָר זיינען געווען ווירקליך זעהר צו־טרעפענד. פון די אויגען פון דעם יונגען מאַן האָט ארויסגע־בליצט אזא פייער, אזא זיעגהאפטער אויסדרוק האָט בעלויכטען זיין פּנים, דאָס ניט בעמערקען עס איז געווען אונמעגליך.

— איהר זעהט אויס, ווי איהר וואָלט איצט געקומען פון א קאַלט־וואסער־וואנע, אָדער אזוי ווי איהר וואָלט געפּאָהרען נאָך וויען, אום אָבצונעהמען דעם הויפּט־געווינס — האָט דער דאָק־טאָר געזאָגט גוטמוטהיג.

נאַטירליך האָט שוין הוגאָ איצט געמוזט זיך זעגענען מיט זיינע טרוימען און געדאנקען און האָט זיך געמוזט פאר די גאַנצע איבעריגע רייזע ביז וויען ארייגלאָזען מיט דעם דאָקטאָר אין א וואָכעדיגען שמועס.

אָנקומענדיג אין וויען, איז ער אריין אין א קאַפּע, וואו ער האָט געגעסען אָנבייסען און געלעזען די צייטונגען. ער האָט איצט ניט געלייענט די צייטונגען צוליעב די נייעס, נור ער האָט בעטראכט, אין וועלכער אָרדנונג זיי זיינען אויסגעשטעלט, האָט קריטיקירט דעם „סטיל" און די טענדענץ פון די קאָמענטארען צו די נייעס און האָט אין גייסט עס פערגליכען מיט דעם אי־דעאַל־בלאַט, וואָס דארף עס היינט געגרינדעט ווערען.

און ווען ער האָט ארויסגעקוקט פון דעם ברייטען פענס־

טער, ביי וועלכען ער איז געזעסען, אויף די גאס, וואו מאנכע גאנץ שעהנע פרויען זיינען פערבייגעלאָפען — פערקוי־פערינגס, וועלכע האָבען זיך געאיילט אין זייערע מאגאזינען — האָט ער אויך זיי ניט בעטראכט צוליעב זיי אליין, נור ער האָט זיי פערגליכען מיט דער אידעאלער מיידעל, וועלכע, כאָטש ער האָט שוין פון לאנג געליעבט, איז אָבער פון נעכטען אָן גע־וואָרען פאר איהם די איינציגע פרוי אויף דעם גאנצען ערד־קוגעל.

ווען ער איז אריין אין דעם מיטינג־פלאץ — אין דעם אָפיס פון א גרויסער באנקהויז, זיינען שוין איינינגע הערען גע־קומען פאר איהם. אין א צעהן מינוטען שפעטער זיינען שוין אלע געווען אויפ'ן פלאץ: דער אייגענטהימער פון דעם באנק־געשעפט, און לעבען איהם דריי אנדערע פינאנץ־בעריהמטהיי־טען; צוויי אדוואָקאטען, מעהרערע רייכסטאגס־אָבגעאָרדנע־טע, צווישען זיי איז געווען א מיניסטער, אָן אמאָליגער ציי־טונג־ארויסגעבער און עטליכע יונגע שריפטשטעלער. צווישען די לעצטע האָט ברעסער געגאָלטען, אלס איינער פון די הויפט־טהוער פון דער נייער אונטערנעהמונג. ער האָט עס געגע־בען דעם ערשטען געדאנק וועגען דעם, און ער האָט אליין פער־פאסט די ערשטע פראָספעקטען, וועלכע מען האָט צושיקט צו פערשיעדענע מענשען, כדי זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן דעם גרינדונגס־קאָמיטעט.

איינינגע פרינציפען און פראָגראם־פונקטען, וועלכע זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען פון ברעסער אין זיין פראָספעקט, האָט מען אין פערלויף פון די פריהעריגע זיצונגען שוין אויפגעגע־בען, און עטוואָס נייעס האָט זיך אריינגערוקט. היינט האָט מען עס בעדארפט אָננעהמען דעם לעצטען בעשלוס און אויך קלאָר ווערען איבער די פינאנץ־זייט פון דער צייטונג. פון פערשיע־דענע זייטען האָט מען זיך פערפליכטעט אריינצוטראָגען גע־וויסע סומען, אָבער די קאפיטאליסטען, וואָס זיינען געקומען צום היינטיגען מיטינג, די האָבען עס בעדארפט זיין די הויפט־

געלד־געבער, און פון זיי איז אָבגעהאנגען דער שיקזאַל פון דער ציימונג, ווייל די סומען, וואָס אנדערע האָבען זיך פערשריבען צו געבען, וואָלט ניט געווען גענוג פאר א צעהנטחלק צו מאַכען די צייטונג אזוי, אז זי זאָל קענען לעבען און געדייהען. איין יאָהר, אָדער, נאָך בעסער, גאנצע צוויי, מוז מען ארביי־טען און ניט רעכענען אויף קיין פּראָפיט. נאָך מעהר, מען דארף זיין זאָגאר פּאָרבערייטעט צוצולייגען געלד און פיעל געלד אין דער ערשטער צייט. די צייטונג מוז פאר א לענגערע צייט אין גרויסע מאסען אוועקגעגעבען ווערען אומזיסט, זי מוז זיין אין אלע קאפעס, כדי דער עולם זאָל זיך צוגעוועהנען צו איהר אויסזעהען. עס מוז גענומען ווערען צייט אויף צו פארזעען, און דאן מעג מען רעכענען צו קענען שפּעטער שניידען. מען דארף זיך פערזיכערען מיט די נעמען פון די גרעסטע שריפט־שטעלער פאר די ליטערארישע ארטיקלען, און דאָס קען נור אויסגעפיהרט ווערען דורך דאָס אָנבאָטען פון א העכערער בע־צאָהלונג, ווי אין די אנדערע צייטונגען. אויך אין דעם פּאָלי־טישען טהייל זאָלען ערשיינען אונטערצייכענטע ארטיקלען פון די פּראָמינענטסטע פּובליציסטען פון לאנד און אויך פון אויסלאנד. די נייעס־אָבטיילונג זאָל בעזאָרגט ווערען דורך אָריגינאַל־טעלעגראמען און אָריגינאַל־קאָררעספּאָנדענצען פון די מייסטע הויפּט־שטעדט, און דאָס אלעס האָט געפאָדערט גרויסע סומען געלד. ווען מען איז שוין אָבער געוואָרען די אינ־האלטרייכסטע, די בעסט־אינפאָרמירטע, די ליטעראריש־שעהנסטע און אונאבהענגיגסטע — קורץ, די צייטונג, וואָס זאָל זיין אן דער שפּיצע פון אלע אנדערע, דאן איז ניט נור, וואָס מען האָט אויסגעפיהרט א גרויסען קולטור־אויפטהו, מיט דעם, וואָס מען האָט אויפגעהויבען דעם טאָן פון דער גאנצער פּרע־סע, מיט דעם, וואָס מען האָט געהאַט א פּראַיידעלענדען איינ־פלוס אויף דעם גייסט פון דער בעפעלקערונג און אויך, אפשר, אויף דעם גאנג פון די אינערליכע און אויסערליכע פּאָליטישע פּאסירונגען — נור אויך אין פינאנציעלער הינזיכט מוז דער ער־

פאָלג זיין א זעהר גרויסער, און מען מעג פון אזא צייטונג ער־ווארטען א הויכען פראָפיט. ווען נור עס זאָלען זיין דרייסיג טויזענד אבאנענטען, דאן ברענגט שוין דער אריינגעלייגטער קאפיטאל פראָצענט, און זאָל מען עס נור צוויי יאָהר אויסהאל־טען, מוז די צאָהל פון די אבאנענטען און קויפער זיך שטארק, שטארק פערמעהרען.

דאָס זיינען געווען די אידעען, אויף וועלכע עס האָט זיך אויפגעבויט דער גרויסער צייטונגס־פּלאַן.

און איצט זאָל זיך אָנפאנגען די ענדליכע זיצונג, וועלכע זאָל קומען צו אן ענדליכען און פעסטען בעשלוס. ברעסער האָט זיך געפיהלט אין א געהויבענער שטימונג. דאָ עפענט זיך פאר איהם א ברייטע ווירקונגס־פעלד. די רויטע בלומען, וועלכע סילוויא האָט שוין איצט מסתמא געפונען אויף איהר טישעל, זיינען אין זיין בעוואוסטזיין געווען דאָ צוזאמען מיט איהם. און ווען אפילו זי זאָל ווערען גרעפין דעלניצקי, קען דאָך אָבער איהר הארץ אין איניגע יאָהר שפּעטער זיך צו־ווענדען צו דעם ערפאָלגרייכען דיכטער.

אָבער איצט איז ניט געווען די צייט צו דענקען וועגען ליעבע. דער אויגענבליק האָט געהערט צו פּראקטישער אר־בייט, צו זיין לעבענס־קאריערע. עס איז געווען אן ענטשיי־דענדער פונקט אין זיין לעבען: ערפאָלג אָדער מיסערפאָלג.

אלס פאָרזיצענדער איז אויסערוועהלט געוואָרען דער באנ־קיר. ער האָט געעפענט די זיצונג, שטעלענדיג צו דיסקוסיאָן די בעשאפונג פון א פאָנד, מיטטהיילענדיג דערביי, דאָס צוויי קאפּיטאליסטען, וועלכע האָבען איהם שוין צוגעזאָגט זיך צו בעטהייליגען אין דער אונטערנעהמונג, האָבען איהם היינט אין דער פריה געלאָזט וויסען דורך בריעף, אז זיי ציהען זיך צו־ריק. „וואָס מיך בעטרעפט" — האָט ער צוגעלייגט — „בלייב איך, נאטירליך, ביי מיין געגעבענעם וואָרט. איך וויל אין דעם געשעפט אריינלעגען הונדערט טויזענד גולדען. נור דערביי מוז איך שטעלען נאָך איין בעדינגונג, וועלכע איך וועל ערקלערען

ביי אנאנדער פונקט פון דעם פראגראם. דערווייל ניב איך דאס ווארט באראן גלאסשילד.

דער אנגערופענער, א מאן פון א יאהר פופציג, מיט גאנץ אויסדריקליכע אריענטאלישע געזיכטס־ציעגע, האט אנגעטהאן זיין פענסנע און האט געזאגט:

— וואס איך האב צו בעמערקען, בעציהט זיך אויף דעם פראגראם, און איך וויל עס ליעבער גלייך פארברענגען, ווייל ער איז פאר מיר זעהר וויכטיג. און דאס איז אט וואס: אין דעם פראספעקט, וואס איך האב ערשט היינט גוט איבערגע־לייענט, געפין איך עטוואס, וואס מוז דורכאוים ארויסגעווארפען ווערען — ער האט גענומען איינעם פון די פראספעקטען אויפ'ן טיש — דא שטעהט עס: „די בעקעמפפונג פון דעם אנ־טיסעמיטיזם:"

די אנדערע האבען זיך איבערגעקוקט שטארק פערוואונ־דערט. דער באראן, אליין א איד, קען דאך ניט זיין געגען דעם פונקט! ער האט וויטער גערעדט:

— ווייסט איהר, מיינע הערען, מען בעקעמפפט דאך נור דאס, וואס מען נעהמט ערנסט, עטוואס, וואס קען זיין געפעהר־ליך, אבער אנטיסעמיטיזם (דער ווארט אליין איז מיר אזוי פערהאסט), דאס איז דאך עטוואס, וואס האלטביין אבשטאר־בען, א זאך, וואס איז צו אונז געקומען פון דייטשלאנד, אן ער־פינדונג פון פאסטאר שטעקער, וועלכע קען דא אבער קיינע ווארצלען ניט פאסען. דערצו איז דער וויענער צו געמיטהליך און צו טריי, איהם פאסען ניט אזעלכע פינסטערע פערפאל־גונגס־לעהרען, אויך איז ער צו פאססיוו און צו בעקוועם. גלויבט מיר, איך קען אונזער בעפעלקערונג. פון די העכערע קלאסען רעד איך ניט — איך קען זיך דאך מיט דער העכסטער אריסטאקראטיע, נור אויך די קליינע בירגער, די קריכט ניט אין קאפ אזא אונזין. עס זיינען דא נור א פאר העצער, וועלכע מען מאכט אם בעסטען אונשעדליך דורך שטילשוויינען... קורץ, איך ערקלער, ווען דיזע צייטונג זאל זיך איבערהויפט פערנעהמען

מיט דיזער פּ.־אגע, זי זאָל נור דערמאָנען די דאָזיגע דומהייט, דאן ציה איך מיין מיטווירקונג צוריק. דער אנטיסעמיטיזם איז אַן אונזין, און זאָל אויך אלס אזעלכער בעהאנדעלט ווערען, ד. ה., אז אין אן ערנסטער אויסגאבע טאָר ער איבערהויפּט קיין פּלאַץ ניט האָבען.

דאן האָט ברעסער געבעטען דאָס וואָרט.

— אזוי ווי איך בין דער, וואָס האָט דעם פּונקט אריינגע־שטעלט אין דעם פּראָגראם, מוז איך ערקלערען די גרינדע, וועלכע האָבען מיך בעוועגט דאָס צו טהאָן.

— איהר מעגט זאָגען, וואָס איהר ווילט, איך וועל פון מיין ענטשלוס ניט צוריקטרעטען — האָט דער באראָן געזאָגט.

— אין א צייטונג, וואָס געהט ארויס עפּענטליך מיט אָבהאנד־לונגען איבער אזא נארישע פראגע, זויל איך ניט האָבען דעם מינדעסטען אנטהייל.

דער פּאָרזיצענדער האָט זיך אריינגעמישט:

— דער איצטיגער שטרייט קען לייכט גוט געמאכט ווע־רען. איך בין איינפערשטאנען, אז דער וואָרט אנטיסעמיטיזם זאָל אויסגעמעקט ווערען אין אונזער פּראָספּעקט, און אָנשטאָט דעם זאָל עס הייסען: „די בעקעמפפונג פון אלע ריקשריטלי־כע אידעען“. געגען דאָס וועט איהר דאָך גאָרניט האָבען וואָס איינצואווענדען, הערר באראָן?

— ניין.

— נו, און מיט דעם דארפט איהר אויך זיין צופריעדען, הערר ברעסער, ווייל אונטער דעם אלגעמיינעם נאָמען מוז דאָך אויך פאלען די מיטעלאלטערליכע בעוועגונג, וועלכע איהר ווילט בעקעמפפען, ווען זי זאָל זיך פערשטארקען, און וועלכע, נאטירליך, מוז בעהאנדעלט ווערען אין א טאָג־צייטונג.

— איך בין צופריעדען — האָט ברעסער איינגעשטימט.

— איך אָבער ניט — האָט באראָן גלאסשילד ווידער גענו־מען דאָס וואָרט. — וואָס מעהר געוויש די אנדערע מאכען ווע־גען דעם, דאָס גרינדליכער מוזען מיר דאָס טוידט־שווייגען. אי־

בעריגס, אין א פאר מאנאטען וועט קיינער זא־ווי־זא וועגען דעם ניט רעדען.

דאן האט איינער פון די רייכס ־ ראטהען גענומען דאס ווארט :

— אז מיר רעדען שוין יא פון דעם פראגראם פון אונזער געפלאנעוועטער צייטונג, קען איך ניט פערשווייגען מיין פערוואונדערונג איבער דאס אויספעהלען פון א שטרענגער פארטיי־אנזיכט. און דאס איז מיר זעהר אונאנגענעהם. מיר האבען זיך געאייניגט אויף דעם פונקט, דאס מיר ענטזאגען זיך פון אן אונטערשטיצונג פון דער רעגיערונג. גוט. מיר וועלען אויך ניט אננעהמען קיינע בעפעהלע פון אויבען, ווי מיר זאלען זיך פערהאלטען צו דער אדער יענער פאליטישער פאסירונג. אויך גוט. דערפאר אבער מוזען מיר אליין האבען א בעשטימטע ריכטונג ; אויב ניט, וועלען מיר זיך אונבעמערקט ארייננגליטשען אין איינעם פון די צוויי לאגערען, אדער אין דעם רעאקציאנערען אדער אין דעם רעוואלוציאנערען. די הויפטזאך איז דאך צו העלפען אין זיין וואוקס דעם ליבעראלען פרינציפ, ניט אמת ? אלזא איז עס איינפאך נויטווענדיג, דאס מיר זאלען פערטהיידיגען און פערטרעטען אין אונזערע לייט־ארטיקלען די פרינציפען און טאקטיק פון דער ליבעראלער פארטיי גאנץ ציעלבעוואוסט.

— די טאקטיק אבער פון דער פארטיי איז אפט אין דירעקטען ווידערשפרוך מיט איהרע פרינציפען — האט ברעסער ארייננגעווארפען א ווארט.

— דאס קומט פון א קלוגער אויסרעכענונג פון די פארהאנדענע אומשטענדען.

אפארטוניזם — האט ברעסער א מורמעל געטהאן.

— רופט עס אפארטוניזם, אויב איהר ווילט. מען מוז דאך זיך רעכענען מיט די ווירקליכע פערהעלטניסע. מען קען ניט אימער בלייבען אין דער אפאזיציע. מען קען זאגאר ארבייטען אין איינקלאנג מיט דער רעגיערונג, ווען מען וויל אויספיהרען געוויסע פרינציפען. מען מוז געוויסע פארדערונגען

פון דער רעגיערונג — צום ביישפּיעל, אין דער מיליטער־פראגע — נאכגעבען, כאטש שוין צוליעב דעם אליין, אום צו ווייזען זיך, אלס לאיאל און ניט צו דערלאזען, אז אימיצער זאל קע־נען צווייפלען אין אייער פּאטריאטיזם. קורץ, אום ניט צו געהן אויף א פאלשען וועג, מוז מען זיך פעסט האלטען אן אונזער פּארטיי און איהר אונטערשטיצען מיט אלע כוחות.

— אבער צו דעם דארף מען דאך ניט גרינדען קיין נייע ציטונג — האט בעמערקט איינער פון די זשורנאליסטען — מיר האבען דאך דא, אין וויען, א וועלט־צייטונג, וועלכע אונ־טערשטיצט איהר פּארטיי אונטער אלע אומשטענדען.

ברעסער האט די גאנצע צייט געהאלטען אין עפּענען און שליסען זיינע ליפּען. אבער ער האט גארניט געזאגט. א צארנ־דיגער געפיהל האט איהם פערשטיקט די האלז, א געפיהל, וואס האט געהאט א טרוקענעם און ביטערען געשמאק. האבען מאכט אין זיך אליין, דאס איז דער איינציגער וועג, ווי מען קען אויפ־טהאן עטוואס נייעס און גרויסעם — האט ער געטראכט ביי זיך — אנשטאט די אלע פינאנסיסטען, פּאליטיקער און פּאפּיר־שמידער, ער אליין מיט א פּאר מיליאן אין האנד, אך, ווי די צייטונג וואלט עס געפלויגען, געראדע אין דעם גייסט פון זיין פּראספּעקט, שוין אין צוויי וואכען ארום, איבער דער גאנצער וועלט. די פּאסענדע קרעפטען וואלטען זיך שוין דאן במילא געפונען. אבער דא — דאס האט ער שוין איצט איינגעזעהען — וועט גארניט ווערען, צוליעב די פערשיעדענע מיינונגען, אדער עס וועט זיך גרינדען א צייטונג, וואס וועט געהן דעם אל־טען אויסגעטראטענעם וועג. צו געהן אויף א נייעם וועג — דאס וואגט אימער נור דער איינצעלנער.

נאך א לאנגער דעבאטע, אין וועלכער ברעסער האט קיין אנטהייל ניט גענומען, איז אריינגעבראכט און אנגענומען גע־ווארען א פּארשלאג, אז פון די, וועלכע נעהמען אנטהייל אין דער צייטונג, זאל אויסערוועהלט ווערען א קאמיטע, וואס זאל בעשטעהן פון צוויי קאפּיטאליסטען, פון צוויי רייכסטאג־אבגע־ארדענטע און צוויי שריפטשטעלער, וועלכע זאלען פערנעהמען

די שטעלע פון א צענזאר, און זיי זאלען האבען די מאכט צו ענטשיידען, וועלכע ארטיקלען זאלען יע אדער ניט פערעפענט־ ליכט ווערען.

די אויסוואהל פון דער קאמיטע איז אבגעלייגט געווארען אויף די נעכסטע זיצונג, ווייל דערווייל איז אנגעקומען די צייט צו עסען, און דער הונגער איז שטארקער, ווי די ליעבע — נעמ־ ליך, ווי די ליעבע צו אן אונטערנעהמונג, וואס פארדערט איר־ גענד וועלכע גייסטיגע אנשטרענגונג.

— איך בין פון דער מיינונג — האט דער פארזיצענדער געזאגט — אז מיר זאלען אונזער צענזור־קאמיטעט אויסוועהלען ביי אונזער נעכסטער זיצונג און דאן זאל אויך ענדליך געלייזט ווערען די געלד־פראגע. און דערמיט —

— איידער איהר שליסט די פערזאמלונג, בעט איך א ווארט — האט ברעסער איהם אונטערבראכען מיט אן אויפגע־ רעגטער שטימע.

אייניגע פון די הערען, וועלכע האבען זיך שוין אויפגעהוי־ בען פון זייערע פלעצער, האבען זיך ווידער אװעקגעזעצט.

— אלזא, הערר ברעסער, איהר האט דאס ווארט.

— איך האב נור געוואלט אייך זאגען, אז איך טרעט ארויס. די היינטיגע פערהאנדלונגען ווייזען מיר קלאהר, אז אונזער ערשטער פלאן איז אין גאנצען אויפגעגעבען געווארען. און דאס, וואס האט פערנומען זיין פלאץ, מאכט אונמעגליך פאר מיר מיטצוארבייטען אין דעם. דער פערלוסט פון מיין ארויסטריט וועט ניט זיין קיין גרויסער פאר די אנדערע — איך האב דאך ניט קיין קאפיטאל און אויך קיין בעריהמטען נאמען... נור די לוסט צו ארבייטען און א בעגייסטערונג פאר געוויסע אידעען וואלט איך מיטגעבראכט. די לוסט אבער צו דער אר־ בייט איז איצט פערשוואונדען, ווייל געראדע די אידעען, וועל־ כע וואלטען בעדארפט זיין דער זין און דער צוועק פון דער נייער צייטונג, די וועלען זיין די ערשטע קרבנות פון דער בעשלאסע־ נער צענזור. דער בעגריעף צענזור אליין ווארפט אום אלעס, וואס איך האב זיך פארגעשטעלט די צייטונג זאל זיין. מיר

זאלען ווירקען פאר פרייהייט און אליין ניט פריי זיין? נון, היינט בעזיץ איך נאך מיין פולע פרייהייט, און איך בענוץ זיך מיט איהר — איך זאג עס נאך א מאל — אום זיך אין גאנצען צוריקצוציהען פון דער אונטערנעהמונג.

ער האט זיך דאן פערנייגט פאר די אנוועזענדע און האט פערלאזען דאס צימער.



# אכטער קאפּיטעל.

די קירכע אין שלאָס ברונהאָף איז געווען רייך בעפּוצט מיט גרינס און בלומען. אלע גלאָז־הייזער אין שלאָס, אין וועלכע עס זיינען געוואקסען די טהייערסטע בלומען, אלעאנדער־בוימער, אראנזשען־בוימער, זיינען כמעט ווי ליידיג געוואָרען, ווייל אלע בלומען און בוימער זיינען גענומען געוואָרען אום צו בעפּוצען דעם הויפּט־אלטאר. צו די פּיעלע הויכע וואקס־ליכט, וועלכע האָבען געברענט אין די זילבערנע קירכען־לייכטער, זיי־נען געווען צוגעבונדען ווייסע שלייפען, ראָזען און קאמיליען. די ראָזען, מיט וועלכע מען האָט בעשאָטען גאנץ געדיכט די אל־טאר טרעפּ, זיינען געשיקט געוואָרען פון א וויענער בלומען־גע־שעפט, ווייל אין ברונהאָף — עס איז דאן געווען דער 12טער נאָוועמבער — האָבען שוין קיינע ראָזען ניט געבליהט. פון דעם ארייננאנג פון דער קירכע ביז צו די געבעט־בענקלעך פאר חתן־כלה איז געווען אויסגעשפּרייט א רויטער פלושענער קאר־פּעט, און אויך די ערשטע רייהען פון די קירכען־בענק זיינען געווען בעדעקט מיט א רויטען שטאָף.

די הינטערשטע בענק זיינען שוין געווען בעזעצט פון די דאָרף איינוואוינער. אין א פּערטעל שטונדע שפּעטער האָבען שוין בעדאַרפט קומען די מחותנים. די בעשטימטע שטונדע, עלף אוהר, האָט נור־וואָס אויסגעשלאָגען דער שטאָדט זייגער. אין דעם צימער ביי דער קירכע, האָט געוואָרט שוין אין זיין גאנצער פּאָרם דער גלח פון דער קירכע דערביי, וועלכער האָט עס געזאָלט מיט דער הילפע פון פאטער פּראָטוס פעראייניגען די צוויי מענשען, סילוויא און גראף דעלניצקי, אויף זייער גאנ־צען לעבען. אויף דעם חאָר זיינען געשטאנען אנגעגרייט די מוזיקער און זינגער — אלע בעריהמטהייטען פון וויען.

אין דער זעלבער צייט האָבען אין איין זאל פון שלאָס זיך

פערזאמעלט די חתונה־געסט. עס האבען נור געפעהלט די כלה און איהר מוטער.

אלע פריצים פון ארום און ארום זיינען איינגעלאדען גע־ווארען. א חוץ זיי זיינען געווען קרובים פון וויען און פון נאך אנדערע שטעדט — אלעס צוזאמען פון זעכציג ביז זיעבציג פארשוינען. א גאנצער הויפען פון יונגע גרעפינס, סילוויא'ס באל־הבר'טעס פון פאריגען ווינטער־סיזאן, און צווישען זיי די פיער אונטערפיהרערקעס, יונגע מיידלאך, אלע גלייך גע־קליידעט אין רא־ז. די דאמען זיינען אלע געווען אנגעטהאן אין העלע קליידער, און שטארק בעפוצט. די הערר׳ען זיינען געווען אנגעטהאן אין פראקען, און די מייסטע פון זיי מיט מעדאליען אויפ'ן ברוסט. זיי זיינען געשטאנען גרופעם־ווייז, און א גע־רויש פון שטימען האט אנגעפילט דעם זאל.

אין דעם זאל דערביי, וועמעס טיר איז געשטאנען אפען, זיינען די כלה מתנות געווען אויסגעשטעלט. צוויי לאנגע טישען זיינען געווען פערנומען מיט אלערליי טהייערע צירונגען פון גאלד און עדעלשטיינער. דאס אלעס האט שוין די געזעלשאפט געזעהען און בעוואונדערט מיט א שטונדע צוריק. איצט זיי־נען געשטאנען פאר דער דאזיגער מאסע פון גאלד, זילבער און עדעלשטיינער צוויי יונגע מיידלאך, און א שטילע קנאה האט אנגעפילט זייערע בעגעהרענדע הערצער. די קנאה איז נור גע־מילדערט געווארען ביי זיי דורך די האפנונג, אז ווען־עס־איז וועלען זיי אויך קריגען אזעלכע טהייערע זאכען. אך, צו זיין די בעזיצערינס פון אזעלכע שעהנע זאכען, פון אזעלכע בריליאנטען־שטערען אין די האר, פון אזעלכע פערל־שנור ארום דעם האלז, פון אזעלכע קאנען טהעע אנגיסען אין אן א י י ג ע נ ע ם סאלאן, פאר אזעלכע שפיעגלען זיך לאזען פריזירען, צו ווערען געראפען „פרוי“, צו האבען פערד און קאטשען, א לאזשע אין דער אפערא און אין טהעאטער, און צו דעם אלעס נאך האבען א בערליעבטען מאן! אזעלכע וואונדערליכע זאכען זיינען דא אויף דער וועלט, און פונקט, ווי זיי זיינען היינט בעשערט גע־ווען צו קומען צו סילוויא, וועלען זיי שפעטער אויך צו זיי קו־

מען. דאס איז דאך דער צינז, וואס דער שיקזאל איז שולדיג צו אלע מעכטער פון דער „געזעלשאפט."

די העררען איז זאל האבען גערעדט כמעט אויס־שליסליך וועגען דער יאגד. עס איז דאן געווען די צייט פון יאהר, ווען די הערען גוטס־בעזיצער פאהרען פון איין שלאס אין דעם אנדערען. אום צו שיסען האזען, הירשען, פאזאנען, און איינער האט דערצעהלט אדער געפרעגט ביים צווייטען, ביי וועמען עס איז נעכטען געווען יאגד, און וויפיעל מען האט געשאסען דא און וויפיעל דארט. איינינע זיינען געווען גליקליך צו קענען דערצעהלען צו האבען זיך בעטהייליגט אין יאגדען צוזאמען מיט'ן קייזער. מיט'ן ערץ־הערצאג, אדער דאס זיי וועלען ערשט האבען דעם פערגעניגען צו בעטהייליגען זיך אין אזעלכע יאגדען. רודאלף, דער אייגענטהימער פון שלאס ברונהאף, האט איינגעלאדען די געסט צו א יאגד, וואס זאל אנהאלטען פון דעם 21טען ביז דעם 23טען נאוועמבער. אויך אין דאס, וואס די דאמען האבען גערעדט, האט זיך אפט אריינגעמישט דאסווארט יאגד. אמת, עס זיינען געווען ווענינע צווישען זיי, וועלכע האבען אקטיוו, מיט א ביקס ביים שולטער, בעטהייליגט זיך אין דעם פערגעניגען, אבער דאך האבען דיזע יאגדען געהערט צו די זאכען, וועלכע האבען גאר שטארק אויסגעפילט אויך זייער לעבען, אזוי, דאס אין זייערע גערדאנקען און געשפרעכען האבען זיי געמוזט זיך מיט דעם פערנעהמען. פאר אלע הויז־פרויען, וועלכע האבען אלס זייער פליכט אויפצונעהמען און פערזארגען מיט אלעם נויטיגען די פערזאנען, וואס בעטהייליגען זיך אין יאגד, איז דער דאזיגער ענין פונקט אזוי וויכטיג, ווי פאר די הערען יעגער גופא. „וויפיעל האט מען דערשאסען ?" דאס איז די ערשטע פראגע, וואס די גאסטפריינדליכע באליבאסטע שטעלט צו די יעגער, וואס קומען צוריק פון דער יאגד, און פערזאמלען זיך ארום דעם עס־טיש. און יעדער בעזונדער ענטפערט מיט שטאלץ : אזוי פיעל און אזוי פיעל. די פראנצויזען און ענגלענדער פרעגט מען : „וויפיעל שטיק האט איהר גע'הרג'עט ?" און דער לעצטער צו דער

צאהל, וואס ער גיט אן, גיט נאך צו : „אה, איט וואו עקסע־לענט ספארט !"

ספארט ? נור פערגעניגען ? ניט אמת! די זאך ווערט אויפ־געפאסט· אלס א פראפעסיאנעלע פליכט, אלס עטוואס, וואס מען איז שולדיג זיך און די, וועלכע געהערען צו אייער ראנג, צו אייער געזעלשאפט. „דער ערשטער הירש" — דאס איז ניט נור א פריידיגער בעוואוסטזיין פאר דעם יונגען גראפעל, נור אויף זיין מוטער דערצעהלט מיט שטאלץ איהרע פריינדינען, דאס דער גוסט· אדער פרעה, האט ניט לאנג צוריק זיין ערשטען האז געשאסען.

ווען דאס פלעגט פארקומען אין מארטא'ס געגענוואַרט, פלעגט זי געוועהנליך שטיל שווייגען. זי פלעגט געוועהנליך נור טראכטען : „דער ארימער האז !" און ניט זעלטען אויך גע־טראכט וועגען דעם ארימען אינגעל, וועמעס גאנצע עהרגייציג־קייט בעשטעהט אין דעם צו פערניכטען אן אונשולדיגען לעבען...

אלע זיינען פלוצלונג שטיל געווארען. סילוויא איז ארי־בערגעטראטען איבער'ן שוועל אין א ווייסער גלאריע פון אט־לאס, טיול און מירטענבלומען. צוויי קליינע אינגלעך אין פא־זשען־קאסטיומען האבען געטראגען איהר שלעפפע.

צוזאמען מיט איהר איז אויך אריין בארא‍נעססע טיללינג. דאס מאל האט זי פון זיך ארא‍בגענומען איהרע טיעפע טרויער־קליידער און איז געווען אנגעטהאן אין א העל־גרויע קלייד. ביידע פרויען זיינען געווען בלאס און זייערע אויגען זיינען געווען רויט פון וויינען. די געסט האבען עס בעטראכט פאר גאנץ נאטירליך. דאס געזעגענען־זיך און די פייערליכקייט פון אזא לעבענס־ענדערונג — דאס איז דאך גענוג גרונד צו וויינען. אבער ניט צוליעב דעם האבען סילוויא און איהר מוטער גע־וויינט. א שמערץ· פול מיט בענקעניש, האט זיי ביידע ארומ־נעכאפט. א געפיהל כמעט פון שרעק און חרטה.

איצט אבער זיינען צוגעלאפען די פיער יונגע אונטערפיה־רערינס פון דער כלה און האבען איהר שטורמדיג אומארמט. פון אלע זייטען האבען זיך געשאטען קישען, גראטולאציאנען,

פארבייגונגען און האנד־דריקונגען... סילוויא׳ס שווערער געפיהל איז פערשוואונדען און אבגעטרעטען זיין פלאץ דעם בעוואוסט־זיין, דאס זי איז איצט דער מיטעל־פונקט, וועמען אזוי פיעל מענשען זיינען איצט מקנא און בעוואונדערען. און אויך פון איהר פערליעבטער ליידענשאפט האט ארויסגעשטראמט א כוואליע פול מיט גליק, צו איהר הארץ, ווען זי האט אריינגעקוקט אין די שטראהלענדע אויגען פון איהר חתן, וועלכער איז צו איהר איצט צוגעלאפען.

נאך א פאר מינוטען פון בעגריסונגען און געשפרעכען, דאן האט זיך אנגעפאנגען, אונטער דער אנפיהרונג פון רודאלף, בילדען דער מארש צו דער קירכע.

דער וועג צו דער שלאס־קירכע האט געפיהרט איבער צוויי טרעפ און א לאנגען קארידאר. דער גאנצער וועג איז געווען אויסגעבעט מיט טעפיכער און בעשאטען מיט רייז און בלומען. דער געקלאנג פון די גלאקען האט זיך שוין געטראגען פון דער שלאס־קירכע. אנגעלעהנט אויף דעם ארעם פון דעם כלה פיה־רער — א יונגער פעטער, גראף אלטהויז — איז סילוויא געגאנ־גען לאנגזאם, הינטער די שלעפפע־טראגענדע צוויי קליינע אינג־לאך. איהר האט זיך געדוכט, אזוי ווי זי וואלט דאס אלעס גע׳חלום׳ט, אזוי ווי זי וואלט געגאנגען איבער א טהעאטער־ביהנע, און ניט אזוי ווי דאס אלעס וואלט געווען אווירקליכע לעבענס־ערפאהרונג.

ווען סילוויא איז אריין אין קירכע און האט געזעהען די פיעלע ברענענדע ליכט צווישען די פערשיעדענע פלאנצען, האט זי געהאט דעם איינדרוק, אזוי ווי זי וואלט אריין אין א צימער, אין וועלכען עס שטראהלט אן אנגעצונדענער קריסט־מאס־בוים. אויך דא האבען איהר ערווארט פיעלע איבערראַ־שונגען: א שפאגעל־נייער פרויען־טיטעל, גאנצע קעסטלעך, פול מיט אינטערעסאנטע פליכטען און אויך זיסקייטען, וואס זיינען זאנסט פערבאטען...

אבער אויך די שטימונג איז באלד פערשוואונדען, ווען זי איז צוגעקומען צום געבעט־בענקעל און האט זיך געשטעלט

אויף די קניע, און טאַני דעלניצקי לעבען איהר. די גלחים זיינען ארויסגעקומען פון א זייטען־טיר, און זיך געשטעלט ביין אלטאר. פון א ווייהרויך־פאס האָט ארויסגעשטראָמט דער שטארקסטער קירכען־דופט און האָט דערמאָנט סילוויא׳ן אָן א לויה.

און טאקי פאר אייביג איז איצט בעגראָבען געוואָרען די מיידעל־צייט, די פרייהייט, די מעגליכקייט צו געפינען דעם פולען גליק פון א זיכערער ליעבע... דער מאַן דאָ, לעבען איהר, איז ניט געווען איהר פולסטער גליק... ערשט נעכטען האָט ער ארויסגערעדט אזעלכע ווערטער, וואָס זיינען איהר שטארק ניט געפעלען געוואָרען. עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען זי האָט איהם כמעט ווי געהאסט... צום גליק האָט דער געפיהל געדויערט נור א קורצע ווייִלע, און געמאכט פלאַץ פאר איהר פער־ליעבטקייט, אָבער עס האָט געפעהלט דער פולער צוטרוי צו איהם. דאָס גליקליכע צוטוליען־זיך צו דער ברוסט פון מאַן, דאָס האָט זי ניט געקאָנט געפינען ביי דעם מאַן, וועלכער איז לעבען איהר געשטאַנען אויף די קניע.

די קליינע קירכע איז געווען פול. אויבען, לעבען אלטאר, און אויף די פאָדערשטע בענק זיינען געווען די קרובים און די געסט אין זייערע גלענצענדע קאָסטיומען. הינטען זיינען געווען די דאָרף־בעוואוינער, אלע אָנגעטהאָן יום טוב׳דיג. נור אויף מארטא׳ס פנים איז געווען דער אויסדרוק פון שמערץ און טרויער. דערצו אבער איז מען געווען געוועהנט. ביי אזעלכע פייערליכע אנגעלעגענהייטען איז מארטא אין איהרע געדאנקען אימער געווען מיט איהר געליעבטען טוידטען. דאָס האָט מען געוואוסט און געאכטעט אין איהר.

דער גלח האָט אָנגעהויבען זיין רעדע. וואָלט די רעדע געהאלטען דר. פראָטוס, וואָלט ער אָנגעריהרט הערצליכערע און ריהרענדערע טענער. אָבער דער פרעמדער זעהר קלעריקאלער פרעלאט האָט געהאלטען א דרשה, וואָס האָט זיך געפאסט בע־סער פאר די אלגעמיינע מענשהייט, ווי פאר דאָס יונגע פּאָר.

ער האָט געזאָגט, אז די חתונה איז א הייליגער געבאָט פון גאָט, ווייל חתונה איז א קאָפּיע פון דעם באַנד פון קריסטוס מיט דער קאַטוילישער קירכע, דער צוועק פון דער חתונה איז, דאָס מאַן און פרוי זאָלען העלפען איינער דעם אַנדערען צו ווערען שטאַר־קערע גלויביגע און זיך אונטערשטיצען אין דער אויספיהרונג פון זייערע רעליגיעזע פליכטען, און דאָס זיי זאָלען גרינדען א פאמיליע, וואָס זאָל אויפגעהאָדעוועט ווערען אין עכטען גלוי־בען, וועלכע זאָל אַלץ מעהר און מעהר אויסברייטען דעם קע־ניגרייך פון דער קירכע. דעם גליק פון חתונה קען מען נור דאַן דערגרייכען, ווען מאַן און ווייב ערפילען די געבאָטען פון דער קירכע און טהוען שטארק תפלה. דער אונגליק פון פיעלע פא־מיליען שטאמט פון דער גלייכגילטיגקייט צו רעליגיאָן, וואָס ווערט, רחמנא לצלן, אַלס גרעסער. די קראַנקהייטען און אונגלי־קען, וועלכע קיין מענש קען ניט אויסמיידען, זיינען טהיילווייז שטראָפען פאר דאָס פעהלען פון עכטער פרומקייט און טהייל־ווייז נסיונות, פון וועלכע, ווען מען איז פרום און גלויביג, מען קומט ארויס מעהר אויסגעלייטערט, און דאַן קומט מען צו א גליקליכען טוידט, ווען מאַן און פרוי ווערען ווידער פעראיי־ניגט אין הימעל.

די צוהערער אָבער האָבען זיך גאַנץ ווייניג צוגעהערט צו דעם, וואָס דער פּרעלאַט האָט געזאָגט אין זיין דרשה. די הויפּט־זאַך פאר זיי איז געוועזען, דאָס עס איז געהאַלטען געוואָרען א רעדע, און דאָס די ווערטער אין איהר געהערען צו דער צערע־מאָניע, דורך וועלכער צוויי מענשענקינדער ווערען פערבונדען פאר זייער גאַנצען לעבען, דאָס זיי שווערען זיך ליעבע און טרייהייט, דאָס זיי זאָלען זיך ניט צושיידען ניט אין קראַנקהייט און ניט אין אָרעמקייט, ביז דער טוידט וועט זיי צושיידען.

אויך דאָס בייטען זיך מיט די רינגען, ווי אויך דאָס ארויס־געזאָגטע וואָרט „יא“, איז געוועזען אזא מין כשוף־אויפטהו, דורך וועלכעס צוויי מענשען, ערשט מיט א מינוט צוריק פאָל־שטענדיג פרייע, ווערען ווי צוגעשמידעטע איינער צום צוויי־

טען, אזוי, דאָס איינער פון זיי פערלירט זאָגאר זיין נאָמען, וואָס ער האָט ביז איצט געטראָגען, און קריגט א נייעם נאָמען.

סילוויא האָט געפיהלט די דאָזיגע ענדערונג, וועלכע איז אייגענטליך פון אן אידעעלער נאַטור, אלס עטוואָס, וואָס איז אויסגעפיהרט געוואָרען גאַנץ מעכאַניש. זי האָט געפיהלט, ווי א שטוים, ווען זי האָט ארויסגערעדט דאָס וואָרט „יא" און דער־פיהלט זיין רינג אויף איהר פינגער: „איצט בין איך סילוויא דעלניצקי."

פון דעם כאָר האָט זיך געהערט א פייערליכער געזאַנג. מען האָט ניט פערשטאַנען די לאַטיינישע ווערטער, אָבער פון דער זיסער מעלאָדיע האָט געקלונגען ווי א תפלה פאר גליק און זעגען פאר דאָס יונגע פּאָר. אַלע האָבען זיך געפיהלט שטארק גערירט. ווען דער כאָר־געזאַנג האָט זיך געענדיגט, האָט דער גלח ווידער אויפגענומען זיין רעליגיעזע צערעמאָניע, דע־קלאַמירענדיג איין "קרעדאָ", דריי „פּאַטער אונזער" און דריי „אווע מאַריאַס".

אין דער צייט, ווען עס איז פּאָרגעקומען דאָס בייטען־זיך מיט די רינגען, האָט זיך פון דרויסען דערהערט א שיסעריי, און אויך איצט, אז די צערעמאָניע איז געווען צו ענדע, האָבען די אינגלאַך פון דאָרף געלאָזט זיך קנאַקען מיט זייערע ראַ־קעטען.

און נאָכדעם, ווען דאָס יונגע פּאָר האָט אריינגעטראָגען זייערע נעמען אין דעם קירכען־בוך, איז די גאַנצע צערעמאָניע געווען צו ענדע, און אויפס־ניי האָט זיך געבילדעט דער צוג, אָבער איצט שוין אין אנאַנדער אָרדנונג. איצט איז סילוויא גע־גאַנגען פּאָראויס, געשטיצט אויף דעם אָרעם פון איהר מאַן.

עס האָט דאַן געפּאָלגט דער חתונה־אָנבייסען — וואָרים אַלע שמחות ענדיגען זיך דאָך מיט עסען און טרינקען — ביי א טיש, בעשאָטען מיט ווייסע בלומען.

דעם ערשטען טאָסט האָט צגעטרונקען דער פּרעלאַט צו די נייע־פערהייראַטהע. ער האָט פאר זיי צוזאַמענגעפּלאָכטען א

בלומען־בוקעט פון אונשולד, פון טרייהייט, פון ליעבע, און זיי געוואונשען אל־דאָס־גוטס אויף זייער לעבענס־וועג.

אלע אנוועזענדע טהוען דאָסזעלבע. כאָטש צווישען די געסט זיינען דאָ פיעלע, וועלכע האָבען דאָס אלעס מיט איינינגע יאָהר צוריק אליין דורכגעמאכט, און וועלכע ווייסען, ווי וועניג זיי האָבען געפונען דאָס גליק, וואָס מען האָט זיי אָנגעוואונשען. סילוויא איז האלב־בעטויבט פון דער דורכגעמאכטער אויפרעגונג און פון דעם ליארם. דאָס וואָרט „גליק“ קלינגט אין איהרע אויערען פון אלע זייטען.... אָבער איז די דאָזיגע מידיגקייט, די דאָזיגע אָבגעשפּאנטקייט און צוזאמען מיט דעם די גליהענדע נייגיריגקייט און די מורא פאר דעם באלדיגען „ענדליך־אליין“, דיזעס ציטערען פאר דער לעבענס־לאנגער צוקונפט ביי דער זייט פון א פרעמדען, דיזער אָבשיידען זיך פון דער טהייערער מיידעל־היים, פון די יאָהרען — איז ד אָ ס גליק?

זי דענקט אויך מעהר, ווי זי האָט געמאָגט, אָן א בריעף, וואָס זי האָט מיט א טאָג צוריק ערהאלטען פון הוגאָ ברעסער — א בריעף, וועלכען זי האָט אָפט דורכגעלעזען, און וועלכען זי האָט היינט אין דער פריה פערברענט...

און צוויי שטונדען שפּעטער איז דער מאָהלצייט געווען צו ענדע און אין א שטונדע נאָך דעם איז דאָס יונגע פּאָר אריין אין קאָטש, אום צוצופאָהרען צו דער אייזענבאהן־סטאנציע. א קאלטער נאָוועמבער־רעגען האָט געגאָסען, אָבער די האָכצייט־רייזע איז דאָך געווען נאָך דעם זונען־לאנד, אין איטאליען.

# ניינטער קאַפּיטעל.

גלייך נאָך דעם, ווי דאָס יונגע פּאָר פאָלק איז אוועקגע־פאָהרען צו געניסען זייער „האָניג־מאָנאַט", האָט זיך באַראָנע־סע טילינג צוריקגעצויגען אין איהר צימער. זי איז ניט געווען אין דער שטימונג צו פיהרען פרעהליכע שמועסען מיט די געסט. די דאָזיגע אויפגאַבע האָט רודאָלף און זיין פרוי, בע־אַטריסע, געמוזט נעהמען אויף זיך. איהר האָט געצויגען נאָך רוה און איינזאַמקייט.

צו אָבענד־צו האָט שוין איהר געצויגען פאַר ווערמען־עס־איז אויסצוגיסען אלעס, וואָס זי האָט געהאַט אויף איהר האַר־צען, און זי האָט געלאָזט בעטען איהר זוהן, ער זאָל אריינקו־מען צו איהר. מיט פערגנניגען האָט רודאָלף געפאָלגט איהר רוף. וואָלט ער ניט מורא געהאַט צו שטערען זיין מוטער, וואָלט ער אליין שוין פריהער צו איהר געגאַנגען, ווייל אויך ער האָט גע־האַט פיעלעס אָבצורעדען זיך פון הארצען, און אלץ אזעלכעס, איבער וואָס ער האָט נור מיט זיין מוטער געקאָנט רעדען.

מארטא, וועלכע האָט פערביטען איהר בעפּוצטע חתונה־קלייד אויף א שלאָפראָק פון שווארצען סאַמעט, איז געלעגען, ניט ווייט פון פלאַקערענדען קאַמין, אויף איהר רוה־בעט. א גרויסער לאָמפּ אונטער א שירם מיט שפּיצען האָט פערשפּרייט א פערשטיקטע ליכט אין דעם אנגענעהמען צימער, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט בלומען־דופט. דער דופט איז געקומען פון די אָראנזש־בלומען פון דעם כלה־בוקעט, וועלכען סילוויא האָט איבערגעלאָזען, ווען זי האָט זיך געזעגענט מיט דער מוטער.

— דאָ בין איך — האָט רודאָלף געזאָגט, אריינקומענדיג — פערלאַנגסטו עטוואָס פון מיר, מוטער?

— נור דיין געזעלשאפט, ליעבער זוהן... מיר איז געווען אזוי אונהיימליך. קום, זעץ זיך דאָ... האָב איך דיר געשטערט דורך מיין רופען דיך צו מיר? אפשר האָסטו געשפּיעלט אין קאָרטען מיט די געסט? איך וויל דיך אָבער דאָ ניט לאנג פערהאלטען...

— אָה, איך פערשפּיר גאָר וועניג לוסט זיך צוריקצוקעהרען צו די געסט. דער פאָטער פראטוס האָט פערנומען מיין פּלאץ ביים קאָרטען־טיש, און דו האָסט מיר געטהאָן די גרעסטע טובה, וואָס דו האָסט מיך צו זיך גערופען.... זיינען דאָס אלץ טעלעגראמען? רודאָלף האָט אָנגעוויזען אויף א גאנצע הורבע טעלעגראמען, וואָס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש.

— יא. איך האָב איבערגעלייענט אלע גליקווינשע — איבער צוויי הונדערט... כמעט אלע מיט דיזעלבע ווערטער. פון הויך און נידריג, פון איהרע אמאָליגע גוּאווערנאַנטקעס און פון פירשטען. איינע מיט א טאָן, אזוי ווי זיי וואָלטען אונז געטהאָן א גרויסע טובה, וואָס זיי זיינען אזוי גנעדיג, און שיקען אונז זייער גליקוואונש; אנדערע אין א טאָן אזוי ווי זיי וואָלטען אונז געבעטען אום פערצייהונג, וואָס זיי ערלויבען זיך צו שיקען אונז זייער גליקוואונש — נור אלע ווינשען סילוויא גליק... און ווייסטו, רודאָלף, וואָס איך האָב מורא?... זי וועט ניט זיין גליקליך. דאָס האָב איך היינט ווידער געפיהלט מיט אַן ערשרעקענדער דייטליכקייט. און איך פיהל מיך אין דעם אזוי שולדיג!

איהר שטימע האָט געציטערט. רודאָלף האָט ארויפגעלייגט זיין האנד אויף איהר אָרעם.

— דו האָסט זיך גאָרניט וואָס פאָרצוּוואַרפען. אַוועק זיינען שוין די צייטען, ווען עלטערען האָבען געקאָנט קירעווען דעם שיקזאל פון זייערע קינדער. סילוויא האָט פריי געהאנדעלט און אויסערוועהלט דעם, וועלכער איז איהר געפעלען. און סוף כל סוף איז דער טאָני ניט ערגער, ווי א דוצען אנדערע.

— אונזער סילוויא, מיין פרידריך'ס סילוויא — האָט

אָבער ניט געטאָרט געגעבען ווערען צו א רוצען־מענשען... אי־
בערהויפּט זייט א געוויסער צייט האָב איך דעם געפיהל, אז איך
טהו ניט מעהר מיין גאנצע פליכט צום אנדענקען פון מיין
טוידטען געליעבטען מאן. ווען איך האָב געארבייט ביי מיין
לעבענס־געשיכטע, האָב איך דאן געהאַט דעם בעוואוסטזיין, אז
איך ערפיל א געוויסע אויפגאבע. איצט אָבער, זייט די אר־
בייט איז געענדיגט, פיהל איך, אזוי ווי איך וואָלט עטוואָס
אנדערעס בעדארפט טהאָן, און דאָך טהו איך גאָרניט.

רודאָלף איז אויפגעשפּרונגען אין שטארקער אויפרעגונג
פון זיין פּלאַץ, געמאכט א פּאָר טריט איבער'ן צימער הין און
צוריק. דאן איז ער געבליבען שטעהן פאר זיין מוטער, און
האָט כמעט ווי אויסגעשריען:

— א י ך טהו גאָרניט. און דאָס מאַכט אזוי שווער דיין
הארץ. דו האָסט מיך אויפגעהאָדעוועט, אום ווייטער אָנצו־
געהן מיט דעם קאמפּף, וועלכען טילינג האָט אָנגעפאנגען, און
וואָס האָב איך ביז איצט אויפגעטהאָן? אלץ נור אָבגעלייגט
און אָבגעלייגט. אימער נור געפּלאנעוועט און געפּלאנע־
וועט.... אָבער געטהאָן? גאָרניט!...

— נו, ווען דו וועסט זיין אין פּארלאמענט...

— יא, דאָס איז אויך איינער פון מיינע פּלענער, אָבער
איך הויב אָן מורא צו האָבען, אז אויך פון דעם וועט גאָרניט
ווערען.... אלעס ווערט צו גאָרניט, ווי, צום ביישפּיעל, די צייי־
טונג, וואָס ברעסער האָט געפּלאנעוועט... דאָס האָט געזאָלט
ווערען מיין אָרגאן... דאָרט האָב איך גערעכענט אויסצופיהר־
רען און בעלייכטען אלעס, אויף וואָס אין פּארלאמענט קען
נור אָנגעוויזען ווערען מיט א וואונק... און דאן, ווער ווייס,
אויב איך וועל איבערהויפּט אריין אין פּארלאמענט? איך ווער
געשלעפּט פון אלע זייטען, איך זאָל מיך אָנשליסען צו דער
אָדער יענער פּארטיי, און ווען איך זאָג זיי דאן, וואָס איך וויל
איינגענטליך — זאכען, וועלכע זיינען ניטאָ אין די פּארטיי־
פּראָגראמען, פערשטעהען זיי מיך ניט, און פון זייער אויסזע־

העז פערשטעה איך, אז זיי גלויבען, אז עפּעס איז מיט מיר ניט גלאַט. ווייניגער אָבער פון אלע פערשטעהען מיך די, וועלכע דארפען עס שטימען פאר מיר. דו וועסט זעהען, אז איך וועל גאָרניט אויסערוועהלט ווערען. מיין געגען־קאנדידאט טרעט אויף אזוי שעהן מיט די געוועהנטע פראזען און ער רופט ארויס מיט זיי אזא פערטרויען צו זיך. ער זאָגט זיי גאנץ איינפאך צו צו פערטרעטען אלערליי קליינע לאָקאלע אינטערעסען, און איך רייד אלץ פון אלגעמיינע זאכען. איז דען דאָ אַן אלגעמיינעס אין פּאָליטיק? גלויבען דען ניט די מענשען שטענדיג, אז איין פּארטיי דארף בעקעמפען די אנדערע, אז ראובן'ען קען נור גוט געהן, ווען שמעון ווערט איבערגעכיטרעוועט און לוי ווערט אין גאנצען צוטראָטען? דו וועסט זעהען, מיין געגען־קאנדידאט וועט קריגען צעהן מאָל אזוי פיעל שטימען, ווי איך. און דאָס וועט מיך אפילו ניט קענען ערגערען, ווייל אין יעדער פערזאמלונג פון קעפּ, זיינען דאָך דאָ צעהן מאָל מעהר דומקעפּ, ווי קלוגע... האָט מען געקאָנט געפינען נאָך עטוואָס נאַריי־שערעס און שעדליכערעס, ווי דאָס רעכט פון דער מאיאָריטעט?

— דער אינסטרומענט מעג זיין ניט קיין גוטער, רודאָלף, אָבער, ווען עס איז ניטאָ קיין אנדערער, טו אויף וועלכען ווילסטו דיין מעלאָדיע אויסשפּיעלען?

— מיין מעלאָדיע? ווען די וואָלט נור געקלונגען קלאָר און פול אין מיין אייגענער נשמה...

— דאָס איז דאָך אָבער אזוי. ווען איך דערמאָן זיך אָן די בעגייסטערטע ווערטער, וואָס דו האָסט ארויסגערעדט ביי פריץ'ס טויף־פעסט... דאָס איז געוועז דער עכטער קלאַנג...

— אָה, יע, איינצעלנע גרויסע גלאָקען־טענער, וועלכע איך אליין הער, ווי זיי קומען פון דער טיפקייט פון מיין האר־צען... דאן אָבער קומט דער ליארם פון דער וועלט, וועלכער פערטויבט און פערשלינגט זיי — דער געפּילדער פון דער אל־טעגליכקייט, דער טומעל פון דער געמיינהייט...

— איך האָב ליעב צו זעהען דיך אין אזא כעס... אזא

זעלבסט־אנקלאגע איז פאר מיר די בעסטע גאראנטיע פאר דיין אמת'ען ווילען.

— דו ביזט צו מילד מיט מיר, מוטער. איך פערדיען גי־כער, דו זאָלסט מיך אויסזידלען. וואָס האָב איך דען ביז איצט דערגרייכט? וואָס האָב איך זאָגאר פּרובירט אויפצוטהאָן פאר יענע גרויסע זאך, וועלכע פרידריך טילינג האָט מיר איבערגע־לאָזען? היינט האָט מיך כמעט די חרטה געפייניגט....

— פונקט, ווי עס איז מיט מיר דער פאל, מיין קינד. אויך איך האָב געפיהלט היינט, ווי איך האָב זיך פערזינדיגט געגען פרידריך.

— דו, ווי אזוי? וואָס קענסטו נאָך מעהר טהאָן אין דער אנגעלעגענהייט?

— ניט אין דער זאך פון פריערען. איך מיין.... עס איז מיר שווער צו ערקלערען... דו האָסט דאָך געלייענט מיין לע־בענס־געשיכטע. דאָרט האָסטו געמוזט געפינען דעם אָבגלאנץ פון א פאמיליען־גליק, וואָס איז גאָר זעלטען צו געפינען אין דער וועלט.

— יא, דאָס האָב איך געפונען אין דיין בוך. אויך האָב איך עס אליין, אלס קינד, געזעהען, ווי גליקליך איהר זיינטביידע געוועזען, און ווי איהר האָט זיך ליעב געהאט. איך בין אויך אָן עדות פון דעם, ווי דיין ליעבע און טרייהייט געהערט נאָך איצט זיין אנדענקען..... טו וואָס פאר א געפיהל פון חרטה קען ביי דיר זיין?

— דאָס איך, וועלכע האָט דורך איהם געפיהלט דעם גאנ־צען גליק פון ליעבע, וועלכע איז געוועזען געגרינדעט אויף דער פולסטער איינשטימינגקייט פון אונזערע נשמות, דאָס איך האָב זיין סילוויא אויך ניט צוגעפיהרט צו אזא גליק, דאָס איך האָב איהר ניט אזוי ערצויגען, אז זי זאָל זיך אָבגעבען נור דעם, צו וועמען זי זאָל קענען שענקען דעם פולסטען צוטרוי און אָן אונ־בעגרענצטע אכטונג... איך האָב ניט געטהאָן מיין פולע פליכט, רודאָלף.... יא, די פּלענער, וועלכע מיין פרידריך האָט געהאט

פאַר דאָס וואוילזיין פון דער וועלט, זיינע געדאַנקען און גע־פיהלען, די האָב איך געהיט און מיטגעטהיילט דער וועלט, אָבער זיין פערזענליכעס ווערק, וואָס ער האָט געשאַפען מיט זיין הארצען, דאָס ווירקליכע הויזליכע גליק, וואָס ער האָט גע־שאַפען — אויך דאָס האָב איך בעדאַרפט אָבהיטען, אַלס זיין צוואה און דאָס איבערטראָגען אויף זיין קינד. די לעהרען, וועלכע ער האָט געפּרעדיגט, די האָב איך וויימער פערברייט; אָבער די לעהרען, וועלכע ער האָט געלעבט, די זיינען פער־שוואונדען דורך מיין שולד — מיין שולד, מיין שולד.

מארטא האָט ווידערהאָלט דיזע ווערטער, ארויפלייגענ־דיג איהרע הענד אויף איהר פּנים און אויסברעכענדיג אין א גע־וויין.

רודאָלף האָט זיך איבערגעבויגען פול צערטליכקייט איבער זיין מוטער.

— ניין, ניין, מוטער. דו ביזט בלויז אָנגעגריפען, דאָס זיינען דיינע נערוועז. עס איז אויך נאַטירליך. דאָס צושיידען זיך מיט סילוויא... אָבער דער טאָני איז ניט קיין שלעכטער מענש. ווער זאָגט דיר, אז זי וועט ניט גליקליך זיין?

מארטא האָט זיך אָבגעווישט די טרערען.

— איהר אייגענער געפיהל זאָגט עס איהר. ווען דו וואָלסט זי היינט געזעהען, ווי זי, א פּאָר מינוטען פאר דעם, איידער זיי זיינען אריין אין קירכע, איז זי מיר געפאַלען אויפ'ן ברוסט...

— נו, יע, דער שמערץ פון צושיידען זיך.

— ניין, ניט דער שמערץ פאר דאָס, וואָס זי האָט פערלאָ־זען, נור עס איז געווען די מורא פאר דאָס, וואָס ערוואַרטעט איהר. ניין, רודאָלף, זאָג ניט, אז איך בין פריי פון יעדע שולד. ווען מען האָט געזינדיגט, איז דאָס בעסטע, וואָס מען קען האָ־בען, איז די חרטה...

— איך דענק ניט אזוי. איבערהויפּט דאַן, ווען מען קען שוין גאָרניט ענדערען. נור די חרטה איז פרוכטבאַר, וועלכע ברענגט מיט זיך נייע טהאטען, נייע פּלענער, דארום לאָז מיך

צוריק קומען צו מיין אנקלאגע געגען זיך אליין. איך קען דאָך נאָך גוט מאַכען, וואָס איך האָב פערפעהלט.... און דאָס וויל איך אויך... און איך וועל עס. איך וועל — דאָרט זיינען זיי עס א קאָפּ פרעהליך — האָט ער זיך אליין אונטערבראָכען. דאָס צימער, וואו מארטא און איהר זוהן האָבען גערעדט, איז געווען איבער דעם זאַל, און עס האָבען צו זיי ארויפגעדרונגען די טע־נער פון א שטרויס־וואלץ.

מארטא האָט א ציה געטהאָן מיט די אַקסלען.

— לאָז זיי. ווארום זאָלען זיי אויך ניט, עס איז דאָך א חתונה.... דארפען די יונגע לייט טאַנצען. יא, פערבייגעהענ־דיג, זאָג מיר, ווארום איז דער יונגער ברעסער ניט געקומען?

— איך וויים עס צופעליג. ער האָט סילוויא ליעב.

— וואָס רעדסטו? — האָט מארטא געזאָגט, שטארק אויפ־גערעגט.

— דו דארפסט זיך אזוי ניט דערשרעקען. מיין שעהנע שוועסטער האָט גאָר פיעלע דעם קאָפּ פערדרעהט... הוגאָ איז א קלוגער יונג — ער האָט זיך קיינמאָל קיינע האָפנונגען ניט געמאַכט... איצט איז ער אוועקגעפאָהרען.

— ווער וויים, אויב ער וואָלט איהר ניט גליקליכער גע־מאַכט? — האָט מארטא געזאָגט פערטראַכט — אלס מענש שטעהט ער דאָך העכער פון דעלניצקי... נור אָט די נארישע יחוס־פאָראורטהיילע... איך רוף זיי „נארישע“, און דאָך האָב איך זיי אליין.... איך גלויב, נעמליך, אז דאָס אריבערפלאַנצען זיך פון א געוועהנטען קרייז אין אַנאַנדערען, אין א נידריגערען, מאַכט גרויסע אונבעקוועמליכקייט. ווען מען הייראַט, הייראַט מען אויך ביז צו א געוויסען גראד די פאמיליע, די פריינד פון דעם מאַן, און מען מוז זיך אָבזאָגען פון די אייגענע — און דאָס איז שווער.

— אָבער עס איז נאָך שווערער אָבצוזאָגען זיך פון דער פעראייניגונג מיט דער געליעבטער פערזאָן — האָט רודאָלף בעמערקט.

— געווים, וואָלט סילוויא געפיהלט א טיעפע ליעבע צו ברעססער, וואָלט איך ניט געווען דאגעגען. ווארים אויך צו איהר הייראטען מיט דעלניצקי האָב איך דאָך נור איינגעוויליגט, ווייל זי האָט מיר געזאָגט, אז זי איז פערליעבט אין איהם.

— לאָמיר האָפען, אז זי וועט עס בלייבען.

— אך, איך גלויב, אז זי איז עס שוין היינט ניט מעהר.

רודאָלף האָט אָנגעכאַפּט מארטא׳ס האנד.

— הער מיך צו, מוטער, ווען דיין טאָכטער מאכט דיר זאָרגען, זאָלסטו וועניגסטענס פון דיין זוהן דערלעבען א ביסעל נחת. איך וועל זיך נעהמען ענערגיש צו דער ארבייט. ניט פון וואהל־רעזולטאטען און פון אנדערע צופעלע זאָל דאָס אָבהענגען. איך מוז מיך שטעלען אויף מיינע אייגענע פיס. איך מוז אָפען רעבעלירען אויך געגען אַלץ, וואָס רינגעלט מיך ארום, געגען די גאנצע סביבה, אין וועלכער איך לעב, געגען די גאנצע געזעלשאפט, צו וועלכער איך געהער, ווייל אלעס איז אויפגעבויט אויף דער זאך, וואָס איך דארף בעקעמפפען — אויף דעם געוואלד־סיסטעם. דערמיט מיין איך ניט בלויז דעם מיליטאריזם, געגען וועלכען טילינג האָט ספעציעל געקעמפפט, דערמיט מיין איך די געוואלד אין אלע איהרע פאָרמען. דאָס רעכט ווערט פערגעוואלדיגט, דער פערשטאנד ווערט פערגעוואלדיגט —

מארטא האָט ארויפגעקוקט צו איהם איבעררא שט:

— אזוי ליידענשאפטליך האָב איך דיך גאָרניט געקאָנט.

— ווען דו זעהסט ביי מיר די ליידענשאפט אויפפלאקערען, טו זוך איהר ניט צו דערשטיקען, מוטער. ביז איצט בין איך געווען צו קאַלט און רוהיג. מען מוז שטארק פיהלען און שטארק וועלען, דאן ערשט ט ה ו ט מען עטוואָס. אפשר פאַלט מען דורך — דאָס הענגט אָב פון אויסערליכע אומשטענדען — פיליכט דערגרייכט מען ניט קיינע פון די פעסטונגען, גע־

נען וועלכע מען ווארפט זיך, אָבער, וועניגסטענס, האָט מען דאָך געקעמפּפט, און מען ווייזט דעם וועג צו די, וועלכע קומען נאָך אונז.

— וואָס ווילסטו אַלזאָ טהאָן?

— פריהער פון אַלץ וועל איך מיך זעצען אין פערבינדונג מיט יענע מענער, וועלכע שטעהען אַן דער שפּיצע פון דער אַר־ביטריישען־בעוועגונג, מיט דעם ענגלענדער. וועמעס בריעף דו האָסט אין דיין בוך אריינגעטראָגען.

— האַרזשסאָן פראַטט?

— יא, דאָן, אין פאַריז, מיט פריעדריך פּאסס, זשול סי־מאָן; אין רוסלאַנד... איך וועל שרייבען צו טאָלסטאָי... דער, ווער עס האָט פערפאַסט „קריעג און פריעדען“, דער מוז זיין מיט זיין גאַנצער נשמה א פיינד פון געוואַלד.“

— און מיט וועמען ווערסטו ביי אונז?...

— דאָ וועל איך אַליין אויפהויבען די פאָהן, די ווייסע פאָהן. נעהם נור ווידער ארויס דיינע רויטע העפטען. איך וועל דיר, אַזוי גוט, ווי איך קען, צושטעלען נייעם מאַטעריאַל, וועלכען דו זאָלסט קענען אין זיי אריינטראָגען.



## צעהנטער קאפיטעל.

אין פריהלינג, 1892. הוגא ברעסער האט זיך נאך ניט צוריקגעקעהרט, זייט ער איז פלוצלינג אוועקגעפאהרען. איינינגע טעג פאר סילוויא'ס חתונה איז ער אבגעפאהרען נאך בערלין, און האט זיך דארט בעזעצט. אין דעם בריעף, וועלכען ער האט דאן געשריעבען צו סילוויא, און וועלכען זי האט פערברענט אין דעם טאג פון איהר חתונה, האט ער איהר אין לייךענשאפטליכע ווערטער, אין פראזע און אין פערזען, ערקלערט זיין גרויסע ליעבע, ווי ער האט זי יאהרען־לאנג געליעבט, ניט האבענדיג די מינדעסטע האפנונג, ווי ערשט אין די לעצטע טעג, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי איז שוין געווען פערלאבט מיט אנאנדערען, האט אין איהם ערוואכט די האפנונג — דאס איז געווען אין יענער מינוט פון דעם אויסגעבראכענעם שטורם, ווען ער האט איהר צוגעדריקט צו זיין ברוסט... ער האט זיך איינגערעדט אין זיין נארישקייט, דאס זי וועט אפּברעכען איהר פערלאבונג.... אבער ער האט זיך אבגענארט. און דארום פערלאזט ער זיין היימאט. ער קען בשום אופן ניט לעבען אין דעם לאנד, וואו זי לעבט ביי דער זייט פון אן אנדערען. מעג זי זיין אזוי גליקליך, ווי ער איז טיעף אונגליקליך. אבער ניט אזוי אונגליקליך, אז ער זאל מוזען שטארבען. ניין, ער וויל לעבען און שטרעבען אין געפיהל פון גרויסען עהרגייץ, אום צו ברענגען איהר א מאל דעם בעוויז, דאס ער איז ניט געווען אזעלכער, וואס איז ניט ווערט געווען איהר ליעבע, אין וועלכער האט זיך פאר א פאר שטונדען איינגערעדט, דאס ער ווערט ווידער־געליעבט.

איצט, צוויי און א האלב יאהר שפעטער, האט סילוויא ווידער געהאלטען ברעסער'ס א בריעף אין האנד. דאס זיינען גע־

ווען נור איינינגע שורות, אין וועלכע ער האָט ביי איהר אָנגע־פרעגט, אויב עס איז איהם ערלויבט אין דער צייט פון זיין קור־צען פערווייל׳ען אין וויען, צו קומען צו דער גרעפין מיט א בעזוך.

סילוויא איז געזעסען מיט איהר מאַן ביין אָנבייסען, ווען דער דאָזיגער בריעף איז אָנגעקומען. דאָס יונגע פּאָר האָט בע־וואוינט דעם ערשטען עטאַזש פון א פּאַלאַץ אויף דער רינג־שטראַססע. עס איז געוועזען, לויט דעלניצקי׳ס וואונש, וואָס מען האָט איבערגעצויגען שוין זייט אָקטאָבער פון לאַנד אין שטאָדט. מיט איינמאָל איז דעלניצקי געוואָרען א גרויסער ליעבהאָבער פון דער אָפּערא. צוויי אָדער דריי מאָל דורך דער וואָך האָט ער פערנומען זיין שטענדיגען זיץ אין דער צווייטער פּארקעטען־רייהע.

פיעלע מענשען האָבען בעמערקט, דאָס דעלניצקי פלעגט נור אין יענע טעג קומען אין די אָפּערא, ווען עס האָט געשפּיעלט די פּרימאַדאָנא, וועלכע איז געוועזען שטאַרק בע־וואונדערט פון דעם וויענער עולם פאר איהר שעהנקייט און טאַ־לאַנט.

סילוויא האָט עס ניט בעמערקט — אָדער עס האָט איהר ניט געאַרט. אין דער קורצער צייט פון צוויי און א האלב יאָהר איז איהר ליעבע צו דעלניצקי אין גאַנצען פערשוואונדען. דעם ערשטען קלאַפּ האָט שוין איהר ליעבע געקראָגען אויף זייער חתונה־רייזע. די גראָבע ארט און ווייזע, ווי אזוי ער האָט זיך בענומען מיט איהר אין זיינע רעכטע, אלס מאַן, האָט איהר אָב־געשטויסען פון איהם. אין זיין בענעהמונג צו איהר איז ניט געוועזען קיין הויך פון פּאָעזיע, קיין ברעקעל פון אמת׳ער צערט־ליכקייט. ער איז געוועזען ליידענשאַפטליך פערליעבט אין איהר שעהנקייט, אָבער די ליידענשאַפט האָט זיך אויסגעדריקט אין א זעהר ברוטאַלער פאָרמע. דאָס פייער, וואָס האָט געגליהט אין סילוויא׳ס יונגע בלוט, און וועלכער איז געוועזן א ביסעל פערשטיקט דורך איהר מיידעלשע שעמעדיגקייט און ריינעם

שטאָלץ, האָט דעלניצקי דורך זיין גראָבער ברוטאַלער בענעה־מונג צו איהר אין גאַנצען דערשטיקט. ער האָט ניט פערשטאַנען, ווי אויפצואוועקען אין איהר דאָס ציטערען פון פערגניגען, נור גיכער האָט ער אין איהר ארויסגערופען א געפיהל פון עקעל. און מיט איהר וועהרען־זיך געגען איהם, אָדער אין בעסטען פאַל, מיט איהר געדולדיגען צוטראָגען זיך צו איהם אין דער צייט פון זיינע ערָאָטישע געוואַלד־טהעטיגקייטען האָט זי איהם געבראַכט אין צאָרן, און ער האָט איהר פערוואָרטהיילט, אַלס א פרומע, קאַלטע בעשעפענים אָהן אירגענד וועלכען טעמ־פעראמענט.

און נאָכדעם, ווי דער מאַן האָט געטווידטעט יעדען קערפערליכען צויבער, דורך וועלכען זי האָט זיך געפיהלט צו איהם צוגעבונדען, ווען זי איז געווען זיין כלה, איז אויך באַלד פערשוואונדען אין זייערע פערהעלטניסע יעדער נשמה געפיהל פון ליעבע. ווען זי האָט זיך אויסגעניכטערט פון איהר ליעבע־שכרות, האָט זי ערשט רעכט דערקענט אַלע זיינע גרויסע פעה־לערען. דאָס, וואָס פריהער האָט איהר אונאַנגענעהם בעריהרט בלויז פאַר א רגע, דאָס איז איהר ביסלעכווייז געוואָרען עקעלדיג פאַר א לענגערע צייט. און אַזוי ווי זי האָט ניט פערשטאַנען, ווי צו פערבעהאַלטען איהרע געפיהלען, און אַזוי ווי זי האָט ניט געקאָנט זיך פאַרשטעלען און מאַכען א פריינדליכע מינע, ווען זי האָט זיך געפיהלט געערגערט און אָבגעשטויסען, האָט דאָס ביי דעלניצקי ארויסגערופען א צווייטען צאָרנדיגען אורטהייל: „אה, די קאַפּריזנע, עקעלדיגע בעשעפעניש!“

עס איז ניט געקומען דערצו, אַז זיי זאָלען צווישען זיך זיך אויסריידען, און דאָס די מיספערשטענדניסע זאָלען בעזייטיגט ווערען. אָנשטאָט דעם זיינען זיי אַלץ מעהר און מעהר געוואָרען פאַלשטענדיג גלייכגילטיג איינער צום אנדערען. דער פערקעהר צווישען זיי איז געוואָרען אַלץ מאַטער און קיה־לער. די געשפּרעכען אימער קירצער, און די פּאָר צערטליכ־קייטס־אויסדריקע, וואָס האָבען נאָך געשטאַמט פון דער חתן־

כלה־צייט, זיינען געוואָרען אַלץ זעלטענער, ביז זיי זיינען אין גאַנצען פערשוואונדען, אזוי, דאָס אָנשטאָט דעם, וואָס יעדער טאָג זאָל זיי מאַכען נעהענטער איינער צום אַנדערען, ווי דאָס איז געווען אין דעם לעבען און ליעבע צווישען טיללינג און מאַרטא, האָט זיי אַלץ דערווייטערט איינעם פון אַנדערען, אזוי, דאָס זיי האָבען זיך געפיהלט, ווי פרעמדע, כאָטש זיי האָבען געלעבט צוזאַמען.

אין דעם ערשטען יאָהר איז ביי זיי געבאָרען געוואָרען א קינד. אָבער אויך דער גליק פון א מוטער איז סילוויא'ן ניט געווען בעשערט. אונטער מורא'דיגע שמערצען און לעבענס־געפאהר האָט סילוויא געבראַכט א קינד אויף דער וועלט, און פיער מאָנאַטען שפּעטער האָט זי געמוזט זעהען איהר קינד שטאַרבען אין שרעקליכע קאָנוואולסיעס.

זי האָט ניט געוואונשען צו האָבען א צווייטען קינד. זי האָט זיך ניט געפיהלט איינזאַם. איהר הארץ איז געווען פול מיט ליעבע צו איהר מוטער און צו איהר ברודער פונקט, ווי איידער זי האָט חתונה געהאַט, גיכער נאָך מעהר. איהר אינ־טערעס אין די שטרעבונגען און אידעען פון רודאָלף איז גע־וואָרען גרעסער, און אין איהרע בעציהונגען צו איהר מו־טער איז זי געוואָרען פיעל ווארימער. זי האָט ניט פאַרבאַ־האַלטען פון איהר מוטער איהר ענטטוישונג פון איהר הייראַט מיט דעלניצקי. זי האָט איהר אַלעס מיטגעטהיילט, אָבער דערביי ניט אויסברעכענדיג אין קיין געוויין. געוויס איז זי ניט געווען גליקליך. זי האָט ניט ארויסגעצויגען דעם גרויסען געווינס אין דער חתונה־לאָטעריע, אָבער דאָס האָט איהר ניט געמאַכט פאַר אַזא בעטלערין, אַז זי זאָל דאַרפען וויינען און קלאָגען אויף איהר מזל. די פּאָרווירפע, מיט וועלכע איהר מוטער האָט זיך געפיינינגט, האָט זי געזוכט צו פערטרייבען. זי האָט אויף זיך אַליין גענומען די שולד, אויף איהר אייגענע איינגעשפּאַרטע פערבלענדונג — קיין זאַך, אפילו ניט די אויטאָריטעט פון דער מוטער, וואָלט ניט געקאָנט ענדערען איהר

נאַרישען בעשלוס צו הייראַטען דעלניצקי, און דערפאַר קומט איהר די שטראָף.

וואָס אָבער ווייטער? זיינען דען ניטאָ טויזענדע פרויען, וואָס לעבען מיט זייערע מענער פונקט אין אַזא צושטאַנד פון גלייכגילטיגקייט? און זיינען דען ניטאָ פיעלע מיידלאַך, וואָס האָבען גאַרניט התונה, און דאָך געפינען זיי געננוג פער־גניגען און גענוס אין לעבען? און איבעריגס — האָט זי ווייטער פילאָזאָפירט — איז דען גענוס און גליק א זאַך, וואָס יע־דער מענש האָט א רעכט צו פאָרדערען? וואָרום זאָל גע־ראַדע פאַר איהר זיך עפענען א גן עדן, וואו אַזוי פיעל מענשען ליידען אין גיהנום? מען מוז זיך צופריעדען שטעלען מיט דעם, וואָס מען האָט. און דעם אמת געזאָגט, האָט זי דאָך גאָר פיעלעס: א גוטע מאַמע, א טהייערען ברודער, א גייסטיגע מיטווירקונג אין די לעבענס־אויפגאַבען פון די יידען. דערצו איז זי געזונד, רייך, און האָט די בעסטע געזעלשאַפט. „ניין, ניין, מוטער, בעדויער מיך ניט." אויף אַזא אופן האָט זי פערשטאַנען אימער צו טרייסטען איהר מו־טער, ווען זי האָט זיך אָנגעהויבען מאַכען פאָרווירפע, וואָרום זי האָט איינגעשטימט צו איהר טאָכטער'ס הייראַט.

ווען סילוויא האָט דערקאָנט די האַנדשריפט אויף דעם אַד־רעס פון דעם בריעף פון בערלין, איז זי בלאַס געוואָרען.

— פון וועמען איז עס? — האָט דעלניצקי געפרעגט, ארויפקוקענדיג פון זיין צייטונג, אין וועלכער ער האָט געליי־ענט די לעצטע ספּאָרט־נייעס.

— פון הוגאָ ברעסער... ער וויל אריבערקומען אהער אויף א קורצע ווייל... דאָס וועט זיין פאָטער זעהר פרעהען.

— דו, זאָג מיר, איז אייער אַלטער הויז־פריינד, דער אַל־טער ברעסער, ניט א גע'שמד'טער איד?

— אפשר. איך ווייס ניט.

— קען דאָך זיין, אַז ער איז נאָך א גאָרניט גע'שמד'טער איד?

— דאָס זיכער ניט. אָבער ווארום פרעגסטו? ווי, ווען יע?

— אָה, איך קען די אידען ניט פערטראָגען. עס ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער זיך צוזאַמענצוטרעפען מיט זיי.

„אויך דאָס נאָך!" האָט סילוויא געזיפצט אין איהר נשמה. עס איז איהר קיין זאַך ניט געווען אזוי עקעלדיג, ווי דער אנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר פער־שפּרייט אין דער געזעלשאַפט. און אויפ'ן קול האָט זי געזאָגט:

— פּאָטער פּראָטוס דענקט פיעל ברייט־הארציגער.

— אַך, דער, דער איז אויך אזא מין ליבעראַל... נו, יאַ, איך בין אויך ניט אזא פערביסענער פאנאטיקער, אָבער וואָלט איך געווען א גלח, וואָלט איך זיך געהאַלט'ן ביי די קלעריקאַלע אנזיכטען און וואָלט געהאַט די אידעען פון די, וואָס עס האָבען די איבער מיר. איבעריגס, ארט מיר ניט די גאַנצע געשיכטע... ווען דאָ דער יונגער ברעסער פערבלייבען און עהר־ליך פערדיענען זיין ברויט?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז ער קומט נור אויף א קורצע צייט. — זי האָט צו איהם צוגערוקט דעם בריעף — נאַ, לעז אַליין.

אנטאָן דעלניצקי האָט געמאַכט אן אָבוועהרענדע בעוועגונג מיט'ן האַנד, און געזאָגט:

— עס אינטערעסירט מיך ניט. דער מענש אַליין אינטע־רעסירט מיך ניט מיט זיין קאַריערע, אַלס שריפטשטעלער, פון וועלכער זיין פּאָטער האָט הנאה צו רעדען אזוי לאַנג און ברייט.

און ווירקליך, דאָס האָט דער אַלטער ברעסער אויך אי־מער געטהאָן, ווען ער איז נור געקומען מיט א בעזוך צו די טילינגס. מען האָט פון איהם זיך דערוואוסט, דאָס הוגאָ ברע־סער האָט זיך געלאָזט אריינפיהרען אין די קרייזען פון די בערלינער שריפטשטעלער, און דאָס ער האַלט אין איין שאַ־פען, דאָס ער האָט שוין פערעפענטליכט א ראָמאַן אין איינעם פון די בעקאַנטעסטע בערלינער זשורנאַלען, און דאָס ער האָט אנגעשריבען א דראמע, וועלכע ווערט געשפּיעלט מיט גרויס ערפאָלג אויף אַלע דייטשע ביהנען.

— איבעריגס, ווען ער קומט — האָט דעלניצקי געזאָגט
— לאָד איהם איין צו א מאָהלצייט. איך געה איצט.

סילוויא האָט ניט געפרעגט: „וואוהין“. זי האָט נור איינפאך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

ווען זי איז אליין געבליבען, האָט זי נאָך אמאָל איבערגע־לייענט די פּאָר שורות פון דעם בריעף. דער כאראקטער פון דער האנדשריפט איז עס געוועזען, וואָס האָט איהר פעראינטערע־סירט, ווייל דאָס האָט איהר דערמאָנט אָן דעם בריעף, וועלכען זי האָט פערברענט, און אָן דעם גאנץ אנגענעהמען געפיהל, וואָס יענער בריעף האָט ביי איהר ארויסגערופען. אייגענטליך איז עס געוועזען א חוצפּה פון ברעסער צו שרייבען איהר איצט ווידער, אזוי ווי עס וואָלט גאָרניט פּאסירט — האָט זי א טראכט געטהאָן — זאָל זי איהם אויפנעהמען? און צוריק גע־רעדט, ווארום ניט? די אינגעלשע ליידענשאפט זיינע איז שוין געווים פארגעסען און פארשוואונדען. זי האָט דאָך עס אויף זיך אליין אויסגעפונען, וואָס פאר ענדערונגען עס מאכט די צייט אין די ליעבעס־געפיהלען, און אודאי מוז עס זיין דער פאל ביי א יונגען מענשען, וועלכער איז נאָך דערצו אין דער צייט געוואָרען א בעריהמטער געפייערטער שריפטשטעלער... דער האָט זיכער געהאט אין בערלין מעהר, ווי איין ליעבעס־פער־העלטניס, און ער האָט גאָרניט געטראכט אָן יענעם עפּיזאָד, וואָס איז אויגענשיינליך געוועזן גאָרניט מיט גאָרניט... און זאָל זי איהם, דעם זוהן פון אן אלטען גוטען הויז־פריינד, ניט אויפ־נעהמען, וואָלט עס דאָך טאקע געוועזן עטוואָס, וואָס וואָלט גע־מאכט מענשען מיט רעכט רעדען. און ער אליין וואָלט זיך נאָך געקאָנט איינרעדען, אז זי האָט מורא זיך צו בעגעגענען מיט איהם. און, ווי דער אמת איז, הויבט זי דאָך גאָרניט אָן מורא צו האָבען פאר איהם...

איז זי טאקע באלד צוגעגאנגען צו איהר שרייב־טיש, און האָט איהם געענטפערט: עס וועט זעהר פרעהען איהר און איהר מאַן צו זעהען און הערען פון איהם אליין וועגען זיינע

גרויסע ערפאָלגען. ער מעג, כדי געמיטהליכער צו פלוידערען, קוי־מען אום זעקס א זייגער, ווען עס ווערט געגעסען, און דאָס נעכ־סטען דאָנערשטאג, ווייל דאן ערוואַרטעט זי אויך איהר ברו־דער, רודאָלף, וועלכער וועט זיך געווים פונקט אזוי פרעהען צו זעהען זיך מיט איהם.

און נעכסטען דאָנערשטאג, צעהן מינוטען פאר דער בע־שטימטער צייט, איז שוין ברעסער געוועזן אין דער וואָהנונג פון גראף דעלניצקי. זיין הארץ האָט איהם געקלאפט, ווען ער איז אריין אין פאָרצימער. א דינער האָט פון איהם צוגענומען דעם אויבער־ראָק. פאר דעם שפיגעל האָט ער צורעכט גע־מאכט זיין האלזטוך, און האָט געזעהן, אז די בלום אין זיין לאָץ זאָל זיצען פעסט.

דער דינער איז געגאנגען פאָראויס, און האָט געפיהרט דעם גאסט דורך צוויי גרויסע, נור זעהר שוואך־בעלויכטענע זאלען אין א דריטען, א קליינעם, וואו די הויז־פרוי איז געזע־סען אליין.

סילוויא, אין אן איינפאכען זיידענעם קלייד, איז געגאנ־גען א פאָר טריט אום צו בעגעגענען איהם און האָט איהם דער־לאנגט די האנד, וועלכע ער האָט מיט גרויס עהרפורכט גע־קושט.

— הערצליך ווילקאָמען, הערר ברעסער! ווי איהר האָט זיך אָבער פערענדערט! און צום בעסערען! — האָט זי צוגע־לייגט מיט א שמייכעל.

זי האָט געזאָגט דעם אמת. הוגא, וועלכער האָט איצט גע־טראָגען א שפיציג־צוגעשאָרענע בערדעל און פארקעמט זיינע האָר אויפ׳ן מיטען, האָט ווירקליך אויסגעזעהען פיעל שעה־נער, ווי איידער ער האָט פערלאָזען וויען. אויך אין דעם אויס־דרוק פון זיין פנים און אין דער זיכערקייט פון זיין בענעה־מען זיך איז געוועזן עטוואָס נייעס, עטוואָס, וואָס איז געקומען פון זיין ערפאָלג, פון דעם פאקט, וואָס ער איז אין בערלין גע־וואָרען דער ליעבלינג פון דער געזעלשאפט.

סילוויא אין איהר אויסערען אויסזעהען האָט זיך ניט גע־ענדערט. אויף דעם ערשטען בליק און נאָך די ערשטע ווער־טער, מיט וועלכע זיי האָבען זיך אומגעביטען, האָט הוגאָ ווי־דער געפונען אין איהרע געזיכטציגע דאָס, וואָס ער האָט פרי־הער אזוי געליעבט — א גאַנץ בעזונדערען צויבער, וועלכער האָט געשוועבט ארום איהרע ליפען, ווען זי האָט גערעדט אָדער געשמייכעלט.

די אינערליכע אויפרעגונג פון דעם ווידערזעהען זיך האָ־בען ביידע פערבעהאַלטען דורך א ביסעל צו איילענדיגע פראגען און ענטפערס איבער די געוועהנליכע זאכען: „ווען זייט איהר געקומען? — ווי לאַנג פערבלייבט איהר דאָ? — ווי געפעלט אייך בערלין?" און ער, פון זיין זייט: „ווי געהט עס דעם הערר גראף? — און ווי דער פערעהרטער באַראָנעסע טילינג? — האָט די פרוי גרעפין שעהן פערבראכט אין איטאַליען? דאַן האָט סילוויא אָנגעהויבען רעדען פון זיינע ליטעראַרישע ערפאָלגען.

— איהר זיינט איצט אַן אָנערקענטער, מען מעג שוין זאָגען, בערידהמטער דיכטער, הערר ברעסער, און דאָס מוז זיין א שטאָלצער, אַנגענעהמער געפיהל.

— דאָס אַנגענעהמסטע אין דיכטען איז ניט אין דער אָנ־ערקענונג, נור אין דער ארבייט גופא. דאָס שאַפען איז א בע־פרייאונג. א קומען אין בעזיץ פון אוצרות, וועגען וועלכע מען חלום'ט נור פריהער. אַלעס, וואָס דאָס לעבען און די וועלט מעג איינעם פערשאַפען — ענטטוישונג, שמערץ, צאָרן — דאָס דאַרף ער אין זיך ניט דערשטיקען... דאָס נעהמט דער דיכטער, גיט עס א געוויסע פאָרם, קליידט עס איבער מיט זיין גאַנצער אויסגעדריקטער ליידענשאַפט — און דאָ שטעהט עס דאַן לעבעדיג, פלאַמענדיג, וויינענדיג — אָבער מען איז בע־פרייט פון דעם. און אויך די פריידען, די זיסקייטען, די שטאָל־צע זיעגע, וועלכע דאָס לעבען גיט איינעם — אויך די רייסט מען ארויס פון דעם קעניגרייך פון דער פאַנטאַזיע, און

מען שטעלט זיי אוועק פאר זיך, געקליידעט אין דעם פּראכט פון דער שפּראַך — און זיי זיינען דאן זיינע, ער איז דאַך דאַן זייער בעשעפער.

— ווי בעגייסטערט איהר זיינט עס פון דער דיכט־קונסט?

— איך נעהם ערנסט מיין בערוף, גרעפין, איך ווער אין איהם פערשלונגען. זייט מיינע אינגסטע יאָהרען, איהר ווייסט עס דאָך, גרעפין, האָב איך גערעכענט צו ווירקען מיט מיין פע־דער. דער זשורנאַליזם איז געווען דאָס פעלד, אויף וועלכען איך האָב געוואָלט קעמפּפען.

— יא, איך דערמאָן זיך — יענע צייטונג, אין וועלכער אויך רודאָלף האָט געדענקט צו געפינען פּלאַץ פאר זיין פּארלא־מענטארישער טהעטיגקייט.

— וועלכע איז געוואָרען צו גאָרניט.

— פּונקט, ווי רודאָלף'ס פּארלאמענטארישע קאַריערע — האָט סילוויא צוגעגלייגט.

— איך ווייס איצט, אז פאר מיר איז עס געווען זעהר גוט. און אפשר אויך פאר איהם? איך בין צוליעב דעם אריינ־געדרענגט געוואָרען אין אַנאַנדער געביעט פון דעם שריפטשטע־לערישען פעלד און איך האָב דאָרט דערגרייכט אזעלכע ערפאָל־גען, וואָס איך האָב גאָרניט ערוואַרט.

— געבענשט אַלזאָ זאָל זיין יענע דורכגעפאַלענע צייטונג.

— ניין, ניט נור דאָס דורכפאַלען פון יענער צייטונג האָט מיך געבראַכט דערצו צו ווערען דיכטער. עס איז געווען א לע־בענס־פאַסירונג, וואָס האָט מיין גאַנצע נשמה אויפגעטרייי־סעלט — א שטורם פון געפיהלען, וועלכע איך וואָלט ניט גע־קאָנט אויסדריקען ניט אין לייט־ארטיקלען און ניט אין פעליע־טאָנען.

— נור אין ראָמאַנען און דראמען? איך מוז, צו מיין שאַנ־דע, זיך מודה זיין, דאָס איך האָב נאָך אייערע ווערק ניט גע־

ליִיענט. האָט איהר זיך בענוצט מיט אייער אייגענער לעבענס-ערפאהרונג, אלס שטאָף פאר אייערע ווערק?

— ניין, נור די שטורמדיגע געדאנקען און געפיהלען, וועלכע האָבען ערוואכט דורך יענע ערפאהרונגען, האָב איך אויסגעדריקט אין יענע פערזוכען. איך זאָג פערזוכען, וואָס איהר רופט אָן ווערק — ווייל, כאָטש אלס אָנפאנגער האָב איך געהאט גליק, דאָך ווייס איך אם בעסטען, אז דאָס, וואָס איך האָב ביז איצט געשאפען, זיינען נור שוואכע פערזוכען.... מיין ווערק, מיין קונסטווערק, דאָס וועל איך ערשט שרייבען. רופט עס ניט מיט דעם וואָרט חוצפה. איך גלויב, עס איז גאָרניטאָ אזא עהרליכער קינסטלער, וועלכער פיהלט ניט אין זיך א גאַנ־צען כאָאס פון ברויזענדע שטאָפען און כוחות, וועלכע שטרע־בען צו ווערען א וועלט...

— איך בעט אום ענטשולדיגונג. האָב איך זיך פערשפע־טיגט? דאָס איז געוועזן דעלניצקי, וועלכער איז אריינגעקומען — גריסט אייך גאָט, הערר ברעסער, נו, איך גראטוליר, איהר זיינט דאָך איצט אזוי בעריהמט! דאָס מוז איך ברענגען א היבשע מטבע אייער טהעאטער־שטיק, ניין? דו — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין פרוי — איך זאָל דיר זאָגען, אז דער רודי קען היינט ניט קומען. בעאטריסע איז קראַנק.

— אך, די אָרימע, שוין ווידער? און מיין קוזינע האָט אויך אָבגעזאָגט זיך פון צו קומען. נו, וועלען מיר אליין עסען.

— דאָס וועט זיין גאַנץ געמיטהליך, נור זעה, אז מען זאָל דערלאַנגען שנעל — איך געה היינט אין די אָפּערא, און איך הער זעהר גערן דעם ערשטען אקט פון „קאַרמען“.

ווערהענד דער קליינער מאָהלצייט האָט מען זיך אריינגע-לאָזען אין ערינערונגען פון דער צייט פאר סילוויא'ס חתונה און פאר הוגאָ'ס אָבפאָהרען. מען האָט גערעדט פון די טענים־פארטיען אין ברונהאָף, פון פאָטער פראָטוס, פון דעם טויפען פון דעם קליינעם פריץ און פון עהנליכע זאכען. פון זיך און זיין טהאָן האָט הוגאָ גאָרניט דערצעהלט. ער האָט זאָגאר אויס-

געמידען צו ענטפערען אויף דעלניצקי'ס איינינע פראגען. ער האָט וואהרשיינליך געפיהלט, אז פון דער זייט וועט ער גע־פינען קנאפ־וואָס סימפּאטהיע און פערשטענדניס.

ווען מען האָט זיך אויפגעהויבען פון טיש, האָט דעלניצקי א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער.

— שוין זיעבען. איך בעט אום ענטשולדיגונג. קיין קאָפּע וועל איך שוין ניט טרינקען. אז ניט, וועל איך נאָך קו־מען צו שפּעט. איך לאָז אייך ביידע אין גוטער געזעלשאפט. אלזאָ, אדיע. עס האָט מיך זעהר געפרעהט.... איהר בלייבט דאָך נאָך א ווײלע אין וויען?... שעהן, אלזאָ, אויף ווידער־זעהען.

און ער איז אוועק.

סילוויא און הוגאָ זיינען אריין צוריק אין זאל.

— שטער איך אייך ניט, גרעפין? אפשר האָט איהר אויך געוואָלט געהן אין טהעאטער?

— ניין, ניין, איך בלייב אין דער היים. איך מוז זאָגאר, ווייל מיינע פריינד ווייסען, אז יעדען דאָנערשטאג קענען זיי מיך זעהען, ווען זיי ווילען.

זי האָט אריינגעגאָסען דעם שווארצען קאפּע און דער־לאנגט איהם א קאפּ. צו דערזעלבער צייט האָט זי איהם אָנ־געוויזען אויף א בעכער פול מיט ציגארעטען — ווען איהר ווילט רויכערען, איז עס ערלויבט.

דאָס זיין אליין צוזאמען איז פאר זיי געווען עטוואָס, פאר וואָס זיי האָבען ביידע מורא געהאט, און פון וואָס זיי האָבען זיך געפיהלט גאנץ אונבעקוועם. זי האָט מורא געהאט, אז ער קען נאָך אָנהויבען רעדען פון זיין בריעף, וועלכען ער האָט איהר צוגעשיקט פאר איהר חתונה און וועלכען זי האָט פארברענט. זי האָט אויך מורא געהאט, אז הוגאָ האָט וואהרשיינליך דער־שפירט, אז אין איהרע פערהעלטניסע מיט איהר מאן איז עפּעס ניט, ווי עס בעדארף זיין, און זי האָט זיך געשעהמט דערמיט. אין ברעסער ווידער האָט אויפס־ניי אויפגעפלאקערט די אלטע

ליידענשאפט. עס האָט זיך אָבגערוקט אין שאָטען דאָס בילד פון א בערלינער יונגער אקטריסע, וועלכע איז געווען זיין געליעבטע. איהם איז אויסגעקומען אזוי ווי ער וואָלט קיינמאָל גאָרניט געטראכט וועגען אנאַנדערער, אזוי ווי סילוויא וואָלט געוועו די איינציגע פרוי, וואָס די וועלט האָט פאר איהם.

אָבער ער האָט ניט געוואגט זיך ארויסצוגעבען. ער האָט זיך אָנגעטהאָן א כוח אָנצוהאלטען דעמזעלבען באנאלען געשפרעך, ווי זיצענדיג ביין מאָהלצייט. סילוויא האָט איהם געהאָלפען אין דעם. פונדעסטוועגען האָט עס איהר פערדראָסען, וואָס ברעסער קעהרט זיך ניט אום צוריק צו יענעם געהויבענעם טאָן, מיט וועלכען ער האָט גערעדט, אייידער דעלניצקי איז אָנגעקומען. קען עס זיין, אז ער גלויבט, אז גייסטיג איז זי ניט זיין גלייכען, דאָס זי פיהלט זיך נור בעקוועם, ווען מען רעדט מיט איהר וועגען פוסטע זאכען, וועלכע זיינען אזוי ליעב איהר מאן, דעלניצקי? אזוי טאָר א דיכטער און א מאַן, וואָס האָט איהר א מאָל געליעבט, ניט דענקען פון איהר. און ווען ער האָט ווידער געמאכט א בעמערקונג וועגען די געביידען פון וויען און בערלין, האָט זי געמאכט אַן אונגעדולדיגע בעוועגונג, און האָט געזאָגט:

— אך, דאָס אינטערעסירט מיך ניט. רעדט דאָך מיט מיר ניט אזוי.... ווי האָט עס טאָני געזאָגט? „מיר זיינען דאָך א פּאָר יוגענד־פריינד". און פריינד האָבען זיך מעהר וואָס צו זאָגען, ווי צו ריידען איבער דעם וועטער אָדער איבער די פערשידענהייט פון די הייזער אין וויען און אין בערלין.

— מיר זיינען אָבער ניט געווען קיין יוגענד־פריינד, גרעפין! צווישען אונזביידע איז געווען דער געזעלשאפטליכער אָבגרונד. איך האָב אימער ארויפגעקוקט צו אייך, ווי צו א שטערן... נור איינמאָל — פאר א פּאָר שטונדען, פאר א פּאָר טעג האָב איך פערגעסען אָן די ווייטקייט צווישען אונז — אָבער וועגען דעם דארף, טאָר איך דאָך ניט רעדען.

— ניין, וועגען דעם ניט.

זיי האָבען געשוויגען א ווײַלע — אייגענטליך האָבען זיי דאָך ביידע גערעדט שוין וועגען דעם.

— לאָמיר ווידער רעדען וועגען אייער ליטעראַרישער קאַריערע, דאָס אינטערעסירט מיך זעהר און זעהר. איך זעה, דאָס איהר האָט א לעבענס־אויפגאַבע, דאָס איהר שטרעבט צו גרויסע ציעלען, ווי מיין ברודער. א שאָד, דאָס ער איז ניט געקומען. איהר וואָלט, אפשר, ווידער אויפגענומען מיט איהם יענע דעבאַטע איבער דעם, ווי ווייט דער געדאַנק שטעהט העכער פון דער טהאַט.

— ווי, איהר געדענקט עס נאָך? ווי איהר זעהט, בין איך געבליבען טריי צו מיין אנזיכט. איך האָב מיך אין גאַנצען אָבגעגעבען אין דיענסט פון דעם געדאַנק, און דאָס אויך ניט דעם געדאַנק, וואָס צילעוועט זיך צו עטוואָס בעשטימטעס, פּראַקטישעס, נור צו דעם, וועלכער שוועבט איבער אלע וואָלקענס. רודאָלף האָט נאָך אַלץ מסתמא זיינע געדאַנקען און פּלענער, ווי די וועלט בעסער צו מאַכען. אָך, איך האָב מורא, אז עס לאָזט זיך ניט פיעל פערבעסערען אין אונזער קליינער שטיקעל וועלט.... איך, ווענינגסטענס, וואָלט עס ניט געקאָנט. העכסטענס, א ביסעלע שעהנער מאַכען, זאָל עס זיין דורך א ביסעל קונסט, אָדער דורך א ביסעלע ליעבע.

דאָס וואָרט „ליעבע“ און דער טאָן, אין וועלכען הוגאָ האָט עס ארויסגערעדט, האָט אויף סילוויא געמאַכט א בעקלעמענדע ווירקונג. זי האָט אליין ניט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט אָט די דאָזיגע קלעמענעש פון איהר הארץ. זאָל עס זיין דער דורשט נאָך ליעבע? זאָל עס זיין אייפערזוכט? זי האָט טיעף אויפגעאָטהעמט.

— וואָס שרייבט איהר איצט? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו ענטפערען. דער דינער האָט געמעלדעט א נייעם גאַסט. און באַלד איז דער זאַל געוועזן פול מיט א רוצען מענשען, און ברעסער האָט גענומען אַבשייד.

— ווען וועט איהר מיך ווידער זעהען? — האָט זי גע־
פרעגט, דערלאַנגענדיג איהם די האַנד צום קושען.
— אזוי גיך, ווי איהר וועט עס בעפעהלען.



# עלפטער קאפיטעל.

רודאלף דאצקי איז דורכגעפאלען ביי די וואהלען צום רייכסטאט. ער האט ניט געוואלט זיין דער קאנדידאט פון די גרויסע לאנד־אייגענטהימער, ווייל ער וואלט זיך דאן געמוזט אנשליסען אן איינער פון די עקזיסטירענדע פארטייען, און דאס האט ער ניט געוואלט. ער האט געוואלט אויסערוועהלט ווערען, אלס אונאבהענגיגער. אין די וואהל־פערזאמלונגען האט ער ענטוויקעלט זיין פראגראם אין זעהר פיעלע שעהנע רעדען, וועלכע זיינען שטארק אפלאדירט געווארען, אבער די שטימען־מעהרהייט האט געקראגען זיין געגען־קאנדידאט.

דער געגען־קאנדידאט האט אויפגעשטעלט אן אלטען, אויסגעפרובירטען פראגראם, פול מיט אלערליי פערשפרעכונגען, אזוי, אז די שטימען זיינען ממש געפלויגען צו איהם. אלעס געהט דאך — עס איז דאך אזוי נאטירליך — אויף דעם וועג פון דעם גרינגסטען ווידערשטאנד, דאס הייסט, אויף דעם אלטען, געוועהנליכען וועג. די נייע, נאך קיינמאל ניט געהערטע אידעען, וועלכע רודאלף האט ענטוויקעלט, זיינען טהיילווייז געבליבען אונפערשטאנען, און טהיילווייז האבען זיי אנגעיאגט א מורא אויף די וועהלער.

בעזאנדערס פון די פון זיין קלאס האט ער געמוזט אויסשטעהן אלערליי פארווירפע. די עלטערע צווישען זיי האבען איהם געוואלט פשוט לערנען, ווי זיך צו בעגעהן. זיי זיינען דאך געוועזען שוין פראקטישער, ערפאהרענער, ווי דאצקי. זיי האבען אלעס געוואוסט, וואס מען מוז טהאן, אום צו קענען ווערען אויסערוועהלט, און זיי האבען, אלס גוטע פריינד, געזוכט איהם אבצואווענדען פון זיינע אונפראקטישע אידעען. דאס אדער יענעס מעג שוין גאנץ ריכטיג זיין — האבען זיי

גע'טענה'עט צו איהם—מאנכעס זאָגאר אונבעשטרייטבאר, דאָך דארף מען ניט רעדען וועגען דעם, ווייל אין מאנכע קרייזען קען 'עס ארויסרופען פערדרוס, און מעהר פון אלץ איז נויטיג צו מאַכען די אייגענע פארטיי רעגיערונגס־פעהיג. דערפאר איז דאָס אונטערוואַרפען־זיך אונטער דעם פארטיי־אינטערעס דער וויכטיגסטער פאָליטישער פרינציפּ. נאָכגעבען אויף געוויסע פונקטען, כדי אין אנדערע פונקטען זאָל מען אייך נאָכגעבען.

— קורץ, קאָמפּראָמיסען — האָט רודאָלף אונטערבראָכען אזעלכע גוט־מיינענדע פריינד — ניין, איך דאַנק אייך.

דעם גרעסטען ווידערשטאַנד האָט אָבער רודאָלף געפונען דאָרט, וואו ער האָט עס אם ווינציגסטען ערווארט — ביי זיין פרוי און שוויגער. עס איז ניט געווען קיין דירעקטער ווידערשטאנד נעגען זיינע פּרינציפּען, ווייל פון די האָבען זיי גאָרניט פערשטאַנען, נור דאָס איז געווען אן אינדירעקטער ווידערשטאנד, אין וועלכען זיי האָבען ארויסגעבראכט זייער אייגענע אויפפאסונג פון דער פארלאמענטארישער קאריערע, אין וועלכער זיי האָבען ניט געזעהען קיין אנדער זאך, ווי נור א מיטעל פאר די דערגרייכונג פון אייגענע, פערזענליכע נוצען. אלס די אויפגאבע און פליכט פון אן אָבגעאָרדנעטען, האָבען זיי בעטראכט דאָס שטרעבען צו מאַכען פאר זיך א גרויסע קאריערע, דאָס הייסט, טהאָן און רעדען אלעס, וואָס עס קען געפעלען דעם אָדער יענעם מיניסטער. „דארום, רודי, נור אימער פערטהיידיגען טהראָן, אלטאר און ארמיי... אונזער הויף איז דאָך זעהר פרום און אונזער קאיזער האָט דאָך אויך ליעב פריעדען... אָבער ער האָט אויך ליעב זיין ארמיי און טהוט אזוי פיעל פאר איהר.... דאָס, וואָס פרידריך טילינג האָט געוואָלט, איז גאַנץ שעהן, אָבער די מיליטער טאָר מען ניט טשעפּען... וואָס שטאַרקער די ארמיי איז, און וואָס בעסער זי איז בעוואפּענט, דאָס וועניגער וועלען די אנדערע מעכטע זיך אָנפּאנגען מיט אונז.... און דאַן וואָס וועט ווערען פון אלע זיהן פון דעם אדעל, ווען מען וועט דארפען וועניגער אָפיציערען ?... און דאַן איז עס ניט

אנשטענדיג, ניט פאטריאָטיש, ווען מען בעקעמפט דעם מילי־
טאריזם — דאָס טהוען דאָך די זאָגענאַנטע רויטע, וועלכע
ווילען אונטערגראָבען אונזער גאַנצע אָרדנונג...

רודאָלף האָט זיך אפילו זעהר אונגעדולדיג געוועהרט גע־
נען אזא אריינמישען זיך, אָבער אין אזא אָדער אין אַנאַנדער
פאָרם האָבען זיי איהם אימער געזשומעט אין די אויערען. ער
האָט דארום געפיהלט זיך כמעט גליקליך, ווען ער איז ניט אויס־
ערוועהלט געוואָרען, ווייל צו דעם קאמפף, וואָס ער וואָלט גע־
מוזט אויפנעהמען אין רייכסטראט, וואָלט נאָך צוגעקומען דער
קאמפף מיט די זייניגע. ער וואָלט געוויס זיך ניט צוריקגע־
שראָקען פון דעם קאמפף, און ער איז געווען ענטשלאָסען ביי
דער נעכסטער געלעגענהייט דאָסזעלבע ווידער צו טהאָן.

דעם פלאַן זיינעם, וועגען וועלכען ער האָט גערעדט מיט
זיין מוטער, צו שטעלען זיך אין פערבינדונג מיט די פריינד פון
פריעדען, האָט ער אויסגעפיהרט. ער האָט געשריבען צו די
פערשיעדענע פראָמינענטע קעמפפער פאר פריעדען אין פער־
שיעדענע לענדער, און פון זיי האָט ער אויסגעפונען גאַנץ גענוי,
ווי עס שטעהט מיט דער „בעוועגונג“ פאר פריעדען, און עס
איז געווען נענוג, וואָס אריינצוטראָגען אין דעם פראָטאָקאָל.
וואָלט רודאָלף אויסערוועהלט געוואָרען אין פארלאמענט, וואָלט
ער פרובירט צו שטעלען זיך אן די שפיץ פון אן עסטרייכשער
גרופפע פון פריעדענס־פריינד.

איבעריגנס איז רודאָלף נאָך אלץ געבליבען, ווי געווען, א
פיינד פון קהל'שע זאכען, פון פארטייען און פעראיינען. מאר־
טא, זיין מוטער, האָט מיט איהם איינגעֿ'טענה'עט, אז דער
בעסטער אופן צו פערווירקליכען טילינג'ס אידעען, וואָלט גע־
ווען אריבערצופלאַנצען די אינטערנאציאָנאַלע בעוועגונג, מיט
וועמעס פיהרער ער קאָררעספאָנדירט זיך, נאָך עסטרייך, אז
אויך אין וויען זאָל זיך גרינדען א פעראיין, וועמעס מיטגלידער
וואָלטען זיך געקאָנט בעטהייליגען אין די קאָנגרעסען, וואָס
ווערען אָבגעהאַלטען יעדען יאָהר. אָבער צו דעם האָט זיך רו־

דאָלף ניט געקאָנט ענטשליסען. ער איז ניט געווען „פּעראיינס־מיעד“, ווי דאָס איז דער פאַל מיט פיעלע מענשען נאָך א לאַנ־גער ערפאהרונג, ווייל אין דעם האָט ער דאָך גאָר קיין ערפאה־רונג ניט געהאט. ער איז אָבער געווען פעראיין־שרעקעדיג. גאַנץ פּראַקטישע זאכען, האָט ער געגלויבט, ווי די ציעלען פון „רויטען קרייץ“; אלערליי רעטונגס־געזעלשאַפטען, דאָס האָט ער פערשטאַנען, אום צו האָבען ערפאָלג, נויטיגט זיך אין אָרגאַניזאציאָן; אָבער אבסטראַקטע אידעען, מאָראל־אידעען, פילאָזאָפּישע וואהרהייטען — ווי קענען די נעהאָלפען ווערען דורך אָפיסעס, בעאמטע, פּראָטאָקאָל־ביכער, קאָנגרעסען, רעזאָלוציאָנען? די מוזען, אום צו קענען ענדערען די עפענטליכע אינסטיטוציאָנען, געפינען זייער וועג אין הויז, אין די שול, אין די קעפּ פון די גייסטיגע פיהרער און הערשער. „א וועלטאנשויאונג — פלעגט ער זאָגען — לאָזט זיך ניט אָר־גאניזירען. פאַר די ערציהונג פון דער געזעלשאַפט זיינען ניט נויטיג ניט קיין פּאָרזיצענדע, ניט קיין פּראָטאָקאָל־סעקרעטערע, און ניט קיין קאססעס, נור לעהרער, פּרעדיגער“.

— און ווילסטו דען ניט ווערען דער לעהרער?

— ווילען — העגגט עס דען אָפּ פון ווילען? — האָט ער צוריק געפרעגט — פונקט אזוי גוט וואָלט זיך איינער געקאָנט פּאָרנעהמען צו זיין א גאון. ווי הויך עס וועט זיין די קראַפט, וועלכע איינער שטעלט אין דיענסט פון דער זאך, אין וועלכער ער גלויבט, דאָס קען מען ניט בעשטימען. נור דאָס קען איי־נער זיך פּאָרנעהמען: טריי צו דינען, מיט דעם גאנצען כוח, וועלכען מען האָט נור.

און אזוי ווי די טריבונע פון פּאַרלאמענט איז פאַר איהם געבליבען פערשלאָסען, האָט רודאָלף געזוכט אנאנדער טריבונע, פון וועלכער ער זאָל קענען לאָזען די וועלט וויסען וועגען זיינע געדאנקען און פלענער, וואָס האָבען אָנגעפילט זיין קאָפּ. דאָס סאמע נאָהענטסטע איז געווען צו שרייבען ארטיקלען אין די צייטונגען. ער האָט עס פּרובירט. די אידעען און פּרינציפּען,

וועלכע האָבען ניט געפונען קיין חן אין די אויגען פון די וועה־לער, האָט ער איצט אויסגעדריקט אויפ'ן פּאַפּיר אין דער פאָרם פון אַרטיקלען. אָבער גאָר ווענינ גליק האָבען זיי געהאט ביי די גרויסע פּאָליטישע צייטונגען. דאָרט האָט דאַן געהערשט דיזעלבע שמאָלינקע פּאַרטייליכקייט, וועלכע ער האָט געפו־נען אין די לעבעדיגע פּאָליטישע קרייזען, און אַלעס, וואָס איז געוועזען אויסער די גרענעצען פון די געוועהנליכע שלאָג־ווערטער, דאָס האָבען די צייטונגען ניט געוואָלט פּערעפענטלי־כען. פון דעסטוועגען צייט־פראַגען זיינען אימער אם פּלאַץ אין א צייטונג, און ווען אין הערבסט, 1891, האָבען די טעלע־גראַף־אַגענטורען געמאָלדען, אַז אין רוים וועט שטאַטפינדען א פריעדענס־קאָנגרעס מיט דער בעטהייליגונג פון מענשען פון אָפיציעלע קרייזען, האָט עס פּאַסירט, דאָס אויך אין די צײ־טונגען האָט מען זיך פּעראינטערעסירט דערמיט. און א גרויסע וויענער צייטונג האָט פּערעפענטליכט אַן אַרטיקעל פון רודאָלף דאַצקי, אין וועלכען ער האָט אונגעפעהר פאָלגענדעס אויסגע־פיהרט:

מיליאָנען־אַרמייען, צוטהיילט אין צוויי לאַגערען, קלינ־גענדיג מיט די וואַפען, וואַרטענדיג נור אויף א וואונק, שטעהען אָנגעגרייט צו וואַרפען זיך איינע אויף די אַנדערע. דאָס, וואָס עס פערציהט זיך אזוי אָט דער קאַמפף, איז עס נור דער־פאַר, ווייל פון ביידע זייטען האָט מען מורא פאַר די מורא'־דינגקייט זיינע.

אָבלייגען מיינט אָבער נאָך ניט אויפגעבען.

די זאָגענאַנטע „ברכות“ פון פריעדען (אזוי ווי דער בעוואַפענטער פריעדען וואָלט אַליין שוין ניט געווען א קללה), ווערען אונז גאַראַנטירט פון יאָהר צו יאָהר, אָבער נור מיט דעם וואָרט „האָפענטליך“. מען זאָגט אונז צו, אז האָפענטליך וועט דער פריעדען אָנהאַלטען נאָך א יאָהר, נאָך א יאָהר. פון דער אָבשאַפונג פון קריעג, פון דער גענצליכער אבשאַפונג פון דעם געוואַלד־פּרינציפּ, פון דעם ווילען די הערשענדע גע־

וואלטען ניט וויסען. דער קריעג איז פאר זיי הייליג און מען טאר גארניט דענקען פון מאכען איהם אונמעגליך. פון דער אנדערער זייט, אין אנבעטראכט פון דער גרויס, וואס א קריעג וואלט געמוזט אננעהמען אונטער די איצטיגע אומשטענדען, טאר מען אויס מורא פאר דעם אייגענעם געוויסען ניט אנפאנגען. עס מוז דארום אנגעהן אן אייביגעס פארבערייטען־זיך אויף דאס, וואס עס דארף אייגענטליך דורך די פארבערייטונג פערמיעדען ווערען — א פערמיידונג פון דעם, וואס דורך די פערמיידונג ווערט פארבערייטעט.

דער דאזיגער ווידערשפרוך־מאנסטער ערקלערט זיך אזוי:

יענע געביידע פון דער היסטארישער פערגאנגענהייט, וואס מען וויל נאך אויפהאלטען — די פרעהליכע קריג־פיהרונג, דורך וועלכע גרענעצען ווערען געענדערט, דורך וועלכע איינעמס מאכט ווערט גרעסער אדער קלענער, וועלכע אינטערעסירט נור א קליינעם טהייל; פון דער בעפעלקערונג — די דאזיגע קריעג־פיהרונג איז א דאנק דער ענטוויקלונג פון קולטור געווארען א מאראלישע און פיזישע אונמעגליכקייט, מאראליש אונמעגליך, ווייל די מענשען האבען פערלארען זייער ווילדקייט און זייער פעראכטונג צום לעבען, און געהען ניט מיט לוסט צו דער ארבייט פון טוידט־שלאגען. „די בלוט־ארבייט איז מיר פערהאסט", שרייבט פרידריך דער דריטער אין זיין טאג־בוך — פיזיש אונמעגליך, ווייל די צושטערונגס־טעכניק פון די לעצטע צוואנציג יאהר האט דערגרייכט א גראד, וועלכער וואלט דעם נעכסטען קריג געמאכט פאר עטוואס שרעקליכעס, וואס די וועלט האט נאך קיינמאל ניט געזעהען.

א ביישפיעל: וואלט מען געוואלט דורך לאנגע שטונדען פארבערייטען א וואנע, ווארעמען דאס וואסער אזוי לאנג, ביז עס זידט און קאכט, וואלט דאס געווען א זעהר הייסע וואנע פאר איינעם, וואס וואלט אין איהר אריין, אדער בעסער, אריינגעפאלען! מען וואלט עס, דאכט זיך, שוין מעהר ניט געקאנט רופען מיט דעם נאמען וואנע.

און פונקט אזוי וועט מען ניט קענען דאָס, וואָס מוז קו־
מען דורך האַלטען זיך אין איין פאַרבערייטען, אָנרופען מיט
דעם נאָמען מלחמה.

נאָך אַ פּאָר יאָהר אזעלכע, וואָס זאָלען אויפהאַלטען דעם
פריעדען, אזעלכע פערמעהרונגען פון דער אַרמיי, אזעלכע ער־
פינדונגען פון אַלערליי מאָרד־מאַשינען, און באַלד, נאָך דער
קריגס־ערקלערונג וועלען אַלע קריגספיהרענדע פעלקער זיך אָפּ־
בריהען. יעדען אויגענבליק קען קומען די עקספּלאָזיאָן. די יע־
ניגע, וועלכע האָבען אין די הענד דעם עקספּלאָזיאָנס־שטאָף, גי־
בען, צום גליק, אכטונג. זיי ווייסען, וואָס פאַר שרעקליכע
פאָלגען עס קענען דערפון זיין. און כדי די געפאהר זאָל זיין
אַלץ קלענער, האַלטען זיי אין איין פערגרעסערען דעם פולווער־
סטאַק. וואָלט עס דען ניט געווען איינפאַכער פרייוויליג און
נאָך אַן אַלגעמיינער איינפערשטענדניס אָבצושאַפען דעם פול־
ווער, אין אַנדערע ווערטער, זיך צו ענטוואָפנען, און צו גרינדען
אַ בונד צווישען די ציוויליזירטע שטאַאַטען פון אייראָפּאַ ?"

רודאָלף האָט זיך אונטערגעשריבען אונטער דעם אַרטי־
קעל, און ער האָט ערהאַלטען בריעף פון פערשיעדענע שיכטען
פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָבען זיך ערקלערט מיט איהם
פאָלקאָם איינפערשטאַנען. די צווייטע ווירקונג איז געווען,
דאָס אין זיינע אייגענע קרייזען האָט מען איהם אָנגעהויבען
בעטראַכטען, אַלס „עקזאַלטירטען" מענשען. מאַנכע זיינע
פריינד האָבען געפונען אזא מין „בעגייסטערונג" פאַר שער־
ליך און געפעהרליך. אַנדערע האָבען איהם אָנגעהויבען פּשוט
צו האַסען : אַן אַריסטאָקראַט, און אַ זוהן פון אַן אָפיציער זאָל
רעדען און שרייבען, פונקט ווי די „רויטע", וועלכע ווילען אַלעס
אומשטירצען. די „העפליכע" האָבען עס ערקלערט, אַלס או־
טאָפּיע. דאָס וואָרט פאַסט זיך זעהר, ווען מען וויל מאַכען צו
גאָרניט פערשיעדענע אונבעקוועמע פּלענער. עס ווערט צוגע־
געבען, דאָס די זאַך איז גאַנץ שעהן און ווינשענסווערטה, פונקט
ווי דער וואונש צו בעקעמפּפען דעם טוידט, אָבער איינפאַך

אונמעגליך. דאָס אַלעס, וואָס מיר האָבען איצט, אַלע טעכני־שע און סאָציאַלע ערוווערבונגען — אייזענבאַהנען און אָבשאַ־פונג פון שקלאַפעריי — אַז דאָס אַלעס איז אַמאָל בעטראַכט געוואָרען, אַלס אוטאָפּיע, אָן דעם דערמאָנען זיך קיינמאָל ניט די איצטיגע „אוטאָפּיע"־שרייער.



# צוועלפטער קאפיטעל.

צווישען רודאָלף׳ס פריינד פון זיין אייגענעם קרייז איז גראף קאָלנאָס געוועזען דער איינציגער, וועלכער האָט איהם פערשטאַנען און מיט איהם סימפּאַטיזירט. דער אלטער גראף איז געוועזען פון דער נאַטור א דיכטער, און דיכטער זיינען אימער ביז צו א געוויסען גראַד זעהער. זייער בליק ברענגט ארוים פון דער ווייטעסטער פערגאַנגענהייט ראָמאַנטישע שטריכען אָדער דרינגט אריין אָהן מורא אין יענע צוקונפט־ווייטקייטען, וועלכע וועלען מאַכען פאר א ווירקליכקייט זייער אידעאל פון שעהנקייט. צופּאַסען זיך צו דער אלטעגליכער געגענוואַרט, דאָס קענען ניט קיינע אמת׳ע דיכטער. אין דעם טאָג, ווען עס איז ערשיענען אין דער צייטונג רודאָלף׳ס ארטיקעל, איז רודאָלף אוועק מיט א בעזוך צו זיין פריינד קאָלנאָס.

די צימער, וועלכע דער אלטער עדעלמאַן, מיט אזא פיינעם געשמאַק פאר קונסט, האָט בעוואוינט, זיינען אליין געוועזען א פּאָעמע. א רייהע פון מעהרערע צימער, הויך און געראַם, ווי זאַלען, זיינען געוועזען פול מיט געזאַמעלטע קונסט־אוצרות. בילדער פון גרויסע מאַהלער, סטאַטועטען, אלטע מעבעל, טהייערע שטאָפּען, טעפּיכע און פעללען, אלערליי געפעס און וואַפען, הונדערטערליי זאכען פון פּאָרצעלאַי און גאָלד, פון עלפענביין און בראָנז. דאן זיינען געוועזען צירונג אלערליי, יוּאוועלען און עמאַיל און פינקלענדע שטיינער. מיטעלאלטערליכע מאַנוסקריפּטען מיט אויסגעמאָלטע ערשטע בוכשטאַבען — און דערביי די נייסטע, נאָך ניט אויפגעשניטענע ביכער פון דער לעצטער וואָך. דאָס אָבער איז ניט געוועזען אויסגעשטעלט אין שאַפּעס און אויף פּאָליצעס, ווי אין א מוזעאום, נור אלס צירונג און אָהן אירגענד וועלכען בעשטימטען סדר.

גראף קאָלנאָס איז געגאַנגען אַנטקעגען זיין גאַסט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

— גרים גאָט, רודאָלף. זעהר שעהען פון דיר, דאָס דו פערגעסט ניט אַמאָל צו קומען צו מיר.

ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען אונטערשיעד אין על־טער, האָבען זיי איינער דעם אַנדערען געדוצט.

אין זיין אויסערליכען אויסזעהען האָט גראף קאָלנאָס גע־הערט צו דעמזעלבען טיפּ, ווי דאָצקי. דיזעלבע הויכע, בויג־זאַמע געשטאַלט, דערזעלבער איידעלער פּנים, און דיזעלבע אונטערגעשאָרענע בערדעל, מיט דעם אונטערשיעד, דאָס איינע איז געווען שווארץ און די צווייטע ווייס, ווי שנעע.

— עס איז גוט, וואָס איך געפין דיך דאָ גאַנץ אַליין, איך וויל ווידער פאר דיר אַראָברייידען פון הארצען און פרעגען ביי דיר אַן עצה.

— איך בין אין גאַנצען דיינער, מיין יונג. קום, לאָמיר זיך זעצען דאָ, אין מיין קליינעם ארבייטס־געפּעכגנים... דאָרט איז מעהר בעקוועם און געמיטהליך.... אַלזאָ, דו ווילסט מיין עצה, און דאן ווידער ניט פאָלגען?.... אָה, פּראָטעסטיר ניט... דו ווייסט דאָך, אז איך האָב דיך אָבגערעדט פון צו זיין א קאַנ־דידאַט פאר'ן רייכסראַט — און ווער איז דאָך געגאַנגען, אום צו קריגען פאר זיך די צווייפעלהאַפטע פּריווילעגיע צו קענען זאָגען אין כאָר „יא“ אָדער „ניין“, לויט ווי מען ווערט אָנגע־צויגען פון דעם פּארטיי־שליסעל?... אָבער דיין גוטער מזל האָט דיך געראַטעט פון דעם....

— ענטשולדיג, איך וואָלט זיך ניט געלאָזט אָנדרעהען, ווי א שפּיעל־קאַסטען. איך וואָלט ארויסגעבראַכט מיין אייגען ליעד. אָבער אזוי ווי דערפון איז גאָרניט געוואָרען, האָב איך פּרובירט אַנאַנדער מיטעל, ווי אזוי צו ווערען געהערט.

— יאַ, דורך די צייטונגען, איך האָב געלייענט דיין אר־טיקעל. וואָס דו זאָגסט, איז אמת, אָבער —

— אויב עטוואָס איז אמת, דאַן דארף עס געזאָגט ווערען, און דאָ איז ניטאָ קיין „אָבער“.

— דאָס גיב איך צו, מיין „אָבער" איז ניט געווען גע־ציעלט געגען דיך, נור געגען אונזערע מיטמענשען. די וועלט וויל ניט הערען קיין „וואָרהייט", וואָס רייסט איהר ארויס פון איהר בעקוועמליכקייט.

— וואָס רופסטו „בעקוועם" — די אַלץ שווערערע לאַסטען פון בעוואָפנונג, די איביגע אונזיכערהייט, דער אַלגע־מיינער דיענסט־צוואַנג, דער קריג, וואָס הענגט איבער אונז, אלס דער דאַמאָקלישער שווערד — אָט דאָס אַלעס רופסטו בעקוועם?

— בעקוועם, ווי אַלעס, צו וואָס מען איז צוגעוועהנט, ווייל מען האָט זיך שוין צו דעם צוגעפּאַסט, און מען האָט מיט דעם געוויסע אינטערעסען פערבונדען. אין אונזער אָרדנונג, אויפ־געבויט אויף דער אידעע פון מלחמה, איז דער פריעדענס־פרעדי־גער דער גרעסטער רוהע־שטעהער. אָבער — איך זאָג שוין ווי־דער אָבער — דו האָסט גאַנץ ריכטיג געהאַנדעלט, און דיין אר־טיקעל פרעהט מיך. און וואָס מעהר די אַנדערע האָבען זיך גע־קרימט איבער איהם, דאָס מעהר האָט ער מיך געפרעהט. ווען דו ווילסט פאָלגען מיין עצה, איז זי אָט וואָס: שטעה פעסט ביי דעם. דאָס בלייבען פעסט אויף א געוויסען וועג, דאָס איז אימער דאָס שווערסטע. אָבער איך בין זיכער, אז דו האָסט דעם כוח דערצו.

— איך דאַנק דיר. יע, צו בלייבען פעסט איז ניט אזוי לייכט. און וועגען דעם וויל איך טאַקי מיך בעקלאָגען פאר דיר.

— וואָס מאַכט דיך מוטהלאָז, דו צווייפלער?

— ניט די פרעמדע צווייפעל, נור אן אייגענער.

— ווי, דו גלויבסט ניט פעסט אין דעם, וואָס דו זאָגסט?

— ניין, מיין איבערצייגונג איז פונקט אזוי טיעף, ווי קלאָר. איך צווייפעל נור אין די מעגליכקייט אויפצואוועקען די מאַסען פון זייער גלייכגילטיגקייט. דיזע מאַסען זעה איך פאר מיר ליגען, ווי א גאַנצע קייט פון פעלזען. אין דער האַנד האָב איך א לאַנצעט — און דערמיט זאָלען די פעלזען געריהרט ווערען

פון זייער פּלאַץ! און אפילו, ווען אָנשטאָט א לאַנצעט וואָלט איך געהאַט אין האַנד א באָמבע, שטעלט זיך די פראַגע, וואו זאָל איך לאָזען די באָמבע עקספּלאָדירען? לאָמיר רעדען פּראָסט: וואו פאַנג איך אָן, אום אוועקצוקאַטשען די פּאַראַורטהיילע? זיי זיינען דאָך אַלע אזוי ,,גיפּט און געבונדען איינע מיט די אַנדערע! און וואו זאָל איך אָנפאַנגען, אום צו פערטרייבען דעם אונגליק פון דער וועלט? דער אונגליק הייסט דאָך ניט בלויז מלחמה, ער הייסט אויך די פינסטערניס פון גייסט, עלענד, די רויהקייט פון הארצען, אויסגעלאַסענהייט, און אזוי ווי דאָס איז דאָ אין אַלע קלאַסען, קען מען אויך ניט האָפען אויף קיין ער־לייזונג פון דעם קלאַסענקאַמפּף. איך מיין, דאָס —

רודאָלף איז אונטערבראָכען געוואָרען. דער דינער האָט אָנגעזאָגט דעם בעזוך פון א נייעם גאַסט: — הער האָפראַט, דאָקטאָר בלאַנד.

— לאָז איהם אריינקומען.

קאַלנאָס האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ, אום אויפ־צונעהמען דעם גאַסט מיט א פריינדליכען דריק פון האַנד. דער גאַסט איז געווען א גאַנץ בעלייבטער, ערנסט־אויסזעהענדער מאַן פון א יאָהר פופציג. דאַן האָט ער פאָרגעשטעלט: רייכס־ראַט־אָבגעאָרדנעטער, דר. בלאַנד — גראַף דאָצקי. די הערען זיינען דאָך קאָללעגען... דאָס הייסט, ניט קאָללעגען, נור עט־וואָס מעהר נאָך: געזינונגס־גענאָסען. קאַלנאָס האָט ערקלערט זיין בעצייכנונג מיט דעם, וואָס דר. בלאַנד איז איינער פון די „זיילען“ פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער נייער פּאַרלאַמענטאַרישער „גרופּפּע פאַר פריעדען און שיעדסגעריכט“, און פאָהרט צו דער קאָנ־פערענץ אין רוים, אַלס איינער פון איהרע דעלעגאַטען, און אין גראַף דאָצקי — האָט ער צוגעלייגט — זעהט איהר דעם פערפאַסער פון דעם אַנטימיליטאַריסטישען ארטיקעל, וועל־כער —

— אה — האָט אונטערבראָכען דער האָפראַט — איהר

זיינט עם דערזועלבער גראף דאָצקי, וועלכער ביי די וואהלען —

— איז דורכגעפאלען? יא, דער בין איך, הערר דאָקטאָר. האָב דארום קיין רעכט ניט אייך צו רופען מיט'ן נאָמען קאָללע־גע, און דאָס מעהר אינטערעסירט מיך אונזער געמיינשאפטלי־כע געזינונג... איהר האָט, אלזאָ, בדעה צו בעקעמפפען דעם מיליטאריזם אויף דער קאָנפערענץ אין רוים?

די דריי זיינען שוין איצט ווידער געזעסען און קאָלנאָס האָט אָנגעוויזען אויף די ציגארעטען, וואָס זיינען געשטאנען אויפ'ן טיש. בלאנד האָט גענומען מיט א דאנק א ציגארעטע, און זי פערררויכערט. דערביי האָט ער בעטראכט דורך די גלעז־לאך פון זיינע גאָלדענע ברילען דעם פרעגער זייגעם מיט גרויס אויפמערקזאמקייט, און באלד האָט זיין ערנסטער פנים אָנגע־נומען נאָך א שטרענגערען אויסדרוק.

— הם, אלזאָ, יענעם ארטיקעל האָט איהר געשריעבען?... איך געדענק איהם ניט מעהר גאנץ גוט... דאָך אייער שטעלען מיר די פראגען וועגען מיין רייזע נאָך רוים בעווייזט, אז איהר האָט א פאלשע אויפפאסונג פון מיינע אנזיכטען. איהר האָט געפרעגט, אויב איך וועל דאָרט בעקעמפפען דעם מיליטאריזם? ניין, דאָס ניט —

— טו צו וואָס זאָלט איהר גאָר פאָהרען אהין?

— מיין גאָט, ווען איך זאָל זיין מיט אייך גאנץ אויפריכ־טיג, האָב איך שוין לאנג געוואָלט זיין אין רוים, מיין פרוי אויך... און דערצו וועט דאָך אויך די קאָנפערענץ זיין גאנץ אינטערעסאנט... און פאר דעם פריעדען קען מען אימער זאָגען א גוט וואָרט, נאטירליך, אונטער דעם בעדינג, אז דאָס פא־טערלאנד זאָל אימער זיין גוט בעשיצט. דערצו, פערשטעהט זיך, קען קיין רעדע ניט זיין פאר אן ערנסטען פאָליטיקער פון אן אייביגען פריעדען —

— אָבער, וואָס, אום גאָטעס ווילען, מוז איך אייך שוין פרעגען, האָט איהר צו טהאָן מיט א פריעדענס־קאָנפערענץ — האָט גראף קאָלנאָס איהם געפרעגט.

— אָה, מען קען דאָרט זעהר ניצליך זיין, בעזאָנדערס מוז מען אויפפאַסען, אַז, ווען עס ווערען אויפגעהויבען אזעלכע פראגען, ווי די עלזאַס־לאָטהארינגישע, די איררענדענטיסטישע אָדער נאָך אזעלכע פראגען, זאָלען די היציגע קריגען א ביסעל אָבגעגאָסען מיט קאַלט וואַסער. דער עקזיסטירענדער צושטאַנד פון דעם טערריטאָריעלען בעזיץ פון די שטאַאטען טאָר ניט גע־ענדערט ווערען. ווער עס איז פאר דעם, אז דער פריעדען זאָל אָנגעהאַלטען ווערען — און פאר דעם איז דאָך יעדער פערנינפ־טיגער מענש, און בעזאָנדערס אונזער פּאַרטיי — דער מוז אויפפאַסען, אַז אַלעס זאָל בלייבען, ווי עס איז, דער מוז וויר־קען, אַז די נאַציאָנען זאָלען זיך צוריקהאַלטען פון יעדער ער־אָבערונגס־פּאָליטיק און זיך נור בענוגענען דערמיט צו זיין אזוי שטארק, אַז מען זאָל זיך קענען וועהרען געגען די אטאַקען פון אנדערע. וואָלט דער דרייבונד —

— ווער זיינען עס די אנדערע? — האָט קאָלנאָס איהם אונטערבראָכען — ווען די נאַציאָנען האַלטען זיך צוריק פון דער עראָבערונגס־פּאָליטיק, טו געגען וואָס פאר אַן אָנפאַל האָרף מען דאן זיך וועהרען?

—אָבער בלאַנד האָט ניט גענומען אין בעטראַכט די איינ־ווענדונג פון גראף קאָלנאָס, און האָט פאָרטגעזעצט:

— וואָלט דער דרייבונד ניט געווען אזוי שטארק, וואָלטען די פראנצויזען גלייך אָנגעפאנגען א מלחמה, און געגען דאָס אריינפאלען פון די קאָזאַקען מוז מען אויך האַלטען טרוקען אונ־זער פולווער.

— און מיט אזעלכע אנזיכטען זיינט איהר א מיטגליעד פון דעם אינטערפּאַרלאַמענטאַרישען פעראיין פאר פריעדען און ענטוואפנונג?

— פאר פריעדען און ארביטרייישען, ניט פאר ענטוואפ־נונג. דאָס וואָרט ענטוואפנונג טאָרען מיר גאָרניט דערמאָנען. עס איז אונפּאַטריאָטיש, ניט לאָיאַל און נאַריש.

— ערלויבט נור — האָט זיך קאָלנאָס אריינגעמישט —

זיען עס וועלען געשלאָסען ווערען אָבמאַכען צווישען די נאַציאָ־נען, טו צו וואָס דארף מען די איבערטריבענע בעוואפנונג? איז דאָס ניט געראדע דאָס, וואָס איז אונפערנינפטיג? און ווי פאסט זיך דאָס צוזאמען מיט די זאָגענאַנטע ליבעראַלע אידעען?

בלאַנד האָט ניט לאַנג געזוכט אַן ענטפער:

— ערשטענס, זיינען נאָך די אַרביטריישען־געריכטע גאַנץ, גאַנץ ווייט, און דאַן וועלען זיי נור אָנגעווענדעט גע־ווערען אין אזעלכע פעללע, וואו עס ווערען ניט אָנגעריהרט די עהרע און לעבענס־אינטערעסען פון די שטאַאַטען. און וואָס אַנבעטרעפט די איבערטריבענע בעוואפנונגען, איז אין דעם זיינט איהר פאָלשטענדיג גערעכט, מיינע העררען, די רעגירען די נאַציאָנען, און געגען דעם מוז מען זיך בעוואָרענען. אין דעם פונקט זיינען מיר, ליבעראַלען, אימער אויף דער וואַך, און מיר בעקעמפפען זיי פעסט. מיר פערלאַנגען חשבון פון יעדען גראָשען; וויפיעל מיר קענען, רייסען מיר פון די מיליטערישע הוצאות. יעדעס יאָהר, ביי דער דעבאַטע איבער דעם בודזשעט, הויבט איינער פון אונז אויף זיין שטימע, אום צו פאַרדאמען דאָס אונגעזונדע וואַקסען פון דעם מיליטאַריזם. דאָס איז אָבער נור וועגען דעם מיליטאַריזם. וואָס אַנבעלאַנגט אָבער די מיליטער, די מוז דער שטאַאַט האָבען.

קאָלנאָס האָט אונטערדריקט ... ערקונג: „בעזאָנדערס, ווען מען האָט ביידע זיהן אין די מיליטער־שוהלען“. די בע־מערקונג האָט ער אויסגעדריקט אין אַזא פראַגע:

— ווי געהט עס אייערע ביידע זיהן, הערר האָפראַט?

— איך דאַנק. די אינגלאַך געהט עס אויסגעצייכענט. זיי פרעהען זיך שוין בעצייטענס אויף זייערע אָפיצערסקע מונ־דירען. זיי ווילען ניט הערען פון אַנטימיליטאַריזם. דער עלט־סטער וועט שוין דעם קומענדען זומער זיין אָפיציער — דאָס וועט זיין דער שטאָלץ, בעזאָנדערס, פאַר זיין מוטער.

רודאָלף האָט זיך אויפגעהויבען:

— ליעבער פריינד — האָט ער געזאָגט צו גראף קאָלנאָס — איך מוז שוין געהן.

אָבער קאָלנאָס האָט ניט געלאָזען רודאָלף'ען אוועקגעהן. און נאָכדעם, ווי מען האָט גערעדט נאָך א פערטעל שטונדע איבער פערשיעדענע זאכען, און ביי וואָס רודאָלף האָט מייסטענס געשוויגען, איז עס געוועז דער האָפראַט, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען, אום צו געהען. איהם האָט קאָלנאָס ניט צוריקגעהאלטען.

און נאָכדעם, ווי זיי זיינען געבליבען אליין, האָט קאָלנאָס געזאָגט צו רודאָלף דאָצקי:

— איך דערקען אָן דיר, מיין ליעבער רודאָלף, אז דו האָסט זיך געערגערט. ווארום האָסטו איהם ניט געענטפערט?

— אָט טאָקי דערפאר. קיין זאך פערשטיקט ניט אזוי מיין האלז, ווי פערדרוס און צאָרן. א חוץ דעם, וואָלט איך דען געקאָנט עטוואָס זאָגען, וואָס וואָלט געקאָנט ענדערען די איינגעגעסענע אנזיכטען פון דעם מאַן? פאר א גרויסען עולם אָדער אין רייכסטאג וואָלט איך, אפשר, איהם געענטפערט, צוליעב דעם עולם, צוליעב די, וואָס געפינען זיך הינטערען פענסטער, אָבער דאָ — צו וואָס? ער וואָלט עס דאָך מיר ניט געגלויבט, דאָס ער איז א געוועהנליכער ליבעראַל, פון יענע פאָרשריטס־בורזשויען, וועלכע פאַראַליזירען נור דעם פאָרטשריט. מיר גרוילט פאר די דאָזיגע ליבעראלען. עס זיינען מיר שוין ליעבער די קאָנזעקווענט־קאָנסערוואטיווע, די ענטשלאָסענע רעטראגאדען, די געהען דאָך וועניגסטענס אין די ריכטונג, וואו זייער ציעל איז. אָבער דער סאָרט מענשען טרומייטערט, אַז ער שטורעמט נאָך לינקס, דערביי ווינקט ער מיט'ן אויג אויף רעכטס, און ריהרט זיך ניט פון אָרט, און דערצו נאָך האלטען זיי ביי די פאָלעס די, וועלכע ווילען ווירקליך געהן לינקס... און פאר וואָס פאר חכמים זיי האלטען זיך דאָס, דיזע פרייהייטס־העלדען, וועלכע קענען זיך בוקען און צופאסען צו אלערליי יאָכען און קייטען... זיי נעהמען טאָקי דעם פייל אין האנד אריין, אָבער

זיי געברויכען איהם ניט. דער ליארעם, וואָס זיי מאַכען, נעה־מענדיג זיך זעגען, קען נור ווערע טהאָן די געהער־נערוועז. אָבער די קייטען בלייבען גאַנץ, און דערוויילֿ, אונטער די נע־נעבענע אומשטענדען, זיינען דאָך די יאָכען און די קייטען גאַנץ ניצליכע אינסטיטוציאָנען... אפשר דאַרפֿען זיי ניט זיין אזוי שטייף, אָבער דער שטאַאט מוז זיי האָבען.

קאָלנאָס האָט געלאַכט:

— ווי דו היצסט זיך דאָס א קאָפּ! איך וויל ניט פערטהיי־דיגען בלאַנד און זיין סאָרט, אָבער גיסטו דען ניט צו, אַז, ווען אפילו מען וויל געהן פּאָרוועדטס גאַנץ עדגעסט, איז דאָך זעהר ראַטהזאם צו געהן לאַנגזאם? עוואָלוציאָן — דאָס לערענט אונז די נאַטור — איז א זעהר לאַנגזאַמער פּראָצעס.

— אזוי ווי מיר וואָלטען דאָס ניט געוואוסט! אָבער מיר ווייסען אויך, אַז דאָס ביסעלע, וואָס מיר טהוען זיך ווייטער א רוק, איז דער רעזולטאַט פון דער גרעסטער איילעניש און פון דער גרעסטער קראַפט־אנשטרענגונג פון די איינצעלנע קליינע מענשעלעך. איבעריגענס, איך קען מיך ניט צופּאַסען צו די אלע צופאַסער, און וועל מיט די מענשען אָפּברעכען, און דאָס גאַנץ אָפען.



# דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

## פון מארטא'ס טאגעבוך.

יאנואר, 1892.

„ווען די זון איז אונטערגעגאנגען, איז די געשיכטע פון טאָג פארביי“. מיט די ווערטער האָב איך בעגרינדעט פאר רו־דאָלף'ען מיין ענטשלוס ניט צו שרייבען ווייטער מיין לעבענס־געשיכטע.

אָך האָב איך ווידער ארויסגענומען א העפט, אין וועלכען איך וויל פארצייכענען ניט דאָס, וואָס מיר אנבעטרעפט, מיין שיקזאל, נור דאָס זעעלען־לעבען פון מיינע קינדער, אזוי פיעל, וויפיעל איך קען זיי פערשטעהן. זיינע קינדער זיינען ניט גליקליך. ווען איך האָב מיין בוך געענדיגט, איז אריינגעטרע־טען א וועגדונג אין מיין לעבען, וועלכע — אין ראָמאַנען און אויף דער ביהנע — האָט דעם אנבליק פון אן אויסגאנגס־פונקט פון א ניט־פערוואָלקענטען גליקליכען לעבען: גלענצענדע פערהעלטניסע, די געבורט פון א יורש, פערלאָבונג. איך האָב מיך אליין געלאָזט נארען, און האָב עס גערופען דאָס געזיכערטע גליק פון מיינע קינדער, וואָס זאָל לעלויכטען דעם לעבענס־אָבענד פון מיין לעבען.

אך, עס האנדעלט זיך אָבער דאָ ניט וועגען מיין אָבענד; איך בעדויער נור, וואָס זייער יונגעס לעבען איז ניט אזוי שעהן און קלאָר, ניט אזוי אָהן וואָלקענס, ווי מיר האָט זיך יעמאָלט געדאכט.

מיין אָרימע סילוויא... איהר מאַן נארט איהר — דאָס וויים די גאַנצע שטאָדט. ער האָט געקויפט פאר זיין געליעבטע א קליין מאַיאָנטיק. ער פּרובירט שוין גאָרניט צו פארבאהאל־

טען זיך. און סילוויא ווייזט ניט ארויס די מינדעסטע אייפער־זוכט — א סמן, דאָס זי איז גאַנץ גלייכגילטיג צו דעלגניצקי, אויב זי האָסט איהם ניט זאָגאר. און אזוי איז זי איינזאם! זי האָט זיך ניט פערטרויט צו מיר, ווייל זי וויל מיר ניט וועה טהאָן. גלויבט זי דען, דאָס איך זעה ניט, ווי אונגליקליך און אָהן פרייד איז איהר לעבען?

און רודאָלף... ער טראָגט נאָך א גרעסערע לאסט פון זאָרגען. ער האָט גענומען אויף זיך די זאָרגען פון דער וועלט. ער ליידט פון אלץ, וואָס איז טרויעריג אין דער וועלט, פון אלעס שלעכ־טע, וואָס רופט ארויס שמערץ, פון אלעס נארישע, וואָס מאַכט איהם אזוי עמפּערט, פון אלץ, וואָס איז געמיין, וואָס מאַכט איהם פיהלען אזוי עקעלדיג. „אָבער בעטראכט דאָך" — האָב איך ניט לאנג צוריק געזאָגט צו איהם — דאָס שעהנע, דאָס גו־טע, דאָס ליכטיגע, וואָס איז דאָ אין לעבען, און וואָס ווערט אלץ מעהר און מעהר... און דו העלפסט אויך מיט, אז דיזע צו־קונפט זאָל וואָס שנעלער קומען, איז דען דאָס ניט פאר דיר אַן ערהויבענדע בעפרידיגונג?" האָט ער אויף מיינע ווערטער גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט: „ביז איצט האָב איך נאָך גאָרניט אויפגעטהאָן. האַלט זיך נור אין איין פאַרבערייטען, און קום אלץ ניט צו דעם, איך זאָל עפּעס אויפטהאָן. איך בין, ווי דער שניטער, וועלכער האַלט אלץ אין איין שלייפען זיין סערפּ, ווי א מאַלער, וועלכער הערט ניט אויף בלייפעדער צו פערשניצען..."

געוויס, ער איבערטרייבט, ער האָט שוין געטהאָן, נור ער ווערט אלץ געשטערט פון אַן אקטיוועז און פאסיוועז ווידער־שטאַנד פון אנדערע... אָט איז ער געלאָפען, אלס קאנדידאט אין רייכסראט, איז ער ניט אויסערוועהלט געוואָרען... דאַן האָט ער געמאַכט א רייזע נאָך בערלין... געהאַט אַן אונטערערדונג מיט ביסמארק... דער אייזערנער קאנצלער האָט איהם צוריקגעווי־זען פונקט, ווי ער האָט עס געטהאָן מיט דעם אָבגעאָרדנעטען ביהלער, מיט דעם פּרינץ אָלדענבורג. ער האָט צו איהם גע־זאָגט: „וועגען ענטוואָפנונג טאָר מען גאָרניט דענקען, וועניגער

פון אלץ אין דייטשלאנד, וואס מוז זיך היטען אויף צוויי פראנטען."

פון דעסטוועגען האב איך אין מיין פריעדענס־פראטאקאל געקאנט אריינטראגען נייע האפנונגספולע ארטיקלען. אך, דאס מיין פרידריך'ן איז ניט געוועזען באשערט דאס צו דערלעבען. זיכער וואלט ער זיך אנגעשלאסען אן די אלע פרידענס־פערייגען און קאנגרעסען. דאס אבער וויל רודאלף ניט טהאן. איך בלייב אבער דורך מיין קארעספאנדענץ מיט די גלייכגע־זאנענע פון אלע לענדער אין א שטענדיגער בעריהרונג מיט די טרעגער פון דער פריעדענס־אידעע, און מיין פראטאקאל שפיגעלט אפּ די פערשיעדענע פאזען פון דער פארווערטס־געהענדער בעוועגונג, וועלכע ווערט נאך דערווייל פארשפּאט און איגנארירט פון דער גרויסער וועלט.

און דא זעה איך, ווי דער געדאנק, אז די געוואלט־סיסטעם מוז אבטרעטען איהר פלאץ דער סיסטעם פון יושר, וואקסט אלץ מעהר און מעהר און דרינגט אריין אין אלץ העכערע קרייזען. „די כוואליעס מוזען געהן אזוי הויך" — האט ערשט ניט לאנג געזאגט בזשערנסטערנע בזשערנסאן פאר א פערזאמלונג אין דער פרייער לופט פאר צעהן טויזענד מענשען — די כוואליעס פון דעם פריעדענס־געדאנקען מוזען געהן אזוי הויך, אז זיי זאלען אריינשפריצען אין די ערשטע עטאזשען."

צו זיי וועלען דרינגען ביז צום טהראן? די מענשען בע־הויפּטען, אז דאס איז אונמעגליך, ווייל די טהראנען שטיצען זיך דאך אלע אויף דער בעוואפענטער מאכט. אבער וואס זא־גען דען די מענשען ניט?

צו די נייסטע פערצייכנונגען אין מיין פראטאקאל געהע־רען די פערזאמלונגען אין רוים: די אינטערפּארלאמענטארישע קאנפערענץ, וועלכע איז מיט בעוואונדערונגסווערטהער ענער־גיע פארבערייטעט געווארען פון קאמער־מיטגליעד פאנדאלפי, און דער דריטער וועלט־פריעדענס־קאנגרעס. זייער אפיציעלע אויפנאהמע אין קעניגליכען הויז. די ביידע קערפערשאפטען האבען בעשלאסען אויפצובויען פאר יעדע א צענטראל־ביורא

אין בערן. דער געדאנק נעהמט אָן אַלזאָ מעהר און מעהר גע־שטאַלט. זיינע פערטרעטער אָרגאַניזירען זיך. דאָס, וואָס האָט ביז איצט ארומגעשוועבט אַלס לופט, קייקעלט זיך צוזאַמען און ווערט אַלץ געדיכטער. אַזוי ענטשטעהען פּלאַנעטען און פּונקט אַזוי ענטשטעהען אינסטיטוציאָנען.

קאַלנאָס, ווען איך האָב ערשט ניט לאַנג געוויזען מיין פּראָטאָקאָל, האָט צו מיר געזאָגט:

— איהר טראָגט דאָ צוזאַמען, מיין אָפּטימיסטישע פריינדין, אַלעס, וואָס פּאַסירט אין דער וועלט צו גונסטען פון אייער ליעבלינגס־אידעע, און איהר לאָזט אויס אַלעס, וואָס פּאַסירט צו איהר שאַדען. אייער זאַמלונג נעהמט ארום איין טויזענ־דעל פון דעם, וואָס ווערט טעגליך געטראַכט, גערעדט און גע־טהאָן. פון די איבעריגע 999 טויזענדעל זאָגט אייער פּראָטאָ־קאָל גאָרניט, אָבער די זיינען עס, וועלכע שפּיעלען די הויפּט־ראָליע.

— יאָ, היינט, אָבער שפּעטער? מיליאָנען שנעעלעך בע־גראָבען די בלום אין מערץ... ווער זיעגט אָבער? פרעגט נור דעם פריהלינג — די בלום.

— אָפּטימיסטקע!

— מיט דעם נאָמען בעליידיגט איהר מיך ניט.

— דאָס האָב איך אויך ניט געוואָלט.

— אָבער דער נאָמען פּאַסט מיר ניט. דאָס מיינט דאָך, אַז מען זעהט נור דאָס גוטע, און מען איז בלינד צו אַלץ, וואָס איז שלעכט. איך זעה אָבערביידעס: אָרמוזד און אהרימאַן. דער קאַמפּף צווישען די ביידע געהט דאָך נאָך אָן. אין דעם בי־כעלע זיינען נור פערצייכענט די זיעגע פון אָרמוזד, און דאָס נור אויף איין פעלד, ער זיעגט אָבער נאָך אויף פיעלע אַנדערע. צום ביישפּיעל, ער האָט געמאַכט אַ סוף צו די מענשען, וואָס האָבען געגלויבט אין גיהנום, און אויף זייער פּלאַץ האָט ער אוועקגע־זעצט די קאַלנאָסעס.

— אַ קנאַפּער געווינס — האָט מיין פריינד געענטפערט מיט שפּאַס.

זייט די פריהעסטע צייטען האָבען ביכער געשפּיעלט אין מיין לעבען די ראָליע פון פּאסירונגען. ווי האָבען עס אין מיין יוגענד אויף מיך געווירקט דארווין און באָקל, און ערשט ניט לאַנג צוריק טאָלסטאָי, מיט זיין בוך: „דער קעניגרייך פון גאָט איז אין אייך"! ווייל אזעלכע ביכער ענטפּלעקען זיך פאר מיר אלס נאָך עטוואָס גאַנץ אַנדערעס, ווי בלויז וויסענשאַפט־ליכע און ליטעראַרישע ערשיינונגען: זיי זיינען פאר מיר פּאַ־קעלען, וועלכע בעלייכטען פאר מיר גאַנץ דונקעלע געביטען, און די, וועמען זיי בעוועגען, זיינען מענשען מיט נשמות פול מיט ליכטיגקייט.

מיט א קורצער צייט צוריק איז מיר אריינגעפאלען אין האנד א בוך, וועלכעס איז פאר מיר געוואָרען א פּאסירונג, א גליקלי־כע פּאסירונג. ניט אזוי דאָס, וואָס דער פּערפאסער האָט גע־שריבען, האָט מיך אויפגעטרייסעלט, ווי דאָס, וואָס ער האָט עס געשריבען; דאָס איינער האָט געהאט דעם איידעלען מוטה — מעג עס איהם זיין שטעלונג קאָסטען — ארויסצושרייען דאָס, וואָס האָט אָנגעפילט זיין נשמה, וואָס דורשט נאָך דעם אמת. עס איז נור א דין ביכעלע: „ערנסטע געדאנקען פון מאָריץ פאָן עגידי". די איבערראשונג איז געווען גרויס. עגידי, אָבערלייטענאנט ביי די הוזארען אין פּרייסישען דיענסט, איז ארויסגעטרעטען פון דער ארמיי און איצט — וועט ער דערצו דעם כח האָבען? — וויל ער זיך אין גאַנצען אָבגעבען צו דער אויפגאַבע אויסצובויען אין — אין זיך אליין און פאר אלע אי־בעריגע דאָס, וואָס ער רופט די ערלייזונגס־לעהרע, און וועלכע ער פאסט צוזאמען אין די ווערטער: רעליגיאָן איז מעהר ווי א צוגאָב צום לעבען — אונזער לעבען גופא איז רעליגיאָן. און ראַש, איינע נאָך דער צווייטער, קומען זיינע שריפטען. ער ציהט אלץ מעהר און מעהר די פאָלגען פון זיין אידעע. דער הארצוואָנט פון זיינע געדאנקען ווערט אלץ ברייטער. עס איז א פרייד, דאָס אזעלכע מענשען לעבען. אויפיובלען האָב איך גע־וואָלט, דאָס — פרייד, יובעל? האָב איך, די בערויבטע, אויפ־געשריבען די דאָזיגע ווערטער? איז דען נאָך דאָ די מעגליכ־

קייט פאר מיר צו פרעהען זיך? שפּאַרט זיך ניט באַלד אריין דער פינסטערער, דער ערשרעקענדער געדאַנק: ער איז ניטאָ מעהר מיט מיר צו טהיילען די פרייד?... מעג די וועלט ווערען נאָך ווי שעהן, מעגען זיך איבער איהר אויסגיסען אלע אוצרות, אָבער די שווארצע פוסטקייט, אין וועלכע מיין ליעבסטער איז פערזונקען, בלייבט פאר מיר פוסט און שווארץ.... אַן אָבגרונד אָהן אַ באָדען. פונקט, ווי מען ווארפט אַ שטיין אין די טיפע־ניש, אום צו הערען, ווען ער פאַלט אויף דעם גרונד, אזוי לאָז איך מאַנכעס מאָל מיינע געפיהלען — זאָרג און פרייד — פאַלען אין יענעם קבר־אָבגרונד, און הער זיך איין: „פרידריך, וואָס זאָגסטו צו דעם עגידי?" — אָבער קיין ענטפער, שטום — אויף אייביג.

---

— ליעבע מאַטאַ — האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געזאָגט צו מיר מיינע אַן אלטע קוזינע — איך פערשטעהע דיך ניט. אימער־צו געפין איך דיך פערטיעפט אין צייטונגען און ביכער און אין אלעם נייעס, וואָס קומט ארויס: דיכטונגען, ערפינדונ־גען און בעוועגונגען — דאָס כאַפּסטו אויף און אינטערעסירסט זיך דערמיט, מעג עס זיין ווי פאַנטאַסטיש. און דערביי ער־קלערסטו, אַז דיין לעבען איז געענדיגט, געשלאָסען. פון וואנען קומט צו דיר אזא ווידערשפּרוך? אין אונזער עלטער איז דאָך טאַקי דאָס לעבען געשלאָסען, אפילו, ווען מיט איינעם האָט ניט באַסירט אזא אונגליק, ווי מיט דיר. אין אזא עלטער האָט מען בלויז איין אינטערעס: דאָס שיקזאַל פון די קינדער און אייניקלאַך.

מיין גוטע קוזינע איז אַלט זיבעציג יאָהר, און איך האָב עס נאָרניט נערן, ווען זי זאָגט צו מיר, וועלכע איז מיט צוואנ־ציג יאָהר אינגער פאר איהר: „אין אונזער עלטער". צו דעם קימערט זי זיך, אַ חוץ וועגען איהרע קינדער און אייניק־לאַך, אויך וועגען דער בעקעהרונג פון קליינע נעגערס און כינע־זער, וועגען די וואונדער פון לורד, וועגען דער ווידער־אויפ־

ריכטונג פון דער אלוועלטליכער מאכט פון פאפסט, און וועגען נאך אזעלכע זאכען. אויף דאס אלעס האב איך איהר אנגעוויזען אין מיין ענטפער אויף איהר פראגע.

— יא — האט זי געזאגט — די רעליגיאן (אונזערע גאנץ פרומע רעדען אזוי ארוים דאס ווארט) דאס איז עטוואס גאנץ אנדערעס.

— מיינסטו אזוי? און איך מיין, אז עס איז איינס און דאסזעלבע. עס איז נעמליך דער וואונש צו פיהלען און צו ווירקען פאר עטוואס גרעסערעס, העכערעס, ווי די נעכסטע אייגענע, אדער ווי דאס זיינען די אינטערעסען פון די אייגענע קינדער.

— אבער, ליעבעס קינד — (דאס העט איך שוין מעהר געהערט, ווי די ווערטער „אין אונזער עלטער") ווי קענסטו עס גור צוגלייכען דיעם פוסטען אירדישען געפילדער צו דער אייביגער זעליגקייט?

איך האב אנגעהויבען צו רעדען פון עטוואס אנדערעס, פונקט, ווי איך פלעג עס טהאן מיט דער מוהמע מאריע, ווען זי פלעגט אנהויבען צו רעדען אויף די טעמא פון „באשערט". מיין קוזינע וואלט דאך מיך זא־ווי־זא ניט פערשטאנען, ווען איך וואלט איהר געוואלט ערקלערען, אז עס איז דיזעלבע שטרעבונג נאך זעליגקייט, וואס מאכט די מענשען אינטערעסירען זיך מיט ערפינדונגען, אידעען, בעוועגונגען, פון וועלכע זיי ערווארטען דעם גן עדן שוין אויף דער ערד, אדער וועניגסטענס די ביי־קומונג פון די צרות, וואס מאכען אן אזא גיהנום... דאס איז דאך ניט וועניגער רעליגיאן.

אך, דאס דער איין־און־דערזעלבער ווארט בעטייט אזוי פיעל פערשיעדענע זאכען! דאס מאכט אזוי שווער די מענשען צו פערשטעהן איינע די אנדערע, און דאס איז אויך די אורזאכע, ווארום די מענשען זיינען אזוי אונגערעכט איינע צו די אנדערע. רעליגיאן מיינט אויך דאס פיהלען מיט'ן גאנצען הארצען פאר דאס גוטע, פאר דאס רעכטע, פאר דאס הייליגע און צו קעמפפען פאר דעם. אנצוקלאמערען זיך מיט דער

נשמה אָן אַלץ, וואָס איז פון אייביגער שעהנקייט, פון ליכטי־גער קלאָרקייט, פון עהרפורכט־געביטענדער גרויסקייט. און דאָס געגענטהייל פון דעם אלעם, דאָס העסליכע, דאָס פינסטע־רע, דאָס נידריגע, און, מעהר פון אַלץ, דאָס גרויזאַמע צו בע־קעמפּפען וואו עס איז נור מעגליך. ווען מען איז נאָך דערצו געבונדען דורך א וואָרט, דורך א נדר (האָב איך דען ניט גע־שוואָרען צו איבערנעהמען פרידריך׳ס אויפגאבע?) מוז מען זיין דאָפּעלט רעליגיעז, פּונקט, ווי א גלויביגער געבונדען פון א קירכען־נדר, מוז זיין דאָפּעלט פרום. און אזוי פערפאָלג איך אַלע פאזען פון דער פריעדענס־בעוועגונג און בלייב — מיט דוראָלף און דורך רודאָלף — אין שטענדיגער בעריהרונג מיט אַלע די, וועלכע בעקעמפּפען מלחמה. דאָס איז, מיט וואָס איך לעב.

די פּאָסט האָט מיר היינט געבראַכט א בריעף:

בערלין, 12. 1. 92.

אייער נאָמען איז בעקאַנט צווישען די פערטרעטער פון א בעוועגונג, וועלכע פיהרט די מענשהייט „אין דער הויך“, צו דער ערפילונג פון קריסטענטהום.

איך האַלט עס פאר מיין פליכט זיך צו דערנעהענטערען צו אייך, פול מיט אכטונג און מיך צו בעטראַכטען, אלס איי־נעם פון יענע, וועלכע קעמפּפען מיט דער גאַנצער קראַפט פאר די העכסטע שטרעבונגען. יעדער פיבער פון מיין לעבען גע־העהרט דעם אויפבוי פון גאָט׳ס קעניגרייך אויף דער ערד, גע־העהרט דעם „ווערען פון קריסטענטהום“. דער נעהמט אריין אין זיך אַלע שטרעבונגען פון די מענשען.

איך בין הורכגעגליהט פון אידעאַליזם, בין אָבער ניט קיין פאנטאַזיאָר. איהר האָט דאָ מיט א „מענשען“ צו טהאָן. אונ־ערשראָקען, אָבער אויך אונפערפיהרט, וועל איך געהן ווייטער אין די וועגען, וועלכע זיינען פאר מיר פאָרגעצייכענט. וואָס ווייטער, אומפאסענדער אונזער האַנדלען וועט זיין, דאָס א

טרעסערע ווירקונג וועט עס האָבען. וואָס ענטשלאָסענער, דאָס מעהר הייל וועט זי ברענגען, און וואָס מעהר אלע צוזאמען ווע־לען האנדלען גלייכצייטיג, דאָס טיפער און דורכגרייפענדער דער ערפאָלג.

איצט אלזאָ מוז „עטוואָס ווערען". איך האָב די איבער־צייגונג (דאָס וואָרט גלויבען איז פאַר מיר ניט גענוג), דאָס מיר שטעהן פאַר דעם טויער, וועלכער פונקט אזוי צושיידט אונז, ווי ער פיהרט אונז אריין אין דעם צייט־אלטער פון פער־פאלקאָמנונג. אָנצונעהמען די קליאמקע מיט דער קראפטפו־לער האנד, שיינט מיר, איז די בערופונג פון אלע יענע, וועמען גאָט האָט דערצו די פעהיגקייט געגעבען.

דער אונערוואַרטעטער בריעף האָט מיך פריידיג אויפגע־טרייסעלט. יאָ, עס וויל און עס וועט עטוואָס ווערען. נור קרעפטיג טרייסלען אָן יענע קליאמקע, און דער טויער וועט זיך עפענען.



# פערצעהנטער קאַפּיטעל.

צוויי טעג שפּעטער, נאָך דעם קליינעם מיטאָג־מאָהלצייט, האָט סילוויאַ ווידער זיך בעגעגענט מיט הוגאָ ברעסער. דאָס מאָל איז עס געווען אין איהר מוטער'ס הויז.

ווען זי איז אריין אין איהר מוטער'ס צימער, האָבענדיג בדעה, ווי זי פלעגט עס אָפט, צו פערברענגען אַ פּאָרמיטאָג־שטונדע מיט איהר מוטער, האָט זי געפונען דאָרט אויך איהר ברודער און הוגאָ ברעסער. דער לעצטער איז אויפגעשפּרונ־גען, אום צו בעגריסען די אריינגעקומענע. לויט זיין גאנצער איפפיהרונג, האָט מען געזעהען, אַז איהר אָנקומען האָט איהם צומישט. זיין געזיכט איז אָט רויט און אָט בלאַס געוואָרען. אָדער האָט עס נור סילוויאַ'ן אזוי אויסגעזעהען? ווייל אויך זי האָט זיך געפיהלט אַ ביסעל צומישט. יעדענפאלס, איהר געפיהל, איהם דערזעהענדיג, איז ניט געווען קיין אונאנגענעה־מער. פונקט פערקעהרט.

זי האָט ארומגענומען און זיך צוקושט מיט איהר מוטער, האָט די ביידע יונגע הערען געדריקט הערצליך די האנד און האָט זיך אוועקגעזעצט. ברעסער האָט געוואָלט אוועקגעהן.

— ניין, ניין, ווארום ניט בלייבען, מיין ליעבער — האָט די באַראָנעסע טילינג צו איהם געזאָגט — בלייבט דאָך! מיר דריי זיינען גאַנץ אָפט אליין, און סילוויאַ וועט גערן אויפגעהייל־נעהמען אין דעם געשפּרעך, אונטערבראָכען דורך איהר אָנ־קומען.

— אזוי? וועגען וואָס האָט איהר גערעדט? — האָט סיל־וויאַ געפרעגט.

הוגאָ, אוועקזעצענדיג זיך ווידער אויף זיין פריהערינען פּלאַץ, האָט געענטפערט:

— מיר האָבען גערעדט וועגען דער דיכט־קונסט. די הער־שאַפטען זיינען געווען אזוי גוט צו ברענגען דעם געשפּרעך אויף מיין פאך, ווי דאָס פיהרט זיך, ווען, צום ביישפּיעל, דער קאַי־זער, קומענדיג אויף דעם אינדוסטריעלען־באַלל, רעדט וועגען דער אינדוסטריע.

— דאָס איז ניט קיין ריכטיגע שילדערונג — האָט מאַר־טאַ אויסגערופען — רודאָלף האָט גערעדט לאַנג און ברייט אי־בער די אַלגעמיינע לאַגע, און איבער דעם דראַנג, וואָס ער פיהלט אָנצוהויבען עפּעס צו טהאָן, און איהר זיינט עס געווען, וועלכער האָט געמאַכט די בעהויפּטונג, דאָס מען קען די וועלט ניט איבערמאַכען, איידער מען האָט איהר ניט איבערגעדיכ־טעט, און דערביי איז ארויפגעקומען דער געשפּרעך אויף די דיכט־קונסט.

— דאָס איז אָבער אין עצם דערזעלבער געשפּרעך — האָט סילוויא בעמערקט — וועלכער איז געהאַלטען געוואָרען פון אונזערע צוויי דעבאַטאַנטען אין יענעם שטורעם־טאָג.

זי איז פּלוצלינג שטיל געוואָרען, פערראָטהענדיג זיך א ביסעל. זאָל זי רעדען פון יענעם טאָג, און דערמיט ווייזען, ווי גענוי זי געדענקט אַלעס, וואָס איז אין יענעם טאָג פּאָרגעקו־מען? זאָל זי, ווילענדיג אויפנעהמען דעם געדאנקי וואָס האָט ארויסגעשוועבט פון הוגאָ'ס אויגען? זי האָט ארויסגעצוי־גען איהר האנד פון דער מוּפטע און האָט געטאַטשעט אויף דעם האַלב־פערחוויאַנטען בלומען־קראַנץ, וואָס איז האָרט ביז איצט געלעגען.

איצט האָט רודאָלף גענומען דאָס וואָרט — איך האָב גע־ענטפערט, דאָס די קונסט קען ניט ארויסברענגען קיין קולטור־ענדערונג. א געגענד ווערט געענדערט און אומגעוואַנדעלט דורך וואולקאַנישע אויפטרייסלונגען, דורך דאָס אריינברעכען פון פערפלייצונגען, אָבער ניט דורך די קולטיווירונג פון בלומען.

— בלומען־קולטיווירונג! — האָט ברעסער אויסגעשריען — אזוי ווי די קונסט וואָלט נור געווען א לוסטיג־אונשעדליך

שפיעל — אזוי ווי זי וואָלט אויך ניט פון צייט צו צייט געווען אזוי גליהענדיג, ווי די לאַווע, וואָס שטראָמט ארויס פון די טי־פענישען פון דער מענשליכער נשמה...

לאַכענדיג, האָט זיך באַראָנעסע טיללינג אריינגעמישט:

— איהר זיינט דאָך ניט אזאַ ענטהוזיאסט.... ווען איך דענק, וואָס פאַר א נאַטירליכער, ניכטערער, כמעט טרוקענער מענש עס איז מיין אַלטער פריינד, אייער פאָטער!

גאַנץ אַבזיכטליך האָט זי א גאָס געטהאָן דיזען קליינעם וואסער־שטראַהל אויף הוגאָ'ס פייערדיגען שטייגער פון רעדען. זי האָט געזעהען, מיט וועלכען אינטערעס איהר טאָכטער קוקט אויף איהם, און זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס רודאָלף האָט איהר דערצעהלט אין דעם טאָג פון סילוויאַ'ס חתונה, אז הוגאָ איז אוועקגעפאָהרען און איז ניט געווען צו איהר חתונה, ווייל ער האָט סילוויאַ'ן געליעבט.

— איהר געפינט, אז איך בין איבערשפּאַנט, גנעדיגסטע באַראָנעסע? קען מען דען בלייבען אין מיין בערוף גאַנץ ניכטער? מיין פאָטער איז דאָקטאָר און איך בין — — וואָס פאַר א שאָדען, וואָס עס איז ניטאָ קיין בעשיידענער נאָמען פאַר אונ־זער קונסט־צווייג — איינער קען זאָגען אָהן אירגענד אן אנ־בליק פון גאוה, פון גרויסהאַלטעריי: איך בין א סקולפּטאָר, איך בין א מוזיקער, אָבער „איך בין דיכטער" קלינגט אזוי איינגע־בילדעט, אזוי בעריהמעריש, ווייל מיט דעם וואָרט דיכטער ווערט אויסגעדריקט ניט בלויז די אַרבייט, נור אויך דאָס, וואָס ער האָט שוין פאָלשטענדיג בעהערשט דעם מין קונסט... און ווייל איך בין דערפון נאָך אזוי ווייט, דאַרף איך מיך ניט רופען „דיכטער", נור א ווערטער־שמיעד, א טרוים־צוימער —

— צוימער מיינט אָבער אויך דאָסזעלבע, עס מיינט, אז איהר זיינט דער זיעגער — האָט סילוויאַ געזאָגט.

— אויב אזוי, נעהם איך אויך דעם נאָמען צוריק און עס איז דאָך אויך ריכטיג. ניכער ווער איך בעזיעגט פון מיינע חלומות, איידער די חלומות פון מיר. עס שפּאַרען זיך צו מיר בילדער, געשטאַלטען, און פערלאַנגען אויסגעדריקט צו ווערען,

און זיי לאָזען מיך ניט אָב, איידער איך שמיעד זיי צו צום פּאַפּיר...

— און אזוי מיינט איהר עס די וועלט אומצודיכטען?

— אבזיכטליך? לויט א געוויסען פּלאַן? ניין, דאָס ניט דער געניוס פון דער קולטור בויט פון זיך זעלבסט איבער די וועלט, ער צווינגט נור די קינסטלער א פּאָר בוי־שטיינער צו־צוברענגען, און זיי ווייסען גאָרניט דערפון.

— פון זיך אליין אָבער טהוט זיך גאָרניט — האָט רודאָלף געזאָגט.

— ווען איך בין נאָך פּובליציסט געווען און האָב געפּלאָ־נעוועט צו רעדאגירען א גרויסע צייטונג, האָב איך געטראַכט אזוי ווי איהר, גראף דאָצקי: צו ווירקען אויף די וועלט דורך פערשיעדענע רעפאָרמען. דאָס איז מיר אָבער אין גאַנצען פערלאָרען געגאַנגען, זייט איך האָב זיך איבערגעגעבען צו דער דיכט־קונסט, צו חער לירישער און דראַמאַטישער שאַפונגס־קונסט. אפשר אויך דערפאר, ווייל איך האָב אין גאַנצען אויפ־געגעבען דאָס לעזען פון צייטונגען, קימערט מיך גאָרניט װעגען דעם, וואָס קומט פאר טאָג־טעגליך, און האָב זיך פערטיעפט אין די דיכטער־ווערק פון דער אַלטער און נייער צייט. חאָ האָט זיך פאר מיר א גאַנץ נייע פאנטאַזיע־וועלט ענטפּלעקט, בע־פעלקערט פון טויזענדע געשטאַלטען: געטער, העלדען, קעניגע, פּעען, הייליגע געשטאַלטען, וועלכע זיינען ארויסגעשטיגען פון די קעפּ פון האָמער, דאַנטע, שעקספּיער, קאָרנעל, געטהע, שוין ניט רעדענדיג פון די נייע און די סאַמע נייסטע און איך האָב געלייענט אַלע מאָדערנע, אויך די רוסען און סקאַנדינאַוויער. און דאָך זיינען עס ניט נור די ערדיכטעטע בעשעפּעניסע, וועל־כע האַלטען מיך געפּאַנגען, נור אויך די טעכנישע זייט פון דער דיכטונג; דער סטיל, די מוזיק פון דער שפּראַך, די גרויסע קונסט אויף דעם אינסטרומענט פון וואָרט... דאָס איז עס, וואָס ענטציקט מיך, און וואָס איז מיין עהרגייץ צו מאַכען פאר מיין אייגענס. שעהנקייט, שעהנקייט — דאָס זעהט מיר אויס

איז די העכסטע ענטפלעקונג פון אונזער געניוס... און וואָס מען קען נור מעהר שעהנהייט שאפען, דאָס מאַכט רייכער און איי־ דעלער אונזער גאנצען מענשענגעשלעכט... אויף אזא אופן קען אויך דער איינצעלנער קינסטלער, ווען ער שטרעבט נור אָן זיין ליעבענדע קראפט, ווירקליך פערגרעסערען דעם אוצר פון קולטור, ווירקליך בּאַרמירען זיין געהירען און דעם געהירען פון זיינע מיטמענשען, און אזוי העלפען אין דער ענטוויקלונג פון דעם מענשענ־גייסט, בעסער, ווירקזאמער, ווי דורך אלע פּאָלי־ טישע, עקאָנאָמישע און סאָציאלע ספּעקולאציאָנען און רעפאָר־ מען. איך קען גארניט אויסדריקען, ווי גלייכגילטיג, נאָך מעהר, ווי עקעלדיג עס איז מיר אָט דאָס גאנצע קליינליכע מהועריי אין דעם עפענטליכען לעבען. מען זעהט דאָך, ווי קליינליך עס זיינען די אינטערעסען, ווי פלאך עס זיינען די פערטרעטער פון גרויסע אידעען, און ווי געמיין און העסליך עס איז די ארט און וויזע פון זייער קאמפף. עסטהעטיש ווירקען — אין דער פּאָליטיק — ווירקען העכסטענס די געוואלט־מענ־ שען, דערפון קומט דאָס בוקען־זיך פאר א נאפּאָלעאָן אָדער א ביסמארק.

רודאָלף האָט זיך פּלוצלינג א קלאפּ געטהאָן אין שטערען און געזאָגט:

— איהר האָט דאָ פאר מיר א גאנץ נייעם געזיכטס־ פּונקט ענטפלעקט, ליעבער ברעסער. פּאָליטיקער און קינסט־ לער האלטען גאנץ וועניג איינע פון די אנדערע, זיי פערשטע־ הען זיך ניט. זייערע טהעטיגקייטען זיינען ווי אָבגעזונדערט. איך זעה אָבער, ווי זיי זאָלען זיך קענען צוזאמענקומען, זיך פעראייניגען: אלס ערשטער און העכסטער פּרינציפּ דארף אנ־ ערקענט ווערען, ניט נור אין די פערשידענע צווייגען פון קונסט, נור אין דער קונסט פון לעבען און אין דער רעגיערונגס־קונסט, די שעהנקייט. און דאָס, וואָס זאָל פיהרען די, וועלכע קירע־ ווען די שיקזאלען פון די פעלקער, דארף זיין בעגייסטערונג, ניט אויסגערעכענטקייט.

מארטא האָט צוגעוואָרפען איהר זוהן א דאנקבארען בליק.

איצט איז אָנגעמעלדעט געוואָרען א נייער גאַסט.

דאָס איז געווען גראף קאָלנאָס. נאָכדעם, ווי ער האָט בעגריסט אַלעמען און זיך אעקגעזעצט, האָט ער געזאָגט:

— איך בין געקומען, אום — ניין, דערווייל נאָך ניט, אום שוין זיך צו זעגענען מיט אייך, נור אייך אָנצוזאָגען וועגען מיין באַלדיגען פערשווינדען. מיך האָט ווידער אָנגעכאַפּט מיין חשק צו רייזען.

— אָה, וועה — האָט מארטא אויסגעשריען — איהר ווילט אַלזאָ ווידער פערשווינדען פון אונז פאַר א יאָהר אָדער צוויי, און איך קען אזוי לאַנג אָהן אייך ניט אויסקומען... וואו־הין דאָס מאָל?

— דאָס מאָל נאָך אינדיען — דאָרט בין איך נאָך ניט געווען, און, אפשר, וועל איך זיך נאָך אריבערכאַפּען אין יאפּאן.

סילוויא האָט געלאַכט.

— אריבערכאַפּען זיך — דאָס איז גוט געזאָגט.

— ווילסטו מיטפאָהרען? — האָט זיך קאָלנאָס געווענדעט צו רודאָלף. דער לעצטער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין. — אָבער וואָרום פרעגט איך גאָר? ווען מען האָט ווייב און קינד, מוטער און שוועסטער, האָט מען ניט יענעם עקזאָטישען חשק און ניט די שטרעבונג נאָך ווייטקייט, וועלכע פּאַקט מיך, דעם איינזאַמען, אַלע פּאָר יאָהר, און זאָגאר נאָך איצט, אין מיינע אַלטע יאָהרען. ווען איך ווער אזוי גוט מיעד פון דעם לאַנגווייליגען, איינטאָניגען לעבען דאָ, פון דעם טריטש־טראַטש פון דער געזעלשאַפט, פון דעם קוויטש־קוואַטש פון דער פּאָלי־טיק, דאַן מוז איך מיך אָבפרישען אין א גאַנץ פרעמדער לאַנד־שאַפט, צווישען מענשען, וועלכע ווייסען גאָרניט וועגען מיר, ווי איך וויים ניט וועגען זיי. דאָרט לייען איך ניט קיינע איי־ראָפּעאישע צייטונגען, דאָרט גיב איך קיינעם ניט מיין אדרעס, כדי מען זאָל מיר ניט קענען שרייבען, וואָס עס הערט זיך נייעס.

קאָלנאָס איז ניט לאַנג פערבליבען. ער האָט צוגעזאָגט

אָבער צו קומען דעמזעלבען אָבענד צוריק, אום צו שפּייזען גאַנץ אַליין מיט מאַרטאַ.

— איך מוז אייך נאָך גוט געניסען, איידער איהר אַנט־לויפט פון אונז — האָט מאַרטאַ צו איהם געזאָגט — איהר גע־הערט צו יענע וועניגע מענשען, וועמעס עקזיסטענץ איז פאַר מיר אַ וואוילטהאַט. אייך קען איך אַלעס זאָגען, וואָס איך האָב נור אויפ׳ן הארצען.

ווי נור קאַלנאָס איז אוועק, זיינען באַלד געמעלדעט געוואָ־רען נייע בעזוכער: די גרעפין האַנעג און איהרע פיער טעכטער.

מיט דער געלעגענהייט האָט זיך ברעסער בענוצט אום צו געוזמען אבשיעד. דאָס מאָל האָט איהם מאַרטאַ שוין ניט צו־ריקגעהאַלטען.

די ראַנעגס האָבען געהערט צו די נאָהענטסטע גוטס־בע־זיצער פון ברונהאָף, און צווישען די ביידע פאַמיליען זיי־נען געווען די הערכסט־פריינדליכע בעציהונגען. אין דער צייט, ווען עס האָט שטאַטגעפונען סילוויאַ׳ס חתונה, זיינען די ראַ־נעגס געווען אויף אַ רייזע אין איטאַליען. ווען ניט, וואָל־טען די פיער שעהנע טעכטער זיכער געווען סילוויאַ׳ס „כלה־מיידלאַך“. צו זעהען דיזע פיער שעהנע מיידלאַך צוזאַמען איז ווירקליך געווען אַן עסטהעטישער גענוס. אַלע פיער, הויך און שלאַנק, פון אַן אריסטאָקראַטישען און דערביי נאַטירליכען חן אין זייער גאַנצען וועזען. די עלטסטע פון זיי, קאַיעטאַנע, דריי־און־צוואַנציג יאָהר אַלט, האָט געהאַט פיינע, רעגעלמעסי־גע געזיכטס־צינע, דונקעלע האָר און שוואַרצע אויגען. די צוויי־טע, קריסטינע, דריי יאָהר יינגער, איז געווען קאַשטאַנען־ברוין, מיט אַ לעבעדיג־שטיפערישען קאַפּריזנעם פּנים. און די ביידע אינגערע זיינען געווען אַ צווילינג, אַכטצעהן יאָהר אַלט, עללאַ און בעללאַ, אַזוי שטאַרק עהנליך איינע צו די אַנדערע, אַז מען האָט זיי געקאָנט פערבייטען. ביידע זיינען געווען העל־בלאָנד מיט זאַנפטע, בלויע אויגען און מיט פּנים׳ער פון מאַדאָ־נעס. דער צווילינג איז געווען אימער אָנגעטהאָן אין עהנלי־

בע קליידער, די צווײ עלטערע פערשיעדען. אלע זיינען געווען געקליידעט מיט דער העכסטער איינפאכקייט.

די ראנענס האבען פערנומען א פראמינענטען פלאץ אין דער געזעלשאפט. ער האט געהאט איינעם פון די העכסטע עמ־טער אין קייזערליכען הויף. זי איז געווען א פירשטין פון גע־בורט. א חוץ די פיער שעהנע טעכטער האבען זיי נאך געהאט צווײ זיהן, ביידע אין מיליטער־דיענסט. דער עלטערער, נאך ניט אין גאנצען דרייסיג, איז שוין געווען אולאנען רייטמייס־טער, דער אנדערער א לייטענאנט ביי די דראגונער.

אין וויען האבען די ביידע פרויען — מארטא און גרעפין ראנעג — געטראפען זיך גאנץ זעלטען, ווייל, ווערהענד די ערש־טע האט געלעבט גאנץ צוריקגעצויגען, האט די אנדערע, צוליעב איהרע טעכטער, מיטגעמאכט אלע אונטערהאלטונגען פון דער גרויסער וועלט: אלערליי בעללער, פיקניקס, יאגדען, טהע־אטערע, צדקה־באזארען, און אזוי ווייטער. אבער דערפאר דאס זומער פלעגען זיי זיך זעהען, לעבענדיג אויפ'ן לאנד אין זיי־ערע גיטער. פאר מארטא איז עס אימער געווען א הערצליכע פרייד צוזאמענצוקומען מיט דער פאמיליע, בעזאנדערס, אין זייער אייגענער היים.

דאס לעבען דארט האט אין יעדער ריכטונג געקאנט גיל־טען, אלס דער מוסטער פון א גליקליכען און הארמאנישען מענשען־גורל. א גאנץ געניגענדער רייכטהום, א גלענצענדע סאציאלע שטעלונג, א געגענזייטיגע ליעבע צווישען אלע מיט־גליעדער פון דער פאמיליע, א לוסטיגער פערחברענגען פון די טעג אין רעגעלמעסיגע בעשעפטיגונגען, אין מוזיצירען, לעזען, שטריקען, מאלען, רייטען, געמיינזאמען שפאצירען, געהן אין אלערליי שפיעלען. די מיידלאך, יונג ווי זיי זיינען געווען, הא־בען בעסער געליעבט דאס לעבען אויפ'ן לאנד, ווי אין שטאדט. דאס מיטמאכען אין די ווינטער־פערגניגענס, איז פאר די רא־נענס געווען מעהר די ערפילונג פון א פליכט פון זייער שטאנד, ווי א ווירקליכער פערגניגען. אין מאי, ווען דער וועלטליכער נאכט־סעזאן שלאגט זיינע העכסטע כוואליעס, זיינען זיי שוין

אימער געוועזן פול מיט אונגעדולד צו פערלאָזען וויען, אום זיך
צוריקצוקעהרען אין זייער געליעבטען האַנעג־נעסט, וואָס האָט
זיי צוגעצויגען צו זיך מיט דער צירונג פון זיינע אויפבליהענ־
דע בלומען און מיט זיינע בליהענדע קאַשטאַנען־בוימער. און
ווען ווינטער פלעגט קומען, פלעגען זיי, ווי ווייט נור מעגליך,
אָבלייגען דאָס איבערפאָהרען נאָך וויען. זיי האָבען געליעבט
צו גליטשען זיך אויף דעם פערפראָרענעם טייך פון שלאָס, און
די לאַנגע אָבענדען צו פערברענגען ארום דעם פאמיליען־טיש
מיט א האַנד־ארבייט בעשעפטיגט. פאר קריסטמעס האָבען זיי
בשום אופן ניט געוואָלט פערלאָזען זייער גוט. דער יו"ט האָט
געמוזט געפראַוועט ווערען אין דעם האַנעג־נעסט מיט דעם
גרויסען קריסטמעס־בוים אין דעם ביליאַרד־זאַל, מיט די
מתנות פאר אלע דאָרף־קינדער און מיט נדבות פאר אלע אָרי־
מע, וועלכע זיינען בעשענקט געוואָרען מיט זעלבסט־געשטריק־
טע וואַרימע אונטערקליידער און טיכער.

מאַרטאַ פלעגט זעהר גערן רעדען מיט גרעפין האַנעג, וועל־
כע איז געוועזן מיט איהר פון איין עלטער. אמת, דאָס אין
זייער יוגענד האָבען זיי זיך גאַנץ ווייניג געקאַנט, כמעט ווי
גאָרניט — ערשט דורך די שכנה'שאַפט צווישען ברונהאָף און
האַנעגסבורג זיינען זיי געוואָרען גאַנץ אינטים זייט איינינגע
יאָהרען — דאָך האָבען זיי ביידע גערן גערעדט פון דער אַל־
טער צייט, פון די זיטען און אנשויאונגען, וועלכע האָבען גע־
הערשט אין דער וועלט, ווען זיי זיינען נאָך ביידע יונג געוועזן,
און וועגען דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט.
גרעפין האַנעג איז אין איהרע געזינונגען געוועזן פיעל קאָנסער־
וואַטיווער, ווי מאַרטאַ, כאָטש זי איז געוועזן פיעל ליבעראַלער,
ווי די מעהרצאָהל פרויען פון איהר שטאַנד. אויף האַלבען וועג
זיינען זיי זיך ענטגעגען געקומען. די גאַנץ ראַדיקאַלע אידעען
פון מאַרטאַ האָבען ארויסגערופען א געוויסע סימפּאַטהיע ביי
דער גרעפין האַנעג, און דער פאָלשטענדיגער גלייכגעוויכט פון
דער עהרליכער, טאָלעראַנטער גרעפין האַנעג, ניט קוקענדיג
אויף די פערשיעדענהייט אין אנזיכטען, האָט געמאַכט איהר

ווירקונג אויף מארטא. עס איז געווען עטוואס בערוהיגענדעס און הארמאנישעס אין גרעפין ראנעג, ווי אין אלץ, וואס איז פון איין גוס און פון איידעלען מעטאל.

מיט אויפריכטיגער פרייד האט מארטא בעגעגענט איהרע געסט.

— אה, זעהט מען אייך ווידער, איהר וואנדערענדע בע־שעפעניסע.

די פיער מיידלאך האבען געקושט מארטא'ס האנד.

— ניט וואנדערער, נור נאכטוואנדערער זיינען מיר — האט גרעפין ראנעג געזיפצט. נעכטען אויפ'ן באלל ביי פאללאוויצינא, היינט ביין ערץ־הערצאג לודוויג וויקטאר, מאר־גען אין מיניסטעריום דער אויסערען —

— נו, נו, פערגניגען האט איהר דאך דערפון — האט גע־זאגט מארטא — איך מיין די קינדער. דער גורל פון די מאמעס אויף די בעללער איז, נאטירליך, אזעלכער, וואס מען קען ניט שטארק מקנא זיין.

די מיידלאך מיט סילוויא און רודאלף זיינען אוועק אין א צווייטען ווינקעל פון צימער, וואו זיי האבען גערעדט גאנץ הויך און לעבעדיג אזוי, דאס די ביידע עלטערע דאמען האבען גע־קאנט רעדען צווישען זיך, ניט ווערענדיג געהערט פון קיינעם.

— איך קען דיך פערזיכערען — האט גרעפין ראנעג גע־זאגט — ניט נור פאר די מאמע, נור אויך פאר די קינדער איז ניטא קיין פיעל פערגניגען אין אונזער וועלט...

— יא — האט מארטא בעשטעטיגט — דאס האב איך אויסגעפונען, ווען סילוויא איז נאך געווען אונפערהייראט... די היינטיגע וועלט יונגע לייט איז גאר אזוי, איך וויים ניט, ווי זאל איך עס זאגען.

— זאג זייער אייגענעם ליעבלינגס־ווארט: „פאד". דער־מאנסטו דיך אן אונזער צייט, וואס פאר אן אונטערשיעד — ווי מען האט זיך עס אונז, יונגע מיידלאך, אין ליעבע ערקלערט, וואס דאס איז, לאמיר זיין אויפריכטיג, דאס געשמאקסטע אין

די וועלטליכע פערגניגענס. מען האָט געפליהט, אָדער ווי מען פלעגט עס זאָגען, „פאסיאָנען" האָבען געמוזט אויפפלאקע־רען.... דאָס אָבער האָט אַלעס אויפגעהערט. אונזערע יונגע מענער פערליעבען זיך ניט מעהר — ווענינסטענס, ניט אין אונזערע מיידלאך.

— ניין, אין ביהנען־פרינצעסינס — האָט מארטא גע־זאָגט.

גרעפין ראנעג האָט ווייטער גערעדט:

— און וואָס טאנצען אנבעטרעפט, מוז מען די יונגע לייט איינפאך צווינגען. דערביי זיינען די מייסטע, ווען מ'קען נאָך כאפען, אזוי ניט־אינטערעסאנט, אזוי לאנגווייליג, אזוי גאָרניט פעראינטערעסירט.... זיי טאנצען א פאָר טענץ, ווייל מען מוז דאָך. און צו די אָבענדען קען מען זיי גאָרניט קריגען. וויפיעל מאָל האָט עס שוין געטראָפען, אז ביי אזעלכע צוזאמענקינפ־טע זיינען געווען נור פרויען, מיט דער אויסנאהמע פון א פאָר אַלטע גענעראלען און דיפלאָמאטען. אויף די בעללער געפינט מען נאָך די מענליכע יוגענד, אָבער די קומט צו זיי לויט א בע־פעהל, און די מעהרצאָהל פון די טענצער בעשטעהט פון גאנץ יונגע גימנאזיסטען. פאָטער, מוטער, טעכטער און אינגלאך — דאָס זיינען די, וועלכע מען געפינט אויף אונזערע בעללער. אויך יונגע פרויען זעהט מען דאָרט גאנץ ווענינ. זיי האָבען זייערע אייגענע מאָהלצייטען און שפּיעל־פּארטיס, און אהין געהען אונזערע הערען מעהר גערן.

— אפשר וועט די מאָדע פון טאנצען אין גאנצען אָב־שטארבען — האָט מארטא געזאָגט — עס איז שוין אזוי. די וועלט ענדערט זיך.

— ליידער.

— איך זאָג ניט ליידער. פּלאַץ פאר דאָס נייע. אלזאָ, לאנגווייליגען זיך דיינע טעכטער?

— לאנגווייליגען? אונזין! הערסטו, ווי זיי לאכען דאָרט מיט דיינע קינדער? זיי זיינען, א דאנק גאָט, אימער אין אזא גוטער שטימונג.

— ווי געהט עס דיין מוטער?

— א דאנק. ניט זעהר גוט. זי פיהלט איהרע 85 יאהר... מיר זיינען זעהר פיעל ביי איהר.. יעדען אבענד ברענגט צו ביי איהר איינע פון מיינע מיידלאך. און אפט קעמפפען זיי צווישען זיך פאר די פריוויילעגיע צו פערברענגען אן אבענד מיט דער גרויסמוטער, איידער צו געהן צו א באל. איצט אבער — די גרעפין ראנעג האט זיך אויפגעשטעלט — מוזען מיר ווייטער געהן. קינדער, קומט!

— דאס איז אבער געווען א קורצער בעזוך.

— מיר האבען נאך אונגעפעהר זיעבצעהן וויזיטען צו מאכען. נעכסטענס וועל איך קומען צו דיר אויף א גאנצען נאכמיטאג, און דאן וועלען מיר זיך שוין ריכטיג אויספלוידערען.

— טהו דאס, מיר האבען דאך אזוי פיעל צו דערצעהלען איינע דער אנדערער.

— נאכדעם, ווי די געסט זיינען אוועק, האט רודאלף אויסגערופען:

— די געסט זיינען מיין אונגליק. עס איז אן אמת׳ער יאמער.

— אבער, אבער — האט מארטא געזאגט צו איהם מיט א פארוואורף — ווי קענסטו דאס זאגען? איך קען ניט קיין ליעבערע, אכטונגסווירדיגערע מענשען.

— אט אין דעם איז טאקי דער אונגליק... זאל איך דיר דאס ערקלערען?

— יא, איך בין זעהר נייגיריג.

— נון, איך דערמאן זיך צו האבען איינמאל ארויסגעגעבען א בעפעהל צו אונזער גערטנער, ער זאל אויסהאקען א געוויסען בוים, וועמעס שטאם איז געווען אין גאנצען פוסט. אין דעם נעכסטען שטורם וואלט ער געקאנט אומפאלען, און דערביי פיעלייכט אנטהאן פיעל שאדען. אלזא, איז עס געווען גלייכער איהם אויסצוהאקען, און ווערהענד איך האב ארויסגערעדט מיין טוידט־אורטהייל, האב איך ארויפגעקוקט צום

שפיץ פון בוים און דערזעהען דאָרט א פויגעל־נעסט, פון וועל־כען די יונגע האָבען ארויסגעשטעקט זייערע קעפעלעך, און די אַלטע זיינען געפלויגען ארום זיי. איך האָב דאן גלייך מיין בעפעהל צום גערטנער געענדערט: „לאָז עס שטעהן — האָב איך צו איהם געזאָגט — אפשר וועט נאָך דער בוים אויסהאַל־טען דעם גאַנצען זומער. פערשטעהסטו, וואָס איך מיין? אזוי שטעהען מיר, די זאָגענאַנטע רעפאָרמאטאָרען, פאר די צופויל־טע געזעלשאַפטס־אָרדנונגען, און מיינען, אז דאָ דארף מען גע־ברויכען די האַק. אויבען אָבער, אויפ'ן שפיץ, איבער דעם פוס־טען שטאַם, האָבען די ליעבע גליקליכע פויגעלעך זייער נעסט אויפגעבלאָזען. זייער גאַנצער עקזיסטענץ הענגט אָב פון דער עקזיסטענץ פון דעם בוים. וואָס אהט זיי, וואָס דער בוים איז אינערליך פערפוילט, אזוי לאַנג, ווי די גרינע בלעטער זיי־נען דאָ אזוי פיעל אויף דעם צווייג, וואו זיי לעבען? דאָ וואוי־נען זיי און זינגען און האָדעווען אויף זייערע יונגע. און זעהסטו, דעמזעלבען איינדרוק מאַכט אויף מיך דאָס בילד פון א פאמיליע, ווי די ראַנעגס. זייער גאַנצער גליק, זייער גאַנצער כבוד שטיצט זיך אויף די אינסטיטוציאָנען —

— איך פערשטעה — האָט מארטא דערענדיגט — אויף די אינסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען אינערליך צופוילט, און גע־גען וועלכע דו ווילסט אויפנעהמען א קאַמפף.

— יאָ, און אויף אזא אופן ווערט פאר מיר דער קאַמפף שווערער. וואָלטען שוין אַלע צווייגען געווען פאַרדאַרטע, און וואָלטען אַנשטאָט די ליעבליכע זינגפויגעל געווען עקעלדיגע ווערים אויף די בוימער, וואָלט מען ניט בעדאַרפט פיעל טראַכ־טען בײַן האַקען... וואָלט די אַריסטאָקראַטיע געווען דורכאויס פערדאָרבען, און וואָלטען אלע סאָלדאטען געווען ווילדע רויבער, ווי גרינגער וואָלט עס געווען צו קעמפפען געגען אלע אַרי־סטאָקראַטען־פּריווילעגיען און געגען דעם מיליטאַריזם... אָבער, ווען מען זעהט אזעלכע פאמיליען, ווי דיזע, וועמעס גאַנצער פּראַכטען און לעבען הענגט אָב פון די טראַדיציעס, ווי דער

פויגעל־נעסט אויף דעם צווייג — ווען עס זיהן דיענען אלס סאלדאטען מיט פרייד און שטאלץ, ווען עס טעכטער זיינען בעשטימט צו מאכען זייערע נעסטען אויף דעם נעכסטען צווייג, און דערביי זיינען זיי אזעלכע ליעבע, ריינע בעשעפעניסע, ווי דאס זיינען, צום ביישפיעל, די ראנגע־מיידלאך (איך בין זיך מודה, אז ווען איך וואלט געווען פריי, וואלט איך זיך געקאנט פערליעבען אין די קאיעטאנע) — יעמאלט פערלירט איינער דעם חשק צו צושטערען, און זיך מיט דער האק בענוצען....

— און — האט איהם סילוויא אונטערבראכען — מען זאגט דאן דעם גערטנער: „לאז עס דערווייל“. בפרט — האט זי צוגעלייגט, ווען מען אליין געהערט, ווי דאס איז דער פאל מיט אונז, צו דעמזעלבען פויגעל־נעסט.



# פופצעהנטער קאַפּיטעל.

דעם אָבענד אין סילוויא געגאַנגען אין די אָפּערא. מען האָט געשפּיעלט „דער פּראָפעט", אין וועלכער גראף דעלניצקי'ס „פּלאַם" האָט ניט געהאַט קיין ראָליע. סילוויא פּלעגט נור געהען צו יענע אָפּעראַס, אין וועלכע י ע נ ע האָט ניט געזונגען.

זי איז געוועזען אַליין אין איהר לאָזשע. איהר מאַן האָט איהר נור בעגלייט ביז צום טהעאַטער, פערלאָזענדיג איהר מיט דעם אויסרייד, אז ער דאַרף אַטוועזענד זיין ביי א וויכטיגער זיצונג. פאַר איהם איז ניט געוועזען קיין לאַנגווייליגערע זאַך, ווי צו זיין אויף אָפּעראַס, וועלכע זיינען ניט בעלעבט געוואָרען דורך דאָס זינגען פון זיין געליעבטער.

סילוויא האָט זיך איבערגעגעבען צו דעם געננוס פון די טענער, וואָס האָבען ארויסגעשטראָמט פון דער ביהנע און אָרקעסטער. עס איז געוועזען א שווערמוטהיגער געננוס, ווייל זי האָט צו דערזעלבער צייט געפיהלט זיך שטאַרק אונגליקליך. „נור, ווער עס ווייס, וואָס דאָס מיינט בענקען, ווייס, וואָס איך לייד" — דאָס איז געוועזען דער גרונדטאָן פון איהר שטימונג. ביינקען — נאָך וואָס? נאָך א גרויסער לעבענס־ערפאהרונג — זי האָט עס אליין ניט געוואוסט, אָבער איהר לעבען איז געוועזען אזוי שרעקליך פוסט... פאַר אימער צוגעבונדען צו א מאַן, וועמען זי האָט ניט ליעב, וועלכער דערצו נאָך האָט זי אזוי עפּענטליך אָבגענאַרט... ווארום איז עס איהר ניט געווען בעשערט צו געפינען א מאַן מיט אזא ברייטען און וויזטען גייסטיגען האָריזאָנט, מיט אזא טיעפען געמיטה, ווי דאָס איז, צום ביישפּיעל, איהר ברודער, אָדער וועלכער איז בעשאָנקען מיט אזא פייערדיגער שעפערישער נשמה, ווי — אך, ניין, עס איז בעסער גאָרניט צו דענקען וועגען הוגאָ. עס קען נאָך גע־

פעהרליך ווערען... דאָס פעהלט נאָך, אז זי זאָל זיך פער־ליעבען...

דער פאָרהאנג איז אראָבגעפאלען איבער דעם ערשטען אקט. דער זאַל פון טהעאטער איז ווידער ליכטיג געוואָרען, און אין א ווײלע שפעטער האָט זיך די לאָזשענטיר געעפענט, און ברעסער איז אריינגעקומען.

סילוויא האָט זיך דערפיהלט אזוי דערשראָקען, אז דער אָטהעם און די שטימע האָבען זיך פאר א ווײלע ענטזאגט איהר צו דיענען, און נור מיט א שטומער בעוועגונג האָט זי געקאָנט ענטפערען אויף די בעגריסונג פון איהר בעזוכער. אין מוח האָט ביי איהר א שוועב געטהאָן די געפאהר, דאָס זי קען זיך טאקי פערליעבען, און דאָס די געפאהר איז פיעל נאָהענטער, ווי זי האָט עס געגלויבט.

מיט איהר פעכער האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף א פלאץ. דאַנקענדיג, האָט הוגאָ זיך גלייך אוועקגעזעצט.

דאָס ער האָט איהר בעטראכט מיט א געפיהל פון דער העכסטער בעוואונדערונג, דאָס האָט זי זעהר גוט בעמערקט, און זי האָט געהאט דעם בעוואוסטזיין, וואָס איז אזוי אנגענעהם פאר יעדע פרוי, צו ווערען בעוואונדערט און געשעצט פאר איהר שעהנקייט. זי האָט געפיהלט איהרע באקען אויפפלאמענדיג און זי האָט געוואוסט, דאָס דאָ אין דער לאָזשע, אין איהר האלב־אויסגעשניטענער שווארצער סאמעט־קלייד און מיט די בלי־צענדע דימענט־שטערען אין איהרע געקרייזעלטע האָר, האָט זי געמוזט מיט זיך פאָרשטעלען א זעהר היבשען בילד.

— עס וואונדערט מיך — האָט זי געזאָגט — דאָס איהר זיינט בעסער ניט געגאנגען אין בורג־טהעאטער.

— ווייל איך אַליין שרייב דראמען, מיינט איהר? כדי צו לערנען?

— ניין, כדי אום זיך צו פערשאפען אידעען און בעגייס־טערונג איבער אייער אייגענע קונסט.

— ווען איך וויל דאָס, דאַן ערשט געה איך אין דער אָפּע־רא. מוזיק כשופ׳ט אויס פאר מיר צעהן מאָל מעהר שטימונג,

ווי א טהעאטער־שטיק. איבריגענס, בין איך תיינט געקומען אהער, ווייל איך האָב געוואוסט, אז איהר זיינט הייגט דאָ און וועל אייך דאָ קענען זעהען.... זעהען פון דער ווייטענס, ווייל איך האָב געגלויבט, אז אייער לאָזשע וועט זיין אזוי געפּאקט, אז איך וועל מיך גאָרניט קענען דערשפּארען. איהר זיינט אָבער אליין —

— יא, זעהר — האָט סילוויא געענטפערט מיט א זיפץ, וואָס האָט זיך פון איהר, ניט ווילענדיג ארויסגעריסען.

— זעהר אליין? — האָט הוגאָ ברעסער ווידערהאָלט — די ביידע ווערטער, לויט דעם געברויך פון אונזער שפּראך, גע־העז ניט צוזאמען, פּונקט אזוי ניט צוזאמען, ווי די ווערטער „זעהר טויךט“. און דאָך — עס איז אזוי ריכטיג — עס זיי־נען דאָ פערשיעדענע גראַדען אין דעם אליין־זיין. ניט אין דער איינזאמקייט, ווייל אין מיטען פון א גרויסען עולם קען מען זיין גאַנץ אליין. און דער געגענזאַץ פון אליין־זיין איז דער צוויי־זיין...

— מיט דעם תנאי, אז די צוויי זיינען איינס.

— דאָס האָב איך טאקי געוואָלט זאָגען.

א קורצער שטילשווייגען. דאַן האָט סילוויא ווידער אָנ־געפאַנגען:

— איך וואָלט ביי אייך געוואָלט פרעגען, ליעבער ברע־סער: זיינט איהר גליקליך? פרעהען אייך אייערע ערפאָלגען? און האָט איהר אין בערלין געפונען אזא „צווייזאַמקייט“?

— דאָס איז ניט געווען איין פראגע, נור גאַנצע דריי, פרוי גרעפין. גליקליך? ניין, איך פיהל זיך ניט גאַנץ גליקליך. ער־פאָלגרייך? מיין גאָט, אין מיין בערוף זיינען ניטאָ קיין ער־פאָלגען, אויף וועלכע מען זאָל זיך קענען מיט פרייד אויסרו־העז... עס איז פּונקט, ווי ווען מען קלעטערט אויף א משופּעדי־גען לייטער. מען פרעהט זיך ניט מיט די דערגרייכטע טרעפּלאך, נור מען שטרעבט פול מיט אנגסט נאָך דעם נעכסטען טרעפּעל, פון וועלכער מען קען זיך ווידער אראָבקייקלען. און וואס אנ־בעטרעפט די דריטע פראגע...

— די נעהם איך צוריק. עס איז א פראגע, וואס איך האב אייך ניט געטארט שטעלען.

— געמענגט האט איהר, אבער פאר אייך איז עס ניט פון קיין וויכטיגקייט. דאך וועל איך אויף איהר ענטפערען: מיין הארץ איז ניט אין בערלין.

און ווידער עפענט זיך די לאזשענטיר. מיניסטער וועגע־מאן איז אריינגעקומען.

נאכדעם, ווי ער האט זיך אויסגעביטען מיט א פאר ווער־טער מיט סילוויא, האט ער גאנץ קיהל, ווי איינער, וואס שטעהט זעהר הויך, לאזט זיך אראב צו איינעם וואס שטעהט גאנץ נידריג, בעגריסט דעם יונגען ברעסער.

— זעהט מען אייך ווידער אמאל אין דער היים? דאס איז שעהן... איצט בלייבט איהר דאך דא. א גוטער עסטרייכער קען דאך ניט אייביג ארומטרייבען זיך אין פרייסען.

— איך בין געקומען נור אויף א קורצע ווייל, עק־סעללענץ.

— דייטשלאנד און עסטרייך זיינען דאך פעראייניגט — איז סילוויא אריינגעפאלען אין מיטען — טו ווארום רעדט איהר ארויס דאסווארט פרייסען מיט אזא האס?

— אודאי פעראייניגט זיינען מיר. פון דער אנדערער זייט אבער האב איך קיינמאל ניט פערגעסען זעקס און זעכציג, און אבגעזעהען פון אלע פאליטישע בעטראכטונגען און ציעלען, פון וועלכע איך געפין מיך איצט גאנץ ווייט, איז עס מיין פער־זענליכער געפיהל, דאס אין ערגעץ ניט קען מען זיך ניט פיהלען אזוי גוט, ווי אין אונזער אלטען ו ו י ע ן, און דאס א מענש, וועלכער מוז ניט לעבען אין אויסלאנד, זאל בלייבען אין דער־היים... ווי געהט עס דעם טאני? איז ער ניט מיט אייך?

— איך דאנק, עס געהט איהם גוט. ער איז אויף א זי־צונג...

— אה... און וואס מאכט רודאלף? זאגט מיר, סילוויא — האט ער באלד צוגעלייגט, — וואלט איהר ניט געקאנט מיט אייער שוועסטערליכען איינפלוס געקאנט ווירקען אויף רו־

דאָלף׳ען, און איהם ארויסטרייבען פון קאָפּ זיינע מאָדנע קאַ־
פּריזען? איך מיין דאָך גוט מיט איהם.... ער הויבט אָן ארויס־
צורופען פערדרוס ביי פיעלע.... ער קען נאָך אויף אזא אופן זיך
מאכען גאַנץ אונמעגליך....

— מיט וואָס ? וואָס מיינט איהר ?

— אָט מיט זיינע מאָדנע אידעען... ניט לאַנג צוריק, אין
קאַסינאָ, מיר זיינען דאָרט געווען לויטער שטאַאַטסמענער און
מיליטער־מענשען, האָט ער געמאכט אַ אָנפאַל אויף די גאַנצע
געזעלשאַפטס־אָרדנונג, אזוי ווי ער וואָלט געווען א רויטער
סאָצי... דאָס פערשטעהט איהר ניט... איך האָב געפיהלט, ווי
אויף גאָרלען... גיט איהם א וואונק.

דאָס אלעס האָט ער גערעדט גאַנץ שטיל. דאן האָט ער
אויפ׳ן קול זיך געווענדעט צו ברעסער:

— איהר האָט דאָך א טהעאַטער־שטיק געשריבען, וואָס
איז ערשט ניט לאַנג אויפגעפיהרט געוואָרען אין בערלין. אזוי
האָט מיר אייער פאָטער דערצעהלט. האָפענטליך, איז דאָס
שטיק ניט לויט דעם נייעם נאַטוראַליסטישען שטייגער, ווי א
געוויסער האופטמאַן —

— הם— האָט ברעסער געענטפערט — דער געוויסער
האופטמאַן האָט אין זיך דעם שטאָף צו ווערען איינער פון אונ־
זערע גרויסע דיכטער. איך האָב גאָרניט די חוצפּה צו שטעלען
זיך מיט איהם אויף איין ברעטעל.

— טראַכט איהר פון פערגלייכען זיך מיט אונזער גריל־
פּאַרצער ?

— אויך דאָס ניט. איבערהויפּט טראַכט איך ניט פון דעם
וועמען עס איז נאָכצוטהאָן. „מיין גלאָז איז קליין, אָבער איך
טרינק פון מ י י ן גלאָז“, זאָג איך צוזאמען מיט אלפרעד דע־
מוססע.

ווען דער פּאָרהאַנג האָט זיך ווידער אויפגעהויבען, איז
מיניסטער וועגעמאַן אוועק. הוגאָ, אויפגעמונטערט פון א ציי־
כען פון סילוויא, איז פערבליבען אין דער לאָזשע.

זיי האָבען דאן ביידע שווייגענדיג צוגעווענדעט זייערע

בליקען צו דער ביהנע. אין הויכע כוואליעס האט די מוזיק גע־שוועבט דורך דעם זאל. דאס, וואס עס האבען אויסגעדריקט דער זיסער און העלדישער געזאנג, די הארפען־קלענגע און די רוישענדע אקקארדען פון דעם ארקעסטער, דאס האבען די ביידע יונגע מענשענקינדער געפיהלט, אלס די ענטפלעקונג פון דעם, וואס זיי האבען געוואלט זאגען איינער צום אנדערען. דאס איז געווען א סארט געדאנקען־פעראייניגונג דורך די מעלאדיע.

אין דעם פאלגענדען צווישען־אקט זיינען אריינגעקומען אנדערע בעזוכער, און דאמאלס האט הוגא ברעסער געלאזען פאר זיי זיין פלאץ.

ווען ער האט גענומען אבשיעד פון סילוויא, האט ער זי גע־פרעגט, אויב זי ערלויבט איהם מארגען צו זיין ביי איהר, אום זיך מיט איהר אין גאנצען צו זעגענען, ווייל איבערמארגען קעהרט ער זיך אום צוריק נאך בערלין.

פון דעם האט זיך סילוויא געפיהלט געטראפען, אזוי ווי אימיצער וואלט איהר א שוואכען קלאפ געטהאן. די אנוועזענ־הייט פון דעם יונגען דיכטער אין וויען האט א בעדייטענדען אינטערעס צוגעגעבען צו איהר ליידיגען לעבען.

— ווי? שוין אזוי גיך? — האט זי אויסגערופען, דריי־קענדיג זיין האנד — אלזא, גוט, מארגען, האלב נאך פינף — האט זי צוגעלייגט גאנץ שטיל. די אנדערע האבען עס ניט בעראהפט הערען.

דעם פאלגענדען טאג, אין דער בעשטימטער שטונדע, האט הוגא געפונען די יונגע פרוי גאנץ אליין.

ווען ער איז אריין אין איהר קליינעם זאל, האט זי זיך אויפגעהויבען פון דער פיאנא, אויף וועלכער עס איז גע־לעגען די מוזיק פון „פראפעט".

זי האט איהם בעגריסט מיט א געצוואונגענער רוהיגער פריינדליכקייט, און נאכדעם, ווען זיי האבען זיך אוועקגעזעצט, האט זי געזאגט:

— אלזא,ווירקליך, איהר ווילט אוועקפאהרען?... ווי עס

ווייזט מיר אויס, האָט איהר עס גאַנץ פּלוצלינג בעשלאָסען. אפשר ערשט נעכטען אבענד.

— יא, גרעפין, ערשט נעכטען אבענד.

א קורצע פּויזע.

— אייער פאָטער וועט עס זעהר לייד טהאָן.

— יא, מיין פאָטער טהוט עס זעהר לייד.

ווידער א שטילשווייגען, און דאַן האָט סילוויא געזאָגט:

— אויך מיר.... איהר שטעלט דאָך מיט זיך פאָר א שטיק פון מיינע ערשטע עררינערונגען — אַלס קינדער, האָבען מיר אָפט געשפּיעלט זיך צוזאמען, און איצט — איך בין זיך מודה — עס האָט מיך ווירקליך זעהר געפרעהט אייך ווידער צו זע־הען.... אַלעס דאָס, וואָס איהר דערצעהלט פון אייער דיכטערי־שען בערוף און אייערע ערפאָלגען, דאָס אינטערעסירט מיך אזוי... דער איינבליק אין א קינסטלער־גייסט... קורץ, עס טהוט מיר זעהר לייד, וואָס איהר פאָהרט אוועק.

— ווען איהר ווילט און בעפעהלט, בלייב איך.

— אָך, איך האָב גאָרניט צו בעפעהלען איבער אייך — האָט זי שנעל געענטפערט.

זי האָט זיך דערשראָקען פון דער ווענדונג, וואָס דער גע־שפּרעך האָט אָנגענומען. אפשר וואָלט טאַקי בעסער געווען, אז ער זאָל אוועקפאָהרען... זי האָט געטראָפען, דאָס דער גרונד פון זיין אוועקפאָהרען איז די מורא פאר דערזעלבער געפאהר...

— איהר האָט אלעס איבער מיר צו בעפעהלען! — האָט ער איהר געענטפערט — אָבער, ווען איך וואָלט אייך געלאָזט אריינבליקען ניט נור אין א קינסטלער־גייסט, נור אויך אין אן אָרימער מענשענהארץ, וואָלט איהר מיר פיעלייכט בעפעהלט ניט נור גלייך אוועקצופאָהרען, נור אויך קיינמאָל שוין ווידער ניט צו קומען. איהר פערשטעהט, וואָס איך וויל זאָגען... איך זאָג עס אָבער ניט, ווייל דאָס וואָלט געווען א העזה, צו וועלכער איך בין ניט בערעכטיגט.

סילוויא האָט בייזלאָך געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איהר האָט עס אָבער דאָך געזאָגט... לאָמיר רעדען

פערנינפטיג, הערר ברעסער. דאָס איהר זיינט א מאָל געווען
אין מיר פערברענט׳ דאָס ווייס איך פון א נארישען בריעף,
וועלכען איך האָב ערהאלטען אין דעם פריהמאָרגען פון מיין
חתונה־טאָג. זייט האן זיינען שוין דריי און א האלב יאָהר
אוועק... איהר זיינט אריין אין א גאנץ ניי לעבען, און די אלע
פאנטאזיעס און חלומות׳ אויב איהר האָט זיי ניט פערגעסען,
זיינט איהר זיכער בייגעקומען. אייער שאָקלען מיט׳ן קאָפּ
דאָס גילט ניט. אייער ארבייט און וואָס ווייס איך — איך
פרעג ניט וועגען דעם—פיליכט נייע הארץ־פערבינדונגען, פיל־
לען אוים אייער איצטיגען לעבען׳ אלזאָ, בעט איך אייך, פיהרט
זיך אויף אזוי׳ ווי עס וואָלט קיינמאָל ניט געשריבען געוואָרען
יענער בריעף, אזוי ווי איהר וואָלט קיינמאָל ניט געמאכט די
אָנצוהערענישען, וואָס איהר האָט געמאכט נור־וואָס, ווי דאָס
גאנצע וואָלט אין גאנצען אויסגעמעקט געוואָרען... און כדי מיט
דער זאך איינמאָל פאר אלע מאָל פארטיג צו ווערען׳ ערקלער
איך אייך מיט פעסטער ענטשלאָסענהייט׳ דאָס איהר האָט גאָר־
ניט׳ נאָרניט וואָס צו ערוואַרטען פון מיר א חוץ דעם פריינד־
שאפטליכען פערקעהר פון אמאָליגע יוגענד־חברים, און דעם
זאָלט איהר האָבען מיט מיין גאנצער הערצליכקייט. אלזאָ פאָהרט
נאָך בערלין׳ ווען אייערע געשעפטען אָדער אייערע ווינשע רו־
פען אייך אהין... אָבער נור ניט אַנטלויפען, איך בעט אייך —
דאָס וואָלט מיך בעליידיגט. נון׳ דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט
וועגען דעם. איך וועל דאָס מיט קיין וואָרט מעהר ניט
דערמאָנען, און אויך אייך פערבאָט איך ווען־עס־איז צוריקצו־
קעהרען זיך צו דעם. און איצט דערצעהלט מיר פון אייער
נייעסטען ווערק.

זי האָט גערעדט זעהר שנעל, דער גאנצער פנים האָט זיך
ביי איהר אָנגעצונדען.

הוגאָ האָט ניט פרובירט אונטערברעכען איהר. איהרע
ווערטער — זי האָט דאך גערעדט פון זיין ליעבע — האָבען
איהם פערשאפט דעם גרעסטען פערגניגען. זיי האָבען איהם
בעטויבט׳ געווירקט אויף איהם כמעט, ווי א קוש פון איהר.

עס האָט אָנגעפאנגען ווערען דונקעל אין צימער. א די־נער האָט אריינגעבראכט די לאָמפּען, אויך אויפגעשארט דעם פייער אין קאמין. דאן איז ער ארויס. די ליכט פון די לאָמפּען איז געדעמפּט געוואָרען פון גרויסע, רויטע שירמען, און פון דעם קאמין האָט געפלאקערט דער רויטער שיין איבער דעם קארפּעט. א זעלטענע שטימונג פון צוטרויליכקייט האָט גע־הערשט אין דעם קליינעם, זעהר שעהנעם צימער.

ברעסער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט זיך אָנגעשפּארט אָן דעם קאמין־געזימס. דורך דעם איז ער צוגעקומען עטוואָס נע־הענטער צו דער יונגער פרוי.

— איך וועל אייך אין אלץ פאָלגען, פרוי גרעפין — האָט ער געזאָגט אין א זאנפטען, צערטליכען טאָן.

— דאָס איז גוט.

— דערהווייל וועל איך נאָך פערבלייבען אין וויען. איך קען די ארבייט, וואָס איך האָב אָנגעפאנגען, און וועגען וועל־כער איהר פרעגט מיך, בעסער ענדיגען דאָ, אין וויען, וואו איך האָב מעהר פרייע צייט, ווי אין בערלין וואו מיינע פיעלע קאָל־לעגען לאָזען מיך ניט צורוה.

—וואָס איז עס פאר אן ארבייט?

— א מערכען־דראמע אין פערזען. דער ערשטער אקט איז פערטיג. איך וועל איהם פאָרלעזען פאר אייך, און איהר זאָגט מיר, אויב איך האָב געטראָפען דעם ריכטיגען טאָן.

— האָט איהר דעם מאנוסקריפּט ביי זיך?

— ניין, איך וועל איהם מיטברענגען דאָס נעכסטע מאָל, ווען איהר וועט עס מיר ערלויבען.

— גוט, זאָל עס זיין מאָרגען.

— גוט, מאָרגען: ווי דאָס קלינגט פאר מיר אזוי פריינד־ליך נאָך דעם, ווי איך האָב מיך שוין פערהאורטהיילט צו זיין מאָרגען איבער אלע בערג. ווי א בעגנאַדיגטער פיהל איך.

אין ער איז געקומען אויף מאָרגען אין דערזעלבער אָבענד־

דאָך דאָס מאָל האָט ער שוין געפונען די לאָמפּען אָנגע־צונדען, און סילוויא איז ניט געווען אליין. בּאראָנעססע טילינג, איהר מוטער, איז געזעסען ביי איהר.

ווען סילוויא האָט געזעהען דעם יונגען מאַן אריינקומען, האָט איהר פערשטיקט דער אָטהעם און די בלוט האָט א שאָס געטהאָן אין איהרע באַקען. זי איז געווען צופריעדען, וואָס זי איז ניט אליין, נור עס איז געווען פאר איהר שווער אריבערצו־טראָגען דעם בליק פון איהר מוטער'ס אויגען, וועלכע זיינען געווען געצילעוועט אויף איהר. מעגליך, אז זי האָט בעמערקט, ווי די פארב האָט זיך געביטען אין איהר טאָכטער'ס פּנים.

— א גוטען אָבענד, העדר ברעסער — האָט זי געזאָגט עטוואָס אונזיכער — האָט איהר אייער מאַנוסקריפּט מיטגע־בראכט? זי האָט אָנגעוויזען אויף א צונויפגעוויקעלטען פּאַפּיר, וואָס ער האָט געהאלטען אין האנד.

— יא, דאָס איז עס. ער האָט אוועקגעלייגט דעם מאַנו־סקריפּט אויפ'ן טיש — איך לאָז עס איבער דאָ, ווען איהר וועט צייט האָבען, וועט איהר אזוי גוט זיין, און דאָס איבער־לייענען.

דאַן איז ער צוגעגאנגען צו באראָנעססע טילינג און איהר עהרפורכטפול געקושט די האנד.

— דאָס איז אייער נייסטעס ווערק? — האָט זי גע־פרעגט.

סילוויא האָט אָבער גענומען דעם מאַנוסקריפּט און איהם געוואָלט צוריקגעבען.

— אזוי אָבער האָבען מיר ניט אָבגעמאַכט. איהר האָט מיר צוגעזאָגט אליין עס פאָרצולעזען.

— איך ווייס ניט, אויב די באראָנעססע...

— אָה, איך וואָלט זעהר און זעהר גערן געהערט עטוואָס פון אייך — ווען איהר האָט פערשפּראָכען פאָרצולעזען פאר איהר איינע פון אייערע דיכטונגען, דאַן לאָזט מיר אויך טהייל־נעהמען אין דעם גענוס.

אזוי אָבער האָט ער ניט אָבגעמאַכט. א ל י י ן מיט דער

פרוי, וועלכע ער האָט געליעבט, אויסגיסען פאר איהר זיין נשמה אין זיינע פערזען — דאָס האָט ער געהאָפט פון דער גליקליכער שטונדע. „טו איז קאָמפּאַני, מהרי איז נאָן" — די ריכטיגקייט פון דעם ענגלישען שפריכוואָרט איז איצט אויס־געקומען פאר איהם מעהר, ווי בעשטעטיגט. אוועקזעצען זיך איצט און פאָרלעזען פאר דיביידע דאמען, אזוי ווי ער וואָלט ערוואַרט פון זיי א קריטיק פאר זיין נעכסטע שאַפונג, ניין, דאָס האָט ער ניט געקאָנט, און ער האָט געזאָגט:

— איך בין א זעהר שלעכטער פאָרלעזער. די גרעפין, ווען זי וועט צייט האָבען, וועט אליין בלעטערען אין דעם פראַג־מענט.

— בלויז א פראגמענט? — האָט מארטא געפרעגט.

— יא, דער ערשטער אקט פון א דראמע. מעהר האָב איך ניט פארטיג.

— אָבער דאָך דעם פּלאַן פון די נעכסטע אקטען?

— דער איז נאָך ניט זיכער.

סילוויא האָט גענומען דעם מאַנוסקריפּט אין האַנד, און געזאָגט:

— אז איהר ווילט ניט פאָרלעזען, וועל איך עס טהאָן.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט און געעפענט דעם מאַנוסקריפּט.

און ווידער האָט דורכגעצוקט זי דער אנבליק פון הוגאָ'ס האנדשריפט מיט דער עררינערונג אָן דעם הייסען ליעבעס־בריעף, וועלכען ער האָט איהר דאן געשריבען... און טוידט איז דאָך ניט געוועזען יענע ליעבע — דאָס האָט זי געוואוסט — נור צו אייביגע שטומקייט פארדאמט. און דאָך אויך דאָס ניט. ביי א דיכטער קען די מויל קיינמאָל ניט פערשלאָסען ווערען. וואָס ער טאָר ניט זאָגען דירעקט, דאָס קען ער, אז אלע זאָלען הערען, נור איינע זאָל פערשטעהן, אין א געזאנג אויסדריקען. זי האָט געפיהלט, דאָס אין דעם אָפענעם העפט מוזען געוויס זיין גע־נוג שטעלען, וואָס זאָלען זיין געצילעוועט בלויז צו איהר, וועל־כע זאָלען שושקען נור אין איהר אויער זיין גאַנצע ליידענשאפט און זיסקייט....

— גוטע לעזטי גרעפין, אויב איהר ווילט. צו הערען מיינע פערזען פון אייערע ליפּען וועט מיך גאַנץ אייגענטהימליך בע־ריהרען און בעלעהרען. איך וועל בעסער קענען אורטהיילען, ווי די פערזען קלינגען, ווי, ווען איך וואָלט אליין געלייענט. ווען עס וועט אייך ניט לאַנגווייליגען, פרוי באַראָנעססע —

— מיך? — האָט מארטא אויסגערופען — איך בין זעהר פּעראינטערעסירט. לעזי מיין קינד.

סילוויא האָט זיך צוגערוקט נעהענטער צום לאָמפּ און האָט אָנגעהויבען צו לייענען. הוגאָ האָט אין זיין פאָטעל זיך אזוי צוריקגעצויגען, דאָס זיין קאָפּ אין געווען אין דעם שאָטען פון דעם לאָמפּען־שירם. זיין בליק איז געווען געצילעוועט אויף סילוויא'ס פּנים, וועמעס בעוועגונגען זיינען געגאַנגען צוזאמען מיט די בעוועגונגען פון איהר שטימע. די מעלאָדישע שטימע איהרע איז אין מאַנכע שטעלען געווען צארט און ווייך און ציטערענד, און אין מאַנכע אנדערע שטעלען האָט זי זיך דערהויבען צו א פייעריגען קראפט. אָבער ביידעס איז פּאָרגעקומען ניט אין דער אבזיכט צו דעקלאמירען, נור אין א ניט־ווילענדיגער, דייטליך צוריקגעהאלטענער געריהרטקייט.

מיט גרויסען אינטערעס האָט מארטא זיך צוגעהערט צום אינהאלט פון שטיק. אָבער מיט נאָך א גרעסערען אינטערעס האָט זי בעטראַכט איהר טאָכטער.

ווערטער, וואָס זאָלען זיין געצילעוועט צו איהר, האָט סיל־וויא ניט געקאָנט געפינען אין די פערזען, ווייל אין זיי איז ניט געווען די הערע פון ליעבע און ליעבע־זאכען. אָבער זי האָט גע־פונען א שפּראך פון אזא שוואונג און אזא שעהנקייט, וועלכע זי האָט ניט ערוואַרט.

קרעפטיג און קלינגענדע ווי דער טראָמפּייטען־רוף, דאַן ווידער זאַנפט און איינוויגענדיג, ווי דאָס גיסען־זיך פון פאָנ־טאַנען, בעשיינט פון דער לבנה, דאַן פון ווילדע פרעהליכקייט, ווי א פּעען־טאַנץ און פון א שווערמוטהיגקייט, ווי די טענער פון קבר — אזוי האָבען זיך געביטען די ריפמען, אזוי זיינען נעגאַנגען די סטראָפען איינע נאָך די אנדערע אין איבעררא־

שענד נייע ווערטער אויסדריקע, אין דער צייכנונג פון פונקט אזעלכע נייע בילדער פול מיט טיעף־גליהענדע פארבען און מאט־פינקלענדען גלאנץ. און דיזער גאנצער פראכט פון אויסדרוק איז געווען דאס קלייד פון ערהאבענע און ליעבליכע געדאנקען, פון דעם גרעסטען פאנטאסטישען פליהען און פון א ליידענ־שאפטליך־פולסירענדער געפיהלס־קראפט. די לעזערין איז בע־הערשט געוואָרען פון א בעוואונדערונג, וואָס קומט נור פון דעם גענוס פון די העכסטע קונסטווערק. פון דער בעגייסטערונג, וועלכע האָט געשוועבט און געציטערט אין די פערזען האָט ארי־בערגעשטראָמט א מיטבעגייסטערונג אין איהר אייגענער נשמה — און זי האָט זיך דערפיהלט דערהויבען און בעגליקט. ווען זי האָט דאָס לעצטע וואָרט איבערגעלייענט, האָט זי געטהאָן א טיעפען אָטהעם־צוג: זי ליעבט א דיכטער, א גרויסען דיכטער.

אויך מארטא איז געוואָרען שטארק בעגייסטערט.

— וואונדערפול! — האָט זי אויסגערופען — איהר האָט פאר זיך א גרויסע צוקונפט, ברעסער. און, סילוויא, איך מוז זאָגען, אז דו האָסט זעהר גוט פאָרגעלעזען.

די ביידע אנדערע האָבען גאָרניט געענטפערט. אין א ווײַלע ארום האָט מארטא ווידער גענומען דאָס וואָרט, אום צו רעדען פון דער האנדלונג פון דעם, וואָס איז נור־וואָס פאָרגעלע־זען געוואָרען, און אויך אום צו פרעגען, ווי די דראמא וועט זיך ווייטער ענטוויקלען.

— דעם ערשטען פלאן, וואָס איך האָב געהאט, האָב איך פערוואָרפען שוין, ווערהענד דער אקט איז געשריבען געוואָרען. דערפאר קען איך ניט זאָגען בעשטימט, ווי איך וועל ווייטער פיהרען די האנדלונג. א גאנץ נייע ווענדונג איז מיר איינגע־פאלען דורך דעם געדאנק פון איין איינציגען פערז אין דעם ערשטען אקט, אָבער דאָס מוז איך לאָזען צייטיג ווערען, איידער איך הויב אָן ווייטער צו ארבייטען איבער דעם.

— אָט די זיינען עס די געהיימניסע פון שאפען? — האָט מארטא געפרעגט פארטראכט.

— איך דענק, אז דער אופן פון שאפען איז ביי יעדען קינסטלער פערשיעדען.

סילוויא האט נאך אלץ געשוויגען. זי איז געווען ווי אין א חלום, פון וועלכען זי האט זיך ניט געוואלט ארויסרייסען דורך דעם קלאנג פון איהר אייגענער שטימע. ווארעם און בעגליקענדי כאטש אויך א ביסעל דערשרעקענדיג, איז געקומען צו איהר פון הארצען דער בעוואוסטזיין, אז דא שטעהט פאר איהר א מאן, וועמעס קאפ איז בעציערט מיט דער העכסטער אירדישער קרוין — מיט דעם קרוין פון געניוס — און פון דעם מענשען ווערט זי געליעבט.... איהם ווידערצוליעבען איז געווען דער זיסטער צוואנג. די דיכטונג האט איהר פאר'שיכור'ט. איהר נשמה האט זיך געשאקעלט אין דעם רויש פון בעוואונדערונג.

אונערווארטעט איז דעלניצקי געקומען. דערמיט איז דער כשוף פערשוואונדען. סילוויא האט זיך אויפגעכאפט ווי פון א חלום. זי האט געפיהלט, ווי א קאלטער לופט־שטראם וואלט בעריהרט איהרע שלייפען און פערטריבען דעם רויש.

— גאט מיט אייך, אלע... קושען די האנד, מאמא... זאהי הערר ברעסער... פרעהט מיך, נאך אלץ אין וויען? און איך האב געגלויבט, אז איהר זיינט שוין צוריק אין אייער געליעב־טען פרייסען... דו, סילוויא, איך האב דיר געוואלט זאגען, איך האב היינט צוויי פריינד איינגעלאדען צום עסען... דעם פעלטענ און דעם מילאוויץ.

— גוט — האט זי געענטפערט.

ער האט זיך א ווארף געטהאן אין א פאטעל.

— ביי וואס האב איך אייך געשטערט?

— סילוויא האט פארגעלייענט פון א דראמע פון הערר ברעסער.

— אזוי... דא האב איך עטוואס וויכטיגעס פערשפע־טיגט. נור מיר וועלען דאך, אפשר, א מאל זעהען אייערע שטיקער שפיעלען אין דעם בורג, יא? דאס איז מיר ליעבער,

ווי צו הערען עס פארלעזען. דערצו האב איך גאר קיין טא־לאנט, קיין געדולד.

הוגא האט אבשיעד גענומען ; ביים קושען סילוויא'ס האנד צום אבשיעד, האט ער געזאגט :

— איהר האט ניט מיט איין ווארט, גרעפין, אויסגע־פאר זעהר שלעכט ?

מיט א פעסטען דריק פון איהר האנד און מיט א גלייכען בליק אין זיינע אויגען, האט זי געענטפערט :

דריקט אייער מיינונג. זאל איך דענקען, אז איהר האלט עס

— איהר ווייסט, אז עס איז פונקט פערקעהרט.

יא, ער האט עס געוואוסט. א מאגנעטישע פערבינדונג האט זיך געבילדעט אין דער צייט פון לעזען צווישען פער־פאסער און לעזערין. דייטליך האט ער געפיהלט, דאס זי איז אויפגעהויבען געווארען אויף די פליעגלען פון זיין געזאנג און דיזעלבע בעגייסטערונגס־הויכקייט, אויף וועלכע ער האט ארויפגעקלעטערט אין די שטונדען פון זיין שאפען. א פער־בינדונג אויף דעם שפיץ פון פארנאס, א גלייכצייטיגער איינ־טונקען פון די ברענענדע ליפען אין דעם קיהלען שוים פון דעם קאסטאלישען קוואל...

אזעלכע עטוואס איבערשפאנטע אידעען האבען איהם אי־בערפילט און בעגלייט אויפ'ן וועג צו זיין וואוינונג. ער האט געהאט די אבזיכט, דעם דראנג, דאס בעדירפניס נאך היינט נאך דעם גאנצען אבענד צו שרייבען, אנצופאנגען דעם צוויי־טען אקט אונטער דעם איינדרוק פון דעם פארלעזען, פון אזא מייל — פון דעם ערשטען אקט. און נאך אנאנדער זאך האט ער געוואלט שרייבען — א געדיכט צו איהר. זיין ליעבע, אין דעם בעוואוסטזיין פון דער דערגרייכטער געגענליעבע, איז געווארען אויפגעבלאזען ביז צום העכסטען פלאם, און אזוי ווי דאס איז געקומען דורך דעם כשוף פון דיכטונג, האט ער געוואלט, האט ער געמוזט אויסדריקען זיין געפיהל אין גלי־הענדע פערזען. זי צו בעזינגען — נאך דעם האט ער גע־לעכצט, אזוי ווי דאס וואלט געווען און אנדער אופן, ווי צו קו־

שען איהר צערטליך, ווי צו צירען איהר — אָנשטאָט מיט די־ דימענטען און פערל — מיט ריפמען און ריימען.

באראָנעסע טילינג איז געבליבען ביי די דעלניצקים צום מאָהלצייט. באלד, נאָך דעם עסען, זיינען טאָני און זיינע פריינד אוועק אין קלוב, און מוטער און טאָכטער זיינען געבלי־ בען אליין.

סילוויא איז געוועזן די גאַנצע צייט פארטראכט און שוויי־ גענדיג. אויך איצט, ווען מארטא האָט ביי איהר עטוואָס גע־ פרעגט, האָט זי ערשט געענטפערט, ווען די פראגע איז איהר נאָך א מאָל געשטעלט געוואָרען, און דאָס האָט זי אָפט געענט־ פערט קורץ און ניט צו דער זאך.

— קום, מיין קינד, מאך עס, ווי דו האָסט געטהאָן אין דיינע יאָהרען, אלס מיידעל, נעהם א ביינקעל און זעץ זיך צו מיינע פיס...

— אך, מוטער, די מיידעל־יאָהרען זיינען שוין פאָר־ איבער.

— און פונקט אזוי דיין פערטרויען אין מיר...

— ווי מיינסטו דאָס?

— איך מיין, אז דו פערשווייגסט פון מיר עטוואָס, וואָס דריקט און בעוועגט דיך. אמאָל איז עס געוועזן אנדערש... דו פלעגסט מיר אלעס דערצעהלען, ווי דיין בעסטע פריינדין... איצט, נאטירליך, וואָלט דיין מאן געקאָנט פערנעהמען מיין פלאץ... ער וואָלט איצט געקאָנט זיין דיין פערטרויטער און דיין ראטהגעבער. דאן וואָלט איך מיר גערן צוריקגעצויגען, אָבער, ליידער, איז דאָס ניט דער פאל.

— ניין, דאָס איז ניט דער פאל — האָט סילוויא געמור־ מעלט מיט ביטערקייט.

— זעהסטו, און דאָס זאָגסטו מיר ערשט היינט.

— אזוי ווי דו האָסט עס אליין ניט פערשטאנען.

— איך פערשטעה נאָך מעהר... קום, סילוויא... טהו מיר דעם געפאלען און זעץ זיך דאָ... און לייג אוועק דיין קאָפּ אויף

מיין שוים, און זיי גאנץ אויפריכטיג. איך בעט דיך.

עטוואס געגען איהר ווילען, אָבער געצווינגען פון א קראפט, וואס זי האָט ניט געקאָנט ווידערשטעהן, האָט סילוויא גע־פאָלגט איהר מוטער.

— נו, אָט בין איך דאָ... דער אלטער פלאץ... דערמאָנסטו זיך, צום לעצטען מאָל בין איך אזוי געזעסען אין דעם טאָג, ווען איך האָב מיך בסוד פערלאָבט...

— יא, איך דערמאָן זיך, דו האָסט זיך דאן פאר מיר מתודה געוועזן.

— יא, א וידוי. מיין ליעבע איז ניט געוועזן פריי פון זינד.

— דאָס איז זי אויך היינט ניט, סילוויא.

— איך ליעב איהם שוין ניט מעהר. נון, ווייסטו עס — איך האָב מיר געקלערט, אז דו מוזט עס שוין לאנג וויסען, אָבער איך האָב זיך און דיר געוואָלט פערשפּאָרען דעם שמערץ, וואס ליגט אין אזא אויסרעדען זיך.

— איך האָב דיך דאן געוואָרענט, אָבער דו האָסט מיר ניט געוואָלט פאָלגען. דו ביזט געוועזן שכור פון ליידענ־שאַפט. אָבער איך זאָג נאָך א מאָל: דיין ליעבע איז ניט פריי פון זינד.

— און איך ווידערהאָל, אז די ליעבע מיינע איז אין גאנ־צען אויסגעלאָשען.

— פאר טאָני יא, און דאָס פערשטעה איך. דאָך —

סילוויא האָט א ציטער געטהאָן אונטער דער האנד, וואס איז געלעגען אויף איהר קאָפּ. — אויך דאָס האָסטו געטראָפען? האָט זי געזאָגט, אויפציטערענדיג.

— אויך דאָס... איך בעשוועהר דיך, מיין קינד, נעהם ניט אויף מעהר דעם יונגען ברעסער... דו ביזט פרידריך'ס טאָכ־טער... ניט אנדערש, ווי אין ריינקייט זאָלסטו דאָס לעבען דורכגעהן...

א שטילער גייסט פון ווידערשטאנד איז אויפגעשטיגען אין דער נשמה פון דער יונגער פרוי: איז זי דען ניט פריהער

פון אלץ זי אליין, און ערשט אין צווייטער רייהע די טאָכטער פון דעם אָדער יענעם ?... אָבער אויך זי זעלבסט... כאָטש איהר בעוואונדערונג איז אין פולער גליהונג צום יונגען מאַן, האָט זי אָבער געטראַכט אמאָל איהר ריינקייט צו אָפּפּערען ? מאַכען ברעסער פאַר איהר געליעבטען ? דער געדאַנק איז איהר געקו־מען צום ערשטען מאָל, אלס עטוואָס, וואָס האָט איהר גע־מאַכט פיהלען היים, צוטומעלט און מיט וואָס זי האָט זיך גע־שעהמט — עטוואָס, וואָס מוז פעריאָגט ווערען, וועגען וואָס מען טאָר גאָרניט טראַכטען —

מאַרטאַ האָט ווידער גערעדט:

— דיין פאָטער איז טוידט. אָבער זיין ווערק לעבט: מיר דריי: רודאָלף, דו און איך זיינען זיינע יורשים און היטער פון זיין ירושה. קיין שאָטען טאָר ניט פאַלען אויף די עהרע פון אונזער נאָמען, ווייל דאָס וועט אונזער זאַך פערדונק־לען. אָבער ניט נור צוליעב דער זאַך, נור צוליעב זיך אליין בעשווער איך דיר: געה אין ריינקייט דורך דאָס לעבען!

— דאָס וויל איך אויך! — האָט סילוויאַ געענטפערט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ.



## זעבצעהנטער קאפיטעל.

### מארטא'ס בריעף צו גראף קאלנאס.

ברונהאף, יוני, 1893.

ליעבער פריינד!

צופעליג האב איך אויסגעפונען, וואו איהר געפינט זיך און אייער אדרעס. איהר זיינט שוין אויף'ן וועג צוריק, און וועט מסתמא באלד שוין זיין מיט אונז, נאך דעם, ווי איהר זיינט געוועזן אוועקגעפאהרען אנדערהאלבען יאהר.

איהר ווייסט ניט, וואס אין דער צייט איז געשעהען. אין מיין הויז האט פאסירט עטוואס שרעקליך־טרויעריגעס. און איך וויל, אז איהר זאלט עס צוערשט פון מיר זיך דערוויסען. דערפאר שרייב איך צו אייך. איהר זיינט מיין פריינד און רו־דאלף'ס פריינד, און איך בין זיכער מיט אייער סימפאטהיע.

דער טוידט האט זיך צו אונז אריינגעבראכען. צוויי מאל. צוערשט איז עס געוועזן מיין איינינקעל — פרידריך. צוויי טעג בלויז איז ער קראנק געוועזן. דאס איז געוועזן א שווערער קלאפ פאר אונז אלע. וואס עס שטארבט מיט אזעלכע קינדער, איז ניט בלויז דאס ליעבע הארציגע קינד גופא, נאר דאס זיינען אויך פיעלע, פיעלע האפנונגען, וועלכע מען האט ערווארטעט און געטרוימט פאר דער צוקונפט... דער יורש פון דעם דאצקי־ישען גאנצען פערמעגען, דער נאכפאלגער פון מיין זוהן. וואלט ער דען אויך ניט געוועזן זיין גייסטיגער נאכפאלגער און וואלט ער דען ניט ווייטער געפיהרט די ארבייט, וועלכע מיין זוהן האט זיך געמאכט פאר זיין לעבענס־אויפגאבע? און דאס אלעס איז פערשוואונדען אויף אייביג דורך א פאר קאנוואולסיען פון דעם קליינעם קערפער.

רודאלף איז געוועזן זעהר אונגליקליך. בעאטריסע, וועלכע

האַט שוין געהאַלטען נאָהענט פון צו ברענגען א צווייטע קינד אויף די וועלט, איז געווען גאָר פערצווייפעלט. און דאן איז געקומען דער צווייטער קלאַפּ. א מפּיל, און אויך בעאַטריסע איז טוידט.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען מיין זוהן'ס שמערץ. ער האָט זיין ווייבעלע זעהר ליעב געהאַט. זי איז אויך געוועזן א גוטע און א ליעבע און א זעהר שעהנע. ער טרויערט נאָך איהר מיט'ן גאַנצען הארצען. די ביידע אונגליקען, איינער נאָך דעם צווייטען, האָבען איהם געמאכט זעהר מעלאנכאָליש.

ער וועט, נאַטירליך, ווידער קומען צו זיך. בעאַטריסע איז פאר איהם ניט געוועזן אלעס, זיין גאנצער לעבען. ער איז נאָך יונג, און איך האָף דאָס ער וועט זיך טרייסטען. אָבער, ווען איך האָב ניט לאַנג צוריק איהם דאָס געזאָגט, האָט ער שטאַרק פּראָטעסטירט דאגעגען.

אזוי איצט ווייסט איהר, מיין אלטער פריינד, דאָס איהר וועט אין אונז געפינען א פּאָר גאנץ טרויעריגע שוועהרמוטהיגע מענשען. מיין ליעבער אייניקעל, וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען פרידריך, איז מיר געוועזן איינגעבאַקען אין האר־צען. דער טוידט... דער טוידט.... ווי גרויזאם געהט ער ארום צווישען אונז און רייסט ארונטער די בלעטער פון אונזער גליק! דאָס, וואָס ער האָט פון מיר גערויבט — איך דענק נאָך אַלץ פון 1871 —דאָס האָט מיך אייגענטליך פערהארטעוועט גע־גען זיינע קלעפּ. דאן איז עס אייגענטליך געוועזן ניט זיין אויפ־טהו, ניט זיין קלאַפּ. מענשליכע באַרבאַריי האָט די קאָסע גע־פיהרט. אָבער די קאָסע איז א גאַנץ פּראָסטער אינסטרומענט, און קען ניט פיעל אויפטהאָן. טאַקי נור גוט פאר האנד־אר־בייט. דער מענשליכער געניוס איז איהר געקומען צו הילף און האָט בעשאַפען טוידט־מאַשינען, וואָס מאָרדען טויזענדע און צעהנדליגע טויזענדע מיט א מאָל. אָה, די ווילדע משוגעת, וואָס מען רופט מלחמה — די מוז אויסגעראָטעט ווערען...

אָבער איך האָב שוין ווידער זיך צוריקגעקעהרט צו מיין פּיקסער אידעע... אָבער איהר זיינט דאָך שוין דערצו גע־

וועהנט, ליעבער פריינד. אין די פייערליכע מינוטען פון גרוי־ סער פרייד און בעזאָנדערס פון גרויסע ליידען פליהט יעדע נשמה צו דעם, וואָס איז פאר איהם דאָס העכסטע.

ווען איהר וועט צוריקקומען, וועט איהר רודאָלף'ען ניט געפינען אין דער היים. דער דאָקטאָר זיינער האָט איהם בע־ פוילען צו מאכען א רייזע נאָך אויסלאנד, אום זיך צו צו־ שטרייען, זיך צו פערגעסען. אָבער, אך, איך האָב מורא, אז ער האָט זיין שמערץ מיט זיך מיטגענומען, אלס רייזע־בעגליי־ טער. סילוויא'ן וועט איהר ניט געפינען אין וויען. אויך פון סילוויא האָב איך קיין נחת ניט. דאָס אָבער וועל איך אייך דערצעהלען מינדליך. איך בין גאנץ אליין אין ברונהאָף. אפשר וועט איהר מיך בעזוכען?

אויף א טעראססע אין א האָטעל אין ב ע ר ן איז רודאָלף דאָצקי געזעסען און האָט געקוקט פערטראכט אויף די אלפען־ פאנאראמע, בעשטראהלט פון דער אָבענד־זון.

ארום איהם האָט געקאָכט מיט לעבען. פיעלע האָטעל־ געסט זיינען געזעסען ארום קליינע טישלאך, אנדערע זיינען גע־ גאנגען הין און צוריק איבער דער טערראסע, ריידענדיג צווי־ שען זיך, אָדער זיינען געשטאנען אָנגעשפארט אָן דער פארענ־ צע. דאָס איז געוועזען א געמישטע געזעלשאפט פון מענשען פון אלערליי לענדער.

רודאָלף, וועלכער איז שוין דאָ איינגעשטאנען א גאנצע וואָך האָט מיט קיינעם קיין בעקאנטשאפט ניט געמאכט. ער איז אוועקגעפאָהרען, אום צו זיין אליין, מיט זיך, א לענגערע צייט, און אזוי איינזאם איז ער אויך געבליבען. ער האָט שוין בע־ זוכט כמעט אלע שטעדט פון דער שווייץ, און בערן האָט עס גע־ זאָלט זיין זיין לעצטע סטאנציע, און דאן פאָהרען צוריק אהיים.

געהייסען האָט עס, אז זיין רייזע מאכט ער, אום זיך צו צערישטרייען, אָבער וואָס ער האָט געפונען, איז געוועזען דאָס גע־ גענטהייל — דאָס איז געוועזען א טיפערעס אריינטראכטען אין זיך, א זיך צוזאמעננעהמען. איין געדאנק, וואָס האָט דורכגע־

שוועבט דורך זיין קאָפּ ביין קבר פון זיין פרוי און זוהן — דער געדאנק האָט איהם ניט מעהר אָבגעלאָזען, און ביסלעכווייז איז ער ביי איהם געוואָרען א פעסטער ענטשלוס: אָבצוזאָגען זיך פון זיין גאנצען פערמעגען.

פריי זיין, גאנץ פריי זיין, ניט מוזען מעהר דיענען צוויי באַליבאטים, אָדער זאָגאר גאנצע דריי: פאמיליע, קרייז און מענשהייט. ניין, פון איצט אָן זאָל עס זיין נור איין דיענסט, דער דיענסט צו דער מענשהייט. פריי פאר די צוקונפט און פריי פון די קייטען פון דער פערגאנגענהייט.

פריי?... אזוי ווי אירגענד וועלכער מענש אונטער די איצטיגע אומשטענדען קען זיין פריי! מיט דעם וואָרט מאַכט מען זיך לעכערליך שטאָלץ. רודאָלף האָט געוואוסט גאנץ גוט, וועלכע קייטען שמידען איהם נאָך, און וועלכע ער קען אי־בערהויפט ניט צוברעכען. ער איז דאָך געוועזן — ווי יעדער געזונדער בירגער אין א מיליטער־שטאאט — א סאָלדאט! אמת, נור אכט און צוואנציג טעג אין יאָהר, אָבער דאָך א סאָל־דאט. און אין צייט פון קריעג איז ער געוועזן פערפליכטעט זיך צו שטעלען. „פערפליכטעט" איז אויך ניט דער זעהר פאסענ־דער וואָרט פאר דעם. אונטער די ערפיללונג פון א פליכט פערשטעהט מען די אויספיהרונג פון א זאך, וועלכע מען האלט פאר רעכט, און וועלכע מען טהוט דאָך פרייוויליג. „געצוואונ־גען" איז דאָס ריכטיגע וואָרט. מען האָט דאָך קיין ברירה ניט. מען מוז. מעג מען דעם מיליטער־דיענסט ווי האסען, און צוליעב וועלכע אורזאכען דאָס זאָל ניט זיין, מוז מען איהם אָבער אויספיהרען. ווען ניט, הייסט עס אָדער געהן אין גע־פענגנים, אָדער גאָר שטארבען. און אונטער אזעלכע בעדינ־גונגען רעדט מען נאָך פון אירגענד וועלכער פרייהייט? לייב־אייגעשאפט און שקלאפעריי — דאָס איז אמאָל געוועזן דער גורל פון א טהייל פון דער בעפעלקערונג. היינט, אין די לענ־דער, וואו עס איז דאָ די אלגעמיינע מיליטער־דיענסט, איז עס דער גורל פון אלע.

אָבער וועלכע קייטען עס וועט נור מעגליך זיין צו צוברע־

בען, די איז ער געווען ענטשלאָסען צו צוברעכען. אָבזאָגען זיך פון זיין פערמעגען. מיט דעם איין שריט וועט ערלאָבפאלען פון איהם די גאנצע לאסט פון פערוואלטונג, פון צו זיין דער רעפרעזענטאנט און פון נאָך פערשיעדענע אנדערע פליכטען, וועלכע זיין שטעלונג אין דער געזעלשאפט האָט אויף איהם ארויפגעלייגט, און וועלכע האָבען איהם געשטערט אָבצוגעבען זיך אין גאנצען צו זיין גרויסער לעבענס־אויפגאבע — דער אויפגאבע פון צו זיין א לעהרער, א קעמפפער, אן אפּאָסטעל. אין וואָרט און שריפט וועט ער פאר זיינע מיטמענשען פרעדיגען דעם נייעם געזעלשאפטס־אידעאל. דאָס, וואָס ער האָט שוין פערשטאנען, וויל ער מאכען אויך פערשטענדליך פאר אנדערע, און צו דאָס, וואָס איז נאָך געבליבען צו ערלערנען פאר איהם און פאר די אנדערע, ווענינגסטענס דעם וועג ווייזען. מען קען ניט גלייך אלעס געפינען. צוערשט מוז מען לערנען, ווי צו זוכען.

אָבצוזאָגען זיך פון זיין ירושה... דאָס איז ניט געווען קיין קליינער ענטשלוס. אָבער ער האָט עס ניט געפיהלט, אלס עטוואס זעהר שווערעס, גיכער, אלס עטוואָס, וואָס האָט איהם פיעל ערלייכטערט, אלס אן אראָבגעוואָרפענע משא, וואָס דאָס מוז איהם מאכען צו קענען העכער פליהען.

איבעריגעס, אָבזאָגענדיג זיך פון זיין ירושה, איז ער נאָך אלץ געבליבען רייך גענוג, אום צו קענען לעבען אָהן זאָרגען און צו קענען בעקוועם מאכען פערשיעדענע רייזען, ווען ער זאָל עס וועלען. די גרויסע איינקונפט, וועלכע דער דאָצקישער מאיאָנטעק האָט געבראכט, די פלעגען זאָ־ווי־זאָ מוזען אוועקגעהן אויף אלע פערוואלטונגס־און רעפרעזענטאציאָנס־קאָסטען, וואָס זיינען פערבונדען מיט דעם בעזיץ: די גרויסע צאָהל דינער, פולע שטאלען מיט פערד, די אלע פעראנשטאלטונגען פאר די אויפנאהמע פון געסט, און אזוי ווייטער. דער רייכטהום, פון וועלכען ער האָט זיך ענטזאגט, וואָלט דאָך קיינמאָל איהם ניט געקאָנט נוצען פאר זיינע צוועקען, ווייל, לויט געזעץ, האָט דער פערמעגען געמוזט איבערגעהן בירושה פון דור צו

דור. דער פערמעגען האָט איהם, גראָד פערקעהרט, געשטערט אין דער דערגרייכונג פון זיינע ציעלען. פיזיש האָט ער ביי איהם צוגענומען צייט און קראַפט. מאָראַליש, ווייל עס איז אונמעגליך צו קעמפפען פאר די אָבשאַפונג פון מיטעל־אלטער־ליכע אומשטענדען, ווען איינעמס עקזיסטענץ גופא הענגט אָב פון אזא צושטאנד.

וואָלט רודאָלף געהאט דאָס רעכט צו טהאָן מיט דעם איי־גענטהום, וואָס ער האָט געוואָלט, האָן וואָלט ער, נאַטירליך, זיך פון איהם ניט אָבגעזאָגט. דאן וואָלט ער פאר דעם געפונען בענוג פלעצער און צוועקען. ער וואָלט, למשל, געקאָנט גרינדען גרויסע פאָלקס־ביבליאָטהעקען, א גרויסע פרייע צייטונג און עהנליכע זאכען. אָבער א פערמעגען, וואָס מוז בלייבען אין זיין גאַנצער גרויס פאר דעם נעכסט־קומענדען, דאָס האָט איהם ניט געקאָנט העלפען אין זיין ווירקען, נור שטערען.

דאָס דער געפלאַנטער שריט וועט ארויסרופען פערדרוס אין זיינע קרייזען — מיט דער אויסנאַהמע פון דעם פעטער, וועלכער דארף עס ווערען זיין נאָכפאָלגער, אויף דאָס איז ער געווען פאָרבערייטעט. ער האָט שוין געקאָנט זיך פאָרשטעלען, וואָס מען וועט זאָגען: „געווען אימער א שטיק משוגענער, דער דאָציקי, איך האָב איהם קיינמאָל ניט געגליכען... ריכטיג גערעדט, איז עס ניט נור נאַריש, נור א פערראַטה אָן די מיט־גליעדער פון זיין שטאנד... אָנשטאָט צו פערנעהמען דעם פלאַץ, וואָס דער שיקזאל האָט פאר איהם בעשטימט, נעהמט ער זיך נאָר צו פערדיגען אלערליי רעוואָלוציאָנערע משוגעת׳ען, ווי דער ערשטער בעסטער דעמאגאָג... אָן אמת׳ע שאנדע..." און נאָך אזעלכע ווערטער, וואָס זיינען נור וואריאציעס אויף דאָס אלטע „קרייציגט איהם".

איבעריגנס, האָט ער גאָרניט בדעה געהאט צו פערדיגען רעוואָלוציע. מען וועט עס נור אזוי אויסטייטשען. אָבער דאָס אויסטייטשען פון אנדערע האָט איהם ניט געקימערט. דער איינציגער מענש, וועלכער וועט איהם ריכטיג פערשטעהן און סימפאַטיזירען מיט איהם, דאָס איז ער געווען זיכער, וועט זיין

זיין מוטער. אין א פאר טעג שפעטער האט ער בעשלאסען צו שרייבען צו איהר וועגען דעם.

זיין בלייבען אין דער שווייץ האט ער געוואלט פארציהען אויף נאך צוויי, דריי מאנאטען. דא, אבגעזונדערט פון אלע און אין פולע רוהיגקייט, קען ער ענדיגען די ארבייט, וועלכע ער האט געוואלט ארויסשיקען אין די וועלט, איידער ער וועט אנהויבען צו ווירקען מיט זיינע רעדען, און פערשפרייטען און פאפולער מאכען דאס, וואס ער האט געשריבען.

ניט עהרגייציגקייט איז עס געווען, וואס האט איהם גע־טריבען אזוי צו האנדלען. עס איז געווען פרומקייט, דער בע־וואוסטזיין צו מוזען ערפילען די העכסטע פליכט, דורך וועמעס ערפילונג מען ווערט אליין היילינ, און מען העלפט צו מאכען היילינ אויך אנדערע — דאס איז עס, וואס פילט אן אלע פרומע נשמות, וואס האט געמאכט, למשל, א פראנץ פאן אסיסי צו ווערען פון א רייכען לעבעמאן א פרוש. אזעלכע בערופען זיינען ניט אימער א רעזולטאט פון איינעמס נאטור. זיי קומען אפט — ווי דאס האט פאסירט ביי דעם אויפבויער פון דעם פראנציסקאנער ארדען — נאך א לעבענס־פיהרונג, וואס איז פונקט דער געגענזאץ פון דעם שפעטערען אויפטהו. רודאלף האט, אמת, זייט ער איז נאך א קינד געווען, געטראגען אין זיך די אידעע, דאס ער וועט שפעט, ווען־עס־איז, מוזען נעהמען אויף זיך די אויפגאבע פון זיין שטיף־פאטער, אבער גאנץ דורכדרונגען פון דעם איז ער בשום אופן ניט געווען. ער האט בעטראכט די אויספיהרונג, אלס א זאך פון דער וויי־טער צוקונפט, אבער די געגענווארט איז פאר איהם פול געווען מיט הונדערטע אנדערע אינטערעסען. ערשט שפעטער, ביס־לאבווייז, אלס רעזולטאט פון געוויסע שטודיען און דורך זיין קומען אין בעריהרונג מיט מענשען, וועלכע האבען זיך אבגע־געבען שוין צו זייער גרויסער לעבענס־אויפגאבע, איז אויך ביי איהם געווארען אלץ שטארקער און שטארקער דער דראנג אב־צוגעבען זיך אין גאנצען צו דעם, וואס איז פאר איהם געווארען א רעליגיאן: ארויסצוגעהן און צו פרעדיגען דאס, וואס איז פאר

איהם געווען זיין גלויבען, און צו בעקעמפפען דאס, וואס ער האט געהאלטען פאר שעדליך און געפעהרליך. איבערגעבען, פול מיט בעגייסטערונג און ליעבע, פול עהרפורכט פאר דאס געטליכע, וואס האט געשוועבט פאר זיין גייסט; פול מיט עקעל געגען דאס בייזע, געמיינע און טרויעריגע, וואס די ארומיגע וועלט האט איהם געוויזען אויף שריט און טריט — דאס איז געווען איצט די שטימונג פון זיין נשמה, די זעלבע שטימונג, וועלכע, ווען אנגעווענדעט אויף דעם גלויבען, ווערט בעצייכענט מיט דעם ווארט „פרומקייט", וועלכע האט אויך מארטהא'ס נשמה דורכגעגליהט.

פערזונקען אין טיעפען טראכטען, איז ער אזוי געזעסען, אבער דאס איז ניט געווען קיין דענקען אין קלארע ווערטער אדער דייטליכע בילדער, נור מעהר א געפיהלס־דענקען. דאס זיינען ניט געווען איינע אין די אנדערע פערבונדענע אידעען, נור גע־פיהלען, וועלכע האבען געבילדעט מיט זיך די פאזען פון זיין בעוואוסטזיין.

עס האט זיך נור־וואס געענדיגט דער מאהלצייט, אין וועל־כען ער האט זיך קיינמאל ניט בעטהייליגט, און א גאנצע מאסע פון די האטעל־געסט האט זיך ארויסגעשאטען אויף די טעררא־סע. די מייסטע האבען זיך אוועקגעזעצט אין א גלאז־בעדעק־טער וועראנדע געגענאיבער דעם פלאץ, וואו רודאלף איז געזע־סען, און האבען זיך געלאזט ברענגען שווארצען קאפע און אלערליי ליקער־געטרענקע. צווישען די געסט איז געווען א גרויסע אמעריקאנער געזעלשאפט, מייסטענס יונגע מענשען פון ביידע געשלעכטער, און די האבען זיך געפיהלט זעהר לוס־טיג און האבען אנגעמאכט א היבשען טומעל. דורך דער אפע־נער טהיר פון זאל האט זיך געהערט אויסגעצייכענטער פיאנא־שפיעלען. עס איז געווען קלאר, אז א גרויסער קינסטלער האט זיך געזעצט ביי דער פיאנא. דאס אלעס האט געשטערט רו־דאלף'ן אין זיין דענקען און האט איהם ארויסגעריסען פון זיין פאנטאסטישער וועלט. דא איז געווען א שטיקווירקליכע

וועלט, א שטיק פון דער לעבעדיגער געגענוואַרט, א געגענזאַץ צו זיינע צוקונפטס־חלומות, דאָס הייסט, צו זיינע קאַמפּפּס־פּלענער פאַר א בעסערע צוקונפט. די מענשען ארום איהם, ווי עס האָט איהם אויסגעזעהען, האָבען געפונען די איצטיגע שטונדע פאַר זעהר גוט, און האָבען גאַרניט געשטרעבט נאָך א בעסערען מאָרגען — זיינען זיי, אפשר, ניט געווען די קלי־גערע? זייערע איז געווען די ווירקליכקייט, און אין איהר האָ־בען זיי זיך געמאַכט אזוי גוט און בעקוועם.... אלע פּלענער און קעמפּפע פון די אונצופריעדענע צילעווען דאָך נור צו דעם, אז עס זאָל געשאַפען ווערען א צוקונפט, אין וועלכע מענשען וועלען לעבען — אַנדערע מענשען, ווי די, וועלכע בעפעלקערען איצט די ערד — אין וועלכער זיי זאָלען זיך פיהלען בעקוועם...

רודאָלף האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ. דער פּלאַץ איז געוואָרען פאַר איהם צו טומעלדיג און צו לעבעדיג. ער האָט געוואָלט ווייטער אויסדענקען זיינע געדאַנקען אין איינ־זאַמקייט. ווען ער פלעגט טראַכטען וועגען זיין גרויסען ציעל: „צו ווירקען פאַר די מענשהייט“, פלעגט איהם קיין זאַך אזוי ניט שטערען, ווי דער אָנבליק פון פיעלע מענשען. נור אין ווענינע, געצעהלטע עקזאַמפּליאַרען, אין דער אבסטראַקציע, האָט ער געקאָנט ליעבען די מענשהייט. דאָרט אָבער, וואו ער האָט געזעהען פערזאַמעלט א גאַנצע מענגע, האָט ער זיך גע־פיהלט אָבגעעקעלט און אָבגעשטויסען: די מעהרצאָהל פון די העסליכע פּנים'ער, די ניט האַרמאָנישע פיגורען זייערע, די שרייענדע שטימען, זייער קליינליכע אייליגקייט, די נאַרישע זאָרגלאָזיגקייט, זייער פוסטע פּלוידעריי: — האָט עס די מאַסע בערדיענט, דאָס מען זאָל צוליעב איהר זיך זאָרגען און אָפּפּע־רען?... אָבער עס איז געווען גענוג פאַר איהם זיך אָבצוקעהרען פון דער מאַסע, און ארויסצורופען אין זיין פאָרשטעלונג דעם געזאַמט־בעגריעף פון דער מענשהייט אין די בעלדער פון איינ־צעלנע גרויסע מענער, און באַלד האָט ווידער אין איהם ער־וואַכט דער וואונש צו זעהן די מאַסען בעפרייט פון אונגליק,

און עלענד, און צו ערקעמפפען פאר זיי און אויך פאר זיך א שעהנערען און ענטוויקעלטערען לעבען.

— גראף דאצקי! — האט פלוצלינג זיך געהערט א בע־קאנטע פרויען־שטימע.

רודאלף האט אויפגעבליקט. גרעפין ראנעג און איהר טאכטער קאיעטאנע זיינען געשטאנען פאר איהם.

— אהה, מיינע דאמען, וועלכע איבערראשונג! — האט ער געזאגט. אלע אבסטראקטע בילדער און געדאנקען זיינען ווי פערשוואונדען. דיווירקליכע וועלט, זיין וועלט, האט ווי־דער א מאל אויפגעטויכט פאר איהם.

— איך בין ניט איבעררASHט צו טרעפען אייך דא — האט די גרעפין געזאגט — דורך אייער מוטער האב איך גע־וואוסט, אז איהר געפינט זיך אין בערן.

— און איהר?

— מיר מאכען א קליינע רייזע דורך די שווייץ... היינט פריה זיינען מיר דא אנגעקומען, און ווילען נאך היינט ווייטער פאהרען... איהר בלייבט נאך אודאי פאר א לענגערע צייט אוועק פון דער היים?... איהר האט רעכט... אך, עס איז געווען אזוי שרעקליך —

גרעפין ראנעג האט ניט געזעהן דאצקי'ן זייט עס האט איהם דאס אונגליק געטראפען, און זי האט אריינגעלעגט אין איהר טאן דעם גאנץ שרעקעדיגען מיטליידס־געפיהל, וואס בע־הערשט איינעם, ווען מען בעגעגענט מענשען, וועלכע מען האט צולעצט געזעהן אלס גאנץ גליקליכע, און וועלכע זיינען זייט דאן געטראפען געוואָרען פון א שווערען קלאפ.

קאיעטאנע, וועלכע איז געבליבען גאנץ שטום, האט אויס־געדריקט דעם זעלבען געפיהל אין איהר בליק און מינע. איהרע שעהנע שווארצע אויגען האבען געקוקט פול מיט טרויער אויף דאצקי'ן — אזוי טרויעריג, דאס ער האט אויסגעזעהן כמעט ווי צערטליך. דער יונגער מאן האט געפיהלט דעם בליק, אזוי ווי א מילדען גלעטען. ער האט קאיעטאנע'ן אימער געזעהן נור לוסטיג, פול מיט דער יוגענדליכער לעבעדיגקייט און פרעה־

ליכקייט, און אַט דער אין גאַנצען נייער שאָטען פון שמערץ אויף איהר פנים האָט זי געמאַכט אין זיינע אויגען נאָך פיעל שענער.

איהרע לעצטע ווערטער האָט גרעפין ראַנעג בעגלייט מיט א דריק פון איהר האַנד, און דאַן האָט אויך קאַיעטאַנע אויס־געשטרעקט צו איהם איהר האַנד, און האָט דערמיט בעקרעפטיגט דאָס, וואָס איהרע אויגען האָבען געזאָגט.

רודאָלף האָט געוואוסט, אַז די ביידע פרויען האַלטען זיין אונגליק פאַר פיעל גרעסער, ווי ער האָט עס געפיהלט. זיי האָ־בען דאָך געוויס געגלויבט, אַז ער האָט פערלאָרען דאָס, וואָס איז פאַר איהם געווען דאָס בעסטע און דאָס איינציגע, דאָס ער דענקט ניט וועגען קיין אַנדער זאַך, ווי נור פון דעם, פון וואָס ער איז בערויבט געוואָרען.

די דריי האָבען זיך אָוועקגעזעצט ביים טישעל, ביי וועל־כען רודאָלף איז פריהער געזעסען. גרעפין ראַנעג האָט ווייטער געדעדט אין א סימפּאַטיזירענדען טאָן איבער די פּאָסי־רונג, איבער דעם שרעק, וואָס די נאַכריכט האָט איהר פער־אורזאַכט, און זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען איינצעלהייטען. אַז זי האָט אָבער בעמערקט, אַז רודאָלף רעדט ניט גערן וועגען דעם, האָט זי אָנגעהויבען רעדען וועגען אַנדערע זאַכען און דערצעהלט פון זיך און די איהריגע.

שלאָס ראַנעג איז איצט אין גאַנצען פער׳יתום׳ט. קרים־טינע, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר א געזאַנדטען, איז מיט איהר מאַן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער צווילינג, עללא און בעללא, זיינען מיט א בעזוך ביי זייער מוהמע אין בעהמען. גראַף ראַנעג איז אויף יאַגד אין בעגלייטונג פון דעם קאַיזער. איהרע ביידע זיהן זיינען אין וויען. דער אינגערער בעזוכט דאָרט די קריעגס־שול, און עס שטעהט איהם פאַר א גלענצענדע קאַריע־רע. דער עלטערער האָט זיך פערלאָבט מיט דער טאָכטער פון אַן אונגאַרישען מאַגנאַט — א וואונדערשעהנע מיידעל, און זעהר א רייכע, אָבער דאָס שאַדט ניט, ער בלייבט ווייטער אין דיענסט, אַלס אַדיוטאַנט פון גרויס־הערצאָג ווילהעלם, וועמעס ליעבלינג

ער איז, און ער וואָלט זעהר פאראיבעל געהאט, ווען ער וואָלט איהם פערלאָזען, און דאָס וויל ער אויך גאָרניט, ווייל ער איז א סאָלדאט מיט לייב און לעבען.

— א גליקליכע פאמיליע — האָט דאָצקי זיך אָבגערופען.

— אייגענטליך יא, דאָס זיינען מיר — האָט גרעפין ראַ־נעג צוגעגעבען — און דערפאר טהוט עס מיר דאָס מעהר לייד, ליעבער דאָצקי, וואָס אייך האָט דער שיקזאל אזוי גרויזאם בע־האנדעלט. אָבער דאָך האָט יעדער זיינע זאָרגען — האָט זי צו־געלייגט אין א וויינענדיגען טאָן — אזוי מאכט מיר פיעל שמער־צען מיין מוטער, און מיין שוואָגער דאַרף איצט דורכמאכען אַן אָפּעראציאָן, און אזוי פערשיעדענע אנדערע זאכען.

זי האָט עס געזאָגט אזוי ווי צו דערשטיקען זיין געפיהל פון קנאה.

רודאָלף איז אָבער ניט געווען קיין בעל מקנא. ער האָט זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלען אויף דעם פּלאַץ פון יענע מענשען, וועמעס פריידען און ליידען האָבען זיך נור געדרעהט ארום זיך זעלבסט און זייערע סאמע נאָהענטסטע מענשען, וועלכע האָבען גאָרניט געוואוסט פון דער גרויסער אונרוהיג־קייט, דעם גרויסען שטרעבען, די גרויסע קעמפּפע, וועלכע בע־וועגען די מענשען... נאָך דעמזעלבען אבענד זיינען די ראנעגס ווייטער געפאָהרען, און דאָצקי האָט זיי בעגלייט צו דער באהן. קאיעטאנע איז געווען די גאנצע צייט זעהר שווייגענדיג. אָבער ווען זי האָט געזאָגט א פּאָר ווערטער, האָט זיך געהערט פון זיי דער ציטער פון א פערשטיקטען מיטלייד. ווען מוטער און טאָכ־טער פון דעם פענסטער פון דעם וואגאָן האָבען איהם צוגע־וואונקען א זיי־געזונד, און די באהן האָט זיך אָנגעהויבען ריה־רען, איז קאיעטאנע אריינגעזונקען אין איהרע קישענס און אויסגעבראָכען אין א געוויין.

די גרעפין האָט זי אָנגעקוקט איבערראשט:

— וואָס איז מיט דיר, קאיא? האָסטו זיך א מאָל ניט פערליעבט אין דעם יונגען אלמן?

## זיעבצענטער קאפיטעל.

דריי מאָנאטען שפעטער איז רודאָלף שוין געקומען צוריק פון זיין רייזע.

דיזע לעצטע דריי מאָנאטען האָט ער צוגעבראכט אין אַן איינזאמע שטיבעל, וועלכע איז געלעגען טיעף פערבאָרגען צווישען די בערג. אהינצו איז ער אוועקגעלאָפען פון דעם אנ־בליק פון מענשען און פון דעם פערקעהר מיט זיי. און דאָרט האָט ער געענדיגט זיין שריפט, וועלכע האָט ענטהאלטען זיין גלויבענס־בעקענטניס און זיין טהאטען־פּראָגראם. די דאָזיגע שריפט האָט ער געוואָלט ארויסשיקען אין די וועלט און דאן, מיט דער הילף פון דעם געשפּראָכענעם וואָרט פיהרען ווייטער זיין פּראָפּאגאנדע־ארבייט.

ער האָט זיך געפיהלט אין דעם בעזיץ פון א לעהרע, וואָס מוז געזונד מאכען די וועלט, און דערפאר האָט ער עס געפיהלט אלס זיין פליכט צו פערקינדען איהר וויט און ברייט. די גאנ־צע לעהרע זיינע האָט ער צוזאמענגעפאסט אין איין מאָטטאָ: „אלע צוזאמען, אָנשטאָט איינער געגען אנדערען.“ די געשיכ־טע פון דער ציוויליזאציע, ווי ער האָט איהר פערשטאנען, איז דאָך נור די געשיכטע פון דער אלץ מעהר זיך אויסברייטענ־דער געמיינשאפטליכקייט און צו דערזעלבער צייט די געשיכ־טע פון דער בעזיגטער ברוטאליטעט.

וויפיעל עס איז נאָך דאָ איצט ברוטאליטעט, וואָס איז נאָך ניט בעזיעגט, דאָס איז געוועזען דער שטאָף פון דעם לענגסטען קאפיטעל אין זיין שריפט. און וואָס מוז מען טהאָן, אום דעם רעשטעל ברוטאליטעט צו בעזיעגען, וועגען דעם האָט גערעדט א צווייטער קאפיטעל: דורך דעם טהאטען־מוטה פון די גו־טע, און דורך דעם וואהרהייטס־מוטה פון די וויסענדע. אמת, אז גאַנץ גוט איז נאָך קיינער ניט, און אלעם וויים נאָך קיינער

ניט, אָבער דאָס, וואָס די פּאַרטגעשריטענע האָבען שוין פון דעם גוטען, איידעלען און פערגונפּט, דאַי מוזען זיי אויסניי־צען אין קאמפּף געגען אלץ, וואָס איז ניט גוט, ניט איידעל, און מעג עס זיין אין די מעכטיגסטע קרייזען. זיי מוזען קעמפּפען געגען אלץ, וואָס איז נאַריש, און מעג עס זיך פערבעהאַלטען הינטער די געלעהרטעסטע און הייליגסטע מאַסקען.

אין זיין שריפט האָט ער בעקעמפּפט דעם געדאנק, דאָס דער גאַנג פון דער ציוויליזאַציע ווערט נור בעשטימט פון עלע־מענטאַרע און עקאָנאָמישע און טעכנישע פאַקטאָרען. אידעען און טהאַטען זיינען אויך מיטהעלפער פון דער קולטור. זיי זיי־נען, נאַטירליך, ניט די איינציגע, זיי זיינען אָבער אויך די טרייב־קרעפטען. געוויס, ענטדעקונגען און ערפינדונגען ענדע־רען אום דאָס האַנדלען אין דער וועלט. אָבער דאָס אויפטרע־טען פון מעכטיגע כאַראַקטערע — סיי צום גוטען, סיי צום בויי־זען, איז ניט ווייניגער בעשטימענד פאַר די ווייטערע ענט־וויקלונג.

און מעהר פון אלץ: דער סך הכל פון דער איבערצייגונג, וועלכע איז דער רעזולטאַט פון דעם סך הכל פון קענטניסע — דער רעגולירט עס די אינסטיטוציעס און די זיטטען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט; ווער עס האָט, אלזאָ, שוין געוואונען א קלאָרע איבערצייגונג — אויף מאַנכע קומט זי, ווי א בליץ — דער זאָל איהר אָפען ארויסטראָגען אין די וועלט, כדי דער סך הכל זאָל אלץ גרעסער ווערען. רודאָלף׳ס קלאָרע איבערציי־גונג איז געווען די: דער עלענד אין זיינע פערשיעדענע פאָרמען — קען אויסגעראָטעט ווערען פון דער וועלט, און דערפאַר מוז ער אויסגעראָטעט ווערען. די דערגרייכונג פון גליק פאַר יעדען (אזוי ערקלערען דאָך אלע רעליגיאָנען) איז די פליכט פון יעדען. אָבער ווי? מיט וועלכען כח און פון וועלכע געבאָטען און אויף דעם גרונד פון וועלכען גלויבען? דאָס האָט — ווען עס האַנ־דעלט זיך וועגען אירדישען גליק — די געזעלשאַפטס־וויסענ־שאַפט צו ערפאָרשען און צו לערנען. מאַנכע פון דיעזע גע־באָטען זיינען שוין פון לאַנג צוריק — אויך פון די אלטע רע־

ליגיאָנס־בויער — אויסגעפונען געוואָרען. צום ביישפּיעל, דער גאָלדענער כלל: „וואָס דו ווילסט ניט, אז מען זאָל דיר טהאָן, דאָס טהו אויך ניט אַנדערע"; „דו זאָלסט ניט מאָרדען, ניט גנב'ענען, ניט געבען קיין פאלשע עדות". וואָס עס איז די נייע פליכט, איז זעהן אָט דיעזע געבאָטען אָנצואווענדען אויף דעם פּאָליטישען און אינטערנאַציאָנאַלען לעבען, ווי פאר דאָס לעבען־פיהרונג פון דעם איינצעלנעם. אין וועלכע דאָגמען? די וויכטיגסטע דאָגמען פון אינטערנאציאָנאַלען גלויבען איז די עוואָלוציאָן. ווען מען גלויבט, ניין, ווען מען ווייס (די וויסענשאפט מיט איהרע ענטדעקונגען בעשאפט וויסען, ניט גלויבען), אַז די וועלט און אלעס אין איהר ענטוויקעלט זיך — ניט אכטענדיג אויף די דעגענעראַציאָן, פערקריפּלונג און פערניכטונג פון איינצעלנע אָרגאַניזמען — צו אלץ העכערע, פיינערע און פערשיעדענאַרטיגערע פאָרמען, וועט מען אויפגעבען די אייביגע שטערונגען און בעקעמפפונגען געגען אליז, וואָס איז ניי, און וואָס, אָנשטאָט עס זאָל ווערען צו א קוואל פון פרייד און גליק, ווערט צו א קוואל פון פיין און עלענד, פון אונטערדריקונג און פערפאָלגונג. צו דערקענען די ענטוויקלונגס־געזעצע און נאָך זיי רעגולירען די געזעלשאפטס־אָרדנונג און דאָס זיטליכע לעבען — דאָס איז דער וועג צו דער נייער מענשהייט.

---

רודאָלף, פאר די לעצטע צייט וואָס ער איז געווען אויף רייזען, האָט געשריעבען טעגליך צו זיין מוטער, דערצעהלענדיג אין זיינע בריעף פון אלע זיינע ארבייטען און פּלענער. די ידיעה, דאָס ער וויל זיך ענטזאגען פון דעם דאָצקי־פערמעגען, האָט איהר צוערשט א ביסעל צוטומעלט. וועלכע מוטער וועט אזוי לייכט עס נעהמען, דאָס איהר איינציגער זוהן וויל אויפגעבען דעם גלאַנץ און רייכטהום, וואָס איז אין זיין בעזיץ? מארטא האָט אין דער שטיל געהאָפט, דאָס רודאָלף, נאָך דעם פערלויף פון א געוויסער צייט, וועט בעזיעגען זיין פערלוסט, וואָס ער האָט געליטען דורך דעם טוידט פון זיין פרוי און קינד, און וועט

ווידער הייראטהען, און פיעלייכט מיט א פרוי, וואס וועט גייסטיג זיין מעהר זיין גלייכען, ווי דאס איז געווען בעאטריסע... זיין ענטשלוס אבער האט פאר איהר קלאר געמאכט, דאס ער דענקט ניט מעהר צו גרינדען פאר זיך א נייע היים, נור דאס ער וויל זיך פריימאכען פון אלע קייטען, אויך פון די פאמיליען־קייטען, אום אין גאנצען אבצוגעבען זיך צו זיין לעבענס־אויפגאבע.

די גרויסקייט פון דיזער אפפער־טהאט האט איהר ערפילט מיט שטאלצער בעוואונדערונג: דאס איז געווען איהר רודאלף, וועלכער וויל אזוי גרויס האנדלען אין דיענסט פאר דאס, צו וואס איהר פרידריך האט געשטרעבט, און וואס זיין ביישפיעל און זיין אנדענקען האט פארפלאנצט אין דעם קינד'ס נשמה.

און שוין, איידער רודאלף איז נאך צוריקגעקומען, האט זי פערלאזען ברונהאף, אום צו פערנעהמען איהר שטענדיגע וואוינונג אין דער מאיאנטעק, וואס זי האט גע'ירש'ענט פון איהר פאטער אין גרומיץ. אהין האט זי איבערגעפיהרט אלע איהרע טהייערע אנדענקענס אן איהר טוידטען — בילדער, ביכער, מעבעל, מיט וועלכע זי האט זיך שטענדיג ארומגערינגעלט.

אין א געוויסען זין איז עס געווען איהר זאגאר אנגענעהם צו פערלאזען ברונהאף. דער פלאץ האט איהר צו שטארק דערמאנט אן דעם צער, וואס זי האט נור־וואס דורכגעלעבט, אן דעם טוידט פון דער ארימער יונגער בעאטריסע און פון איהר ליעבען קליינעם איניקעל. זי האט איהר אייניקעל אמת־צערטליך געליעבט. זי האט אויף איהם אזוי פיעל האפנונגען געלייגט. ער, וועלכער וועט זיין יונג אין דעם צוואנציגסטען יאהרהונדערט און וועט לעבען אין פולער קראפט אין נייע, בעסערע צייטען — ער, דער יורש פון פרידריך'ס און רודאלף'ס אידעען, ער וועט שוין געוויס זעהען דעם זיעג. ער וועט געוויס פולענדיגען דאס, וואס זיין פאטער האט אנגעהויבען. און מיט א מאל זיינען אלע די טרוימען און האפנונגען צורונען... יעדער פלאץ אין גארטען, וואו דער איניקעל האט זיך געשפיעלט; יע־

דעם צימער אין הויז, וואו זיין שטימעלע האָט זיך געהערט, און דאָס גאַנצע ברונהאָף, וועמעס בעזיצער ער וואָלט אַ מאָל געוואָרען, איז פאַר איהר געוועזן פול מיט שמערצליכע עררינערונגען, און זי האָט איהם איצט גאַנץ גערן פערלאָזען.

---

גראף מאַקס דאָצקי, רודאָלף'ס פעטער און איצט דער נעכסטער יורש פון דעם דאָצקי־פערמעגען, האָט געדיענט אין דעם האנדעלס־מיניסטעריום. ניט האָבענדיג קיין פערמעגען, האָט ער געלעבט פון זיין געהאלט, און נור מיט שווירינקייטען האָט זיך עס איהם איינגעגעבען צו בלייבען פריי פון חובות. זיינע פליכטען, אלס בעאמטער, האָט ער אויסגעפיהרט מיט דער העכסטער געוויסענהאפטיגקייט, ווייל ער האָט שטאַרק געוואָלט וואָס גרעסערע פאָרטשריטע צו מאַכען אין זיין קאַריערע, כדי אין אייניגע יאָהר צו דערגרייכען אזא טשין און אזא געהאלט, וואָס זאָל מעגליך מאַכען איהם צו הייראַטהען דאָס מיידעל, וואָס ער האָט שוין יאָהרען־לאַנג געליעבט. דאָס מיידעל, עלסבעטה פאָן רעלס, אַ טאָכטער פון באַראָן פון רעלס, איז געוועזן ענטשלאָסען, אז מעג עס דויערען נאָך צעהן יאָהר, צו וואַרטען אויף דעם, ביז איהר מאַקס וועט זיך דערדיענען צום הויכען ראַנג פון אַ האָפראַט און צו אַ געהאלט, וואָס זאָל איהם געבען די מעגליכקייט צו גרינדען פאַר זיך אַן אייגענע היים. אונטער די איצטיגע אומשטענדען האָט זי ניט געקאָנט האָפען, אז איהר פאָטער זאָל איינוויליגען צו דעם שידוך, און די יונגע פאָר האָט אליין איינגעזעהען, ווי אונפערנינפטיג זיי וואָלטען געהאנדעלט, ווען זיי הייראַטהען אונטער די איצטיגע אומשטענדען.

אָט צו דעם פעטער זיינעם האָט רודאָלף געמאַכט דעם ערשטען בעזוך נאָך זיין צוריקקעהרען אין וויען. ער איז געקומען צו איהם אין זיין ביוראָ. דיביידע יונגע מענער האָבען זיך גאַנץ ווייניג געקאָנט. העכסטענס האָבען זיי זיך צוזאַמענגעטראָפען אַ האלבען דוצען מאָל אין זייער לעבען. דערפאַר איז מאַקס געוועזן גאַנץ ערשטוינט, ווען דער דיענער האָט

איהם געמאָלדען דעם בעזוך פון זיין פלעמעניק, דעם בעזיצער פון דעם גרויסען דאָצקי־פערמעגען.

מאַקס איז געוועזען אליין אין זיין ביורא. ער האָט נור־וואָס געפיהלט זיך זעהר מיעדי, דורכגעהענדיג א לאנגען און לאנג־ווייליגען פאַק פערשיעדענע אקטען. דאָס יאָהר האָט ער זיך ענטזאגט פון זיין זומער־וואַקיישען און די היץ פון דער שטאָדט־לופט האָט איהם שטארק געפיינינגט. זעהר שווער איז געגאַנ־גען ביי איהם די ארבייט, און קערפערליך און גייסטיג האָט ער זיך געפיהלט זעהר שלעכט.

ער האָט געמאַכט איינינגע טריט זיין אריינקומענדען פע־טער אנטקעגען.

— וואָס פערשאַפט מיר אזא עהרע, אז דו זאָלסט צו מיר קומען? — האָט ער געפרעגט, דערלאַנגענדיג רודאָלף'ן די האַנד.

אין דעמזעלבען עלטער, ווי רודאָלף, האָט ער אָבער אויסגע־זעהען פיעל עלטער. אייניגע ווייסע האָר האָבען זיך שוין גע־זעהען אין דעם בלאָנדען שפּיצבאָרד און ארום די שלייפען. דער פּנים זיינער, כאָטש אויגענבליקליך ניט גוט געשטימט, האָט אָבגעשפּיגעלט גרויסע גוטמוטהיגקייט. אין אלגעמיין א זעהר סימפּאטישער יונגער מאַן.

— א וויכטיגע אנגעלעגענהייט, מיין ליעבער — האָט רו־דאָלף געענטפערט.

— גוט, גוט, איך שטעה דיר צו דיענען. זעץ זיך.

ער אליין האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט פאר זיין שרייב־טיש, און האָט אוועקגערוקט די פערשיעדענע פּאַפּירען אָן א זייט.

— איך וועל דיך אויסהערען מיט דער העכסטער אויפ־מערקזאַמקייט.

דורך דעם, וואָס רודאָלף האָט פערלאָרען זיין זוהן, איז מאַקס דאָצקי געוואָרען דער נעכסטער יורש פון דעם דאָצקי־פערמעגען... אָבער דער פאַקט איז פאר מאַקס'ען געוועזען פון א זעהר קליינעם ווערטה, ווייל, ערשטענס, איז רודאָלף דאָך גע־

ווען אזוי אלט ווי ער; צווייטענס, איז עס דאָך געווען צו וואהר־שיינליך, אז רודאָלף זאָל נאָך א מאָל הייראטהען, און זיין נאָך א טאַטע פון פיעלע זיהן. יעדענפאלס איז עס א זעהר שלעכטע אינסטיטוציע אָט דאָס געצוואונגענע ירושה־רעכט, ווייל ניט אימער קאָן דער נעכסטער יורש וועהרען זיך געגען דעם גע־דאנק, ביי דעם אָנבליק פון דעם בעזיצער: אך, ווען דו וואָלסט פלוצלונג געשטאָרבען, וואָלט איך דאָך געוואָרען א רייכער מאן... ניין, וועגען דאָס האָט טאַקי דאָצקי ניט געטראכט איצט. אָבער דאָך א שטילער געפיהל פון קנאה האָט זיך דאָך פערגנב׳עט אין זיין הארץ.

רודאָלף האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א שטוהל אָן א זייט פון שרייב־טיש, און א זאָנדערבארער שמייכעל האָט געשפּיעלט ארום זיינע ליפּען.

— איך וויל מיט דיר רעדען פון מיין מאיאָנטעק, דער ירושה — האָט ער אָנגעפאנגען, אזוי ווי ער וואָלט געטראָפען דעם פעטער׳ס געדאנקען.

— אזוי? וועגען וואָס אייגענטליך? מאקס האָט געמיינט, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען עפּעס א געשעפט אין פערבינדונג מיט ברונהאָף, צוליעב וואָס עס איז נויטיג אויך די איינוויליגונג פון דעם נעכסטען יורש.

— דו ווייסט, וואָס די ירושה איז: ברונהאָף אין נידער־עסטרייך; ראָגניקראהל, דעם מאיאָנטעק אין אונגאַרן; דער פּאַ־לאַץ אין דער וואלוין שטראסע, די פערשיעדענע זאמלונגען און די פאמיליען־ציערונג — קורץ, דאָס גאַנצע האָט א ווערטה — דו ווייסט עס דאָך מסתמא.

— יא, און דערצו האָסטו נאָך א היבשען פּריוואט־פּערמע־גען; און דאן וועסטו נאָך ווערען דער יורש פון דיין מוטער. יא, וואָס אנבעטרעפט פינאנסען, שטעהסטו ניט שלעכט.

— ריכטיג. און דו?

— איך? איך האָב מיין געהאלט, און אלס ירושה פון מיין פאָטער א פּאָר טויזענד גולדען — חובות, וועלכע איך האָב מיך פערפליכטעט ביסלעכווייז אויסצוצאָהלען.

— דאָס איז שעהן פון דיר, ווי שטעהט עס מיט דיין אבזיכט צו הייראַטהען?

— אויף דעם וועלען מיר נאָך מוזען ווארטען א יאָהר צעהן.

— דאָס איז א ביסעל לאַנג. פריילין ירעלס, וועלכע קען שוין איצט זיין אכט און צוואנציג יאָהר, וועט ביז צו יענער צייט זיין א ביסעל פערבליהט.

— מיין ליעבער רודאָלף, דו ביסט נאָך קיינמאָל ניט געקו־מען צו מיר מיט א בעזוך... און ווען דו טהוסט עס, אום מיר צו שיטען זאַלץ אויף די וואונדען, אום צו בעריהמען זיך פאר מיר מיט דיין רייכטהום, אום צו פערשפאָטען מיך, ווי אָרעם איך בין, איז עס דאָך —

— ענטשולדיג, בעריהמעריי און אָבשפאָטען דאָס זיינען ניט מיינע מאָטיווען. אָבער דעם קאָנטראַסט מאַך איך אבזיכט־ליך גאַנץ קלאָר — עס מאַכט מיר פערגעניגען...

— מיין שעהנסטען דאַנק — האָט מאַקס געמורמעלט.

— און וועט דיר נאָך א גרעסערען פערגעניגען פערשאפען. הער מיך אויס, איך וויל דיר עטוואָס מערקווירדיגעס זאָגען...

ער איז שטיל געבליבען. אויף דעם אויגענבליק, וואָס דארף איצט קומען, האָט ער זיך שוין לאַנג געפרעהט.

— אלזאָ, וואָס ווילסטו?

— איך וויל אויפגעבען דאָס רעכט, אלס יורש, און דו זאָלסט פערנעהמען מיין פלאַץ.

מאַקס דאָצקי איז אויפגעשפרונגען, און זיך געכאפט פאר׳ן קאָפּ מיט ביידע הענד.

— בין איך משוגע, אָדער דו ביזט עס?

— איך בעט דיך, זעץ זיך ווידער אוועק. איך בין ביי מיין פולען פערשטאנד, און רייד מיט דיר גאַנץ ערנסט. און די לאַ־גע פערשאפט מיר דעם גרעסטען פערגעניגען... איך וויים, אז איך מאַך דיך דערמיט גליקליך אָהן א ברעג, נור דאָס איז אויך ניט דער מאָטיוו פון מיין טהאט.... דאָס ליגט טיעפער. איך טהו עס ניט צוליעב דיר, נור צוליעב מיר אליין, נור פונדעסט־וועגען טהוט מיר גרויס הנאה אויך דיין גליק. עס איז דאָך אזא

װעלטענער און גרויסאַרטיגער אַנבליק פון אַ מענשען אין משוגע־נער פרייד — דיין ערשטע אידעע איז דאָך געװען, אַז דו ביזט משוגע געװאָרען, און דאָפּעלט אַנגענעהם איז דער אַנבליק, װען מען איז אַליין דער פּעראָורזאַכער פון דעם... צו דיין חתונה לאַד איך מיך שוין איין, אַלס עדות — נאַטירליך, װעסטו נאָך אין דעם יאָהר חתונה האָבען, און ציהסט גלייך אַריין אין ברונהאָף. דו ביסט אָבער אין גאַנצען פערשטיינערט און רעדסט גאָרניט.

מאַקס איז װירקליך געזעסען אויף זיין שטוהל, װי פער־שטיינערט.

— און װאָס אויך מיך בעפרידיגט — האָט רודאָלף װייטער גערעדט — איז דער בעװאוסטזיין, דאָס דו ביזט אַ בראַװער, אַן עהרליכער מאַן, און אַז דו װעסט אָנטהאָן כבוד דעם הויז דאַצקי, אַלס זיין אויבער־הויפּט. װען דו און עלסבעטה־רעלס װעלען רע־גיערען אין ברונהאָף װעל איך װיסען, אַז מיין אַמאָליגער בע־זיץ איז אַריין אין גוטע הענד.

מאַקס האָט זיך געפיהלט, װי איינער, װאָס קריגט אַ קלאַפּ אין קאָפּ. די געדאַנקען האָבען זיך שטורמדיג געדרעהט אין זיין קאָפּ און װיפיעל ער האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט, האָט ער דאָך ניט געקאָנט בעגרייפען דאָס, װאָס ער האָט געהערט. דאָס אַלעס, װאָס ער האָט געהערט, װען דאָס איז אמת נור, האָט דאָך געדאַרפט איהם גליקליך מאַכען, דאָס האָט ער געװאוסט, אָבער דער געפיהל פון גליק האָט ניט געקאָנט בייקומען דעם געפיהל פון שטוינען, װאָס איז געװען צונויפגעמישט מיט דעם געפיהל פון צװייפעל.

ענדליך האָט ער געפונען װערטער.

— רודי, דו װאונדער־מענש, רייס מיך אַרויס פון דעם טרוים, שװער מיר, דאָס עס איז די װירקליכקייט, אָדער זיי זיך מודה, אַז עס איז בלויז אַ שפּאַס, אַ פערצװייפעלט־שלעכטער־שפּאַס.

— דו האָסט רעכט, אַזאַ װיץ װאָלט געװען געמיין. עס איז אָבער קיין װיץ ניט. עס איז דער פולער אמת. דאַ האָסטו

מיין האנד. נאָך איינינע פּאַרמאַליטעטען און דו ביזט דער הערר פון דעם דאָצקישען פערמעגען.

— מיין גאָט, מיין גאָט — האָט מאַקס דאָצקי געהאַלטען אין איין אויסשרייען. דאַן האָט ער פערגראָבען זיין פּנים אין ביידע הענד, און שטאַרק געאָטהעמט. רודאָלף האָט איהם בע־טראַכט שווייגענדיג און געשעפּט פערגעניגען פון דעם, ווי זיין פעטער איז אזוי געריהרט. אזוי זעהט אויס א מענש, וואָס ווערט איבערוועלטיגט פון פרייד, פון גליק! פאר דעם ברעננער פון דעם גליק איז עס געווען א געגוסרייכער אנבליק. עס האָט ביי איהם ארויסגערופען — ווי אלעס, וואָס א׳ז גרויס, פול, אי־בערגעוועהנליך — אַן עסטהעטישע ענטציקונג.

# אכטצענטער קאַפּיטעל.

אַלע נויטיגע געריכטליכע און געשעפטליכע פּאַפּירען פאַר די איבערגעבונג פון דעם בעזיץ פון רודאָלף דאַצקי צו מאַקס דאַצקי זיינען שוין אויסגעמאַכט געוואָרען, און געזעצליך איז שוין דער בעזיצער פון דעם גרויסען דאַצקי־פערמעגען געווען מאַקס דאַצקי. נור כדי איהם איבערצוגעבען דעם פערמעגען אזוי שעהן און פייערליך, ווי מעגליך, האָט רודאָלף פעראַנ־שטאַלט א קליינעם פעסט, אויף וועלכען צום לעצטען מאָל זאָ־לען זיין פערזאמעלט זיין פאמיליע, זיינע פריינד אין דעם אַל־טען ברונהאָף־שלאָס.

דער טיש איז געווען געדעקט אין גרויסען שפּייז־זאַל. דער שפּעט־הערבסטינגער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט א גאַנץ שטאַר־קע קעלט און אין דעם גרויסען קאַמין האָבען געפלאַקערט און געקנאַקט גאַנצע שטאַמען פיכטענהאָלץ. פון דעם קרוינלייכטער האָט זיך געגאָסען דאָס ליכט פון אַכט און פערציג וואַקסענע ליכט און נאָך זעקס זילבערנע לייכטער, וועלכע זיינען געשטאַ־נען אויפ'ן טיש, צווישען די געסט, און פיעלע לאָמפּען האָבען געמאַכט די בעלייכטונג גרויס און פּאַלשטענדיג. טהייערע אַלטע בילדער אויף די ווענט, קונסטפאָל געשניצטע מעבעל פון איי־בענהאָלץ, דער טיש־דיענסט, אויסגעפיהרט פון א הויז־האָפ־מייסטער אין א שווארצען פראַק און ווייסען האַלז־טוך, און פיע־לע לאַקייען אָנגעטהאָן אין זייערע יום־טוב'דיגע ליווריען, אין שיך און זאָקען. אויף די שפּייז־קאַרטען איז געווען אויסגע־מאָלט, אויף די פּאָרצעלאַי־טעלער איז געווען אויסגעברענט, אין די גלעזער איז געווען אויסגעגראַווירט, אין די קאַרפּעטס איינ־געוועבט דער דאַצקישער שילד (אין א געשפּאָלטענעם פעלד דריי קרוים־געצווייגענע לינקע בלויע שטערן און הינטען א צוגע־

קעהרטער זילבערנער שליסעל. אויפ'ן געקרוינטען העלם מיט א רויט־זילבערנער דעקע פון רעכטס און מיט א בלוי־גאָלדענער דעקע פון לינקס האָבען זיך געצויגען צוויי זילבערנע שליסעל)— קורץ, עס איז דאָ געוויזען געוואָרען די גאַנצע פּראַכט, רייכטהום און גאוה, וואָס פלעגט הערשען אין די שלעסער פון די רייכע אלטע אריסטאָקראטישע פאמיליען.

מעהר ווי פערציג פערזאָנען אין אבענד־אנצוג זיינען געזעסען ארום טיש. מארטא האָט פערנומען דעם פלאַץ פון דער הויזפרוי און רודאָלף פון דעם בעל הבית. צו דער רעכטער האנד פון באראָנעססע טיללינג איז געזעסען מאקס דאָצקי, און צו דער רעכטער האנד פון רודאָלף איז געזעסען פריילין עלסבעט רעלס. דעם גענעראל רעלס האָט מארטא אוועקגעזעצט לינקס פון איהר, און זיין צווייטע שכנ'טע איז געווען סילוויא דעלניצקי. די פאמיליע ראנעג, מיט דער אויסנאהמע פון דער נור־וואָס פערהייראטהער טאָכטער, וועלכע איז געווען מיט איהר מאַן, דעם אמבאסאדאָר, אין קאָנסטאנטינאָפּאָל, איז געווען פול פערזאמעלט ארום טיש. פון די אלטע פריינד פון דער פאמיליע זיינען געווען: מיניסטער וועגעמאַן, גראף קאָלנאָס, פּאָלקאָווניק שראופער, דער אלטער ברעסער און פּאָטער פּראָטוס.

דער מאָהלצייט, אין אכט געריכטען, איז געווען צו ענדע, מען האָט נור געקייט פערשיעדענע זיסקייטען און פרוכטען, וואָס זיינען געשטאנען אויפ'ן טיש. אויף א צייכען פון דעם הויזהערר האָבען די דיענער נאָך א מאָל אנגעפילט די שאמפאניען־בעכער, און דאן האָבען זיי אלע פערלאָזען דעם זאַל. רודאָלף האָט א קלאַפּ געטהאָן מיט'ן מעסער אין זיין גלאָז, און מיט איינמאָל האָבען אויפגעהערט די אלע אויפ'ן־קול געפיהרטע געשפרעכען.

ניט אויפשטעלענדיג זיך, אָבער מיט א שטימע, וועלכע אלע האָבען געקאָנט הערען, האָט רודאָלף אָנגעהויבען צו רעדען:

„מיינע ליעבע פריינד און געסט. איהר ווייסט, דאָס אונזער היינטיגער צוזאמענזיין האָט א גאַנץ ספּעציעלע אורזאכע, א גאַנץ אונגעוועהליכע. מאנכע דאָ ווייסען גאַנץ גענוי, וועגען

וואָס דאָ האַנדעלט זיך, פאַר די אַנדערע וועט עס זיין אַן איבער־ראַשונג.

„איידער אָבער איך וועל דאָס אייך לאָזען וויסען, וואָלט איך געוואָלט ווארפען אַ קורצען ריקבליק אין די פערגאַנגענ־געהייט, אפשר וועט זיך דאָרט געפינען אַ טהייל־ווייזע ערקלע־רונג פאַר דאָס, וואָס איהר וועט באַלד הערען. איך דערמאָן זיך און פיעלע צווישען אייך וועלען זיך דערמאָנען אָן אַ פעסט־מאָל, צוליעב וועלכען מיר האָבען זיך פערזאַמעלט אַרום דעמ־זעלבען טיש צו דער טויפונג פון מיין קליינעם פריץ..."

רודאָלף איז געבליבען שטיל פאַר אַ ווײַלע, שטאַרק גע־ריהרט; און אויך צווישען זיינע צוהערער איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקע בעוועגונג, אַ שטילער מורמלען פון רחמנות און סימ־פאַטהיע.

רודאָלף האָט טיעף אויפגעאָטהעמט און האָט פאָרטגע־זעצט:

„דאַן האָבען מיר אַלע געטרונקען אַ טאָסט: „עס לעבע די צוקונפט!" די צוקונפט אָבער, וועלכע מיין זוהן האָט עס גע־זאָלט פערקערפערען, זי איז אין קבר געזונקען. דאָס איז געווען אַ גרויסער שמערץ, אַזאַ גרויסער, דאָס מיין בעאַטריסע האָט איהם ניט געקאָנט איבערלעבען... מיין גאַנצע היים איז איינגע־פאַלען." דער מיטליידס־מורמעל האָט זיך ווידער געהערט. איינינע פון די פרויען האָבען צוגעלייגט זייערע טאַשענטיכער צו די אויגען. „דאַן ווען איך האָב צוגעטרונקען צו דער צו־קונפט, האָב איך ניט געהאַט אין זינען די צוקונפט פון מיין הויז, נור די צוקונפט פון דעם גאַנצען מענשענגעשלעכט, ביי וועלכער מיר אַלע, צי מיר ווייסען עס, צי ניט, אַרבייטען מיט, און ביי וועלכער איך וויל מיטאַרבייטען גאַנץ בעוואוסט און מיט אַ בעשטימטער אַבזיכט, און צוליעב דעם וויל איך זיין גאַנץ פריי, פון קיין זאַך ניט געבונדען. און גאַנץ אָהן ווייטערע ערקלערונגען, איך האָב אויפגעגעבען דאָס גאַנצע דאַצקישע פער־מעגען, און איבערגעגעבען עס מיט אַלע נויטיגע רעכטע צו מיין בעטער מאַקסימיליאַן דאַצקי."

דאָס מאָל איז דאָס מורמלען געווען א גאנץ הויכער, פול מיט שטוינען, איז אָבער גלייך ווייעדער שטיל געוואָרען, ווען רו־דאָלף האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאַץ, גענומען זיין גלאָז אין האנד און האָט ווייטער גערעדט:

„איך בעט אייך אלזא אין גראף מאקסימיליאן אָסקאר דאָצ־קי פאָן דאנאשיץ צו זעהן דעם הערר פון ברונהאָף און גאָנקיראל, און אויף זיין געזונד, ווי אויך אויף די געזונד פון זיין כלה, פריי־לין עלסבעט פאָן רעלס, צו טרינקען צוזאמען מיט מיר."

אלע האָבען זיך איפגעשטעלט. מען האָט צוגעוואונשען צו די נייע הערען פון ברונהאָף, און מען האָט זיי געוואונשען גליק. דערביי אָבער האָבען זיך די גראטולירענדע מינען אומגע־ענדערט אין האלב־סימפאטיזירענדע.

רודאָלף איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט אויף זיין פלאַץ און האָט ווידער א מאָל געגעבען א צייכען, דאָס ער וויל נאָך רעדען. דאן האָבען זיך אויך די אנ־דערע אוועקגעזעצט און ווייעדער זיינען אלע שטיל געוואָרען.

„איך וויל ניט מעהר קיין טאָסטען האלטען, מיינע פריינד, אָבער זאָגען וויל איך אייך, וואָס דאָס מיינט מיין אויפגעבען פון דעם פערמעגען. איך וויל אייך ערקלערען דעם צוועק דערפון. האָט נור עטוואָס געדולד מיט מיר. צו האלטען רעדען דאָס גע־הערט צו מיין צוקונפט־פראָגראם, און דער זאָל זיין מיין ערש־טער פּאָרטראַג.

„פערשטעהט זיך, ווען איך וועל א מאָל ארויסטרעטען אויף די פּלאטפאָרמע און רעדען פאר דעם פערזאמעלטען פאָלק, וועל איך ניט רעדען וועגען דעם, פון וואָס איך וועל פאר אייך רע־דען. איך וועל פאר זיי ניט ערקלערען, ווארום איך בין געוואָ־רען א „פעררעטהער". אָבער אייך, פריינד, קרובים און שטאנד־גענאָסען, גלויב איך, בין איך שולדיג צו געבען אן ערקלערונג...

„דער מענש איז משוגע" — דאָס וועט מסתמא זיין דער אורטהייל פון א טהייל פון די, וועלכע זיינען איצט דאָ און פון די מייסטע, וואָס זיינען ניטאָ דאָ, וועלכע געהערען אָבער צו אונזער געזעלשאפט־צירקעל — דאָס ווייס איך. נון איז ווייניג־

סטענס וויל איך אייך דאָ זאָגען, אין וואָס אייגענטליך בע־
שטעהט די מעטהאָדע פון מיין משוגעת.

נאָך א קורצען נאָכדענקען האָט ער פאָרטגעזעצט:

„עס זיינען דאָ צוויי קרעפטען, וועלכע בעשטימען און בע־
וועגען דעם גאנג פון דער מענשליכער קולטור: די פאָרווערטס־
טרייבענדע און די שטערענדע קראפט. דער דראנג צום
פאָרטשריט און דער טריעב, אז אלעס זאָל בלייבען, ווי עס איז.
אין דער פאָליטיק האָבען דיביידע קרעפטען אָנגענומען די נע־
מען: ליבעראליזם און קאָנסערוואטיזם. אָבער דערמיט איז
בעצייכענט בלויז א גאנץ ענגער קרייז, אין וועלכע דיזע קרעפ־
טען ווירקען, אָבער וועמעס שפיעל כאפט ארום די גאנצע וועלט
— נאטור און גייסט — די קרעפטען האָבען פון אָנפאנג אָן
פאָרמירט די וועלט, און וועלען איהר אויך אין דער צוקונפט
פאָרמירען.

„אזוי שטארק און אזוי בעוואוסט, ווי אין אונזער איצטיגער
צייט זיינען — אזוי דוכט זיך מיר — די דאָזיגע געגענגעזעצ־
טע קרעפטען קיינמאָל ניט ארויסגעטראָטען, און דאן הייסט
עס שטעלען זיך אויף דער זייט פון דער אָדער יענער קראפט.
נאטירליך, קען מען אויך בלייבען שטעהן אָן א זייט און זיך
ניט קימערען וועגען דעם, וואָס קומט פאָר, און נור טראכטען
און זאָרגען וועגען די אייגענע קליינע אינטערעסען — און דאָס
טהוען גאָר פיעלע. אָבער די פיעלע, ניט וויסענדיג עס אליין,
העלפען דאָך איינער פון די קעמפפענדע קרעפטען“.

דורך דעם אינסטינקט, וואָס נארט קיינמאָל ניט, וועלכער
ברענגט צום בעוואוסטזיין פון דעם רעדנער דאָס, וואָס זיינע
צוהערער פיהלען, איז רודאָלף געוואָהר געוואָרען, דאָס איבער די
טיש־געזעלשאפט בלאָזט א שטילער ווינטעל פון לאנגווייליג־
קייט און פון א ניט־פערשטעהן, וואָס ער רעדט צו זיי. דאָס עס
זיינען אָבער געווען איינינגע און צווישען זיי זיין מוטער, וועל־
כע האָבען איהם זעהר גוט פערשטאנען, און נאָכגעפאָלגט זיין
רעדע מיט דער גרעסטער געשפאנטקייט, דאָס האָט ער אויך גע־
וואוסט, און פאר די האָט ער ווייטער גערעדט:

„איך בין ניט געשטאַנען אַן א זייט. איך האָב זיך צוגע־הערט צו דעם קאמפף־ליארעס, און בין פערכאַפּט געוואָרען פון דעם דראנג מיטצוקעמפּפען. מיין שטאַנד, מיין שטעלונג, מיינע אינטערעסען האָבען עס געפאָדערט, אז איך זאָל זיך שטעלען אויף די זייט פון די, וועלכע פערטהיידיגען דאָס עקזיסטירענדע. דאָך דאָס קען איך ניט: מיין געפיהל, מיין איבערצייגונג און (קוקענדיג אויף זיין מוטער) די ירושה פון אן איבערגענומע־נער מיסיאָן טרייבען מיך אין דעם אנדערען לאַגער. אום אַלזאָ צו זיין פריי און עהרליך, בלייבט מיר ניט קיין אנדער זאך צו טהאָן, ווי אויפגעבען מיין שטעלונג און מיינע אינטערעסען, און דאָס האָב איך געטהאָן. צו די זאכען פון דער אַלטער אָרד־נונג, וועלכע איך בעקעמפף, געהערט, צום ביישפּיעל, אויך די אינסטיטוציע פון ירושה. עס איז דארום געווען א נויטיגער שריט פון מיין זייט, דאָס איך זאָל זיך ענטזאגען פון דער ירושה, און דאָס האָב איך געטהאָן."

— בראוואָ! — האָט מאקס אויסגעשריען, און גענעראל פאָן רעלס האָט איהם אין דעם אונטערשטיצט. ווענינגסטענס דער דאָ־זיגער שטריך פון רודאָלף'ס משוגעת איז געווען דעם איצטיגען בעל הבית פון ברונהאָף שטארק צום הארצען. אויך עלסבעט וואָלט גערן איינגעשטימט אין דעם „בראוואָ", נור זי איז געווען צו שרעקעדיג דערצו. זי איז אָבער געשוואומען אין טרוימערי־שער גליק־שטימונג. איז עס דאָך אַלעס געווען, ווי א חלום, וואָס איז אזוי פּלוצלינג געקומען צו איהר: דער געליעבטער, דער וואונדערבארער פערמעגען, דער גרויסער לוקסוס. זי וואָלט געקאָנט פאלען אויף די קניע פאר רודאָלף'ען אום צו דאנקען איהם. א נאַר? דאָס איז צופיעל געזאָגט — א טרוימער, אַן איידעלער פאנטאזיאָר, און א דאנק גאָט, דאָס ער איז ניט קליגער!...

„אייער בראוואָ, עקסעללענץ", האָט זיך רודאָלף געווענ־דעט צו גענעראל רעלס, „וועט איהר אפשר באַלד מוזען צוריק־ציהען, ווען איך וועל אייך זאָגען, אז צו די זאכען, וועלכע איך האַלט פאר נויטיג צו בעקעמפפען, געהערט אויך דער מיליטאַ־ריזם. און דער פערנעהמט ביי מיר דוקא דעם סאמע אויבען־

אַן. און ניט נור בעקעמפּף איך, ווי דאָס טהוען אונזערע בלאַ־סע ליבעראַלען, דאָס שלעכטע און דאָס איבערטריבענע אין דעם מיליטאַריזם, נור דעם מיליטאַריזם איבערהויפּט. איך בעקעמפּף אין גאַנצען דאָס טוידט־שלאָגען, אַלס אַ רעכטס־מיטעל. דאָס וועל איך אין דער צוקונפט אויסשרייען אַזוי שטאַרק, ווי איך קען, גאַנץ אָפען אויך אַ גענעראַל אין פּנים אריין. נור דער איז פריי, ווער עס זאָגט, וואָס ער דענקט. מיט דעם, וואָס איך האָב זיך אָבגעזאָגט פון מיין פערמעגען, האָב איך מיר געקויפט אַ שטיק פרייהייט, און בענוץ זיך מיט איהר!"

— בראוואָ! — האָבען דאָס מאָל אויסגערופען קאָלנאָס און ברעסער.

גענעראַל רעלס איז אויפגעשפּרונגען.

— ענטשולדיגט מיר — האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען מיט אַן אויפגערעגטער שטימע.

אָבער די אַנדערע האָבען איהם ניט געלאָזען אויסרעדען. „ניט אונטערברעכען", האָבען אַלע געשריען, און דער גענעראַל האָט זיך געמוזט אוועקזעצען.

— פערצייהט מיר, עקסעללענץ — האָט רודאָלף ווידער אָנגעפאַנגען — איך האָב אייך ניט געוואָלט בעליידיגען. דאָס, וואָס מען זאָגט געגען אַן אינסטיטוציע, ווערט עס ניט געזאָגט פּערזענליך געגען איהרע פערטרעטער. פערגעסט ניט, אַז אַליז, דאָס אַליז, וואָס איך קען פאַרברענגען אָדער ווירקען געגען קריעג, קומט פון דעם גייסט פון אַ צוואה, וואָס איז מיר איבערגעלאָזען געוואָרען פון איינעם, וואָס איז אַליין געוועזען אַ סאָלדאַט, פון פּרידריך טיללינג. דאָס, וואָס איך האָב געטהאָן, בעווייזט, ווי ערנסט איך מיין עס מיט מיין אויפגאַבע, ווי ערנסט איך פּאַס אויף די קעמפּפע, אויף וועלכע איך ריכט זיך. אין דעם קאַמפּף טאָר מען זיך ניט אָבשרעקען צו געבען אַזוי פעסט און ענערגיש, ווי איינער קען נור געבען דעם שונא. מיין וואַפע איז דאָך נור דאָס גערעדטע און דאָס געשריבענע וואָרט, און די וויל איך די־רעקט און עהרליך געברויכען, דאָס הייסט אימער נור דאָס זאָ־גען, וואָס איך האַלט פאַר אמת, און אָהן אירגענד וועלכע ריק־

זיכטען, און קיינעם שאַנעווענדיג. עס איז געוועהנליך נור אַן אויסרייד, ווען איינער האַלט זיך צוריק מיט זיין מיינונג, ווייל ער וויל די אנדערע שאַנעווען. אין דער אמת׳ען מיינט ער גאַר זיך צו שאַנעווען. מען וויל ניט דערצאָרענען די אנדערע, ניט אום צו פערשפּאָרען זיי דעם צער, נור ווייל מען האָט מורא אַרויפצושלעפּען אויף זיך זייער צאָרן. דאָס איז, מיט איין וואָרט, פייגהייט. א פיינהייט, וואָס איך האָב אויף מיר זעלבסט געפיהלט, ווען איך האָב געוואָלט זיין אי א פערטהיידיגער פון פאָרטשריט און אי א טאַקטפולער באַליבאָס, א קלוגער גוטס־בעזיצער און א ליעבענסווירדיגער פעטער. איצט וויל איך ניט זיין קיין אנדער זאך, ווי א מענש,וואָס ארבייט מיט בעוואוסט־זיין און אָהן מורא אין דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון דער מענשהייט.

„אין אזא מיטארבייט, איהר מעגט עס מיר גלויבען, ליעגט אַן ערהאַבענער גענוס. פריהער פון אלץ קומט דער בעוואוסטזיין פון אן ערפילטער פליכט. ניט אַלע קענען קלאָר זעהען דיזע פליכט. אָבער די, וועלכע האָבען געכאַפּט א בליק אין דעם קאמפּף פון דער צייט, און די, וועלכע זעהען די סטראשענדע סכנות און די מעגליכקייט פאר רעטונג, די קענען ניט אנדערש, די מוזען צולייגען א האַנד. צו וועלען רעטען איז א נאַטירליכער אינסטינקט, אַן אינסטינקט, וואָס געהט צוזאמען מיט דעם גע־זעלשאַפט־טריב.

„וואָס איך זעה, איז אָט וואָס:

„עס זיינען דאָ ביי דעם ארבייטער צויבערליכע קרעפטען, וועלכע פערענדערען אזוי די געזעלשאַפט, אז די קולטור פון מאָרגען וועט זיין אין דעמזעלבען פערהעלטנים צו דער קולטור פון נעכטען, ווי דער שמעטערלינג צו דער פּראָסטער פליעג, פון וועלכער ער ענטוויקעלט זיך. די פּראָסטע פליעג האַלט ביין ארויסברענגען דעם שמעטערלינג. די קולטור פון היינט איז די פּרעלודיע.

— בראוואָ! — האָט אויסגעשריען איינער, וועלכער האָט געהאַלטען דאָס וואָרט פּרעלודיע פאר זעהר פּאָעטיש, און האָט דאַרום געמיינט, אז דאָס דאַרף אפּלאָדירט ווערען.

„די צויבערליכע כחות, פון וועלכע איך רעד — האָט רו־דאָלף ווייטער געזאָגט — הייסען טעכניק און וויסענשאַפט. אזוי פיעל קענענדע און אזוי פיעל וויסענדע וועזענס, ווי די מענשען האָבען דאָס איצט אין ווערען, מוזען אויך ווערען פערנינפטיגע וועזענס, און מוזען אויך אָנהויבען פערנינפטיג צו לעבען. דאָס איז דער מוז פון דעם צופּאסונגס־געזעץ. אז אונזער לעבענס־פיהרונג און אונזערע אינסטיטוציאָנען, וואָס שטאַמען פון אונ־וויסענדע צייטען, זיינען פערנינפטיג, דאָס וועט דאָך קיינער ניט בעהויפּטען. לאָמיר אָנווייזען אויף דאָס נאַרישסטע: ניין צעהנ־טעל פון אלע אונזערע מיטלען צו פערוועגדען, ום איינע די אנ־דערע צו ערמאָרדען.... איינטהיילען די היימאַטה־ערד אין רויב־שטיקער, וועגען וועלכע מען רייסט זיך און בייסט זיך, אָנ־שטאַט, אין געגענזייטיגער הילף, צו פערוואנדלען איהר אין א גן עדן.... וואָס האָבען זיי דאָרט געזאָגט שטילערהייט, פריינד וועגעמאַן, סאָציאַליסטישע פּראזען! מיין גאָט, אָפט ארויסגעזאָג־טע אמת'ען, און אזעלכע, אויף וועלכע עס בויט זיך אויף א פּארטיי, וואָס שטרעבט זיך אויסצובריייטען, ווערען אימער פראזען... איך וויל אָבער דאָ ניט ריידען אין דעם סאָ־ציאַל־דעמאָקראטישען פּארטיי־גייסט, נור אין א ברייטערען זין, אין דעם סאָציאַלען זין. דאָס די סאָציאַלע פראַגע אין געוואל־דיגער בעדייטונג פילט אָן אונזער געגענוואַרט, און פאָדערט צו א לייזונג — דאָס קען דאָך קיינער ניט לייקענען. דאָס ארביי־טער־פאָלק איז שוין מיעד צו ליידען, און צווישען אונז זיינען דאָ אזעלכע, וועלכע זיינען שוין מיעד צו ז ע ה ע ן זיי ליי־דען. איך, פאר מיין חלק, קען ניט לענגער בלייבען מיט פער־לייגטע הענד, צוזעהענדיג, ווי מיינע מיטמענשען קרעכצען פון אונניצלעכע שמערצען, לאַסטען און געפאַהרען. „טאַט טוואַם אזוי".

דאָס אינדישע „דאָס ביסט דו" האָט ארויסגערופען א נייעם בראַוואָ פון דער זייט, וואָס האָט געפונען אזא רייץ אין אויסלענדישע ווערטער.

א גרויסע בעפרייאונגס־ארבייט פאַרבערייטעט זיך—און פון דעם זוייסען גאָרניט פיעלע צייט־גענאָסען, און פיעלע פון די,

וועלכע זיינען דאָ פערזאמעלט. דאָס, וואָס זיי הערען פון דעם, קלינגט פאַר זיי, ווי א ווייטער רוישען פון א סטראַשענדער פער־פלייצונג. און זיי שרייען, אז מען זאָל מאַכען אַלערליי פאַרצאַמונגען און שטערונגען. מיר אָבער, די וועניגע, וועלכע האָבען זיך גוט צוגעהערט, מיר הערען דאָס רוישען פון א נייער צייט, פון א צייט, אָהן געוואַלט, פון א צייט, וואָס איז פריי פון עלענד און נויט. ווען מיר זאָלען אפילו איהר ניט דערלעבען — איבעריגעס, ווער קען עס וויסען ? — זאָל אָבער אונזער העכסטער גליק זיין צו האָבען פאַרזיכערט איהר קומען. דאָס האָב איך מיר געמאַכט, אַלס מיין אויפגאַבע. רופט עס ניט מיט דעם נאָמען חוצפּה. זאָגט אויך ניט, אז עס איז אוננײצליך. בויגט זיך ניט פאַר יענער אנגענעהמער אַנזיכט, אז די קולטור ענדערט זיך פון זיך זעלבסט. דאָס איז פאַלש. גאָרניט פאַסירט פון זיך זעלבסט. עס פאַלט דאָך קיינעם ניט איין צו בעהויפּטען, דאָס אַלע טעכנישע פאָרטשריטע און ערפינדונגען זיינען געקומען פון זיך זעלבסט — אונאַבהענגיג פון דער פאָרשונג און אַרבייט פון די טעכניקער און ערפינדער. עס איז אמת, אז דאָס, וואָס מען שטודירט און פאָרשט, דאָס קומט פון א מוזי, וואָס ליגט אין דער נאַטור גופא, דאָס מיינט אָבער ניט, אז די קולטור־אַרבייט קומט פון זיך זעלבסט. זי קומט דורך דעם ווילען פון די קולטור־אַרבייטער... די ווילענס־קראַפט, מעג מען אויך איהר רופען א נאַטור־קראַפט, אָבער דער פערזענליכער ווילען ווערט צו א טרייב־קראַפט פון דער ענטוויקלונג. אויך אונטער די פיינד פון ענטוויקלונג זיינען דאָ מענשען מיט ווילען, מיט ענערגיע, און עס געלינגט זיי גראַדע צו גוט צו שטערען דעם גאַנג פון דער קולטור, מאַנכעס מאָל זאָגאַר צוריקשלייدערען, אָבער עס געלינגט זיי דאָך ניט איהם געגצליך צו פערהאַלטען, ווייל עס איז א נאַטור־געזעץ, אז דער פאָרטשריט זאָל געהן אַלץ ווייטער און ווייטער, כאָטש ווען נור אין א קרומער ליניע. דאָס איז מיין טיעפסטער גלויבען. א הייסער גלויבען, וועלכער אָפט דורכשטראָמט מיך מיט א גליקס־געפיהל אין מיטען פון די אַלע צוואַנגס־געפיהלען, וואָס עס פליסען אריין אין מיר אַלע ווילדקייטען פון איצט. און כאָטש איך ווייס, אז

צאָרן איז ניט קיין וויסענשאַפטליכער געפיהל — ווייל ער־גערט זיך דען דער זאָלאָג איבער די בייזקייט פון טיגער, אי־בער די גיפט פון דעם שלאַנג? — דאָך איז דער געפיהל א ניצ־ליכער, ווייל ער טרייסעלט אויף צום קאַמפף, צום וועהרען־זיך. אָהן ליידענשאַפט ווערט גאָרניט געשאַפען, וואָס איז קרעפטיג און שטאַרק.

דאָס איז עס אויך, וואָס איך האָב אייך געוואָלט זאָגען — מיין ארבייט איז בעשטימט דורך א ליידענשאַפט, וועלכע פלאַ־קערט אין דער טיפעניש פון מיין נשמה... צי איך וועל ארויס־ברענגען עטוואָס קרעפטיגעס, דאָס איז אונבעקאַנט, אָבער מיין גאַנצע קראַפט, וואָס איך בעזיץ, דאָס איז איצט קאָנצענטרירט אין מיין ווילען".

ער איז פאַר א ווײַלע שטיל געבליבען. ווידער האָט ער עס דייטליך געפיהלט, דאָס די אנוועזענדע, מיט דער אויסנאַהם פון וועניגע, הערען זיך גאָרניט צו צו דעם, וואָס ער רעדט.

און ער האָט אויך דערפיהלט, אז עס פעהלען איהם ווער־טער, דורך וועלכע ער זאָל קענען אויסדריקען די שטאַרקייט פון זיינע ליידענשאַפטען, וואָס בעוועגען איהם, און די טיעפקייט פון זיינע געדאַנקען, וואָס שטורעמען אין זיין געהירן. דאָס וואָלט פאַר איהם מעגליך געווען אויסצודריקען, ווען פון זיי וואָלט ארויסגעשפּרונגען א פונק פון בעגייסטערונג אויף איהם.. ער האָט געהאַט אין זיין געדאַנק א גרויסען זאַל, אָנגעפילט מיט מענער און פרויען פון פאָלק. מענשען, וועלכע אין זייערע גע־דריקטע, צרה'דיגע פערהעלטניסע הערען זיך צו מיט דורשט צו דעם אָנזאָג פון בעסערע צייטען: ווי וואָלט דער דאַנק און די האָפנונג פון אזעלכע צוהערער איהם דערהויבען און טראָגען?... אָבער די דאָ? געבאָרען אויף דעם סאַמע שפּיץ פון דער געזעל־שאַפט, געניסענדיג אלעס בעסטע אין לעבען — די מוזען דאָך בעטראַכטען יעדען געדאַנק פון אן ענדערונג אלס עטוואָס, וואָס שטעלט זייער רוה און גליק אין געפאַהר — ווען זיי האָבען איבערהויפּט זיך צוגעהערט; ווען די ווערטער זיינען ניט אָב־

געשפרונגען פון זיי דורך ניט וועלען פערשטעהן און דורך זייער גלייכגילטיגקייט.

ער איז זיך בעוואוסט געוואָרען, אז ער דאַרף ניט ווייטער רעדען צו זיי, ער האָט אָבער אויך ניט געקאָנט ניט ענדיגען.

און ער האָט צו זיי ווייטער גערעדט:

„מיינע פריינד — צו מאכען פאר אייך קלאָהר דעם ציעל פון מיין ווילען, אָדער צו איבערטראָגען אויף אייך מיין איבער־צייגונג — דאָס האָט ניט געקאָנט זיין דער צוועק פון מיין רע־דע, וועלכע איז שוין אויך אזוי געוואָרען צו לאַנג. איהר קור־צער תוך איז דער: דאָ שטעה איך, ווייל איך קען ניט אנדערש. און דערמיט איז אונזער פעסט צו ענדע. אין ברונהאָף דער לעצטער פעסט, פון וועלכען איך בין געוועזן דער באַליבאָס.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויפגעהויבען דעם בעכער, און געזאָגט: — דאָך, כדי צו שליסען מיט א „הויך“, טרינק איך דיר צו נאָך א מאָל, ליעבער מאַקס — „דאָצקי געשטאָרבען — עס לעבע דאָצקי.“

די געסט זיינען געוועזן צופריעדען צו פארבייטען די לאַנג־ווייליגע און פיינליכע שטימונג מיט א נייעם קלאַפּען מיט די גלעזער און מיט נייע געשרייען פון „האָך!“ „האָך!“

דאן איז מען אריין אין דעם זאַל דערביי. אין די גרופּען, וועלכע האָבען זיך געבילדעט, האָט מען, נאַטירליך, גערעדט וועגען דער זאָנדערבאַרער פּאסירונג. עס איז אמת, אז מען האָט ניט ערקלערט רודאָלף׳ען פאר „משוגע“, דאָס וואָרט איז ניט געברויכט געוואָרען, אָבער דער זין איז געוועזן כמעט דערזעל־בער: „איבערשפּאנט“, „טרוימער“, „פּאַרטיהיטער“, „פאנטא־זיאָר“, „הם, אן אָריגינאַל“...



# ניינצענטער קאַפּיטעל.

רודאָלף האָט זיך אָבגעגנב'עט פון דער געזעלשאַפט אין זאַל. ער איז ניט געווען געשטימט זיך אריינצולאָזען אין פּריוואַט־שמועסען איבער דעם, וועגען וואָס ער האָט ערשט געהאַלטען זיין רעדע. א געפיהל פון טרויער האָט איהם בעהערשט. עס איז געווען דער שמערץ פון אבשיעד, וואָס האָט איהם געמאַכט זיך אָבצושיידען פון דער לוסטיגער געזעלשאַפט, און ווייטער שפּינען זיינע געדאַנקען אין אַן איינזאַמען ווינקעל.

ער איז אריין אין זיין אמאָליגען ארבייטס־צימער, וועלכער איז געווען שוין האַלב ליידיג, מיט די ביכער און בילדער, וועלכע האָבען געהערט צו רודאָלף'ען פּערזענליך, פּערפּאַקט אין די ארומשטעהענדיגע קאַסטענס. דאָס צימער איז געווען שוואך בעלויכטען, דערפאַר האָט זיך בעסער געזעהען דאָס ליכט פון דער לבנה, וואָס איז אריינגעדרונגען דורך דאָס פענסטער. רודאָלף איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אָנגעשפּאַרט זיין שטערען אָן די שויב. ווי שעהן און צויבערליך עס איז איצט געווען דער פּאַרק פון ברונהאָף... ניין, דאָס איז שוין ניט מעהר געווען ז י י ן ברונהאָף... דאָס איז עס געווען דער געדאַנק, וועלכען ער האָט געזוכט אויסצושפּינען. דאָס איז עס געווען דער שמערצליכער געפיהל, וואָס האָט איהם ארומגעכאַפּט: פאַרביי!

צווישען זיין אַלטען לעבען און דעם נייעם, וועלכער עפענט זיך איצט פאַר איהם, איז אזוי ווי אַן אייזערנער פאָרהאַנג וואָלט זיך אראָבגעקאַטשעט. און אַן אָבגרונד איז אויסגעגראָבען געוואָרען צווישען איהם און יענע מענשען, מיט וועמען ער איז ביז איצט געווען פערבונדען דורך געזעלשאַפטליכע און פערוואַנדשאַפטליכע געמיינשאַפט. פערביי איז די פריינדשאַפטליכקייט מיט די סאַמע העכסטע פון לאַנד; פערשוואונדען די איבערגעבענהייט און די עהרפורכט פון די פּיעלע בעאַמטע און

דינער פון זיין גרויסען מאיאָנטעק. ניטאָ מעהר די גאנצע מאכט, וועלכע מאכט אזא בעזיצער פון אזא פערמעגען גלייך צו א פירשט. מיט דעם אלעם מוז ער איצט אויף אימער זיך צושיידען.

אָבער אויך א טיעפערע אבשיעדס־וועה האָט איהם בע־הערשט. אין די מויערען, וועלכע ער פערלאָזט איצט, איז דאָך זיין היים געווען. אויף דעם פלאץ, דאָ אונטער דער לינדע — דאָס בילד איז ווי לעבעדיג געשטאנען איצט פאר זיינע אויגען — ווי אָפט האָט ער געזעהען די וויגעלע פון זיין זוהן און גע־בויגט איבער איהר די ליעבליכע געשטאלט פון זיין מוטער.

געווים פון דעם בעזיץ האָט ער זיך ניט פרייוויליג אָבגע־זאָגט. דאָס האָט פון איהם דער טוידט אוועקגערויבט — אָבער עס וואָלט דאָך פאר איהם זעהר לייכט געווען צו גרינדען דאָ א נייע היים, צו געבען דעם הויז א נייע באַליבאָסטע, און דעם פערמעגען א נייעם יורש. די מעגליכקייט איז איצט, דורך דאָס אָבזאָגען זיך פון אלעס, אין גאנצען אָבגעשניטען.

א שווערער זיפץ האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין ברוסט. אזוי פעסט, אזוי ווירקליך, אזוי לעבעדיג זיינען געווען די זאַ־כען, פון וועלכע ער האָט זיך אָבגעזאָגט, און אזוי אונזיכער און אזוי טומאנע דונקעל זיינען געווען די ציעלען, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט. ניין, ניט די ציעלען, די זיינען געווען קלאָר פאר איהם, אָבער די וועגען, וועלכע פיהרען צו זיי, די זיינען געווען פאר איהם דונקעל און אונזיכער.

א האַנד האָט זיך אוועקגעלעגט זאנפט אויף זיין אקסעל, ער האָט זיך אומגעדרעהט.

— דו, מוטער?

— איך האָב זיך משער געווען, אז איך וועל דאָ געפינען מיין רודאָלף'ען. אָדער שטער איך דיר אפשר?

— אָך, ניין. עס טהוט מיר גראדע וואויל צו האָבען דיך איצט דאָ, לעבען זיך. דו ביזט דאָך די איינציגע, וועלכע פער־שטעהט מיך ריכטיג... אפילו דאן, ווען איך ווער שוואך און פערצווייפעלט. דו קענסט מיך פערשטעהן און מיר העלפען צו קומען צו זיך....

— נעהמסטו זיך צום הארצען, ווייל די דאָרט, אונטען, האָבען דיך ניט פערשטאַנען? ווען זיי וואָלטען דיך יא פערשטאַנען, וואָלט עס דען איבערהויפּט נויטיג געווען פאר דיר צו נעהמען אויף זיך די ראָליע פון א לעהרער און קעמפּפער?

— ארויסצוגעהן אהין, וואו עס איז דונקעל און קאַלט....

— אום אריינצוברענגען אהין ליכט... אָבער קאַלט — יא, אין דעם ביסטו גערעכט — צווישען די פרעמדע, אונטער די מאסען בלאָזט אויף איינעם מיט אזא קעלט, און נור איין זאַך קען איינעם געבען קראַפט און ווארימקייט —

— און וואָס איז דאָס? — האָט רודאָלף געפרעגט, ווען מארטא האָט זיך אין מיטען דערינען אָבגעשטעלט.

— מען מוז האָבען א הארץ פול מיט ליעבע...

— פאר די פרעמדע? פאר די אייז־קאַלטע מאסען?

— ניין, פאר א נאָהענט־שטעהענדען, פונקט אזא ווארם־ליעבענדען, ווי א געליעבטען ווזען.

— דאָס האָב איך דאָך אין דיר, מוטער.

— אזוי מיין איך עס ניט. עס מוז זיין אַן אנדער ליעבע, די צערטליך גליהענדע ליעבע. די גיט אויך קראַפט. דאָס אונ־ענדליכע גליק, וואָס איינער שפּירט, ווען ער האָט אָט די ליעבע, און די אונענדליכע טרויעריגקייט, וואָס פאלט אָן אויף איינעם, וועלכער פערלירט איהר, דאָס מאַכט איינעם צו פערשטעהן אַז אלעס, אלעס אין דער וועלט מוז אָנגעווענדעט ווערען, אום אויס־צוראַמען דעם האַס פון דער וועלט. גלויב מיר: פרידריך און איך האָבען נור דארום געפיהלט אזא שטאַרקען דראַנג צו אר־בייטען פאר די בעפרייאונג פון דער מענשהייט פון דער קללה פון האַס, ווייל מיר האָבען איינע די אַנדערע געליעבט אזוי שטאַרק, אזוי איינשטימיג. דו האָסט פערלאָרען ווייב און קינד, דו ביזט אזוי איינזאַם, מיין אָרימער רודאָלף.... און אפילו פער־הייראַטערהייט ביזטו געווען איינזאַם... איך ווייס, אַז בעאַטרי־סע איז ניט געווען אזא, וואָס האָט געקאָנט אויספילען דיין גאַנ־צע נשמה. ווי וואָלט איך געוואונשען, אַז —

— ניין — האָט ער איהר אונטערבראָכען — איך וויל ניט

נאָך א מאָל הייראטהען; איך וויל זיין גאַנץ פריי, גאַנץ אָהן קייטען —

— כדי זיך אריינצואווארפען אין דעם שטורם? אָבער ווי־פיעל בעסער קען מען עס, ווען מען וויים, אז יעדען אויגענבליק קאָן מען זיך צוריקקעהרען אין האפען. יא, פעסטונג, שוץ און פאַנצער איז די ליעבע, סיי די בעגליקטע און סיי די טרויערענדע נאָך איצט איז פאר מיר דער רייכסטער בעזיץ די עררינערונג אָן מיין טוידטען. דיר, רודאָלף, איז די וועלט נאָך שולדיג אזא רייכטהום... דו דארפסט האָבען א לעבענס־חבר, אזא, וואָס זאָל צוזאמען מיט דיר שטרעבען, און וועמען דו זאָלסט ליעבען...

— איך דענק ניט וועגען זיך... און גראדע איצט בע־הערשט מיך דער שמערץ פון אָבזאָגען זיך פון אלץ. פון צו־קונפט־גליקען און האָפנונגען וויים איך איצט גאַרניט. די ליע־בע, ווי זי איז ביי דיר געוועזן, און פון וועלכער דו טרוימסט פאר מיר, דאָס איז דאָך אזא זעלטענע מתנה פון צופאל. איך געה ניט ארוים צו זוכען אזעלכע וואונדער־בלומען. איך געה ארוים צו ערפילען פליכטען — פאר אַנדערע. און איך בין טרויעריג.

— יא, דאָס הער איך פון דיין טאָן. אויך מיר איז אזוי ווי איך וואָלט נעוואָלט וויינען.

— נו, טו וויין, מיין טהייערע מוטער, דאָס מאכט לייכט.

ביידע זיינען אריינגעפאלען אין א שמערצליכע שטילקייט.

די לבנה האָט זיך פערדונקעלט. שווארצע וואָלקענס האָ־בען איהר פארצויגען, און עס האָט זיך אויפגעהויבען א ווינד, וועלכער האָט געראוישט דורך די בוימער.

מארטא האָט אויפגעשוידערט, ווי פון א קעלט, און האָט געזאָגט:

— קום, לאָמיר געהן צו יענע דאָרט. בלייב מיט דיינע געסט, און זיי געדולדיג מיט זיי פאר דאָס לעצטע מאָל.

רודאָלף האָט געפאָלגט זיין מוטער, און איז אריין צוריק אין זאל. דאָרט זיינען געשטאַנען און געזעסען מענשען אין פער־שיעדענע גרופען, פיהרענדיג א לעבעדיגען געשפרעך.

אין א ווינקעל זיינען געזעסען דער מיניסטער „אודאי“,

פּאַטער פּראָטוס און פּאָלקאָווניק שראופער. צו דער גרופּע איז רודאָלף צוגעגאַנגען.

— דאָ זיינען פערזאַמעלט מיינע דריי נאָהענטסטע פריינד. גערן וואָלט איך געוואָלט הערען, וואָס איהר האָט גערעדט — האָט רודאָלף זיך געווענדעט צו זיי.

— איך האָב געזאָגט — האָט דער מיניסטער געענטפערט — דאָס איך האָב שוין לאַנג צוריק געזעהען דאָס קומען פון דעם אייז־בראָך. דיין אויפפיהרונג און דיינע מיינונגען אין דער לעצטער צייט האָבען געוויזען, אַז דו ביזט פערטיג צו טהאָן עפּעס אויסערגעוועהנליכעס. אודאי אזוי משוגע — אויף דעם האָב איך מיך ניט גערייכט — אוועקשענקען דעם פערמעגען....

— און איהר, הערר פּאָלקאָווניק?

— נו, ווי באַלד איהר אַליין פרעגט ביי מיר, און נאָך דעם ווי זיין עקסעלענץ וועגעמאַן איז געוועזן אזוי אָפענהערציג, וויל איך עס אויך אזוי טהאָן. מיר קומט פאַר די גאַנצע געשיכטע ניט נור משוגע, נור אויך פערברעכעריש... ווילט איהר צושטעהן צו די רויטע סאָציאַליסטען? איהר האָט אפּנים פערגעסען, דאָס איהר זיינט א קאַוואַליער, און א רעזערוו־אָפיציער אין דער ארמיי!

— אין דער ווירקליכקייט — האָט רודאָלף געענטפערט — האָב איך זיך טאַקע צוליעב דעם דערמאָנט, אַז איך בין א מענש און געהער צו דער מענשהייט... און איהר, מיין ליעבער פּאַטער פּראָטוס — וועט איהר מיך ארייגלייגען אין חרם? לויט איך קען אייך, האָב איך ניט מורא דערפאַר.

דער יונגער פּריסטער האָט געקוקט ערנסט און מילד אין רודאָלף'ס פּנים, און האָט געזאָגט:

— איהר האָט רעכט, הערר גראף, איך בין ווייט פון אייך־גענד וועלכע פאַרדאַמונגען... אפילו ניט ריכטען און אורטהיילען וואָלט איך ניט דאָרט, וואו איך פערשטעה ניט אַלעס... אייערע געדאַנקען זיינען פאַר מיר ניט גאַנץ קלאָר, אָבער אזוי ווייט, ווי איך קען אייך, ווייס איך, אַז איהר ווילט נור גוטעס... מיך שמערצט נור צו פערלירען אזא מענשען, ווי איהר, פון מיין גע־

מיינדע. אך, ווען די אָרעמע גרעפין און דאָס אָרעמע קינד וואָלטען נאָר געלעבט — איהר וואָלט אונז דאַן ניט פערלאָזען.

רודאָלף האָט גענומען דעם פריסטער ביין אָרעם, און האָט געזאָגט:

— קומט מיט מיר, מיין ליעבער פאָטער, איך וואָלט גע־וואָלט א פּאָר ווערטער רעדען מיט אייך אליין. לאָמיר זיך זע־צען דאָ אין דעם ווינקעל. דאָ וועט אונז קיינער ניט הערען און ניט שטערען. מיט די ביידע אנדערע האָב איך ניט וואָס צו ריידען. איך האָב מיך פון זיי צושיידט, צווישען אונז ליגט א גאנצער אָבגרונד, עס קען ניט זיין קיין פערשטענדיגונג צווי־שען אונז, און וואָס יענע דענקען וועגען מיר, מוז מיר זיין גלייכגילטיג. וואָס אָבער אייך אנבעטרעפט, האָב איך דאָס בע־דירפניס אויסצוגיסען פאר אייך א ביסעל מעהר מיין הארץ.

— דאָס קלינגט במעט, ווי איהר וואָלט געוואָלט מתודה זיך זיין פאר מיר.

— איך האָב זיך פאר אייך קיינמאָל ניט מתודה געווען... און איבערהויפּט, ווי איהר ווייסט, האָב איך מיך געהאלטען ווייט פון אלע קירכען־צערעמאָניעס.

— איהר, הערר גראף, ווי פיעלע אנדערע, גלויבט אָבער —

— ניין, איהר זאָלט ניט האָבען קיין פאלשע מיינונג וועגען מיר. איך בין ניט קיין גלויביגער, איך האָב גערעכענט, אז איהר ווייסט עס.

— איך האָב עס מיר געטראכט, אָבער —

— אך, לאָמיר זיין גאנץ אָפענהערציג איצט. מיר האָבען זיך געגענזייטיג שטענדיג געאכטעט, און געגענזייטיג אריינגע־קוקט איינער דעם אנדערען טיעף אין די נשמה. ניט אמת? איך ווייס, וואָס איהר זיינט שולדיג אייער בערוף, און שעץ זעהר דעם טאקט, מיט וועלכען איהר האָט פערשטאנען צו זיין ביידעס, אי א פליכט־געטרייער פריסטער און אי א מענש פון מאָדערנעם גייסט און וויסען.

— און איהר, הערר גראף, האָט פעראייניגט אין זיך מיט

יעל טאקט דעם קריטישען סקעפּטיקער מיט דעם אַריסטאָ־
אַטישען קירכען־בעשיצער.

— איך, אָבער, פּאָטער פּראָטוס, האָב זיך איצט אָבגעזאָגט
פון דער צווייפאכער ראָליע. מיט דעם, וואָס איך האָב זיך אָב־
געזאָגט פון מיין פערמעגען, הער איך אויך אויף צו זיין דער בע־
שיצער פון דער קירכע, און איך קען רעדען דארום איצט גאַנץ
פריי... טאקט — דאָס איז אזא זאך, וואָס עס מוזען געברויכען
די יעניגע, וועלכע פערבעהאלטען א ווידערשפּרוך, וואָס זיי
טראָגען אין זיך... איך האָב פון זיך אָבגעטרייסעלט דיעזע
נויטווענדיגקייט, און דארום זאָג איך אייך גאַנץ אָפען, אז דער
קאמפף, צו וועלכען איך גורט מיך אָן — דער בעפרייאונגס־
קאמפף געגען אלץ, וואָס שמידט די מענשען אין קייטען, אויך
אין גייסטיגע קייטען, דער מוז זיך אויך נאַטירליך ווענדען
געגען —

— אלזאָ, איז עס דאָך ריכטיג — האָט דער פּריסטער אונ־
טערבראָכען — דאָס די זאָגענאַנטע פריינד פון פריעדען זיינען
אויך שונאים פון דער רעליגיאָן?

— ניין, דאָס איז ניט ריכטיג. געווים זיינען דאָ צווישען
די פיינד פון קריעג פיעלע פריידענקער, אָבער עס זיינען דאָ
אויך פיעלע גלויביגע. און אין דעם קאמפף געגען מלחמה ווייי־
זען ניט ארויס די פריידענקער זייער געזינונג. זיי טראכטען
פיעל מעהר צו געפינען א שותף אין דער קירכע, ווייל זיי ווייי־
סען, וועלכע מאכט זי האָט, און זיי ווייסען אויך, ווי שטארק די
געבאָטען פון דער רעליגיאָן זיינען אין איינקלאַנג מיט דעם גע־
דאנק פאר פריעדען. און טאקי דערפאר ווייל די אָרגאַניזירטע
פּאָרקעמפּפער פון דער פריעדענס־אידעע האלטען זיך צוריק פון
דער בעקעמפּפונג פון געוויסע ריכטונגען און אינסטיטוציעס,
וועלכע איך וויל בעקעמפּפען, האלט איך מיר צוריק פון אָנצו־
שליסען זיך צו זיי. איך וויל אין יעדער ריכטונג פערטרעטען א
נייע וועלט־אנשויאונג, וועלכע, לויט מיין איבערציינגונג, איז בע־
שטימט, ווי א נייע רעליגיאָן צו פערבינדען די קומענדע דורות—
— גאַנץ געווים — האָט פּאָטער פּראָטוס אונטערבראָ־

כען מיט א געוויסער ביטערקייט אין טאָן — מיט אזא נייעם גלויבען מוז מען ארויסטרעטען געגען דעם אַלטען אלס פיינד, ניט אַלס בעשיצער.

— אַלס פיינד? אין דעם זין פון האַס, געוואלד, פערפאַל־גונג און פערניכטונגס־לוסט? דאָס ניט. א לאָיאַלער געגנער — דאָס יא. אך, פאָטער פראָטוס, פאָטער פראָטוס, וואָס פאַר אונ־קלאָרע, טרויעריגע צושטענדע עס זיינען דאָ אין דער וועלט!... ווי שמערצליך עס שטויסען זיך צוזאַמען די געדאַנקען, די פליכ־טען, די ליידענשאַפטען! און דערביי זעה איך אַזוי קלאָר וואו די רעטונג איז... איינפאַך אין דעם, צו זיין גוט און אמת׳דיג אין יעדער לאַגע, אונטער אַלע אומשטענדען, קיינמאָל קיין בייז ניט צו טהאָן, און קיינמאָל ניט בעהויפּטען דאָס, וואָס איז פאַלש... און וועלכע פון די עקזיסטירענדע אינסטיטוציעס אין שטאַאט זינדיגט ניט געגען די צוויי זאכען: געגען גוטסקייט און אמת?

— וואָס איז אמת? דאָס האָט שוין פּאָנטיוס פילאַטוס גע־פרעגט, העררר גראַף.

— וואָס ליגען איז, דאָס האָט ער יעדענפאַלס געמוזט ווי־סען, ווייל, ווען ער האָט געזאָגט: „איך וואַש מיינע הענד אין אונשולד“, האָט ער געזאָגט א ליגען — ער האָט זיי אין בלוט געוואַשען. וואָס גוטסקייט איז, דאָס דאַרף קיינער ניט פרעגען, דאָס פיהלט יעדער — אויך דער שלעכטער, ווען ער מאַכט חוזק פון דעם.... אָבער, ליעבער פאָטער פראָטוס, איך האָב מיט אייך ניט געוואָלט פילאָזאָפירען, נור זאָגען אייך א „זייט־געזונד“, דערביי הערצליך דריקען אייער האַנד און אויג אויף אויג אייך פערזיכערען, אז איך פערשטעה אייך און שעץ אייך, און איך וויים, אז איהר פערשטעהט מיך. אויך מיין ווייטערען קורס וועט איהר ניט פערדאַמען, אפילו, ווען איך בין שוין ניט מעהר דאָס, וואָס מיר האָבען פריהער אַנגערופען „טאַקטפול.“

פאָטער פראָטוס האָט געדריקט שטאַרק די אויסגעשטרעק־טע האַנד פון רודאָלף, און איהם אריינקוקענדיג גלייך אין די אויגען, האָט ער געזאָגט:

— יא, מיר פערשטעהען זיך.

רודאָלף האָט געזעהען, ווי די גרעפין ראַנעג און איהרע טעכטער האָבען זיך אויפגעהויבען און האלטען ביים געזעגענען זיך מיט זיין מוטער.

ער איז צו זיי שנעל צוגעגאַנגען, ווייל ער האָט געגאַרט מיט דיעזע ליעבע שכנות זיך אויסצובייטען מיט נאָך א פּאָאָר ווערטער.

— וואָס, איהר ווילט שוין געהן?... ניין, אזוי וועל איך אייך ניט אָפּלאָזען — איך מוז אייך נאָך זאָגען, דאָס צו די זאַכען, וועלכע עס וועלען מיר שמערצליך פעהלען דורך מיין אויפגעבען פון ברונהאָף, געהערט אויך די שכנה'שאַפט פון ראַנעגסבורג.

— איהר געהט דאָך ניט אוועק אין גאַנצען פון דער וועלט, ליעבער גראף רודי — האָט די גרעפין ראַנעג געזאָגט פריינדליך — דעם וועג צו אונזער הויז, דאָ און אין וויען וועט איהר, האָף איך, נאָך אימער געפינען. און טאַקי גאַנץ אָפט אויך.

— א דאַנק, גרעפין. פון דער ליעבענסווירדיגער איינלאַדונג זעה איך, אז איהר האלט מיך ניט, ווי פיעלע אַנדערע, פאר אזא געפעהרליכען משוגענעם.

— דאָ האָט זיך שוין קאָיעטאַנע אריינגעמישט
— רעדט ניט אזוי.:.. איהר זיינט א —

דאָ איז זי שטיל געבליבען. רודאָלף האָט איהר אָנגעקוקט איבערראַשט. איהרע באַקען האָבען געגליהט, און איהרע גרויסע שווארצע אויגען האָבען געקוקט אויף איהם אזוי מאָדנעצערטליך.

גרעפין ראַנעג האָט זיך ניט געלאָזט מעהר צוריקהאלטען. זי האָט פערלאָזען דעם זאַל, אין דער בעגלייטונג פון מארטא. רודאָלף האָט אָנגעבאָטען קאָיעטאַנע זיין אָרעם, און דיביידע זיינען געגאַנגען אין א געוויסער ווייטקייט פון די ביידע מאַמעס. דער וועג צום שלאָס־הויף, וואו די קאָטש איז געשטאַנען, האָט געפיהרט איבער מעהרערע לאַנגע קאָררידאָרען, אראָב די טרעפּ, דורך א לאַנגען האָל. מען האָט נאָך צייט געהאַט פאר א שמועס.

— וואָס האָט איהר פריהער געוואָלט זאָגען, גרעפין קאָיע־

טאנע? — האָט רודאָלף זי געפרעגט — „איהר זיינט א" — האָט איהר אָנגעפאנגען און ניט געענדיגט. וואָס בין איך?

— אן אונגעוועהנליכער מענש.

— דאָס איז זעהר מילד זיך אויסגעדריקט.

— איהר גלויבט דאָך ניט, אז איך וועל זיך ערלויבען א פערזאנליכע פעראורטהיילונג —

— אָבער פון אייער שטאנדפונקט וואָלט עס געווען גאנץ נאטירליך. איך בין איצט כמעט, ווי אן ארויסגעשטויסענער, אָבער איהר זיינט א מוסטער, א פראכט־עקזאמפליאר פון דעם מין, פון וועלכען איך בין ארויסגעשטויסען. איהר מוזט מיך דארום פעראורטהיילען.

— איך טהו דאָס אָבער ניט. אמת, איך פערשטעה אייך ניט גאנץ גוט, אָבער איך ווייס, איך פיהל, אז איהר בעצוועקט עטוואָס גרויסעס, איידעלעס.

— און גלויבט איהר, אז איך וועל עס דערגרייכען?

— דאָס קען איך ניט וויסען. איך בין דאָך גאנץ אונוויסענד. וואָס איהר האָט געטהאָן, דאָס האָט אויף מיך געמאכט א גרויסען איינדרוק, און דאָך, ווען איך וויל מיך דערמאָנען אָן אייערע ווערטער, קען איך ניט. איך ווייס ניט מעהר, וואָס איהר האָט געזאָגט. און איך וואָלט פיעלעס געגעבען, ווען איך וואָלט עס נאָך א מאָל געקאָנט הערען, אָדער לעזען... איך גלויבי אז איך וואָלט דאן געקאָנט עטוואָס לערנען, עטוואָס גאנץ נייעס...

— יאָגט ניט אָן אויף אייך א שרעק דאָס נייע, גרעפין קאיע־טאנע? אייער גאנצע ערציהונג איז דאָך איינגעוואָרצעלט אין דאָס אלטע; אייער גאנצער שעהנער הארמאָנישער לעבען שטיצט זיך אויף דעם.

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אָבער דעם ענטפער איז זי שולדיג געבליבען. זי איז געווען צו בעשיידען, אום צו רעדען וועגען זיך, אום צו פערטהיידיגען זיך געגען די מיינונג, אז זי האלט זיך נור ביי דאָס אלטע, כאָטש אין דער ווירקליכקייט איז איהר יונגער, אָפענער גערדאנק געבליבען ניט פארשלאָסען געגען

אַלעס נייע, מיט וואָס די קעמפּפענדע געגענוואַרט איז געווען פול. און דער מאַן דאָ, ביי איהר זייט, האָט געהאַט מוטה צו שטע־לען זיך אלס נביא און מיט־בעשאַפער פון דאָס נייע, האָט פאַר דאָס געאָפּפערט רייכטום און געזעלשאַפטליכע שטעלונג—זיכער „אַן אונגעוועהנליכער מענש"... ווי האָט ער עס פריהער גע־זאָגט: „ צו מילד אויסגעדריקט", ניין, דאָס איז געווען שוואַך אויסגעדריקט. זי האָט געדאַרפט זאָגען — אָבער אויך דערצו איז זי געווען צו בעשיידען — „אַ הערליכער מענש".

זיי זיינען געגאַנגען איצט שווייגענדיג. אָבער רודאָלף האָט געפיהלט, אז דיזע מיידעל — איינע פון יענע פויגעלעך, וועלכע לעבען אויף דעם בוים, וואָס איז בעשטימט אויסגעהאַקט צו ווערען — אז דיזע מיידעל איז פול מיט סימפּאַטהיע פאַר איהם און פאַר זיין טהאָן. ניט ווילענדיג האָט ער שטיל צוגעדריקט איהר אָרעם צו זיך.



# צוואנציגסטער קאפיטעל.

דער ליעבעס־ראָמאַן צווישען הוגאָ ברעסער און סילוויא, וועלכער האָט געשוועבט צווישען זיי, זייט זי האָט פאַרגעלייענט דעם ערשטען אקט פון זיין דראמא, איז נאָך אלץ ניט געקומען צו א בעשטימטער קלאָרקייט. ניט עס איז געקומען צו אַן אָפּבּרוך, ניט צו פעראייניגונג. עס איז זאָגאר ניט געקומען צו אַן אָפּענער ערקלערונג צווישען זיי.

וואָס איהם אנבעטרעפט, איז וואָס מעהר פערליעבט אין איהר ער האָט זיך געפיהלט, דאָס אלץ שרעקעדיגער איז ער געוואָרען. ער האָט מורא געהאַט זי צו דערצאָרענען און פערליערען איהר, ווען ער זאָל נאָר א וואָרט וועגען דעם ארויסרעדען. און דורך דעם, וואָס ער האָט איהר געמאַכט פאר דעם געגענשטאַנד פון זיין דיכטערישער בעוואונדערונג, מען קען זאָגען, פערגעטערונג, האָט זי זיך פאר איהם פעררוקט אזוי ווי אין די וואָלקענס, וועלכע מאַכען אונמעגליך פאר איהם זיך דערנעהענטערען צו איהר.

די געדיכטע, וועלכע ער האָט בעשאַפען און געווידמעט צו איהר, האָט ער איהר ניט געגעבען צו לעזען. ער האָט בעשלאָסען אָנצושרייבען א גאנצען באנד, און ערשט דאַן, ווען ער וועט אזוי בעריהמט ווערען, אז קיינער וועט עס גאָרניט קענען בעשטרייטען, וועט ער זיי איהר איבערגעבען. נור גרויסעס מיז ער איהר שענקען: ניט קיין קלענערע זאך פאר איהר, ווי די אונשטערבליכקייט.

און זי? זי איז איהם אויך ניט געגאַנגען אנטקעגען. „געה אין ריינקייט דורך דאָס לעבען" — דאָס וואָרט פון איהר מוטער — האָט זיך פעסט אריינגעזעצט אין איהר קאָפּ, ווי דאָס פּאַסירט אָפט מיט געוויסע מעלאָדיען, פון וועלכע מען קאָן ניט

לויז ווערען, וועלכע קלינגען אין די אויערען, צי מען וויל עס, צי ניט. אויך דער ענטפער, וואס זי האט געגעבען איהר מוטער, איז געבליבען אין איהר זכרון: „דאס וויל איך דאך". דאס איז געווען א פערשפרעכען, וואס זי האט ניט בלויז דער מוטער גע־געבען, נור אויך זיך זעלבסט.

דער בעוואוסטזיין ליעב צו האבען דעם יונגען דיכטער האט זי אנגעפילט מיט אזא בעגליקענדען געפיהל, אז זי האט מעהר גארניט געוואונשען. עס איז געווען א געפיהל, צוזאמענגע־שטעלט פון בעוואונדערונג און צערטליכקייט און פון קיין שא־טען פון ליידענשאפט. דאס איז געווען די צווייטע ליעבע אין איהר לעבען. וואס פאר אן אונטערשיעד פון דער ערשטער! מיט א געפיהל פון שאנדע האט זי זיך איצט דערמאנט אן די ליידענשאפטליכע בערוישונג, וואס האט איהר בעהערשט אין דער צייט פון איהר פערלאבונג. ווי זי האט זיך עס יעמאלט אנגעצונדען פאר א מענשען, פון וועלכען זי האט ניט געקאנט קיין איינציגע ליעבענסווירדיגע נשמה־אייגענשאפט, וועהרענד איצט איז עס געווען די נשמה אליין, די נשמה פון א קינסטלער, פון א גאט־בעגנאדיגטען געניוס, וואס האט איהר פאר׳כישופ׳ט. די אויסניכטערונג, וועלכע איז געקומען דורך די ברוטאליטעט פון איהר מאן, האט איהר עקעלדיג געמאכט די ליידענשאפטלי־כע זייט פון דער ליעבע, און דערפאר איז איצט פאר איהר די אי־דעאלע זייט געווען דאפעלט טהייער. דאס אמת׳ע ליעבע מוז סוף כל סוף פון ביידע זייטען זיך ענדיגען מיט ערפיללונג, דאס האט זי ניט געוואוסט. זי איז געווען, כאטש די נאטור האט איהר געשאפען פאר א גרויסע ליידענשאפט, גאנץ אונגעניט אין ליעבע־זאכען. און אזוי האט זי עס געלאזט זיך פיהלען גליקליך, און האט דערלאזען, אז א רייגער, רוהיגער פלאם, ניט אויפגע־בלאזען פון קיין ליידענשאפט־שטורעם, זאל דערווארעמען איהר הארץ. ניט נור אין בילדליכען זין האט זי געפיהלט די ווארימקייט, נור כמעט, ווי עטוואס, וואס זי האט געקאנט אנ־טאפען, ווי עטוואס קערפערליכעס. דאס איז אריין אין איהר ברוסט ביין אויפוואכען, ביין איינשלאפען, און זעהר אפט אין

מיטען טאָג, ווען זי האָט גאָר וועגען עטוואָס אַנדערעס גע־טראַכט. ווי א פלוצלינגער הייסער שטראָם, וועלכער האָט גע־פלאָסען פון איהר הארצען צום האַלז, פערשטיקענדיג דעם אָט־העם אין א זיסקייט, וואָס זי האָט גאָר קיין נאָמען ניט געהאַט דערפאר; דאָס איז ניט געווען קיין פערלאַנגען, נור די פרייד פון בעזיץ, אַלס א רייכען, לעבען־דערהויבענדען בעזיץ, וואָס האָט איהר אָנגעפילט מיט שטאָלץ. האָט זי געפיהלט אין אזעל־כע אויגענבליקען, דאָס זי ליעבט — ליעבט א הערליכען מענ־שען, פון וועמען אויך זי — זייט א לענגערע צייט איז געליעבט. און ווען זי האָט אזוי פון איהם געטראַכט, איז ערשיענען פאר איהר גייסט ניט זיין פנים, אויך ניט זיין געשטאַלט, נור דער אבסטראַקטער בילד פון זיין הויך־פליהענדען גייסט, פון זיין גרויסער ליעבע, דורך וועלכע זי האָט זיך נור געפיהלט דערהויבען און פעראיידעלט, האָט זי דען געדאַרפט קעמפפען געגען איהר?

זי האָט זיך פערשאַפט אַלע זיינע ווערק און האָט געגאָסען אין זיי יעדע געלונגענע שורה, ווי א דורשטענדער געניסט א זאַפטיגע פרוכט. דער שעהנער קלאַנג פון די פערזען, וועלכע זי האָט פאַרגעלעזען פאר זיך אויפ'ן קול, און וועלכע זי האָט גע־קאָנט אויסווענדיג, האָט איהר איינגעוויגט, ווי מוזיק. יעדער נייער שעהנער געדאַנק האָט איהר אַלץ מעהר און מעהר רעכט געגעבען אויף איהר שטאָלצע ליעבע. ניט נור אין ריינהייט, נייז, אין גרויסקייט קען מען אזוי דורכגעהן דורך דאָס לעבען.

אנדערע אומשטענדען זיינען צוגעקומען, וועלכע האָבען פערבאַהאַלטען פון איהר די געפאהר, אז די הימעל־הויכע ליעבע זאָל זיך פערוואַנדלען אין אן ערדישע. כמעט קיינמאָל זיינען זיי ניט געווען אַליין ביי זייערע צוזאַמענטרעפונגען. נויטווענ־דיגע רייזען — סילוויא צו איהר קראַנקער שוועגער, און רודאָלף אין פערשיעדענע שטעדט פאר פראָבע פאר זיינע דראַמען — און נאָך אַנדערע צופעלע האָבען עס געמאַכט לאַנגע צושיידונגען צווישען זיי, און אזוי איז עס געקומען, דאָס נאָך אזא לאַנגער צייט האָט דער ראָמאַן צווישען זיי נאָך אַלץ געשוועבט אין דער

לופט. ניט ער איז געקומען צו א ברוך, און ניט צו א פעראיי־ נינונג.

די פערהעלטניסע פון דעלניצקי מיט דער שעהנער זינגערין האבען אנגעהאלטען. דאס איז שוין פאר איהם געווארען א לע־ בענס־געוואוינהייט. און אזוי ווי ער האט ניט געזוכט צו פער־ בעהאלטען זיינע פערהעלטניסע פון קיינעם, און אלע האבען דאס בעטראכט שווייגענדיג, אלס עטוואס גאנץ נאטירליכעס, האט ער ביסלאכווייז אנגעהויבען צו פיהלען, אזוי ווי ער וואלט געהאט א צווייטע געזעצליכע פרוי. און ער האט עס געהאלטען פאר א גרויסען פערדיענסט פון זיין זייט, דאס, וועניגסטענס, נעגען דער צווייטער פרוי, האט ער זיך ארויסגעוויזען צו זיין טריי און שטאנדהאפט.

צו דעם האט איהם די געליעבטע געשענקט א זוהן, און ער האט ליעב געהאט דעם קליינעם אינגעלע — צו שפיעלען זיך מיט איהם איז פאר איהם געווען דער גרעסטער פערגניגען. מאנ־ כע מאל פלעגט ער טראכטען פון צושיידען זיך מיט סילוויא. דאן וואלט ער געקאנט הייראטען די אנדערע, און געבען דעם קליינעם טאני זיין נאמען. וואס אבער עס האט איהם געשטערט, איז גע־ ווען די זעהר אונאנגענעהמע פארמאליטעט פאר אן עסטרייכשען אריסטאקראט, וואס איינער מוז דורכמאכען ביי א שיידונג: מען מוז בייטען די רעליגיאן, זיך לאזען נאטוראליזירען אין אונגארן, און מעהר פון אלץ די גערעדעריי, וואס דאס מוז ארויסרופען.

דאס אליין האט געהאט פאר איהם עטוואס אבשטויסענ־ דעס. און פונקט אזוי האט ער זיך געפיהלט אבגעעקעלט פון דעם, וואס זיין שוואגער רודאלף האט אויפגעטהאן, וואס ער איז אוועק צו די „סאצים", לויט זיין אויסדרוק. נאטירליך, איז ער בעשאטען געווארען אין קלוב, און וואוהין ער פלעגט נור קומען, מיט אלערליי פראגען און קריטיקען איבער רודאלף'ס האנדלונג. מען איז צו איהם צוגעשטאנען, ער זאל זיי ערקלערען, ווארום זיין שוואגער האט געקאנט טהאן אזא אונערהערטע זאך. אבער ער איז באלד מיעד געווארען צו געבען ערקלערונגען, און האט

נור געזאָגט אין כעס: „לאָזט מיך צורוה, איך בעט אייך, וועגע דעם משוגענעם. וואָס געהען מיך אָן זיינע ווילדע מעשים?"

ער האָט אויך פּרובירט צו פערביטען זיין פרוי אירגענד וועלכע בעריהרונג מיט איהר ברודער, אָבער דאָס האָט סילוויא מיט ענטשלאָסענהייט צוריקגעוויזען. די ליעבע און אכטונג, וועלכע זי האָט געהאַט זייט איהר פריהסטער קינדהייט פאַר איהר שטיעפברודער, איז נאָך פיעל געשטיגען דורך זיין אונגע־וועהנליכער האַנדלונג. זי האָט איהם בעטראַכט מיט בעוואונ־דערונג, זי איז געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס ער האָט געטהאָן, און פול מיט פערטרויען פון דאָס, וואָס ער האָט זיך פאַרגענומען.

פון דער געזעלשאַפט האָט זיך סילוויא אַלץ מעהר און מעהר צוריקגעצויגען. עס האָט איהר וועה געטהאַן דער בע־וואוסטזיין, דאָס זי ווערט בעדויערט פון איהרע בעקאַנטע, אַלס אַ הילפלאָזע און בעטראַגענע פרוי. די וועלכע האָבען געוואוסט, אַז זי וויים פון איהר מאַן'ס אויפפיהרונג אַזוי, דאָס זי איז אייגענטליך ניט קיין בעטראַגענע, האָבען איהר פעראור־טהיילט זעהר שטרענג: עס איז ניט שעהן פון אַ פרוי צו לאָזען זיך אַזעלכעס געפעלען. דאָס איז אָדער האַרצלאָזע גלייכגיל־טיגקייט, אָדער פערעכטליכע שוואַכקייט. ווי אָפט האָבען גוטע פריינדינען איהרע מיט אַלערליי פערשיעדענע רייד געוואָגט איהר געבען צו פערשטעהן, דאָס מען מורמעלט, מען רעדט, און דאָס זי זאָל זיין פאַרזיכטיגער! און ווען זי האָט אויף דאָס אַלעס געענטפערט מיט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס, אַז זי וויים אַלעס, ערשט דאַן פלעגען די פריינדינען זי בעפאַלען: „וואָס! דו ווייסט אַלעס און דו שווייגסט? פערגעסטו, וואָס דו ביזט שולדיג דיין עהרע? דיינע רעכטע, אַלס פרוי, מוזטו שיצען..." מאַנכע האָבען איהר אויך געראַטהען, אַז זי זאָל נקמה נעהמען... באַצאָהלען איהם מיט דיזעלבע מטבעה. דאָס אָבער האָט זי וועניגער פון אַלץ געקאָנט טהאָן. אין ריינהייט האָט זי גע־וואָלט דורכגעהן דאָס לעבען.

---

עס איז שוין געווען איבער אַ יאָהר ווי זי האָט ניט געזעהן

הוגא ברעסער. אפט אבער פלעגט זי קריגען פון איהם בריעף, אויף וועלכע זי האט איהם געענטפערט, חאטש ניט אזוי אפט. דאס זיינען ניט געווען קיין ליעבע־בריעף, אבער צווישען די ציילען האט די ליעבע געקלאפט גאנץ שטארק. אין די בריעף האבען זיי מייסטענס געשריבען וועגען ליטעראטור. ער האט איהר געשריבען וועגען זיינע פלענער און ערפאלגען. ער האט איהר צוגעשיקט די ערשטע פראבען פון זאכען, וועלכע ער האט בדעה אויסצוארבייטען. ער האט איהר אבער אויך צוגע־שיקט די ווערק פון אנדערע פערפאסער, וועלכע האבען אויף איהר געמאכט אן איינדרוק, און האט מיט איהר דיסקוטירט איבער זייער אינהאלט. סילוויא האט געגעבען איהר אורטהייל ניט אין דעם טאן פון א קריטיקער, נור איינפאך ארויסזאגענדיג, וואס זי האט געפיהלט, לעזענדיג די אדער יענע שטעללע.

זייט זי האט געשענקט איהר הארץ צו א דיכטער, איז פאר איהר דער שטודיום פון דיכטער־ווערק געווארען צו א גרויסען גענוס. דאס האט פוללער געמאכט איהר לעבען. פון א שעה־נעם געדיכט, צו פון הוגא, צו פון אן אנדערען, האט זי געשעפט דעם גרעסטען פערגעניגען, ווי א מענש, וואס האט ליעב מוזיק, פון א שעהנער מעלאדיע. אז זי זאל אליין אנהויבען צו שאפ־פען, וועגען דעם האט זי גאר ניט געטראכט, זי האט עס אויך ניט געוואלט, דאס פערטיעפען זיך אין די ווערק פון אנדערע, האט איהר געגעבען פולע בעפריעדיגונג.

ערשט דורך די ליעבע האט אויפגעוואכט אין איהר די דאזיגע ליידענשאפט פאר פאעזיע. דער געפיהל פון ענטציקונג, מיט וועלכען זי האט פארגעלייענט אין יענעם אבענד הוגא'ס דיכטונג, האט אין איהר ארויסגערופען א ליידענשאפט פאר פאעזיע אין אלגעמיין און מיט בעגייסטערונג האט זי זיך פארטיעפט אין די ווערק פון אלע טוידטע און לעבעדיגע דיכטער. און א י ה ר דיכטער, לויט זי האט געזעהען, האט געקאנט זיך פערגלייכען מיט די סאמע גרעסטע און זי האט ניט געצווייפעלט, דאס אויך ער וועט דערגרייכען די העכסטע שטופפע פון קונסט, און זי האט דארום געקוקט אויף איהם מיט א געפיהל פון יראת הכבוד.

עס איז איהר גאר אויפ'ן געדאנק ניט געקומען, דאס זי איז אייגענטליך א גרויסע דאמע און ער נור אן אונבעקאנטער לי־טעראט און געזעלשאפטליך א גאנץ אונבעדייטענדער מענש. פאר איהר איז ער געווען דער גאט־בעגנאדיגטער, דער יורש פון דער שטראהלען־קרוין פון בעריהמטהייט, און זי אן איינפאכע און אונבעדייטענדע פרוי.

---

איינינגע טעג נאך דעם אבשיעדס־פעסט פון ברונהאף האט סילוויא געקראגען א בריעף פון ברעסער, אין וועלכען ער האט איהר געמאלדען, אז ער קומט נאך וויען. די בשורה האט איהר אי דערפרעהט, אי דערשראקען. דאס דורכשרייבען זיך מיט איהם איז פאר איהר געווארען א טהייערע געוואוינהייט, און זי האט מורא געהאט, דאס די פערזענליכע בעריהרונג קען נאך, אפשר, אריינברייננגען א שטערונג, א פאלשען טאן אין זייערע פערהעלטניסע.

דאך האט געזיעגט דער געפיהל, דאס דער מארגענדיגער טאג, דורך זייער ווידערזעהן זיך, פערשפרעכט איהר א גרויסען יום טוב. זי האט עס אזוי געמאכט, אז אין דער שטונדע, וואס ער האט בעדארפט אנקומען, זאל זי זיין גאנץ אליין צו־הויז.

עס איז געווען פיער דער זייגער נאך מיטאג. אין דרויסען האט געשיינט א העללע, ווארימע הערבסט־זון. דאך האט אין דעם קאמין געפלאקערט א לוסטיג־קליינער פייער, און אויף א זייטען־טישעל, איבער א בלויען ספיריט־פלאם, האט אין א זילבערנעם קעסעלע געקאכט דאס טהעע־וואסער.

פון דער גאס האט ארייננעדרונגען א פערשטיקטער גערויש. מאגנאליען־ריח האט זיך געטראגען פון דעם בלומענטיש. פאר דעם טיש שטעהט סילוויא, רייסט אב א בלומעל, וועלכע זי שטעקט אריין אין איהר טאליע, זי טראגט א קלייד פון שווארצען סאמעט. זי איז נאר וואס געקומען פון גאס. אויף איהרע באקען איז געווען א פרישע רויטקייט און איהרע אויגען האבען געפונקעלט.

אין אַ האַלבע שטונדע דאַרף ער דאָ זיין, אָבער עס קלינגט שוין דער גלאָק.

זאָל עס זיין אַ בעזוך? אָבער זי האָט בעפוילען קיין אַנ־דערען ניט אויפצונעהמען אויסער ברעסער, און איהר מאַן איז ניט געוועזען דאַן אין ווינען. די טהיר האָט זיך געעפענט, און דער דיענער האָט איהר דערלאַנגט אויף אַ זילבערנעם טאַץ אַ טעלעגראַמע.

מסתמא פון ברעסער, אַז ער קען ניט קומען... און פון דעם ביטערען געפיהל, וואָס זי האָט דערשפירט ביי דעם גע־דאַנק, האָט זי ערשט דערוואוסט זיך, ווי שטאַרק זי האָט זיך געפרעהט מיט דעם ערוואַרטעטען גאַסט.

די טעלעגראַמע איז ניט געוועזען פון ברעסער, נור וועגען עפּעס אַ גאַנץ גלייכגילטיגע זאַך. איצט האָט זי זיך דאָפּעלט גע־פרעהט און מיט אַ פולען בעוואוסטזיין. די מורא, אַז דאָס ווידערזעהן־זיך וועט אַריינברענגען עפּעס אַ שטערונג, איז פער־שוואונדען — פיעל מעהר זאָל עס זיין אַ ערפילונג פון איהר טיעפסטען וואונש, אַ לעשען פון דעם ברענענדיגען דורשט פון איהר נשמה.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און האָט געשפּיעלט שטיל דעם הימן פון זונען־אויפגאַנג, פון „פּראָפּעט“. דיעזע מעלאָדיע איז געבליבען פון יענעם אָבענד אין דער אָפּערא דער צויבער־מיטעל, דורך וועלכען זי האָט געקאָנט אַרויסרופען צו יעדער צייט די געגענוואַרט פון דעם דיכטער, אַזוי ווי זי וואָלט גע־קאָנט אָטהעמען זיין נאָהענטקייט.

פון דער פּיאַנאָ איז זי אַוועק אין אַ ווינקעל, וואו עס איז געשטאַנען פאַר אַ קליינע סאָפע איהר לעזע־טיש. זי האָט זיך געזעצט און גענומען אַ בוך אין האַנד. דער באַנד „געדיכטע פון הוגאָ ברעסער“ האָט זיך אַליין געעפענט אויף דער זייט, וואָס זי האָט געוואָלט. אויך דאָ האָט זי געפונען אַ בעשווערונגס־פאָרמולאַ פול מיט קלאַנג און שוואונג.

אָבער זי האָט דאָס בוך ווידער אַוועקגעלעגט. זי דאַרף זיך ניט לאָזען געפינען לעזענדיג זיינע געדיכטע. דאָס וואָלט אויסגעזעהען אַזוי ווי זי וואָלט עס אומיסטנע געטהאָן. זי האָט

אראבגעלאזען איהרע הענד און צוגעשלאסען די אויגען. ניט שפיעלען, ניט לעזען האט זי געוואלט, נאר אזוי זיצען, געניסענ־דיג דאס בענקען פון ערווארטונג, זיך צוהערענדיג צום איי־גענעם הארצען — ווי זים דאס איז געוועזן.

די האלבע שטונדע איז נאך ניט אוועק, און דער טהיר־גלאק האט ווידער געקלונגען.

סילוויא איז אויפגעשפרונגען. זי האט געפיהלט, אז זי איז בלאס געווארען.

ברעסער האט איבערגעטראטען די שוועל, און האט זיך טיעף פערנייגט. זי איז געבליבען פאר א ווײלע אונבעוועגליך שטעהן אויף איהר פלאץ.

דורך דעם צערעמאניעלען גרוס און דעם טאן פון זיין שטי־מע „גנעדיגע גרעפין“ איז זי געקומען צו איהר בעוואוסטזיין, און אין גאנצען וועלט־דאמע, וועלכע נעהמט אויף א ווילקא־מענעם גאסט, איז זי איהם אנטקעגען געגאנגען א פאר טריט און דערלאנגט איהם איהר האנד צום קושען.

— ווי איך פרעה מיך אייך ווידער צו זעהן, הערר ברע־סער, וועט איהר בלייבען לאנג אין וויען? זעצט זיך! — און זי אליין האט זיך אראבגעלאזען אויף דעם געוועהנטען פלאץ, לעבען דעם לעזע־טישעל — זעהט איהר — האט זי געזאגט שמייכלענדיג — איך האב דא אייער באנד געדיכטע, אבער איהר דארפט ניט מיינען, אז איך האב איהם דא נאר אוועק־געלייגט, וויסענדיג אז איהר קומט...

זי איז שטיל געבליבען, וויל ברעסער האט איהר ניט גע־ענטפערט ניט אויף איהר פארמעללען און ניט אויף איהר שפא־סענדען טאן. ער איז געבליבען שטום און האט אויך זיך ניט געזעצט, ווי זי האט איהם געבעטען. זיין געזיכט האט ארויס־געוויזען א טיעפע בעוועגונג. די אויגען האט ער אנגעציעלע־וועט אויף איהר מיט א צערטליכען פארוואורף. זי האט גע־פיהלט, דאס ער איז ענטוישט פון דעם שטייגער, ווי זי האט איהם אויפגענומען.

דאס איז ער אויך געוועזן אין אנפאנג. אבער איצט, ווען

זי איז שטיל געבליבען, און אויך אין איהרע אויגען האט עס אנגעהויבען צערטליך צו פינקלען, האט ער פערשטאנען, אז די אנגענומענע גלייכגילטיגקייט איהרע איז נור א שלייער, מיט וועלכען זי האט געוואלט פארדעקען איהר פרייד איבער זייער ווידערזעהן־זיך. אייגענטליך, נאך די אלע גערדאנקען, מיט וועלכע זיי האבען זיך איבערגעביטען, נאך די אלע געפיהלען, וועלכע זיינען געשפונען געווארען צווישען זיי און נאך דעם גאנצען בענקען, וואס זיי האבען געפיהלט איינער צום אנדערען, האבען זיי בעדארפט זיך אריינפאלען אין די ארעמס, מיט דעם אויסגעשריי:

„אה, דו, דו, זעה איך דיר ענדליך“.

אבער אזוי ווי דאס האט ניט געקאנט זיין, איז דאס געווען דער בעסטער אופן. זיי האבען דאך ביידע געוואוסט, וואס עס איז פערבארגען אונטער דעם שלייער. און דערפאר האט ער נעפאלגט איהר ניט־ארויסגערעטען בעפעהל, האט זיך אוועקגעזעצט און האט געזאגט צווינגענדיג זיך צו א געלאסענעם טאן:

— צו איך וועל פערבלייבען א לענגערע צייט אין וויען, גרעפין, דאס העננגט אפ פון אומשטענדען. דער דירעקטאר פון בורג־טהעאטער, וועמען איך האב געגעבען מיין דראמא, האט מיך איינגעלאדען צו אן אונטעררעדונג. אפשר האנדעלט זיך דא וועגען מאכען געוויסע ענדערונגען — אנגענומען איז שוין דאס שטיק — אפשר געהען זיי שוין מאכען פראבען. דאן וועל איך מוזען בלייבען.

— וואס, אייער דראמא אין בורג־טהעאטער, און וועגען דעם האט איהר מיר גארניט געשריבען!

— איך האב עס ניט געוואלט אייך פריהער דערצעהלען, איידער זי איז אנגענומען געווארען.

— און וועלכע עס איז פון אייערע דראמען?

— מיין לעצטע, וואס איז נאך אין ערגעץ ניט אויפגעפיהרט געווארען. די דראמא, פון וועלכע איהר האט געלייענט דעם ערשטען אקט.

— אך, „דער טוידטער שטערן" — די האט איהר געענדיגט, און אין אייערע בריעף קיין ווארט ניט וועגען דעם.

— מיין אמביציע איז געווען, דאס איהר זאלט די וויי־טערע אקטען לייענען ניט פון מאנוסקריפט, נור אורטהיילען איבער זיי פון דער ביהנע. — איך וועל שרעקליך ציטערן ביי דער ערשטער פארשטעלונג.

— ציטערן? פאר מיר?

— פאר אייך, פאר דאס שטיק, פאר מיר. איך וואלט עס ניט געקאנט איבערטראגען ווען דער עולם וואלט ניט ארויסגעוויזען—

— ווען דאס שטיק וואלט דורכגעפאלען, מיינט איהר? ווער ווייסט, אויב עס וועט א י י ך געפעלען. אפשר וועט דער דורכפאל אויסקומען אין אייערע אויגען צו זיין א פערדיענ־טער.

— וועל איך דען איבערהויפט קאנען אורטהיילען, ווען איך וועל ציטערן? נור ווען איהר וואלט מיר געגעבען אי־בערצולייענען דאס גאנצע, וואלט איך געקאנט קלאהר ווערען וועגען דעם, צו איך האלט עס פאר שעהן. דערצעהלט מיר חאטש וועגען דער וייטערער האנדלונג פון דער דראמא.

— גארניט וועל איך אייך דערצעהלען, גרעפין. איך האב מיך צו לאנג געפרעהט מיט דעם געדאנק פארצובריינגען פאר אייערע אויגען די גאנצע זאך א לעבעדיגע, א פארטיגע. פאר אייך אליין וועט עס פארגעשטעלט ווערען, פאר דעם איבע־ריגען עולם קימערט מיך ניט, ער וועט פאר מיר גארניט עק־זיסטירען.

דאן האבען זיי גערעדט פון דער גרויסער פאסירונג פון רו־דאלף'ס אויפגעבען פון זיין פערמעגען. עס האט סילוויא'ן וואויל געטהאן צו הערען ווי גרויס הוגא האט אויפגעפאסט די געשעהעניש, מיט וואס פאר א וויטען בליק ער האט אריינ־געקוקט אין די אויסגעוועהלטע וועגען און ציעלען פון איהר ברודער.

— מיך רופט איהר דיכטער, גרעפין — האט ער געזאגט — נו, יא, מיט געשריבענע בילדער און ווערטער דיכטע איך,

אבער רודאלף דיכטעט מיט האנדלונגען, מיט מוטהיגע טהאטען, וואס גליהען מיט בעגייסטערונג... דאס, וואס ער האט אונטערנומען, קען ווערען די בעגייסטערענדסטע פאעמא.

אזוי האבען זיי גערעדט א לאנגע צייט איבער אלערליי זאכען. אבער עטוואס ניט אויסגערעדטעס איז געבליבען צווישען זיי, עטוואס, וועגען וואס זיי האבעןביידע געטראכט, און וועגען וואס יעדער האט געוואוסט, אז דאס פארנעהמט דעם אויבען־אן. עס האט געציטערט אין זייערע שטימען, עס האט אויפגעבליצט אין זייערע אויגען, עס האט נאכגעקלונגען אין זייער שווייגען, ווען די אונטערהאלטונג האט זיך מאנכעס מאל אבגעשטעלט.

אט אין איינע פון די אונטערברעכונגען האט עס פאסירט, אז זייערע בליקען האבען זיך בעגעגענט, און אזוי ווי קושענדיג זיך, זיינען זיי געבליבען געציעלעוועט איינע אויף די אנדערע. ער איז געווען גליקליך צו זעהען זי אזוי שעהן, און אויך זי האט עס געפיהלט ווי פרייד צו זעהן, ווי זיין אויסזעהן פאסט זיך אזוי הארמאניש צו זיין קינסטלער־נשמה: אן איידעלער פנים, לייכטענדע אויגען, און דערביי דורך און דורך א וועלטמענש אין טאן, אין קליידונג, אין יעדער בעוועגונג. אזא מענשען צו ליעבען, דאס איז זיכער געווען עטוואס, וואס מען האט געקאנט ענטשולדיגען. זי איז געווען שטאלץ אויף איהם און שטאלץ אויף זיך, דאס איהר הארץ האט זי אוועקגעשענקט צו איינעם, וואס איז איהר ווערטה.

נאך א קליינע שטונדע, וועלכע איז פאר זיי אזוי שנעל אוועק, האט ער געמוזט אוועקגעהן. דער דירעקטאר האט איהם ערוואַרטעט.

— ווען קען איך ווידער קומען?

— מארגען, ארום די זעלבע צייט.

דאס זעגענען זיך איז געווען א לאנגער און א פעסטער. שטום האבען זיי נעזאגט איינער צום אנדערען דורך זייערע ווארימע ציטערענדע הענד:

— טהייערע, אויף ווידערזעהן! — אויף ווידערזעהן, ליעבער!

# איין און צוואנציגסטער קאפיטעל.

עס איז ערשיענען רודאלף'ס אנקלאגע־שריפט, וועלכע האט געטראגען דעם נאמען: „דער פערברעכען פון דער קולטור־מענשהייט". באלד נאך דעם האט ער ארויסגעגעבען א צווייטע שריפט, זא־צו־זאגען, א טרייסט־שריפט, וועלכע ער האט אנגערופען: „דאס גליק פון דער מענשליכער קולטור".

אין דער ערשטער שריפט האט ער אויסגעגאסען זיין גאנצען צארן אויף די היפאקריטסטווא, די נארישקייט און די גרויזאמקייטען, וועלכע זיינען דער פונדאמענט פון דער כלמרשט'־דיגער קולטור. אין דער צווייטער האט ער געלאזען פרייען שפיעל באר זיין פאנטאזיע און פאר זיין בעגייסטערונג, און ער האט געשילדערט, ווי דאס לעבען אויף דער ערד וואלט געקאנט זיין, ווען האנד אין האנד מיט דער וואונדערבארער טעכנישער קולטור, וואס דער מענש האט ענטוויקעלט, וואלט אויך געגאנגען די מאראל־קולטור: דאס מיינט, ווען אלע געזעלשאפטליכע אנגעלעגענהייטען וואלטען רעגולירט געווארען פון דער ליעבע צום אמת, פון שכל און גוטסקייט. מיט א כון האט ערביידע געזיכטס־פונקטען, ווי ער האט געזעהן די וועלט און ווי ער האט איהר געוואלט זעהען, ניט פעראייניגט אין איין ווערק, נאר צושיידט, אום צו קאנען ארויסרופען צארן און בעגייסטערונג מיט דעם גלייכען פייער, און ניט איינס דערשטיקט, געמילדערט דורך דאס צווייטע.

דער פועל יוצא פון דער פערעפענטליכונג פון די ביכער איז געווען, דאס זיי זיינען כמעט ווי ניט געלייענט געווארען. ניט אימיצער האט געהערט זיין ביטערע אנקלאגע, און ניט אימיצער איז געטרייסט געווארען פון דער בעגייסטערונג, מיט וועלכער ער האט געשילדערט די צוקונפט. איניגע צייט־

טוננעז האבעז אפילו יא געהאט קורצע בעמערקונגעז; פון די קרייזעז פון זיינע בעקאנטע האט ער יע ערהאלטעז איינינע בריעף, סיי פול מיט ליוב, און סיי פול פארווירפע. פון אייניגע אונבעקאנטע האט ער זאגאר ערהאלטעז בריעף, פול מיט גראבע זידלעריי, אבער א רעוואלוציאז האבעז די דאזיגע שריפטעז ניט ארויסגערופעז, אפילו ניט קיין גרויסעז טומעל. דאס איז ווידער געוועז א פאל פון א פינגערהוט פולווער פאר די אויפרייסונג פון א גאנצע קייט פון גרויסע בערג.

אבער רודאלף האט גארניט ערווארטעט עפעס אנדערעס. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, דאס א קליין ביכעל, קומענדיג פון א ניט בעריהמטער פעדער, קאן די וועלט ניט אויפרודערעז. דער צוועק פון די בראשורעז איז געוועז אויך אן אנדערער. רודאלף האט געוואלט אראברייזעז זיך פון הארצעז דאס פראגראם, וואס זאל זיין דער גרונד־שטיין פון זיין ווייטערער ארבייט. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דאס וואס ער האט זיך פארגענומעז, מוז נעהמעז לאנגע יאהרעז פון קאמפף, כדי ווי־עס־איז דורכברעכעז די טויבע וואנד, נור דערווייל האט ער אין דיביידע ביכלעך פאר זיך אליין קלאהר געמאכט דעם פלאז פון זיין ווייטערער טהעטיגקייט. ער האט אהין אריינגעלעגט אלעס דאס, וואס ער האט דורכגעפיהלט און דורכגעטראכט צו פערשיעדענע צייטעז און אין פערשיעדענע געמיטה־צושטענדע. פון איין זייט האט ער דארט אויסגעדריקט זיין טיעפעז צארן איבער די פערשיעדענע געמיינהייטעז און פאלשקייט פון לעבעז, און פון דער אנדערער זייט האט ער אויסגעדריקט זיין בעגריף פון דער צוקונפט און אויך אנגעוויזעז אויף פערשיעדענע ערשיינונגעז אין לעבעז, וועלכע זאגעז אז אט די שעהנע צוקונפט. ער האט אבער פאר זיך אליין געמוזט מודה זיין, אז זיינע אויספיהרונגעז, ווי זיי זיינעז ארויסגעקומעז אויפ'ן פאפיער, איז געוועז בלויז א בלאסער ווידערקול פון זיינע שטארקע געפיהלעז און געדאנקעז־בליצעז, וואס פלעגעז ביי איהם פארקומעז, איבערהויפט ביינאכט, ווען ער האט זיך געפונעז אין א האלב־דרעמלענדיגעז צושטאנד, אין א צושטאנד צווישעז וואכעז און טרוימעז. דאס — האט ער זיך

געטרייסט — קומט פון דעם, וואס צום שרייבען האט מען נאר ווערטער, וועלכע זיינען שוין פון לאנג אויסגעשמידט געוואָרען, און וועלכע דריקען נאר אויס אלטע בעגריעפע. די געדאנקען אבער, געשטיצט פון דעם געפיהל, ארבייטען מיט דעם, וואס איינער זעהט פאראויס, מיט דעם, נאך וואס איינער שטרעבט מיט זיין גאנצער נשמה, מיט אן אינערליכע נייע ערקענטנים פון זאכען, פאר וועלכע עס זיינען נאך ניט אויסגעשמידט די ווערטער. „ווען איך דענק", — האט ער איינמאל ערקלעהרט אין א געשפרעך מיט גראף קאלנאם — „בעוועגט זיך מיין גייסט מיט פליגלען, און ווען איך שרייב, בעוועגט ער זיך אין קאלאשען".

צווישען די בריעף וועלכע ער האט ערהאלטען, אלס אן ענטפער אויף זיינע צוויי שריפטען, איז אויך געווען איינער, געשריבען פון א פרויען־האנד און אהן אן אונטערשריפט. עס זיינען געווען בלויז איינינגע צייליען:

„אייערע צוויי שריפטען, וועמעס נעמען עס זיינען פאר מיר צו לאנג — איך רוף זיי: „דער גיהנום און גן עדן"—האבען מיך טיעף געריהרט, און איך מוז עס אייך זאגען. און כאטש איהר ווייסט ניט, ווער דאס שרייבט צו אייך, דאך וועט עס אייך געוויס זעהר אנגענעהם זיין זיך צו דערוויסען, דאס אייערע ווערטער האבען געבראכט אין די טיעפסטע בעוועגונג א שוועסטער־נשמה, די פיהלענדע נשמה פון א יונגער פרוי. איבריגענס שרייב איך אייך ניט, אום אייך צו מאכען פיהלען אנגענעהם, נור אום צו בעפריעדיגען מיין אייגענעם הייסען וואונש אייך צו זאגען, דאס מיין הארץ איז פול מיט הינגעבענדער בעוואונדערונג פאר אייך. צו האבען דאס אנגעשריבען און זיך פארצושטעלען, דאס איהר וועט דאס לייענען, דאס אליין מאכט מיך שוין פיהלען גליקליך".

רודאלף איז ניט געווען טויב צו דעם ווארימען טאָן, וועלכער האט זיך געטראגען פון דעם בריעף. אבער נאכדעם, ווי ער האט דעם בריעף אבגערוקט אן א זייט און גענומען זיך לייענען די אנדערע זאכען וואס זיינען אנגעקומען מיט דער זעלבער פאסט, האט ער אן דעם בריוועל באלד פערגעסען.

וואס עס האט איהם געמאכט מעהר דענקען, איז געוועזען אן אפיציעלער שרייבען פון דעם קריעגס־מיניסטער, וועלכער האט איהם גערופען צו קומען אין דעם מיניסטער'ס אפיס פאר דעם נעקסטען פארמיטאג, אום צעהן א זייגער.

ער האט זיך פארגעשטעלט גאנץ גוט, וואס דאס מיינט. דער גאנג איז איהם געוועזען א העכסט אונאנגענעהמער, אבער א מוז־זאך, און מארגען, צו דער בעשטימטער שטונדע, איז ער גע־ווען אויף דעם בעשטימטען פלאץ.

דער קריעגס־מיניסטער איז געוועזען א פעטער פון פיער־טען גראד פון זיין פערשטארבענעם פאטער, און אפט האט ער זיך מיט איהם געטראפען אין פערשיעדענע געזעלשאפטס־קרייזען, און איין מאל איז ער געוועזען א גאסט צו א יאגד אין ברונהאף. אבער דאס מאל דארף ער פארקומען פאר דעם פע־טער זיינעם, נים אלס א קרוב, ניט אלס געזעלשאפטער, נור אלס אבער־לייטענאנט פון דעם רעזערוו, וועלכער דארף אבגעבען דין וחשבון זיין נאטשאלניק.

דער מיניסטער איז געוועזען אליין אין זיין קאבינעט. ווען רודאלף, אנגעמאלדען פון אן ארדנאנץ־אפיצער. אין אריין אהין.

דער אלטער הערר, וועמעס פנים איז אימער געוועזען אזא קריעגערישער, האט איצט אנגענומען א גאר בעזונדערס שטרענ־גען אויסדרוק און מיט א כריפענדער שטימע האט ער אויס־גערופען:

— אה, הערר אבער־לייטענאנט דאצקי, קומט נור אהער.

רודאלף, וועלכער איז געבליבען שטעהן אויף א געוויסער ווייטקייט פון מיניסטער, בעגריסענדיג איהם מיליטעריש, איז צוגעגאנגען נעהענטער. די ערשטע פאר ווערטער האבען גע־צייגט, אז עס קלייבט זיך א שטורם איבער זיין קאפ. אויסערען דיענסט זיינען די ביידע מענער געוועזען אויף „דו". און דאס, וואס ער האט איהם איצט געזאגט „איהר", האט געוויזען, אז ער וויל מיט איהם ריידען, ווי מיט איינעם, וואס איז אונטער איהם.

— זאגט נור — האט זיך אבגערופען דער קריעגס־מיניסטער,

נעהמענדיג פון טיש צוויי געלע ביכלעך, וועלכע דוראלף האט געקאנט גאנץ גוט — זאגט נור, האט איהר עס געשריבען אט די צוויי נארישקייטען?

ער האט געהאלטען דיביידע ביכלעך אין דער הויך, מיט זיינע ביידע ציטערענדע הענד.

— יא, עקסעלענץ. איך האב זיך דאך אונטערגעשריבען אונטער די ביידע ביכלעך.

— אבער איהר, אונגליקס מענש, ווייסט איהר אויך, וואס עס מוז איצט פאסירען?

— איך קען עס מיר אונגעפעהר פארשטעלען. איך וועל מוזען ארויסגעהן פון דער ארמעע.

— און אזא שאנדע — איבער דעם רעדט איהר אזוי גלייכ־גילטיג!

— איך האב פאר דאס רעכט צו זאגען, וואס איך וויל, שוין בעצאהלט ביז איצט א זעהר הויכען פרייז, האבענדיג זיך אבגעזאגט פון מיין ירושה. און אז איך האב דאס אויפגע־געבען, וועל איך שוין קאנען, מסתמא, אויך פון דאס צווייטע זיך שיידען. אלס א שאנדע פיהל איך ניט די פרייהייט. איך וועל פערלירען א געוויסען טשין, וועלכער צווינגט מיך אנטהייל צו נעהמען אין זאכען, וועלכע איך פערדאם. עס איז ניט מעהר ווי רעכט, אז איך זאל דעם טשין פערליערען, אבער איך שעהם זיך ניט דערמיט. וואלט עס געווען מעגליך פאר מיר איינפאך צו מעלדען וועגען מיין ארויסטריט פון דער ארמעע, וואלט איך עס געוויס געטהאן, אבער אזוי ווי דאס געהט ניט, איז —

— אבער, דאצקי, ביזטו דען ווירקליך משוגע? — האט איהם דער קריעגס־מיניסטער אונטערבראכען, ארייגפאלענדיג אין דעם אמאליגען „דו“, — איז די געשיכטע פון דיין ענט־זאגען זיך פון דיין גאנצען פערמעגען ווירקליך אמת? איך האב עס ניט געוואלט גלויבען.

— יא, איך וויל זיין פריי, ניט געבונדען.

— דאס איז דאך אבער קיינער ניט אויף דער גאנצער וועלט, יעדער איז געבונדען פון פליכטען, אנגעפאנגען פון

קריעגס־הערר, פון וועמעס פליכט־געטריישאפט יעדער דארף זיך נעהמען א ביישפיעל.

— געוויס, אבער אויך איך האב געהאנדעלט אין דעם בע־וואוסטזיין פון פליכט.

— און וואס ווילסטו דען, אום גאטעס ווילען, אויספיהרען מיט אזעלכע רעוואלוציאנערע ביכלאך? איך האב מיינע אויגען ניט געגלויבט, ווען איך האב זיי דורכגעבלעטערט.

— איך בין ניט קיין רעוואלוציאנער. איך זאג נור דאס, וואס איז שלעכט איצט, און וואס עס וואלט געקאנט גוט ווע־רען אין דער צוקונפט. איך זאג אבער ניט, אז דער וועג פון דאס אלטע שלעכטע צו דאס נייע גוטע איז די רעוואלוציע. פון געוואלט וויל איך ניט הערען, ניט פון דער געוואלט פון אויבען, און ניט פון דער געוואלט פון אונטען. עס איז ניטא קיין שורה אין דיעזע ביכלאך, וועלכע רייצט איינעם אויף צו געוואלט.

— און איך זאג דיר, אז עס איז ניטא קיין שורה אין די ביכלאך, אנגעפאנגען פון דעם נאמען, וועלכע בעדייטעט ניט אויפשטאנד און רעבעליאן. „פערברעכען דער קולטור־מענש־הייט". מיין אמט איז אויך א שטיק פון אונזערע קולטור־איינריכטונגען... בין איך א פערברעכער?... קורץ, איהר האט זיך געמאכט אונמעגליך. איך האב אייך געהאלטען פאר פיעל קליגער. ווייסט איהר דען ניט, אז א סאלדאט טאר ניט עפענטליך קריטיקירען אזעלכע זאכען, ווי די געזעלשאפט, אדער די מיליטער גופא?

— ווער, אלזא, מעג יא קריטיקירען — ווי באלד יעדער, דורך די אלגעמיינע מיליטער פליכט, איז א סאלדאט — נור פרויען, קינדער, זקנים און קאליקעס? און דערביי פלוידערט מען נאך וועגען פרייהייט! —

— דו האסט שרעקליך־משוגענע געדאנקען. אבער שלים־ליך — איך וויל טראכטען וואס מען קען דא מאכען. אין דער לעצטער אינסטאנץ העננט עס דאך פון מיר אפ. ווען דו קענסט ווירקליך בעווייזען, אז דו האסט ניט געשריבען דירעקט אזעל־

כעם בעלײדיגענדעס און ניט אזעלכעס, וואס זאל אויפמונטערען איינעם צום אויפשטאנד, און אויך אין צוקונפט —

— אויך אין דער צוקונפט וועל איך ניט אויפרייצען צו גע־וואלט, אדער אויפהעצען צום האס. די ביידע זאכען זיינען דאך גראדע דאס, וואס איך בעקעמפף.

— בעסער האלט זיך גאנץ שטיל אין דער צוקונפט.

— ווען דאס זאל זיין די בעדינגונג פון אייער גוטסקייט צו מיר, עקסעלענץ, דאן בעט איך אייך בעסער זייט שוין שטרענג מיט מיר, ווייל איך קען מיך ניט פערפליכטען צו שווייגען.

— נו, מיר וועלען זעהן, ווי דו וועסט זיך ווייטער אויפ־פיהרען. דערווייל בעטראכט זיך אלס איינער, וואס איז גע־ווארענט געווארען, הערר אבער־לייטענאנט גראף דאצקי.

און מיט די ווערטער האט רודאלף פערלאזען דעם מי־ניסטער. זיין שטימונג איז דאן געווען א זעהר ביטערע און א נעדריקטע. ער האט געפיהלט, ווי קוילען וואלטען געווען צוגעשמידט צו זיינע פיס און קויטען אויף די הענד. די גאנצע קריעגס־געביידע, דורך וועלכער ער איז איצט געגאנגען, מיט איהרע אונבעפוצטע זאאלען, ברייטע קארידארען, טרעפען, איבער וועלכע מענשען זיינען געלאפען ארויף און אראב, האט אויף איהם געמאכט דעם איינדרוק פון א געפענגעניס. און פאר דעם טויער די שווארץ־געלע באריערע, די שילד־הייזעל, די סאלדאטען, וועלכע זיינען געזעסען ביים טויער אויף א באנק — דאס אלעס, וואס ער האט אזוי אפט געזעהן, האט איהם היינט אויסגעזעהען גאנץ אנדערש... עס האט איהם געווארענט, אז דאס וואס עקזיסטירט, שטעהט פעסט, דאס עס איז פול מיט לעבען, און דאס די פערזוכען דאס אומצואוואר־פען, מוזען צובראכען ווערען, ווי דער שוים פון א כוואליע, ווען עס ווארפט זיך אויף דעם פעלז אין ים.

און ווען ער איז שוין אין גאנצען ארויס פון דער געביידע און האט געזעהען דעם פלאץ „ביין הויף" פאר זיך, איז אויך די אלטע בעקאנטע סצענעריע ערשיענען פאר איהם אין א גאנץ אנדער ליכט. די גאנצע נאכט האט גערעגענט. דער פלאסטער האט געבליצט אין דער שווארצער נאסקייט, און עס האט נאך

אלץ געדרענגט. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט זיך דורכ־געבראָכען אַ זונען־שטראַהל דורך די וואָלקענס און האָט זיך געשפּיעלט ארום דעם קאָפּ פון דעם ראַדעצקי־מאָנומענט. דער אַלטער פעלדמאַרשאַל זיצט אויפ'ן פערד מיט'ן רוקען צו דער קריעגס־געביידע און מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנד זעהט ער אויס, ווי ער וואָלט געבענשט אַלע מארק־זיצערקעס. וואָס פערקויפען דאָ יעדען פריהמאָרגען אַלערליי פרוכטען. אויף דער אַנדערער זייט פון פּלאַץ, אַנטקעגען דער קריעגס־געביידע, שטעהט אַן אַנדער פּאַלאַץ, אויך אַזאַ האַרטער פעלז, אַז וועלכען נאָר פיעלע כוואַליעס ווערען צוקלאַפּט.

עס איז געוועזן אַ ליאַרעם, אַ טומעל. פאַר אַלע סטענדס די זיך קריגענדע און שרייענדע קעכינס מיט זייערע איינקויף־קערב, אויף דער גאַס דאָס רוישען און קלאַפּען פון די וועגענער, אָמני־בוסען, פיאַקערס, און אויך — פון אַלע אַנדערע פוהרען די יאָמער־פּולסטע — אַ קעלבער־וואָגען; מענשען האָבען זיך גע־יאָגט אַהין און אַהער, האָבען געשטויסען איינער דעם אַנדערען מיט זייערע רעגען־שירעמס — דאָס גאַנצע האָט שרעס־ליך אָנגעגריפּען רודאָלף'ס שוין אַזוי אויך געשפּאַנטע נערווען. עס איז אויף איהם אָנגעקומען יענער געפיהל, וועלכער דריקט זיך אויס און מאַכט זיך לופט דורך אַ זיפץ: אַך, טוידט זיין!... און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיינע טוידטע, די ליעבליכע בעאַטריסע, וועלכע איז אַזוי יונג אָבגעריסען גע־וואָרען פון דער הויכקייט פון לעבען און אַריינגעשליידערט גע־וואָרען אין דעם פינסטערען קבר... און זיין אָרימער פריץ! וואָס וואָלט ער געגעבען איצט, ווען ער וואָלט זיי ביידע געהאַט... אונפערגאָסענע טרעהרען האָבען איהם פערשטיקט די האַלז.

ווען ער איז אָבער געקומען צוריק אַהיים און צוגעקומען צום שרייב־טיש, וואו עס זיינען געלעגען די נייע בלעטער און בריעף, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין דער צייט, וואָס ער איז געוועזן אַוועק, איז זיין אומעדיגקייט באַלד פערשוואונדען. די זאָרגען וועגען זיין איינענעם לעבען האָבען געמוזט פערשווינ־דען אין אַנגעזיכט פון דער גרויסער זאַך, צו וועלכער ער האָט

זיין לעבען איצט אבגעגעבען. די בריעף, וועלכע זיינען אנגעקור־
מען מיט דער לעצטער פאסט, האבען פיעל בייגעטראגען דערצו,
אז עס זאל פערשווינדען זיין פינסטערע שטימונג, וועלכע איז
איהם בעפאלען, פערלאזענדיג דעם קריעגס־מיניסטעריום. דארט
איז ער געווען אין א וועלט, וואו אלעס איז פערשטיינערט, וואו
אלעס זעהט אוים, ווי איינגעקרעמפפט אין אייזערנע רייפען, אז
עס דאכט זיך, אז עס איז גאר אונמעגליך איהר פון ארט א ריהר
צו טהאן; און די בריעף דוקא האבען דערצעהלט פון א וועלט,
וואס לאזט זיך בויגען און אויסציהען. די בריעף האבען ענט־
האלטען סיגנאלען פון מיט־קעמפפענדע, מיט־האפענדע און מיט־
שטרייטענדע. איהם האט זיך געדאכט, ווי אלע וואלטען איהם צו־
גערופען: נור מוטה, נור אויסהאלטען — מיר זעהען שוין די
געלויבטע שטאדט, מיר טרייסלען שוין איהרע טויערען — העלף
מיט!



# צוויי און צוואנציגסטער קאפיטעל.

אויף מארגען — ווי דאס איז איהם ערלויבט געווארען — און אויך איבערמארגען איז ברעסער ווידער געקומען.

כמעט קיינמאל האט ער ניט געטראפען סילוויא'ן גאנץ אליין. אבער אפילו דאן, ווען עס זיינען געווען א דוצען מענשען אנוועזענד, וואס האט זיי געצוואונגען צו בלייבען ווייט איינס פון אנדערען, דאך האבען דיביידע ליעבענדע עס פערשטאנען, ווי צו האלטען זיך נאהענט איינער צום אנדערען דורך געוויסע ווערטער, וועלכע האבען נאר פאר זיי געהאט א געוויסע בעדייטונג, דורך שטום-בליקען, אדער דורך די בעריהרונג פון גלייכע געדאנקען און ווינשע. דוקא, ווען זיי זיינען געבליבען גאנץ אליין, אויג אויף אויג, דוקא דאן האבען זיי זיך געפיהלט דערווייטערט איינער פון אנדערען, ווייל דאן איז זיי בע-פאלען א מאדנע אנגסט, און אום זי צו פערטרייבען, האבען זיי גערעדט מיט געצוואונגענער קאלטקייט פון גלייכגילטיגע זאכען, פונקט ווי קינדער, וואס האבען מורא פאר דער פינסטער-ניס, הויבען אן הויך צו זינגען, מיינענדיג דערביי צו פערטריי-בען די געשפענסטער.

הוגא ברעסער האט אבער געוואוסט, אז ער ווערט געליעבט און אט דער בעוואוסטזיין האט איהם אנגעפילט מיט אזא אלעס איבערוועלטיגענדען גליק, דאס ער האט ניט געוואגט צו דער-שרעקען די געליעבטע פרוי דורך א צו שטורמדיגען פערלאנגען. דערצו האט אויך די ליידענשאפט פאר סילוויא גראדע איצט ניט אין גאנצען בעהערשט זיין נשמה. די פראבען מיט זיין פיעסע זיינען אנגעגאנגען זייער געוועהנליכען גאנג, און דאס אליין האט איהם געהאלטען אין א שטענדיגער פיבערישער אויפ-רעגונג. פון דעם שיקזאל פון גראדע דער פיעסע, אין וועלכער

ער האָט זיין סאַמע בעסטעס אריינגעלעגט, איז אָבגעהאַנגען זעהר פיעל פאר איהם. צו דער פראגע וועגען דעם ערפאָלג אָדער דורכפאל פון דער פּיעסע אין אזא פלאץ, ווי דאָס איז געווען דער וויענער בורג־טהעאַטער, איז נאָך געשטאַנען פיעל מעהר אין קאָן: זיין גאנצער זעלבסט־פערטרויען. דען וואָלט די פּיעסע דורכגעפאלען, וואָלט ער געמוזט פערצווייפלען אין זיין גאנצען טאַלאַנט; און, פערקעהרט, זאָל זי געפעלען ווערען, דאן איז ער זיכער מיט זיין ווייטערען שטייגען. אָבער דער סאמע אויפ־רעגענדער מאָטיוו איז געווען אָט וועלכער, צי ער זאָל פאר איהר קאָנען שטעהן אלס גרויסער בעריהמטער קינסטלער, אָדער אלס דורכגעפאלענער פערפאסער; צי ער זאָל איהר קאָנען הינרייכען צו א פלאַמענדער בעוואונדערונג פאר איהם און זיין טאַ־לאַנט, אָדער צי זאָל ער קאָנען נאָר מיטלייד ארויסרופען אין איהר דורך זיין אונגליקליכען דורכפאל... ער האָט דארום ניט פערפעהלט קיין אבענד צו זיין ביי קיין איינציגער פּראָבע, און ער האָט געגען זיך זעלבסט אָנגעווענדעט די שטרענגסטע קריטיק. פיעלעס האָט איהם אויסגעזעהן בלאס און אָהן פייער, און אין פערלויף פון די פּראָבען האָט ער געמאַכט פערשיעדענע ענדערונ־גען. ביי טאָג און ביי נאַכט האָט ער נאָר ארומגעפיילט אין געדאַנק זיין פּיעסע.

סילוויא אָבער, וועלכע האָט ניט געהאַט אין איהר לעבען עטוואָס אנדערעס, וואָס זאָל איהר אָבווענדען פון איהרע נייע געפיהלען, איז מיט איהר גאנצער נשמה געווען אינ'ם כשוף פון דער נייער, טעגליך גרעסער־ווערענדער ליידענשאַפט. זי האָט זיך דאָס ווענינגער געוועהרט געגען די איהר פערשכור'ענדע ליידענ־שאַפט, ווייל הוגאָ'ס צוריקגעהאַלטענקייט האָט איהר איינגע־וויעגט אין זיכערקייט. „אין ריינקייט דורכגעהן דאָס לעבען“, ביי דעם בעשלוס האָט זי געוואוסט דארף זי זיך האַלטען, אָבער דאָס איז איהר געווען לייכט אויסצופיהרען, און עס איז קיין סכנה ניט געווען, אז זי זאָל ווערען אונגעטריי איהר בעשלוס, ווייל דער דיכטער אליין — דאָס איז דאן קלאָר געווען — האָט ניט אריינגעטראָגען קיין פּראָסטען בעגעהר אין זיין גרויסער ליעבע, אויך ער האָט געליעבט אין „ריינקייט“.

— סילוויא, איך וואָלט געוואָלט מיט דיר אַן ערנסט וואָרט רעדען — מיט די ווערטער איז דעלניצקי אַ געוויסען טאָג אריין אין סילוויא'ס צימער. אין דעם מאָמענט איז זי געווען גראדע פערטיעפט אין אַ באַנד געדיכטע פון ברעסער.

זי האָט ארויפגעקוקט צו איהם גאַנץ איבערראשט. די בעציהונג צווישע זיי איז די לעצטע צייט געווען אַ גאַנץ פאַר־מעלע; זיי האָבען נאָר גערעדט איינער מיט דעם אנדערען, ווען זייטיגע מענשען זיינען געווען דערביי. אונטער פיער אויגען זייי־נען זיי געבליבען פרעמדע, וואָס האָבען גאָרניט געהאט וואָס צו זאָגען איינער צום אנדערען. און אַם ווענינגסטענס האָבען זיי ניט געהאט קיין „ערנסטעס", איבער וואָס צו רעדען.

זי האָט אוועקגעלעגט דאָס בוך, און געפרעגט:

— וועגען וואָס?

אנטאָן האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טישעל און האָט אריינ־געקוקט אין דאָס אוועקגעלעגטע בוך.

— אהא, עס שטימט — האָט ער געברומט.

— וואָס שטימט?

— דאָס בוך מיט די נאַרישקייטען, וואָס דו בעגעהסט.

— איך פערשטעה ניט.

— דו לאָזט זיך אָט פון דעם שרייבערעל מאַכען ליעבעס־ערקלערונגען — די גאַנצע שטאָדט רעדט שוין פון דעם, און וואו האַלט עס מיט מיר?

— ווי האַלט עס מיט דיר? ענטשולדיג, דאָס ווייס דאָך אָבער שוין זייט אַ לאַנגע צייט צוריק די גאַנצע שטאָדט. פאַר איהר איז עס קיין סוד ניט, דאָס דו —

— דאָס איז עטוואָס גאַנץ אנדערש — האָט ער איהר ניט געלאָזען אויסרעדען — ווען מען פלוידערט וועגען מיר, האָט עס ניט די מינדעסטע בעדייטונג — איך בין אַ מאַן. אָבער איך קאָן עס ניט דערלאָזען, דאָס מיין פרוי זאָל געבען אירגענד וועלכען גרונד, אז מען זאָל רעדען שלעכטס וועגען איהר, און איך פערבאָט עס דיר איינפאַך —

איצט איז סילוויא אויפגעשפרונגען.

— דו מיר? דערצו האָסטו פערלאָרען אירגענד וועלכע רעכט. איך האָב מיר גאָרניט פאָרצואוואָרפען, און איך וועל דיר ניט לאָזען מיר עטוואָס צו בעפעהלען.

— נו, נו, רעג זיך אַזוי ניט אויף. דאָס דו האָסט זיך ניט וואָס פאָרצואוואָרפען, דאָס גלויב איך דיר. איך קען דיך, אלס צו גוט ערצויגען, אז דו — און בעזונדערס נאָך מיט אזא — זאָלסט זיך אָבגעבען. אָבער דו קאָמפּראָמעטירסט זיך און דערמיט אויך מיך... א גוטער פריינד האָט עס מיר דערצעהלט — און איך דענק, אז עס איז גענוג נאָר דיר אויפמערקזאַם צו מאַכען, אז לייט רעדען... דו וועסט שוין דאַן אליין מאַכען א סוף דערצו, און וועסט מיר דאַנקבאַר זיין, וואָס איך האָב דיר געוואָרענט אין צייט... ווייל וואָס קאָן א פרוי נאָך טייערער זיין, ווי איהר גוטער נאָמען? עס איז שוין סקאַנדאַל גענוג אין דער פאַמיליע, וואָס רודאָלף טהוט אזעלכע נאַרישקייטען, און ער פערגעסט גאָר אין גאַנצען, וואָס ער איז שולדיג זיין —

— קיין וואָרט מעהר איבער מיין ברודער! — האָט סיל־וויא אויסגעשריען, פול צאָרן.

— ווען איך זאָל אפילו קיין וואָרט ניט רעדען, איז דאָס אָבער א קנאַפּע פּעולה. די גאַנצע איבעריגע וועלט וועסטו די מויל ניט צומאַכען. מען בעדויערט די אָרעמע באַראָנעסע טיללינג, ווענען איהר זוהן מאַכט אזוי ווענינ עהרע — טו זאָל דאָך ווענינסטענס די טאָכטער... קורץ — ער האָט זיך אויפ־געהויבען — דו פערשטעהסט מיך שוין, די גאַנצע געשיכטע איז זעהר אַן אונאַנגענעהמע, לאָמיר מעהר ניט רעדען וועגען דעם... איינפאַך. פערביעט דעם פּרייסישען ציגיינער צו קומען צו דיר.

בלייך און ציטערענדיג איז סילוויא געשטאַנען. זי האָט ניט געקאָנט ארויסברענגען א וואָרט. ער האָט אָנגענומען א געמיטליכען טאָן:

— דו דאַרפסט זיך ניט ערגערען, די גאַנצע געשיכטע איז באַלד פערגעסען — און ער איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר.

זי האָט איהם נאָכגעבליקט נאָך אלץ שטום . די קליאמקע אין דער האנד, האָט ער אויסגעדרעהט דעם קאָפּ, און געזאָגט :

— אלזאָ איז עס בעשלאָסען ? דו ענטפערסט מיר גאָר־ניט ? איז מיר אויך רעכט... אה, אָט קומט די מאמא, קושען די האנד, קומסט גראדע אין צייט, סילוויא איז א ביסעל אויפגע־רעגט, ווייל איך האָב איהר געגעבען א גוטע עצה. זי וועט עס דיר שוין אליין דערצעהלען... אזוי ווייט, ווי איך קען דיך, וועסטו האלטען מיט מיר. איך לאָז אייך איבער אליין. אדיע.

מארטהא איז דערשראָקען געוואָרען פון דעם אויסדרוק פון איהר טאָכטערס פּנים. עס איז דאָרט געווען עטוואָס, וואָס זי האָט קיינמאָל פריהער ניט געזעהן. די אויגען האָבען געפינ־קעלט אונהיימליך, און די ליפּען האָבען געציטערט, ווי אין א פערהאלטענעם צאָרן. זי איז געבליבען גאנץ אונבעוועגליך. מארטהא איז צו איהר צוגעגאנגען און ארויפגעלעגט איהר די האנד אויפ׳ן אקסעל.

— וואָס איז געשעהן ? האָט איהר זיך געקריעגט וועגען פריילין אירמא ?

— ניין, וועגען הוגאָ ברעסער.

— אך, אזוי — האָט מארטהא געזאָגט, ציהענדיג די ווערטער. זי האָט זיך אוועקגעזעצט. — און טאָני האָט געזאָגט, אז איך וועל האלטען מיט איהם... איך בין זיך מודה, סילוויא, דאָס אויך איך האָב היינט געהאט בדעה צו רעדען מיט דיר וועגען דעם.

סילוויא האָט נאָך אלץ ניט געקאָנט אָבציהען דעם אָטהעם, און דאָס ציטערען פון איהרע ליפּען האָט נאָך אלץ ניט אויפ־געהערט. איצט האָט זי זיך אוועקגעזעצט אין א פאָטעל, אנט־קעגען דער מוטער, און האָט געזאָגט :

— לאָמיך הערען.

— פריהער וואָלט איך געוואָלט וויסען, וואָס איז פאָר־געקומען צווישען דיר און דיין מאַן, און צוליעב וואָס. דו האָסט זיך מיט גאָרניט ניט פערשולדיגט, ניין ? וואָרום ביזטו אזוי צוטראָגען ?

— ווייל איך בין עמפערט, עמפערט, פערשטעהסט ? דער מענש, וועלכער בעטריגט מיך שוין פון יאָהרען לאנג, ניין, ער בעטריגט מיך זאָגאר ניט, נאָר גראדע מיר אין פנים ברעכט ער זיין טרייהייט, דער אונטערשטעלט זיך מיר צו בעפעהלען, אז איך זאָל זיך ניט קאָמפּראָמעטירען — זיין עהרע הענגט אלזאָ אָב ניט פון איהם, נאָר פון דעם, וואָס איך טהו אָדער טהו ניט.

— דאָס איז שוין אָבער אזוי, ליעבעס קינד. די עבירות פון דעם מאַן גיבען ניט דער פרוי דאָס רעכט צו שטעלען אין קאָן איהר אייגענעם נאָמען... ווען עס זאָל הייסען אין דער וועלט, אז דער יונגער ברעסער —

— אין דער וועלט, אין דער וועלט ! דאָס איז דאָך ניט דאָס העכסטע „די וועלט“, אין וועלכער עס הייסט — די יעזוּ נארישע, ווידערשפּרוכפולע, אונגערעכטע וועלט, אין וועמענס נעצען פון פּאָראורטהייל אויך מיין קלוגע מוטער איז געפאנגען...

— אָבער, סילוויא !

— יא, יא, דעם מיליטאריזם, דאָס, אויף וואָס אונזערע שטאאטען שטיצען זיך און וואָס איז דער ליעבלינגס־בעזיץ פון אונזערע פירשטען, און די עקזיסטענץ פון אונזער אריסטאָקראַ־טיע, דאָס וואָלסטו זעהר געוואָלט אָבשאפען, אָבער די הימעל־שרייענדע אונגערעכטיגקייט אין שייכות צו די פליכטען פון מאַן און פרוי, די זעהסטו ניט ; דאָ דארף מען זיך אונטער וואַרפען, דאָ זאָגסטו : „אָבער אזוי איז די וועלט“.. דער מאַן מעג האָבען געליעבטע, וויפיעל ער וויל, און זאָגאר ניט פערבעהאלטען זיך דערמיט, די פרוי אָבער דארף אלעס איבער־טראָגען, מוז דערשטיקען איהר הארץ, איהרע געפיהלען, מוז זיך אָבזאָגען פון איהר גליק, אבי די וועלט זאָל ניט רעדען... און דערצו נאָך אזא וועלט, וואָס האלט ניט איהרע אייגענע געזעצע, וואָס טרעט זיי איבער אליין אין געהיים... נאָר געהיים מוז עס זיין... ניין, מוטער, זעהסטו דען ניט, אז דאָ הערשט אַן אונ־רעכט, אַ קנעכטשאפט, וועלכע קאָן זיך גאנץ גוט פערגליי־כען מיט די אנדערע פאָרמען פון שקלאַפעריי און אונגליק

נעזען ווערכער דו געמפפסט, ווי מיין פאטער האט עז געטהאן, און ווי רודאלף טהוט עס?

מארטהא איז דא שטארק געטראפען געווארען. אין דער ריכטונג האט זי ווירקליך קיינמאל ניט געהאט קיין פלאץ פאר א רעבעלירענדען געדאנק. זי האט גארניט געענטפערט.

סילוויא האט זיך איצט, געבענדיג אויסדרוק צו איהרע געפיהלען, נעפיהלט זיך איצט פיעל רוהיגער. זי האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו איהר מוטער.

— איבריגענס, מאמא, — האט זי געזאגט, ארויפלעגענדיג איהר האנד אויפ'ן אקסעל — זיי ניט בייז אויף מיך, און מאך זיך ניט קיין איבעריגע זארגען. איך האב ווירקליך גארניט, פארוואס איך זאל זיך דארפען א פארוואורף מאכען. אבער פון אנטאן וויל איך מיר ניט לאזען בעפעהלען.

— און פון מיר אויך קיין מוסר־דרשות הערען?

— אויך דאס ניט, ליעבסטע מוטער. איך קאן און וויל אליין פארטיג ווערען מיט מיין הארץ און מיינע פליכטען.

— גיסטו, הייסט עס, צו, אז דו האסט פליכטען?

— די האט יעדערע, די פראגע איז נאר, צו וועמען —

— דו מיינסט צו זיך זעלבסט?

— לאז מיר איצט רעדען פון אנדערע זאכען, איך בעט דיך. וואס הערסטו פון רודאלף?

מארטהא איז פערבליבען ניט לאנג מיט איהר טאכטער. די אויפרעגונג און איהרע ווערטער האבען איהר שטארק אויפגעטרייסעלט. צו רעדען ווייטער וועגען דעם, נאכדעם ווי סילוויא האט איהר ערקלערט, אז זי וויל מיט זיך אליין פארטיג ווערען, איז געווען אונמעגליך, און צו רעדען וועגען אנדערעס, דערצו איז זי געווען זעהר שלעכט געשטימט, דערפאר האט זי שנעל געמאכט אן ענד צו איהר וויזיט.

אין א פאר מינוטען ארום נאך איהר אוועקגעהן, האט דער דינער געמעלדעט:

— הערר ברעסער.

סילוויא האט קוים געקאנט אונטערדריקען אן אויסגעשריי.

א ווארימע כוואליע האָט זיך צוגאָסען איבער איהר גאַנצען וועזען. נאָך דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען, האָט איהר קיינעמס נאָהענטקייט ניט געקענט זיין אזוי בעאונרוהיגענד און אזוי טייער, ווי די נאָהענטקייט פון דעם יונגען דיכטער. פון אלע דריי זייטען ברעטער, ווענד מיט טשוועקעס, מיט צובראָכענעם גלאָז, און נאָר איין זייט פריי, וואו עס פיהרט ארויס א וועג, בעגאָסען מיט ליכט, פון דער גאַנצער פינסטערניש, און אויף דעם וועג איז דאָ איינער, פערטיג צו געהן מיט איהר, איהר הייסגעליעבטער הוגאָ ברעסער. אזוי האָט זי געפיהלט אין דעם מאָמענט.

וואָלט ער איצט זיינע אָרעמס געעפענט, וואָלט זי אין זיי אריינגעזונקען און וואָלט ניט געהאַט דעם מינדעסטען געדאַנק, אז זי טהוט עטוואָס אונרעכט, אז דאָס איז ניט „אין ריינקייט“.

ער אָבער, אזוי פאָרמעל, ווי אימער, האָט זיך פערבויגט, און מיט זיינע ליפען זיך צוגעריהרט רעספעקטפול צו איהר קליינער ציטערענדער האַנד. ער האָט בעמערקט איהר בלאַסקייט און דעם אונגעוועהנליכען אויסדרוק אין איהר פנים.

— זיינט איהר ניט געזונד, גרעפין?

— אה, יא, גאַנץ געזונד, זעצט זיך.

ער האָט איהר געפאָלגט און געזאָגט:

— איך נאַר מיך ניט, גרעפין, איהר זיינט אין אן אויסערגעוועהנליכער מוטה־שטימונג, דאָך איך האָב ניט קיין רעכט אויף אייער פערטרויען.

זי האָט גאָרניט געענטפערט. אין א ווײַלע שפעטער האָט ער געזאָגט גאַנץ שטיל:

— איהר זיינט ניט גליקליך.

און זי נאָך שטילער:

— ניין, ניין, ניין, גליקליך בין איך ניט!

— סילוויא!

צום ערשטען מאָל האָט ער איהר אָנגערופען ביים נאָמען. זי האָט אויפגעציטערט. דאָך האָט זי ניט פראָטעסטירט, זי

האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט איהם אָנגעקוקט טיעף און געהיימניספול.

אונטער דעם בליק האָט ער ווידער אויפגעשוידערט, און דאָס, וואָס ער האָט אזוי לאנג געשטיקט אין זיך, האָט זיך ענד־ליך ארויסגעריסען:

— איהר ווייסט דאָך, ניט אמת, איהר ווייסט דאָך, דאָס —

סילוויא האָט געטראָפען פון דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, פון זיין טאָן פון זיין שטימע, וואָס ער וויל איהר איצט זאָגען, און זי האָט איהם אונטערבראָכען מיט א העפטיגער האנד־בעוועגונג.

— איך ווייס, איך ווייס, איך וויל עס אָבער ניט הערען... ניט היינט.

— ווען איהר ווייסט עס נאָר, דאָס איז שוין גענוג פאַר מיר.

סילוויא האָט זיך אויפגעהויבען, איז אוועק אין אַן אנדער ווינקעל פון צימער ביז צום פענסטער, אָנשפּארענדיג איהר שטערן אָן שויב. א דריקענדע אונרוהה איז איהר בעפאלען. דערצו איז צוגעקומען א מישונג פון צוויי פערשיעדענע געפיה־לען, וועלכע האָבען איהר אין גאנצען דורכגענומען: זי האָט זיך געפיהלט אי העכסט אונגליקליך און אי העכסט גליקליך.

אָבער דאָס געפעהרליכע צוזאמענזיין איז באלד צושטערט געוואָרען דורך די מעלדונג פון נייע געסט, פון די שוועסטער ראנענג.

הוגאָ האָט גענומען זיין הוט און איז אוועק. ניט היינט איז זיין טאָג, ניט היינט, אָבער — ער איז ניט געווען דער קרבן פון דאָפּעלטע געפיהלען, ער איז געווען בלויז גליקליך.



# דריי און צוואנציגסטער קאַפּיטעל.

## פון מארטהא׳ס טאגעבוך.

איך האָב מיך ווידער צוגעוועהנט — ווי איך האָב עס געטהאָן אין מיין יוגענד־צייט — צו פיהרען אַ טאָג־בוך. איך טהו עס ניט רעגעלמעסיג, נאָר ווען עפּעס דריקט מיר אויף דער נשמה, פיהר איך אַ ויכוח מיט זיך זעלבסט.

אַך, וואו זיינען יענע צייטען, ווען איך האָב געהאַט איינעם, וועמען איך האָב געקאָנט אלעס, אלעס זאָגען, וועמען צו זאָגען אלעס איז פּאַר מיר געווען אַזוי אַ בעדירפניס, אַזוי אַ פערגניגען! וואָס איך האָב געפיהלט און דורכגעמאכט איז מיר ערשט קלאָר געוואָרען, ווען איך האָב עס איהם דערצעהלט. יעדע פרייד, יעדע זאָרג, יעדער צווייפעל, יעדע האָפנונג, יעדער אורטהייל זיינען מיר ערשט ריכטיג קלאָר געוואָרען ווען איך האָב מיט איהם זיך דורכגערעדט וועגען דעם און אויסגעהערט זיין מיינונג. מיין ערשטער געדאנק איז אימער געווען: וואָס וועט פריעדריך זאָגען דערצו? איך האָב איהם אַזוי גוט געקענט אַז אין די מייסטע פעלע האָב איך גאַנץ גוט געוואוסט וואָס זיין מיינונג וועט זיין, אָבער איך האָב עס אַזוי געגלוסט צו הערען, און ערשט דאַן איז מיין אייגענע מיינונג געוואָרען פעסט. איצט האָב איך קיינעם ניט, צו וועמען איך זאָל זיך קאָנען אין גאנצען פערטרויען, ווי נאָר צו מיר אליין. וואָס איך פיהל, איז דאָך זעהר נאָהענט צו דעם, וואָס ער וואָלט געפיהלט, זיינען מיר דאָךביידע געווען איינס. און אַזוי רוף איך ארויס זיין גייסט, ווען איך שרייב דיעזע שורות.

אונזער סילוויא מאכט מיר פיעל זאָרג. איך זעה זי גליטשען זיך אויף אַ וועג, וועלכער פיהרט צום אָבגרונד. די ליעבעס־ליידענשאַפט האָט איהר ארומגעכאַפּט. מיין גאָט, איך

ווייס ניט, וואס דאָס איז. איך האָב אויך געליעבט, אָבער אזוי רוהיג, אזוי אינערליך, אזוי געזעצליך, נאָר דעם איינציגען מאַן מיינעם, קיינמאָל ניט קיין אנדערען! טו וואָס ווייס איך פון די משוגע'נע, בעטויבענדע פייערען פון פערבאָטענער ליעבע? איך קאָן ניט אחרטהיילען, דעריבער דארף איך אויך ניט ריכ־טען... און דאָס מוסר'ען, וואָס איך האָב ניט לאנג צוריק פּרובירט דאָס איז מיר זעהר ניט געראָטען. זי האָט פּראָטעסטירט און דערביי האָט זי מיר פאָרגעוואָרפען, אז אויך איך בין א רעבעלין, און דאָס איהר פאָטער איז געווען א רעוואלוציאנער. איך פרעג מיר: זיינען דען ניט אלע שטופען פון בעפרייאונג פון יאָמער, פיין און קנעכטשאפט דערגרייכט געוואָרען דורך רעבעלירען? די ערשטע רעבעלען זיינען אָפט די מארטירער פון זייער מוטהיגקייט, אָבער זיי זיינען עס דאָך, וועלכע לאָזען איבער צו זייערע יורשים א שטיק אויסגעקעמפּפטע פרייהייט. איך פיהל, ווי סילוויא וואָלט פאר מיר אויפגעהויבען א פאָר־האנג, אונטער וועלכען עס איז ביז איצט געלעגען א שטיק וועלט, וואָס איך האָב גאָר ניט געקענט, א גאנצע קייט פון זאכען, איבער וועלכע איך האָב ביז איצט זיך גאָר קיינמאָל ניט פערטראכט...

ניט לאנג צוריק האָב איך געהאט א קליינעם ויכוח מיט מיין פריינדין ראנעגג. „נו, יא, דו — האָט זי צו מיר גע־זאָגט — דו ביסט דאָך א מאָדערנע פרוי, דענקסט דאָך גאנץ אנדערש.“

גרויסער גאָט, ווי שלעכט פּאסט זיך מיר דער נאָמען „מאָ־דערנע פרוי“! דאָס פיהל איך איצט גאנץ דייטליך. קיין גאנץ אלט־מאָדישע פרוי בין איך זיכער ניט. צווישען די, וואָס געהען אין קירכע, גילט איך אלס רעוואָלוציאָנערקע, אָבער געגען דער איצטיגער ווירקליך מאָדערנער פרוי בין איך אמת אלט־מאָדיש. איך שטעה איהר געגענאיבער שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ, און הויב ניט אָן צו פערשטעהן. עסטעטען, איבער־מענשען, דעקאדענטען, די ניו וואומען... איך זעה, דאָס ארום מיר האָט ארויסגעשפּראָצט א גאנץ נייער סאָרט מענש, א נייע קונסט, נייער סטיל, נייע סענסאציאָנען, אָבער פערשטעהן

דאָס און זיך אָנשליסען אָן דעם, דאָס קאָן איך ניט. ווענינ־סטענס ניט אזוי שנעל. איך פּרוביר עס, ווייל מיין גלויבען אין ענטוויקלונג שיצט מיך פון ווידערשטאנד געגען אלעס נייע, וועלכעס איז אזוי אָפט צו טרעפען ביי עלטערע מענשען, אָבער, אז דאָס אלעס נייע מוז אויך זיין דאָס בעסערע, ווי דאָס מיינען אזוי פיעל יונגע לייט, פאר דעם גלויבען שיצט מיך מיין ערקענטניס, דאָס פיעלעס, וואָס איז אויפגעקומען, איז נאָר אן איבערגאנג, א מאָדע־זאך, אָדער א קראנקהאפטע דעגענעראציע, אָדער פיליכט גאָר אן איבערגאנגס־פאָרמע, פון וועלכער —

אזוי ווייט האָט מארטהא געשריבען אין איהר טאָג־בוך, ווען זי איז אונטערבראָכען געוואָרען פון דער מעלדונג, דאָס גראף דעלניצקי פרעגט, אויב זי איז וויליג איהם אויפצונעה־מען.

מארטהא האָט געהייסען איהם אריינקומען, אָבער זי איז געוועזן זעהר אונאנגענעהם איבעראשט. טאָני האָט ניט גע־האט קיין געוואוינהייט צו מאכען גלאט בעזוכען צו זיין שווי־גער, און מארטהא האָט זיך משער געווען, אז ער איז געקומען צו איהר צוליעב א זעהר וויכטיגער אורזאכע, און, אונטער די אומשטענדען, קאָן די אורזאכע ניט זיין קיין זעהר אנגענעה־מע.

און אזוי איז עס טאקי געוועזן.

— איך בין געקומען — האָט גראף דעלניצקי אָנגעפאנ־גען גלייך נאָך דער ערשטער בעגריסונג — צוליעב א זעהר אונאנגענעהמע אנגעלעגענהייט. סילוויא האָט דאָך דיר שוין מסתמא דערצעהלט, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען אונז. איך וואָלט זעהר וועלען וויסען, וואָס זי האָט דיר דערצעהלט און וואָס דו האָסט איהר געזאָגט... דו ביזט דאָך געוויס אויך פאר דעם, אז עס זאָל געמאכט ווערען א סוף צו דער געשיכטע מיט דעם הערר טהעאטער־דיכטער?

—צו וועלכער געשיכטע מיינסטו?

— אך, מאך זיך נישט אזוי... ווייסטו דען ניט, דאָס די מענשען רעדען שוין...

— די מענשען רעדען פערשיערענעס אויף איבער דיר.

— דאס האט סילוויא מיר אויף געענטפערט — פונקט ווי עס וואלט געווען דאס זעלבע, וואס מען רעדט וועגען א מאן אדער וועגען א פרוי. דאס איז דאך א געוואלדיגער אונטער־שייד.

— די אונגערעכטיגקייט פון דעם אונטערשיעד הויבט אן צו אפעלירען אויך צו מיר...

— אבער עס איז דאך שוין איינמאל אזוי —

— א, מיט די ווערטער גלויבט מען צו פערגלעטען יעדען ווידערשפרוך... אויך איך האב ביז איצט אזוי געטהאן. אבער ריכטיגער וואלט געווען, ווען מען וואלט געזאגט, אז עס איז דערוויילי נאר אזוי. אבער אזוי וועט עס ניט בלייבען. דאס רעכט פון דער פרוי אויף דער טרייהייט פון איהר מאן —

— וואס — האט דעלניצקי אונטערבראכען — אויך דו? דו נעהמסט זיך אן פאר די „פרעטענזיע" פון דער פרוי? ביסטו אויך געווארען א פרויען־רעכטלערין? פון דער זייט קען איך דיך ניט. ביז איצט האסטו דאך, גאט צו דאנק, גע־האלטען זיך ווייט פון דער דאזיגער בעוועגונג.

— ווייל מען קאן דאך ניט איבעראל טהעטיג זיין. דו ווייסט דאך, אז מיין גאנץ לעבען איז געווען אויסגעפילט מיט אן אנדער בעוועגונג.

— נו, יא, די אבער איז גאנץ אונשעדליך, ווייל זי האט נאר קיין אויסזיכטען אויף ערפאלג, אבער די פערפלוכטע פרויען־פראגע איז געווארען פערדאמט גרויס... אבער דאס האט איינגענטליך ניט צו טהאן מיט דעם, וועגען וואס איך בין געקומען צו דיר, מוטער.

— און וואס איז דאס?

— איינפאך דאס. דו מוזט מיר העלפען צו פערטרייבען דעם ברעסער — מארטהא האט געמאכט א בעוועגונג מיט'ן קערפער — דו דארפסט זיך ניט דערשרעקען — האט ער ווייטער גערעדט — איך גלויב גאר נישט, אז זי זאל זיין פער־ליעבט אין דעם מענשען; ער אבער איז פערליעבט אין איהר,

און, ווי געזאָגט, די מענשען רעדען, און דאָס קאָן איך ניט פערליידען.

— אָבער ווי, ווען זי ליעבט איהם יא?

— אָבער, מאַמאַ, אום גאָטעס ווילען!...

— האָסטו דען איהר געגעבען דאָס, אויף וואָס א יונגע פרוי האָט א רעכט צו פאָרדערען פון לעבען? האָסטו איהר ליעבע געגעבען? ביזטו איהר טריי געבליבען?... טאָני, איך האָב מיט דיר גאָרנישט גערעדט איבער די אַלע זאַכען, ווייל איך דענק, אז א שוויגער דאַרף זיך צוריקהאַלטען און ניט אריינמישען זיך אין אזעלכע זאַכען, אָבער היינט ביזטו עס געוועזען, וועלכער האָט אָנגעהויבען רעדען דערפון, פון אייער פערהייראַטען לעבען. און אויב אזוי, מוז איך דיר אָט וואָס זאָגען: אויב די פערהעלטניסע צווישען דיר און סילוויא זיי־נען צושטערט אָדער זיינען אין געפאַהר צושטערט צו ווערען, איז עס דיין שולד.

דעלניצקי איז אויפגעשפּרונגען.

— איך זעה שוין, אז דו וועסט מיר גאָרנישט העלפען. איך וויל מיט דעם פיינעם העחר אליין פאַרטיג ווערען. עס וועט דאָך מיר ניט שווער זיין איהם צו כאַפּען פאַר'ן קאָלנער און אראָבוואַרפען פון די טרעפּ.

— בערוהיג זיך... גראַדע אויף אזא שטייגער וועסטו ארויסרופען דעם סקאַנדאַל, פאַר וועלכען דו שיינסט מורא צו האָבען.

— וואָס זאָל איך אלזאָ טהאָן? — צוקוקען, ווי מיין פרויס ליעבהאָבער —

— שווייג, אזוי צו רעדען האָסטו קיין רעכט. איך קאָוויר פאַר סילוויא'ס ריינקייט. אָבער זי זאָל ניט לענגער צוקוקען, ווי דו דיין געליעבטע, דיעזע —

— ווילסטו זאָגען עטוואָס בעליידיגענדעס — האָט איהר דעלניצקי אונטערבראָכען — ווייל זי איז אין טהעאַטער —

— אָה, ניין, נאָר, ווייל זי האָט זיך צוגעגנב'עט דאָס אייגענטהום פון אן אנדערער.

— דערמיט מיינסטו מיך? גלויב מיר, פון דעם איינענ־טהום האָט דיין טאָכטער קיינמאָל ניט פיעל געהאַלטען. דו ווייסט גאָר ניט, ווי קאַלט און אָבשטויסענד זי איז געוועזען צו מיר — גלייך פון אונזער האָכצייטס־רייזע, מיר פּאַסען ניט איינער פאַר'ן אַנדערען.

— טו, צושיידט זיך...

— שיידען זיך? מיר לעבען אין אַ קאַטהאָליש לאַנד... אמת, איך וואָלט געקאָנט ווערען אַן אונגאַרישער בירגער...

— די אידעע געפעלט דיר, ווי עס שיינט.

— אַך, גאָט, עס זיינען דאָ טויזענדער שוועריגקייטען, און איך האַס שוועריגקייטען... דו וועסט אַלזאָ גאָרניט טהאָן, אום צו ברענגען סילוויא'ן צוריק אויפ'ן וועג פון איהר פליכט?

— אויף דעם וועג, וועלכען דו האָסט פערלאָזען? איך וויל איבערהויפּט גאָרניט טהאָן, ניט פאַר און ניט געגען דיר. ווענט סילוויא ביי מיר פרעגען אַן עצה, וועל איך איהר עס געוויס געבען און אין דער ריכטונג, אין וועלכער איך וועל פיהלען, איהר רוה און עהרע זיינען געזיכערט. אָבער אונגעבעטענער־הייד וועל איך זיך ניט אַנוואַרפען אויף איהר מיט מיינע מוסר־דרשות. זי איז שוין אויסגעוואַקסען פון דער מוטערליכער השגחה. איך בין איהר פריינדין — ניט מעהר.

— מיין פריינדין ביסטו ניט.

— ריכטיג גערעדט: ניין. דו האָסט מיין קינד ניט געמאַכט גליקליך... דו בעטריגסט זי פאַר דער גאַנצער וועלט, טו ווי אַזוי זאָל איך פיהלען פריינדליך צו דיר?

— עס איז אויך ניט נויטיג, אַז דו זאָלסט עפּעס טהאָן צוליעב מיר. טהו עס צוליעב איהר. ווען זי קאָמפּראָמעטירט זיך, וועט עס איהר שאַדען, און ווען זי וועט זיך פערזינדיגען, וועט עס איהר אונגליק זיין, ווייל איך וועל עס זיך ניט געפאַלען לאָזען. מיין נאָמען טאָר ניט געשלעפּט ווערען אין שמוץ.

ער איז געוואָרען טונקעל־רויט אין פּנים און די אָדערען אויף זיין פּנים זיינען אָנגעשוואָלען געוואָרען. מאַרטהאַ האָט געפיהלט עטוואָס עהנליכעס פאַר שרעק: דיעזער מאַן איז פעהיג סילוויא'ן צו טוידטען. דער געדאַנק פון שיידונג איז

געוואָרען ביי איהר איצט אַ פערלאַנג. אמת, עס איז ניט קיין גרויסער גליק צו זיין אַ געשיעדענע פרוי, אָבער ווען עס האַנ־דעלט זיך אום צו אנטלויפען פון אַ געפאהר, פרעגט מען דאָך ניט, צי דער וועג, אויף וועלכען מען אנטלויפט, פיהרט אין אַ שעהנע געגענד.

— איך האָב, ווי איך זעה, געקאָנט זיך איינשפּאָרען מיין בעזוך צו דיר — האָט דעלניצקי ווייטער גערעדט אין אַ צאָרנדי־גען טאָן — דו קאָנסט ווירקליך ניט שטאָלצירען מיט דעם איינ־פלוס, וואָס דו האָסט אויף דיינע קינדער. איבער רודאָלף און זיין אויפפיהרונג לאַכט מען שוין גענוג. מסתמא האָסטו דאָך שוין געהערט, אַז עס האַלט דערביי, אַז מען זאָל איהם ארויס־טרייבען פון דער רעזערוו־אַרמעע.

מאַרטהא האָט צוריקגעוואָרפען דעם קאָפּ.

— דו ווילסט מיר וועה טהאָן? דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען רודאָלף און דעם קריעגס־מיניסטער, דאָס וויים איך — איך האָב מיין זוהנס פולסטען פערטרויען, און איך פערטרוי איהם אין אלץ. וואָס ער וועט טהאָן, וועט ער טהאָן רעכט. דער געפיהל פון זיינע פליכטען איז פיעל העכער, ווי דו קאָנסט עס פערשטעהן.

— ער איז איינפאַך משוגע, און איהר אלע צוזאַמען מיט איהם.

זי האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ.

— אַנטאָן, איך בעט דיך מיך צו פערלאָזען. דו האָסט ניט קיין רעכט אין מיין הויז צו בעליידיגען מיך און מיינע קינדער.

— זי האָט עס געזאָגט מיט אַ גאַנץ רוהיגער שטימע, נאָר זי איז געוואָרען אזוי ווייס, ווי קרייד.

— אָה, איך געה זאָ־ווי־זאָ — האָט דער שוויגערזוהן גע־ענטפערט.

און אָהן אַ זיי־געזונד האָט ער ארויסגעהענדיג אַ שטאַרקען קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהיר.

# פיער און צוואנציגסטער קאפּיטעל.

סילוויא איז געזעסען אין א פּארקעט־לאָזשע אין בורג־טהעאטער גאַנץ אליין. זי האָט געהאַלטען אין האנד דעם פּראָגראם פון אבענד, וועלכער האָט געלויטעט, ווי פאָלגט: צום ערשטען מאָל: „דער טוידטער שטערן“ — מערכען־שפּיעל אין 4 אקטען פון הוגאָ ברעסער.

דעם זעלבען פריה־מאָרגען האָט זי פון דיכטער ערהאַלטען א קורצען בריוועלע פון דרעזדען, וואוהין ער איז געפאָהרען, אום בייצוואוואָהנען די גענעראַל־פּראָבע פון זיין פּיעסע, וועלכע ווערט אויפגעפיהרט אין דער זעלבער צייט, וואָס אין ווין. דאָך — האָט ער איהר געשריבען — איז די אויפפיהרונג אין בורג־טהעאטער פאר איהם מעהר וויכטיג, און ער וועט זיין צוריק צו דער ערשטער פאָרשטעלונג.

צוזאמען מיט דעם האָט ער איהר צוגעשיקט די זאמלונג פון זיינע געדיכטע. ער האָט איהר געשריבען: „איך האָב אייך געוואָלט שיקען ערשט די דאָזיגע געדיכטע, ווען איך וועל ווערען וועלט־בעריהמט, כדי מיין בעוואונדערונג פאר אייך זאָל זיין וואָס ווירדיגער. אָבער, ניין, אזוי לאנג וועל איך ניט ווארטען — ווער ווייס דען, אויב איך וועל איבערהויפּט ווערען וועלט־בעריהמט... און דאן ניט די אויסערע וועלט, נור אייך האָב איך אויסגעקליבען צו זיין מיין ריכטער. דאָס, וואָס איך בין אין די אויגען פון דער, וועמען איך בעזינג, דאָס איז פאר מיר דאָס וויכטיגסטע. און די וואָלט ניט געקאָנט ריכטיג אורטהיילען וועגען מיר, ווען זי וואָלט ניט געקאָנט יענע ריכטונגען מיינע, וועלכע זיינען ארויסגעשפּרונגען פון מיין טיעפער נשמה, וואָס איך האָב מיט דעם בלוט פון מיין הארצען געשריבען, וואָס איך האָב געמוזט שרייבען“.

די מייסטע שטונדען פון יענעם טאָג האָט סילוויא פער־

בראכט מיט דעם לעזען פון די צוואנציג געדיכטע, און דורך דעם לעזען איז זי געוואָרען אזוי ליידענשאפטליך אויפגעטריי־סעלט און אזוי זים אויסגעמאטערט, אזוי ווי דער דיכטער אליין וואָלט אין די אלע שטונדען איהר געלעגען צו די פים. אזוי גע־ליעבט צו זיין, אזוי שמערצליך, אזוי צערטליך און אזוי היים — דאָס וואָלט זי זיך קיינמאָל ניט ערלויבט אפילו צו חלום׳ען.

דער טהעאטער איז געוועזן נאָך לעדיג — עס האָבען גע־פעהלט כמעט צוואנציג מינוטען ביז צום בעשטימטען אָנפאנג. סילוויא האָט בעשלאָסען ניט צו פערזאמען דאָס ערשטע אויפ־ציהען פון פאָרהאנג, דאָס ערשטע שטימען פון דעם אָרקעסטער. זי האָט געפיהלט, אז דיעזער אבענד וועט זיין איינער פון די ענגסטליכסטע און אין דער זעלבער צייט איינער פון די וויכטיג־טיגסטע און גענוסרייכסטע אין איהר לעבען, און זי האָט בע־שלאָסען צו געניסען איהם אין גאנצען, אפילו די פאָרשטימונג אויף דעם קאמפף־פּלאץ. נאָך קיינמאָל אין איהר לעבען, אפילו ניט אין דעם טאָג פון איהר האָכצייט, איז זי געוועזן אזוי אויפגע־רעגט, ווי איצט... אזוי האָבען אַ מאָל געמוזט פיהלען די ריטער־פרויען, וועלכע האָבען אראָבגעקוקט פון די גאלעריען אויף דעם טורניר־פּלאַץ, וואו דער פון זייער שטיל און היים געליעבטער האָט געזאָלט אָדער זיעגען אָדער פאלען אין שטויב..

א פיערטעל צו זיעבען... דער עולם הויבט אָן אָנצופילען די לעצטע פּארקעט־פּלעצער און די גאלעריע. נאָך אַ פּאָאָר מינוטען און עס קומען די מוזיקאנטען אריין דורך דער אָרקעסטער־טהירעל און צוזעצען זיך אויף זייערע פּלעצער. די לאָזשען זיינען נאָך לעדיג. סילוויא זוכט אין דער דירעקטאָר־לאָזשע... וואו קאָן איצט הוגאָ זיין? מען זעהט איהם ניט... מסתמא הינטער דעם פּאָרהאנג... ווען עס וואָלט איהם נאָר איינגעפאלען אריינצוקו־מען צו איהר כאָטש נאָר אויף איין אויגענבליק! מיט אַ דריק פון איהר האנד וואָלט זי איהם געוואָלט צוגעבען מוטה און טאקי זיך אליין נאָך מעהר, ווייל זי האָט זיך געשראָקען מעהר ווי ער...

פינף מינוטען צו זיעבען. איצט פילט זיך אָן דער פּארקעט און אויך אין די ערשטע רייהען און אין די לאָזשען ווערט עס לעבעדיגער. די גאלעריעס זיינען אָנגעפילט ביז אויפ׳ן לעצטען

פלאַץ, און אין דעם שטעה־פּאַרטער שטעהען מענשען ענג איינער נעבען אנדערען.

פּונקט זיעבען. דער קאַפּעל־מייסטער גיעט דעם צייכען, און דער אָרקעסטער הויבט אָן צו שפּיעלען. צוויי ערץ־הערצאָגען זעצען זיך ביים ברעג פון דער אינקאָגניטאָ־לאָזשע און אין דער קאַמער־הערען לאָזשע צייגען זיך אַ האַלבער דוצענד יוניפאָר־מירטע הערען און האָף־דאַמען.

אַן ערוואַרטונגספּולע נייגיעריגקייט זעהט אויס צו שוועבען איבער'ן גאַנצען הויז — די שטימונג פון יעדער ערשטער פאָר־שטעלונג. דער פאָרהאַנג געהט אויף. סילוויאַ'ס האַרץ קלאַפּט און זי אָטהעמט שווער. דעם ערשטען אַקט קען זי דאָך, זי האָט דאָך איהם אליין פאָרגעלייענט. זי געדענקט נאָך, ווי זי איז געווען ענטציקט פון דער שעהנקייט פון דער שפּראַך, אָבער, שטעלט זי זיך די פראַגע, וועט דאָס אַלעס אויך אויף דער ביהנע ארויסגעבראַכט ווערען? פון דער ערשטער סצענע אין דעם משך פון דריי אָדער פיער מינוטען האָט זי קיין וואָרט ניט פער־שטאַנען, צי דערפאַר, ווייל די בלוט האָט איהר אַ קלאַפּ געטהאָן אין קאָפּ, צי דערפאַר, ווייל מען מוז זיך פריהער צוגעוועהנען צו די שטימען פון דער ביהנע, ביז מען פערשטעהט דעם זין פון די ווערטער, אָבער יעדענפאַלס זי האָט די ערשטע מינוטען ניט גע־וואוסט וואָס קומט פאָר ארום איהר. די מענשען, די גלייכגילטי־גע מענשען, און די שטשירענדע מיט די צייהן קריטיקער, די גאַנ־צע מאַסע, וואָס פערהאַלט זיך אזוי קריטיש צו יעדער נייעס — ווען עס וועט געלינגען דעם דיכטער הינצורייסען, צו בעגייסטע־רען אָט די מענשען, ווען זאָגאַר זי, זיין גליהענדסטע בעוואונדע־רין, זיצט אזוי קאַלט, אזוי פערשטיינערט און פערשטעהט אזוי ווייניג פון דעם, וואָס קומט פאָר אויף דער סצענע?..

אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דאָס רעדען פון די אַקטיאָרען האָט זיך אָנגעהויבען הערען דייטליך און לעבעדיג איבער'ן גאַנצען טהעאַטער. סילוויאַ האָט דערקענט אייניגע פון די פּערזען, וועלכע זיינען איהר אויפגעפאַלען, ווען זי האָט געלעזען דעם ערשטען אַקט און זי האָט געהאַט פיעל הנאה צו בעמערקען, אַז די זעלבע שטעלען, וואָס האָט איהר אזוי בעצויבערט,

האָבען אויך געמאכט א טיעפע ווירקונג אויף דעם גאַנצען עולם. דאָס האָט זיך ניט ארויסגעוויזען דורך הויכע בראוואָס, ווייל פון דעם האלט זיך צוריק א קריטישער עולם פון אַן ערשטער פאָר־שטעלונג און נאָך דערצו אין די ערשטע סצענען. דאָס האָט זיך ארויסגעצייגט דורך א סאָרט אויפזיפצען, וואָס מען האָט קוים געקאָנט הערען — מעגליך, אז דאָס איז גאָרניט קיין טאָן, נאָר א צוקען, אַן אויפציטערען פון יענעם עלעקטרישען געפיהל וואָס ווערט ארויסגערופען גלייכצייטיג ביי א פערזאמעלטען עולם.

מיט א בערוהיגטען טאָן און מיט א גענוס, וואָס איז גע־וואָרען אלץ מעהר און מעהר זיכער, האָט זיך סילוויא געלאָזט פאַנגען פון דעם שפיעל אויף דער ביהנע. צו דער זיסקייט פון די מעלאָדיען, צו דער שעהנקייט פון דעם רעדען, וואָס האָט איהר שוין אזוי ענטציקט ביים לעזען, איז איצט צוגעקומען דער צויבער פון דעם פאָרגעשטעלטען לעבען. די טרעגער פון די הויפט־ראָלען — פריץ קראסטעל און סטעללא האָהענפעלס — זיינען געווען די פערקערפערטע פּאָעזיע.

די גאַנץ אייגענטהימליכע זילבער־שטימע פון דער האָהענ־פעלז האָט צוגעגעבען די פערזען א גאַנץ בעזונדערען חן. און דערצו איז געווען אזוי פיעל צו ז ע ה ן ! דאָס איז געווען א מערכען־שפּיעל, וואָס האָט אין דעם דיכטערס פאַנטאַזיע זיך געקאָנט צושפּיעלען גאָר אָהן א גרעניץ. און מיט א פער־שווענדערישער רייכקייט האָבען די בילדער געבראַכט אלעס, וואָס א דיכטער קאָן נאָר אויספאַנטאַזירען אין פאַרבען־גלוט און אין פאָרמען־פּראַכט. נאָך דער ערשער פערוואַנדלונג איז דער האַנדלונגס־פּלאַץ געווען א צויבער־גאָרטען. א פעירי, א ווירקליכע פעירי, האָט געהאָלפען צו שאפען א בילד, וואָס איז געווען פאַר'ן אויג א ווירקליכע בערוישונג — דאָס איז געווען די פעירי עלעקטריציטעט. מיט איהרע זעלטענע און אונגלויב־ליכע ליכט־עפעקטען, מיט איהרע וויאָלעטע, בלויע און ראָזע פייערען, מיט איהרע זילבער־ליכטער, גאָלד־גלוטען און לאַוואַ־פלאַמען האָט זי איינגעטונקט די געשטאַלטען און דעקאָראַציעס אין אלץ נייע און פערכשופּ'טע גלאַנץ־כוואַליעס בלומען, וועל־

כע קיין מענשליכער אויג האָט נאָך ניט געזעהן, האָבען אָנגע־
פילט יענעם „גאָרטען פון גליק“. אין זיין הינטער־גרונד האָט
זיך געזעהן אַ טעמפּעל פון דימענטען. די לוסט אָבער פון דאָס
זעהן האָט ניט דערשטיקט די לוסט פון הערען, ווייל די דיכטונג
איז ניט שוואך געוואָרען אויף קיין איינציגען אויגענ־
בליק. אויך דאָ האָט עס געבליצט מיט וויץ און געשטראהלט
מיט פּאַטהאָס. ווען דער פאָרהאַנג איז געפאלען, האָט דאָס
גאַנצע הויז אויסגעבראָכען אין אַ שטורמדיגען בייפאל.

„ברעסער! ברעסער!“ האָט מען געשריען פון מעהרערע
זייטען. אָבער ברעסער האָט זיך ניט געוויזען. אין זיין נאָמען
האָט געדאַנקט דער רעזשיסער.

זאָל ער האָבען פערזאַמט דעם טריין? אָדער האָט ער
עס געהאַלטען פאַר אונווירדיג פאַר איהם זיך צו ווייזען אויף
דער ביהנע? סילוויא האָט געפיהלט, ווי אַן ערלייכטערונג,
וואָס ער האָט ניט געפאָלגט דעם רוף. די שאַפונג געהערט
צום פּובליקום, ער מעג עס לויבען אָדער ארונטעררייסען, אָבער
ניט דער שעפּפער. נאָר זיין גייסט שוועבט איבער דעם ווערק,
אָבער ניט זיין פּערזאָן דאַרף דאָ פאָרקומען. און טאַקי, וואָרום
זאָל ער זיך פערבויגען פאַר די, וועמען ער האָט געגעבען אַ
מתנה? וואָרום זאָל ער דאַנקען פאַר דאָס, פאַר וואָס זיי זיינען
איהם דאַנקבאַר?

פון די געדאַנקען האָט סילוויא ערוואַכט דורך הוגאָ'ס פאָ־
טער, וועלכער איז אריינגעקומען אין די לאָזשע. זי האָט איהם
דערלאַנגט די האַנד.

— איך ווינש אייך גליק — האָט זי צו איהם געזאָגט —
עס איז אַן ערפאָלג.

— דאָס קאָן מען נאָך ניט וויסען — האָט געענטפערט
הוגאָ'ס פאָטער, דער אלטער ברעסער — דער ערשטער אקט איז
גוט. אָבער דער ערפאָלג ווערט ערשט ענטשיעדען ביים סוף...
וואָרום איז די באַראָנעסע טיללינג ניט געקומען?

— מאַמאַ פיהלט זיך ניט גאַנץ געזונד. ווען ניט וואָלט
זי שוין דאָ געוועזן. זי האָט זיך אַזוי אינטערעסירט מיט דער
פאָרשטעלונג.

— און אייער מאן ?

— ער איז היינט אין דער אפערא.

— אך ! —אן אויסדרוק פון צארן האט זיך בעוויזען אויף דעם פנים פון דעם אלטען דאקטאר.

— אייער זוהן האט געזאלט היינט צוריקקומען פון דרעזדען, און —

— ער איז צוריקגעקומען און ער איז אין טהעאטער, גאנץ אין הינטערגרונד פון דער דירעקטארען־לאזשע. ער וויל זיך אבער ניט ווייזען.

די דירעקטארען־לאזשע איז געווען פונקט געגען איהרער. אזוי דאס ער האט זי געקענט זעהן, און דאס האט איהר געמאכט זיך פיהלען זעהר אנגענעהם. און עס האט איהר אויך שטארק הנאה געטהאן, וואס אין זיין עניות און שטאלץ האט ער זיך ענטזאגט פון דעם אפלאוז, וואס זיין ערשיינען אויף דער ביהנע וואלט זיכער ארויסגערופען.

— איהר מוזט דאך פיעל פרייד האבען פון אייער זוהן, דאקטאר ברעסער.

— מיין גאט ! ווען איך וואלט נאר געוואוסט, אז ער איז גליקליך, אבער דאס דיכטען, שיינט, פאלט איהם זעהר שווער. אפט איז ער אזוי טרויעריג... אזוי ווי די ליעבע פון די מוזען וואלט געווען אן אונגליקליכע ליעבע.

סילוויא האט געוואוסט גאנץ גוט, וואס עס מאכט איהם אזוי טרויעריג. יענע טרויעריגקייט האט ער ארייננעלעגט אין אייניגע פון די צוואנציג סאנעטען, וואס ער האט איהר צוגע־שיקט, און וועלכע זי האט היינט צום ערשטען מאל געלעזען, און פון וועלכע זי האט שוין פיעלע סטראפען געקענט אויף אויסענוועניג.

צום צווייטען מאל הויבט זיך אויף דער פארהאנג. דאס מאל איז סילוויא געווען פיעל געשפאנטער, ווייל דאס קומענדע איז פאר איהר געווען גאנץ ניי. ברעסער האט די גאנצע צייט ענטזאגט זיך צו דערצעהלען, וואס עס איז דא אין די אנדערע אקטען, און נאר צוליעב דעם, כדי זי זאל קאנען אורטהיילען

אונפּאַרטייאיש, ווי דאָס אַלעס ווירקט אויף איהר פון דער ביהנע. זי האָט געהאַט דאָס געפיהל, אַזוי ווי דאָס שטיק וואָלט פאַר איהר אַליין נאָר געשפּיעלט געוואָרען, און די אַנ־דערע זיינען נאָר צופעליג צוגעלאָזען געוואָרען, אָבער די ריכ־טערין איז נאָר זי. די פראַגע איז געווען, אויב „דער טוידטער שטערען" וועט א י ה ר געפעלען, א י ה ר ערהויבען, א י ה ר ריהרען, א י ה ר בעפריעדיגען, דאָס, האָט זי גע־וואוסט גאַנץ בעשטימט, זיינען געווען די געפיהלען פון דעם פּערפאַסער. וואָס איז געזעסען פונקט אין דער לאָזשע גע־גענ־איבער.

דער צווייטער אַקט האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין דעם „גאָרטען פון שמערץ". אַזוי העל און ליעבליך, ווי עס זיינען געווען די בילדער אין דעם ערשטען אַקט, אַזוי דונקעל און ערשיטערענד זיינען געווען די סצענען, וואָס האָבען זיך איצט אָבגעשפּיעלט. די שפּראַך האָט זיך געהאַלטען אויף דער זעל־בער הויך און אין דראַמאַטישער שטייגערונג האָט זיך די האַנד־לונג ווייטער בעוועגט. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָבגע־לאָזען צום צווייטען מאָל, האָט דער טהעאַטער געשטורמט פון בראַוואָ־געשרייען. וואָלט אָבער קיין האַנד זיך ניט א ריהר געטהאָן, וואָלט סילוויא געוואוסט, אז דער אַקט איז געווען פאָל־קאָם שעהן. דאָס אָבער, וואָס דער עולם האָט אַזוי בעוואונדערט דעם געליעבטען מאַן, דאָס האָט איהר ערפילט מיט א שטאָלצען געפיהל. זי איז געווען שטאָלץ אויף איהם און — דענקענדיג אָן די צוואַנציג געדיכטע, וואָס ער האָט איהר געווידמעט — אויף שטאָלץ מיט זיך. א געפיהל פון גליק, וואָס איז איהר ביז איצט געווען אין גאַנצען אונבעקאַנט, האָט דורכגעשטראָמט דורך איהר. דער טהעאַטער־זאַל איז פאַר איהר אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין א פעסט־זאַל, אין וועלכען זי און געווען די הימ־ליכע קעניגין.

זי האָט זיך ארומגעקוקט אין טהעאַטער. נאָר וועניגע פון איהרע בעקאַנטע זיינען דאָ געווען. די מייסטע מיטגליע־דער פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע זיינען נאָך געווען אויף זייערע גיטער, און דער אינטערעס פאַר א ליטעראַרישע פּאַסירונג

איז אין די קרייזען ניט זעהר גרויס, אז מען זאָל קומען צו פּאָה־רען פון לאַנד, אום בייצוואוואָהנען די אויפפיהרונג פון א נייער שטיק און דערצו נאָך פון א נייעם פּערפאַסער. זעהט איהר, ווען עס וואָלט דאָרט געגעבען ווערען א פאָרשטעלונג לכבוד אן אויסלענדישען פירשט, דאָס איז שוין עפּעס אנדערש. צו אזא פאָרשטעלונג קומט מען שוין, וואָרום עס איז דאָך אזוי אינטע־רעסאַנט און שעהן צו זעהן אזוי פיעל אוניפאָרמען אין פּאַרקעט, די קליידער און די ציערונג אין די לאָזשען, און דאַן, אויף מאָרגען, צו לייענען אין די צייטונגען א ליסטע פון אלע אנווע־זענדע, אין וועלכע עס פעהלט ניט קיין גלענצענדער נאָמען, קיין איינציגע אָפיציעלע פּערזענליכקייט. אזא געלעגענהייט טאָר מען ניט פּערפעהלען. אָבער ביי א מאָדערנעם טהעאַ־טער־שטיק! ניין, דאָ מוז מען ערשט אָבוואַרטען, וואָס די בע־קאַנטע וועלען זאָגען, און אויב איבערהויפּט מען מעג מיטנעה־מען די טעכטער, די יונגע, צו אזא פאָרשטעלונג.

סילוויא האָט געקוקט דורך איהר בינאָקל פון לאָזשע צו לאָזשע. ענדליך האָט זי דערזעהן עטליכע בעקאַנטע פּנים׳ער: גרעפין ראַנעגג מיט איהרע טעכטער, קאַיעטאַנע און קריסטינע און מיט זיי איז אויך געווען גראַף קאַלנאַס. דער האָט אריבער־געקוקט אין סילוויא׳ס לאָזשע און האָט איהר דערקענט. ער איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך געזעגענט — עס איז געווען קלאָר, אז ער וויל אריבערגעהן אין איהר לאָזשע. און אין א מינוט שפּעטער איז ער שוין געווען ביי איהר.

— גאַנץ אליין, גרעפין סילוויא? און אייער מוטער?

— זי פיהלט זיך ניט גוט.

— דאָך ניט עפּעס ערנסטעס?

ניין, נאָר א לייכטע פערקיהלונג. וואָס זאָגט איהר, גראַף קאַלנאַס, איז עס ניט וואונדערשעהן?

— יאָ, עס לאָזט זיך זעהר גוט זעהן. ווער וואָלט עס געגלויבט וועגען דעם קליינעם ברעסער?.. איך זעה איהם נאָך אלץ אלס א קליין אינגעל פאַר מיר.

— וואָס זאָגען די אנדערע? וואָס זאָגט די ראַנעגג?

— זי האָט גאָרניט געזאָגט וועגען דעם.

— אָבער איהר האָט דאָך שוין געהערט, דער בייפאַל איז זעהר גרויס — זיינען די מענשען ניט ענטציקט?

— זיינט איהר עס, ליעבע סילוויא?

— יא.

—פאַר די אנדערע איז עס א צו שטאַרקער אויסדרוק. „ענטציקט" איבער אַ שטיק — דאָס קומט ביי אונז ניט פאָר. מען איז ענטציקט פון אייניגע קינסטלער אין געוויסע ראָלען — דאָס שטיק אָבער איז אַ ביי־זאַך. בעוואונדערונג ווייזט מען ארויס העכסטענס פאַר קלאַסיקער, ווייל דאַ איז מען אויף אַ זיכערען באָדען... אָבער געגען די נייע דיכטער פערהאַלט מען זיך מיט מיסטרויען.

— געהערט איהר אויך צו יענע „מען".

— ביז צו אַ געוויסען גראַד. איך בעגייסטער מיך ניט אזוי לייכט. איך וואָלט צו ערשט געמוזט אליין לייענען דאָס ווערק. עס זיינען דאַ אין איהם אזוי פיעל אויסערליכע עפפעקטען, וועלכע פערבלענדען איינעם... במעט, ווי אין א באַלעט.

— אָבער איז עס ניט אויך קונסט, ווען מען ברענגט די צושויער אין אַ בעצויבערטער שטימונג מיט דער הילף פון בילדער, גענומען פון דעם העכסטען פאַנטאַזיע־רייכטהום?

— גאַנץ ריכטיג, אָבער לאָמיר וואַרטען ביז צום סוף.

— דער סוף וועט זיין פונקט אזוי שעהן, ווי דער אָנהויב

— אין דעם בין איך זיכער — הוגאָ ברעסער איז אַ גרויסער דיכטער.

— סילוויא, ווייסט איהר, אז די מענשען זאָגען, אז איהר זיינט ניט גלייכגילטיג צו הוגאָ ברעסער? אה, ווערט ניט רויט און ניט אין כעס. איך בין דער לעצטער, וועמען דאָס זאָל עפּעס ארען, ווען דאָס וואָלט אמת געווען. נאָר אָבער זעה איך, אז די מענשען, וועמען דאָס דאַרף גאָר ניט אינטערע־סירען, אז די —

— נאָך קיינמאָל האָט מיך אזוי ניט געאַרט פאַר דאָס, וואָס די מענשען זאָגען, וועלכע ווילען איינעם אין הארצען אריינקוקען.

— מיין גאָט, מען מוז דאָך האָבען פון עפּעס צו רעדען. בע־

זאָנדערס אזוי לאנג, ווי מען איז זיך נאָר משער, איז עס גאַנץ אינטערעסאנט. איהר פערשטעהט, ו ו י י ס מען עס איינמאָל, רעדט מען שוין ניט מעהר פון דעם. אז די גרעפין עקס האָט א פערהעלטנים מיט דעם קאַפּעל־מייסטער, דאָס פירשט איפּסי־לאָן איז דער בעגייסטערטער הויז־פריינד פון באַראָנעסע זעט — דאָס זיינען שוין פאקטען, איבער וועלכע מען פערליערט ניט קיין איבעריגען וואָרט. העכסטענס קאָנסטאַנטירט מען עס, אָבער נור אום צו ווייזען, אז מען וויים וואָס עס טהוט זיך.. איצט פערלאָז איך אייך, סילוויא, עס הויבט זיך אָן דער דריטער אקט.

מיט דעם אויפהויבען זיך פון דעם פאָרהאַנג איז סילוויא ווידער אריינגעבראכט געוואָרען אין די צויבער־וועלט — א בע־פרייענדער געגענזאַץ צו דער שטיקעל ווירקליכער וועלט, וועל־כע האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט אין קאלנאס'עס סאטירישען בע־ריכט.

דער דריטער און לעצטער אקט האָבען איבערשטיגען די ערשטע צוויי אין דראַמאַטישע עפעקטען און אין פּאָעטישער קראַפט. צום שלום האָט זיך אויפגעהויבען אַן אמת'ער שטורם פון אפּלאָדיסמענטען. עס איז געווען א גאַנצער און גרויסער ערפאָלג.

סילוויא האָט זיך אראָבגעלאָזען אין דעם לאָזשע־זאַל אויף א קליינע סאָפאַ, און מיט געשלאָסענע אויגען און צוריקגעבוי־גענעם קאָפּ איז זי געזעסען, פיהלענדיג זיך אזוי אויפגעטריי־סעלט, אזוי בערוישט, דאָס פאר קיין זאך אין דער וועלט האָט זי איצט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט ארויסגעהן אין די שטופּע־ניש אויף די טרעפּ און קאָרידאָרען, וואו זי וואָלט געקאָנט טרע־פען בעקאַנטע, וועלכע וואָלטען צו איהר גערעדט, אזוי ווי עס וואָלט גאָרניט געשעהן, געזאָגט איהר א גאַנץ ניכטערען „גוטען אבענד“ און נאָך צוגעלעגט דערצו: „ווי איז עס אייך געפעלען — עס איז געווען גאַנץ היבש“.

זי האָט געוואָלט איבערוואַרטען, ביז דאָס פּובליקום וועט זיך צונעהן. ווי זי איז דאָ אזוי געזעסען, האָט זי צוריקגערופען אין איהר געדאַנק די אַלע בילדער, וואָס זי האָט נאָר וואָס גע־

זעהן, און האָט זיך געבּאָרען אין א ים פון נייע געפיהלען, פון וועלכע זי האָט אויפגעציטערט און זיך אָנגעצונדען. „א גרויסע ליעבענדע“ האָט איינמאָל איהר מוטער איהר אָנגערופען. דאָס מוז זיין אמת. זי איז אַ גרויסע ליעבענדע, דאָס הייסט, אז די ליידענשאַפט, וואָס האָט איהר ארומגעכאַפּט, האָט איהר גע־מאכט ניט שוואך, נאָר שטארק; אז דאָס גליק, וואָס זי האָט געהאַט אין איהר מאכט צו געבען און צו נעהמען, איז געווען אַן איבערוועלטיגענדער, אַן ערהויבענדער, מיט איין וואָרט, אַ גליק פול גרויסקייט.

איהר דיענער האָט אויף איהר געוואַרט געדולדיג ביי דער טהיר, אָבער די לאָזשען־דיענערין איז אריינגעקומען און האָט געזאָגט :

— איך בעט אייער גענאדען, מען לעשט שוין אוים.

סילוויא האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צום שפּיע־געל, אום אָנצוטהאָן איהר שפּיצענטוך. איהר אייגענער פּנים אין דעם צוריקגעשטראַהלטען בילד איז געווען פרעמד פאַר איהר. עס איז געווען עטוואָס פערקלערטעס אין איהם, אַ זיס־צערטליכער שטריך ארום איהר מויל, וועלכער האָט געגליהט דונקעלער, ווי געוועהנליך, און עס האָט איהר דורכגענומען אַ טיעף געפיהלטע פרייד פאַר איהר גרויסער שעהנקייט.

זי איז ארויס. דער דיענער האָט ארומגעלעגט דעם טהעאַטער־מאַנטעל ארום איהרע אקסלען. מיט אַ לאַנגזאַמען טריט איז זי דורכגעגאַנגען די טרעפּ, די דורכגענגע, וועלכע זיינען שוין געווען אלע לעדיג.

נאָר ביים זייל, פאַר'ן לעצטען טרעפּ, איז אַ מאַן געשטאַנען אָנגעלעהנט.

ווען זי איז צוגעקומען, האָט ער אראָבגעריסען שנעל זיין הוט פון קאָפּ און איז צו איהר צוגעגאַנגען. דאָס איז געווען הונגאָ בּרעסער.

— אלזאָ ענדליך, אלזאָ דאָך! — האָט ער אויסגערופען.

זי האָט זיך אָנגעהאַנגען שווייגענדיג אָן זיין אָרעם און זיך געלאָזט צופיהרען פון איהם צום אויסגאַנג. דאָ זיינען זיי

געשטאַנען אָרעם אין אָרעם, וועהרענד דער דיענער האָט צוגע־
פיהרט די קאַטש.

— נו, — האָט ער געפרעגט — אייער אורטהייל? איך
וויל אייער אורטהייל הערען.

איהר האַנד האָט שווערער געדריקט אויף זיין אָרעם:

— הערליך!

— דאָס מאַכט מיך גליקליך... אָבער איך וויל הערען נאָך
אַן אורטהייל.. ניט איבער דעם שטיק, נאָר איבער מיר —
איבער טוידט און לעבען פאַר מיר... די צוואַנציג ליעדער?...

ווידער אַ דריק פון איהר האַנד, און אין אַן אייניגען טאָן:

— מיין דיכטער!

— גרעפליכע גנאַדען, די קאַטש — האָט דער דינער גע־
מעלדעט.

הוגאָ האָט געהאָלפען דער געליעבטער פרוי ביים אריינ־
שטייגען.

— מעג איך אַ קליין וועניג מיט אייך מיטפאָהרען?

פאַר אַ סעקונדע האָט סילוויא זיך געוואַקעלט, דאַן האָט זי
געזאָגט ענטשלאָסען:

— ניין!

— און ווען ערלויבט איהר מיר, אז איך זאָל זיין ביי אייך
מאָרגען?

— וואַרט, ביז איך וועל אייך שרייבען. גוטע, גוטע נאַכט!



## פינף און צוואנציגסטער קאַפּיטעל.

אין דער זעלבער וואָך איז אין וויען פאָרגעקומען א צווייטע סענסאַציע: רודאָלף דאַצקי'ס ערשטער עפענטליכער פאָרטראג.

דאס איז געווען אין דעם גרויסען מוזיק־פעראיינס־זאל, און אין א זונטאג נאָכמיטאג, מיט פרייען איינטריט, אזוי, אז עס זאָלען קאָנען קומען צו דעם פאָרטראג דוקא די גאנץ אָרימע פון דער ארבייטער־קלאס. דורך די צייטונגען און פלאקארדען איז דער פאָרטראג אנאָנסירט געוואָרען, און אזוי איז עס געקומען, דאס דער גרויסער זאל האָט זיך ארויסגעצייגט צו קליין. איינינע פאָדערשטע רייהען זיינען בעשטימט געוואָרען פאר דאַצקי'ס פערזענליכע בעקאנטע, וועלכע האָבען געוואָלט איהם הערען. דער איבעריגער עולם איז געווען א געמישטער פון אלע קלאסען פון דער געזעלשאפט.

ווען די טהירען האָבען זיך געעפענט, האָט דער עולם אין א גאנץ קורצער צייט אָנגעפילט דעם זאל ביז אויף דעם לעצטען פּלאַץ. פיעלע האָבען געמוזט צוריקגעהן.

רודאָלף איז געשטאנען פאר דער ערשטער רייהע, רעדענדיג מיט זיין מוטער און גראף קאלנאס. דאָס רוישען און טומלען פון די מענשען ביים פערנעהמען זייערע פּלעצער האָט אויף איהם געמאַכט דעם איינדרוק, אזוי ווי ער וואָלט געשטאנען ביים ים און געהערט דאָס רוישען און ווארפען זיך פון די כוואליעס. א ברעמדער, א ווייטער עלעמענט איז פאר איהם געווען די דאָזיגע מענשען־מאסע, מעהר נאָרנשיט.

דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען, איז דאָך ניט געווע‍ בעשטימט גראדע פאר די צופעליג פערזאמעלטע, נאָר פאר דער גאנצער וועלט, פאר דער עפענטליכקייט. א הויפען זאמען־קערנער האָט ער געוואָלט פונאנדערוואַרפען דאָ און אנדערשוואו, היינט און מאָרגען. מיט דער צייט וועלען די קערענדלעך דאָך

וואו עס איז אויפשפּראָצען; אין איינציגע הערצער וועלען אריינדרינגען די אידעען און געפיהלען, וואָס פילען אזוי אָן זיין אייגענע הארץ, און עס וועלען קומען די מיטארבייטער און די נאָכפאָלגער. מעגליך, אז עס וועלען קומען אזעלכע, וועלכע וועלען איהם נאָך איבערשטייגען. אויב אזוי, איז עס נאָך בעסער. פון א פערזענליכען וואונש פאר בייפאל איז ביי איהם ניט געווען קיין פונק אין דעם הייליגען פייער, וואָס האָט איהם דורכגעגליהט.

א פערזאמעלטע מאסע, וועלכע אפּלאָדירט דעם רעדנער, אזא האָט ער געזעהן אין זעלבען זאל מיט איניגע וואָכען צוריק, ווען עס האָט גערעדט אן אַנטיסעמיטישער רעדנער. דאָס איז געווען א פּאָרטראַג פול מיט האס און געפעפערט מיט גראָבע וויצען געגען די אידען און די פריימויערער, געגען „אויפקלע־רעריץ און וויסענשאַפט־אונזין". און דער פערזאמעלטער עולם איז דוקא געווען אן אריסטאָקראטישער: בישאָפען און גענעראַ־לען, מיניסטאָרען און גראַפען, דאמען פון די הויכע און העכסטע קרייזען, און דערביי זיינען אויך געווען פיעלע פון „פּראָסטען" עולם, וועמען מען דארף עס אימער העלפען. נאָך מעהר בעגייסטערונג האָט ער געזעהן, ווען אויף דער זעלבער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען א גוטער פיעדעל־שפּיעלער, אָדער ווען א הִיבשע „דיוואַ" האָט געזונגען צוויי־דייטיגע ליעדער. ניין, קיין אַפּלאָדיסמענטען, און נאָך אזעלכע אַפּלאָדיסמענטען, האָט רודאָלף ניט געזוכט. ער איז ניט אויפגעטראָטען ניט אלס גע־ליעבטער פאָלקס־זינגער און ניט אלס גרויסער אָראטאָר, ער האָט ניט געוואָלט ווייזען קיין רעדע־קונסט־שטיק, נאָר עטוואָס צו זאָגען זיי, דאָס האָט ער יא געהאט און געוואָלט.

אלע פּלעצער זיינען געווען בעזעצט. די בעשטימטע צייט, ווען דער פּאָרטראַג האָט זיך בעדארפט אָנפאַנגען, איז שוין פאָר־איבער — עס איז שוין געווען צייט אָנצוהויבען. רודאָלף האָט בעשטיגען די פּלאַטפאָרמע. דאָס רוישען פון די אָנגעהענדע געשפּרעכען צווישען עולם האָט אויפגעהערט, און עס איז איינ־געטראָטען דאָס שווייגען, פול מיט ערוואַרטונג.

— עס קלאפט מיר דאָס האַרץ — האָט מארטהא געזאָגט שטיל צו גראַף קאלנאס.

זי איז ניט געווען די איינציגע. אין איינער פון די לעצטע רייהען — זי האָט זיך ארויסגעגנב'עט פון הויז און איז געקומען אהער מיט א פריינדין — איז געזעסען קאַיעטאַנע ראַנעג, און איהר האַרץ און אלע איהרע פולסען האָבען אזוי העפטיג גע־קלאפט, דאָס זי האָט קוים געקאָנט זעהן און הערען, וואָס קומט פאָר ארום איהר.

דאָצקי אליין האָט ניט געציטערט. עס איז דאָך ניט געווען פאר איהם דאָס ערשטע מאָל צו רעדען אויף אַן עפענטליכער פער־זאמלונג. אין דער צייט פון זיין וואהל־קאמפיין האָט ער עס אָפט געטהאָן און דערביי אויסגעפּרובירט זיין פעהיגקייט צו בעהער־שען זיין שטימע און זיינע ווערטער. דאָ נאַטירליך איז עס געווען א ביסעל אנדער'ש, אָבער גראדע דאָס האָט איהם געמאַכט מעהר זיכער. ער איז דאָך ניט געשטאַנען פאר א פּובליקום, פון וועמען ער האָט פערלאַנגט עטוואָס פאר זיך, נאָר פאר א פּוב־ליקום, וועמען ער האָט געוואָלט עטוואָס געבען.

ער איז צוגעגאַנגען צום פּולט, וואָס איז געשטאַנען פון פאָרענט אויף דער פּלאטפאָרמע, האָט זיך געשטעלט מיט א זייט, אָנשפּארענדיג זיך אויף דעם מיט זיין עלענבויגען. אויפ'ן פּולט איז ניט געלעגען קיין מאנוסקריפּט, ער האָט אויך ניט געהאַט קיין מאנוסקריפּט אין האנד — ער האָט געוואָלט פריי רעדען.

מיט א הויכער, פעסטער שטים האָט ער אָנגעהויבען.

„איהר אונצופריעדענע! צו ערשט ווענד איך זיך נאָר צו די אונצופריעדענע אין דעם זאַל. פאר אייך האָב איך א בשורה צו ברענגען: עס וועט בעסער ווערען... אפשר באַלד, און אפשר אין א לאַנגער צייט שפּעטער — דאָס העננט אָב פון דער ארבייט און דער צאָהל פון די אונצופריעדענע.

„אָבער צווישען די, וועלכע וועלען דענקען, אז צו זיי רעד איך, מוז איך — כדי מיינע ווערטער זאָלען ניט געהן אויף א פּאלשען אדרעס — געניי ערקלעהרען וועלכע אונצופריעדענע איך מיין. זיכער מיין איך ניט יענע, וועלכע זיינען אונצופריע־דען דערמיט, וואָס מען הויבט אָן איבעראל צו טרייסלען די אלטע

צושטענדע. איך מיין אויך ניט יענע אונצופריעדענע, וועלכע דריקען אויס זייער צאָרן דורך זידלען־זיך און האַס — אַ מעטהאָדע, וואָס געהט פון דער אויפהעצערישער רעדע ביז צו דער באָמבע; און פונקט אזוי ווענינ מיין איך די יעניגע, וועלכע זיינען אונצופריעדען מיט זייער פריוואַטער לאַגע און ווינשען, אז בלויז די, אין די ראַהמען פון די בעשטעהענדע פערהעלטניסע, און מעגען אַנדערע פון דעם נאָך מעהר ליידען, זאָל פערבעסערט ווערען. ניין, ניט צו די, וועלכע ווילען, אז אלעס זאָל צוגעהן שטיל און רוהיג, אויך ניט צו די אַנאַרכיסטען פון טהאַט, אויך ניט צו די איינפאַכע ענגאָאיסטען רעד איך. איך רעד צו די, וועלכע זיינען פול מיט אַ הייליגען צאָרן געגען דעם אונגליק פון אלע אונטערדריקטע און פערפאַלגטע, און אַ הייליגען מוטה צו וועלען אָבשאַפען דאָס אונגליק, פאַר זיך און פאַר אַנדערע.

„אָבער בלויז מיט אזעלכע מיטלען, וועלכע זיינען פונקט אזוי ריין, ווי דער צוועק.

„נו, וועל איך אויסרעכענען די זאַכען, מיט וועלכע מיר זיינען און מוזען זיין אונצופריעדען, ווען עס זאָל ווירקליך אַ מאָל אַנדערש ווערען".

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ ווײַלע און האָט עטוואָס געענדערט זיין פריהערדיגע פּאָזע. דאַן האָט ער אָנגעפאַנגען מיט אַ עטוואָס פערענדערטען טאָן אויסרעכענען די זאַכען, מיט וועלכע דער מענש דאַרף אונצופריעדען זיין.

איינס נאָך דאָס אנדערע האָט ער אויסגערעכענט די אלע צושטענדע און אינסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען שולדיג אין די צרות פון דעם איצטיגען געזעלשאַפטס־לעבען. און צו יעדער פון זיינע אָנקלאַגען האָט ער צוגעגעבען אַ שילדערונג, כמעט אַן שרעצעהלונג. עס איז געווען, ווי אַ רייהע פאַרגעשטעלטע בילדער, פאַרטיגע און פול מיט לעבען: ארבייטער־עלענד, ערניעדערונג פון די פרויען, די מיסהאַנדלונג פון סאָלדאַטען, ראַסען־קעמפּפע, דער שיקזאַל פון די ארבייטסלאָזע, און נאָך אזעלכע טרויעריגע ערשיינונגען אין דער הערשענדער געזעלשאַפט.

„אַ געזעלשאַפט, — האָט ער ווייטער גערעדט — וועלכע איז אויפגעבויט אויף פריווילעגיען, וועלכע שטיצט זיך אויף

נעוואלט, און וועלכע איז דורכגעפּרעסען פון אונגערעכטיגקייט און אונוויסענהייט, א געזעלשאפט, וועלכע ווייס טהעאָרעטיש די אלטע שעהנע טוגענדען, נעמליך, גוטסקייט, גרויסמוטה, ליעבע צום נעבסטען, און זאָגאר ליעב האָבען דעם פיינד; זי ווייס אויך פון די געבאָטען: מאָרד ניט, זאָג ניט קיין ליעגען, זיי ניט מקנא; אָבער די אלע שעהנע זאכען זיינען נאָר דאָ אין די מאָראל־ביכער, אָבער אין דעם עפענטליכען לעבען, אין דער פּראַקטיק, קומט פאָר גראדע דאָס פערקעהרטע".

דער רעדנער האָט דערפיהלט, אזוי ווי א קאַלטער ווינד וואָלט א בלאָז געטהאָן אויף איהם. צי דאָס איז געוועזן דאָס שטילע מורמלען פון דעם פּאָליסמאַן, וואָס איז געוועזן אנוועזענד, אָדער דאָס מורמלען פון דעם אנוועזענדען עולם, קורץ, ער האָט דערפיהלט, אז א טהייל פון דעם עולם איז איהם אין גאנצען דאגעגען, כאָטש ער האָט עס נאָך ניט אויסגעדריקט. ער האָט געפיהלט, אז ווען ער זאָל איצט צוריקווייכען, איז ער פערלאָרען. א פיינדזעליגער עולם, וואָס קאָן ניט איבערצייגט ווערען, מוז געבונדען ווערען: און ער האָט געמאכט א טריט פאָרווערטס און מיט פעסטער ענטשלאָסענהייט האָט ער ווייטער גערעדט:

„איצט א וואָרט צו די צופריעדענע אין דעם זאַל. דאָס, וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט, ווייס איך, קאָן אייך ניט געפעלען. מיינע אָנקלאגען געגען דאָס עקזיסטירענדע קלינגען אין אייערע אויערען, ווי אן אויפרייצונג צו רעוואָלוציע, און דערביי וואָלט געקאָנט אומגעוואָרפען ווערען דאָס, וואָס מאכט אייך צופריעדען: אייער שטעלונג אין דער געזעלשאפט, אייער רייכטהום, קאריערע... דארום מוז געשמיעדט ווערען אין קייטען דער אויפרייצער, דער פריעדען־שטערער.

„צופריעדענע, מיינע ברידער — מיר זיינען דאָ אלע ברידער — איהר פערגעסט, דאָס איהר האָט צו דאנקען דעם פריעדען־שטערער פון די פריהערינע צייטען פאר אייער היינטיגע בעקוועמליכקייט, פאר אייער איצטיגע זיכערהייט און פרייהייט, אזוי פיעל אָדער אזוי ווענינ, וויפיעל איהר בעזיצט פון דער גאנצער היינטיגער קולטור. וואָלטען די אלטע צושטענדע קיין מאָל ניט געהאט זייערע אָנקלעגער, וואָלטען די נייע קיין מאָל

ניט געהאט זייערע פערטהיידיגער, וואָלט אָט דער גאַנצער עולם איצט אפשר געווען פערזאמעלט ארום אן „אוטאָ־דאַ־פע“ (אַ פערברענונג פון אַ מענשען פאַר זיינע אפיקורסות), אָדער אפשר גאַר אין יענער צייט, ווען דער מענש האָט געגריזשעט אַ ביין אין אַ דונקעלער הייהל... עס זעהט נאָר אויס, אלס אַ פערלוסט, ווען אן אלטע אָרדנונג, צו וועלכער מען האָט זיך צוגעוועהנט, מאַכט פלאַץ פאר א נייער. אזוי האָבען די ריטער געמוזט אויפ־געבען זייערע פעסטונגען, און אלעס אנדערע, וואָס איז זיי געווען ליעב און טייער, אָבער ווער פון זייערע יורשים לעבט איצט ניט בעסער אין זייערע ניט פערטהיידיגטע לאַנד־הייזער? ווער קאָן ניט בעקוועמער זיך פערשאַפען די נויטיגע זאַכען, איינקויפענדיג זיי אין קראָם, איידער דורך אן איבערפאַל אויף רייזענדע סוחרים? עס איז ניטאָ קיין אונגליק אָדער שמערץ, כאָטש אזעלכער מעג זיין נוצליך פאר דעם אָדער יענעם, וועמענס אָב־שאַפונג זאָל ניט זיין פון גרעסערע נוצען אפילו פאר די, וועלכע האָבען פון איהם יא געהאַט א גרויסען נוצען.

„דערפאר קיין מאָל ניט מיעד ווערען אין דער בעקעמפפונג פון אן אינסטיטוציע, וועלכע ווערט אנערקענט אלס אן איבעל. קיין מאָל ניט צוריקווייכען, אויס ריקזיכט פאר איהרע טרעגער און דיענער. מען טאָר ניט לאָזען בעשטעהן די שקלאַפעריי צוליעב דעם פראָפיט פון די שקלאַפען־הענדלער, אָדער אויפ־האַלטען די פייניגונג־סיסטעם, ווייל די פייניגער מאַכען דערביי זייער לעבען. מען מוז זיין ריקזיכטסלאָז. דאָס איז די נויט־ווענדיגע בעדינגונג פון יעדער טהאַט.. ווען מען וויל ראַטעווען איינעם, וואָס טרינקט זיך, שלעפט מען איהם ארויס פון וואַסער ביי די האָר, פון ברענענדע הייזער ווארפט מען ארויס מענשען מיט געוואַלד אין די פון אונטען אויסגעשפרייטע נעצען, און די פערבלענדעטע, צופריעדענע מוז מען מיט שווערע, רויהע ווער־טער ארויסרייסען פון די צושטענדע, אין וועלכע, זיי מיינען, אז עס איז זיי וואויל און גוט, אויב מען מיינט ערנסט מיט זייער בעפרייאונג. בעפרייען, ערלייזען — דאָס זיינען ניט אויפגאַבען, וועלכע מען קאָן אויספיהרען מיט דער צושטרויאונג פון בלומען, גאַר מען מוז — און דערביי האָט ער געמאַכט אַ טריט פאָר־

ווערטס און האָט עס ארויסגערעדט מיט א הויכער שטימע — מען מוז צוברעכען די קייטען מיט געזונדע קלעפּ, מיט דעם בראוו־געשוואונגענעם שפּיעז טוידטען די חיה רעה און מיט א צאָרן־געשוואונגענעם בייטש אויסקעהרען און ריין מאכען דעם טעמפּעל".

דער עולם האָט שטארק אפּלאָדירט די לעצטע ווערטער. רודאָלף האָט זיך דערביי געפיהלט זעהר אונאָנגענעהם און איז רויט געוואָרען. דער דאָזיגער אפּלאָוז האָט איהם אויסגעזעהן, ווי א ביליגער טהעאטער־עפעקט. ער האָט גערעדט פון קלעפּ, פון חיות רעות, פון בייטשען, און דערביי האָט ער גערעדט מיט אזא הויכער שטימע, אז דער עולם האָט איהם פאר דעם אָבגע־דאנקט, ווי ער טהוט עס מיט א טענאָר, ווען ער נעהמט אָן און דערגרייכט דעם הויכען „סי".

עס האָט נאָר געפעהלט, אז ער זאָל זיך העפליך פערבויגען. דאָס האָט ער ניט געטהאָן. ער איז אויף א ווײַלע געבליבען שטעהען מיט א מינע פון פערדרוס אויף זיין פּנים. דאָן האָט ער ווידער אָנגעפאנגען, מאכענדיג צופאָר א בעוועגונג מיט דער האנד, וואָס האָט געמיינט, אז דער עולם זאָל זיך פערהאַל־טען רוהיג.

„עס זעהט מיר אויס, דאָס איך בין גאנץ שלעכט פערשטאַ־נען געוואָרען. די האק, דער שפּיעז און די בייטש, וועלכע האָ־בען מיר געבראכט דעם אפּלאָוז, די האָב איך נאָר בילדליך גע־מיינט. איך שטעה דאָ, אום צו רעדען געגען די רויהע גע־וואלט, אָבער פאר דעם וואָרט אליין, פאר דער וואפע פון דעם געפיהל און דער אידעע, האָב איך געוואָלט ארויסברענגען דאָס רעכט, אז ער מעג זיין שארף און שטארק, און אז ער דארף גע־ברויכט ווערען קרעפטיג און אונערשראָקען, ווי מען האָט א מאָל געברויכט האק, שפּיעז און בייטש. די זאכען, וועלכע איך וויל זעהן אָבגעשאפט, האָב איך אויך נאָר געמיינט אין בילדליכען זין. די קייטען, אין וועלכע מיר זיינען געשמיעדט, זיינען ניט פון אייזען, און די חיה רעה האָט ניט קיין פעל און ניט אויף שטיינערנע זיילען שטיצען זיך די טעמפּלען, וועגען וועלכע איך האָב גערעדט. איך מוז מיך מאכען דייטליכער"...

און אין א רוהיגען טאָן האָט ער אָנגעפאַנגען צו ערקלעהרען, וועלכע, לויט זיין מיינונג, זיינען עס די קייטען, מיט וועלכע מיר זיינען אלע געבונדען און ווי מיר קאָנען פון זיי פּטור ווערען. וואָס ער שטעלט זיך פאָר אונטער דעם העברערען טעמפּעל, וועלכען די וואַכּערניקעס פערשוועכען, און ווי מען מוז דיעזע ארויסיאָגען, און ענדליך, ווער עס איז די חיה רעה, וועלכע מאַכט אַן אזא חורבן אין דער וועלט און וואָס עס איז די טהאַט, דורך וועלכער מען זאָל קאָנען טוידט שלאָגען דעם מאָנסטער.

„יעדער מאַן ווערט געבאָרען אַלס שקלאַף. ער מוז דיענען, צו ער וויל צו ניט. ער מוז דורכמאַכען א געוויסען עקזאמען, אויב ער וויל ניט זיין אונטער מיליטער צוואנג דריי יאָהר, נור בלויז איינעם. און וועהרענד ער דיענט דאָס איין יאָהר הייסט ער נור כלומרשט פריינוויליגער, פון פריי־וויליגקייט און זעלבסטבעשטימונג זעהט מען אָבער גאנץ וועניג אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. די לייב־אייגענשאַפט איז אמת אָבגעשאַפט, אָבער מיינט עס ניט זיין צוגעבונדען צו א געוויסער שטיקעל ערד, ווען מען קען ניט אוועקפאָהרען וואוהין מען וויל און אויף וויפיעל צייט מען וויל, און ניט בלייבען דערביי קיין דעזערטירער, קיין אנטלאָפענער? איז איינער ווירקליך פריי, ווען איינער שלעפּט הינטער זיך די קאַטאָרזשנע קייט פון אָרעמקייט? ווי צוברעכט מען אָט די אלע קייטען? דורך די לייזונג פון דער סאָציאלער פראגע. האָט ער א פאַרטיגע לייזונג? ניין, אזוי פיעל נארישע חוצפּה וועט מען איהם ניט צוטרויען. ער וויל נור דאָס זאָגען: די סאָציאלע פראגע מוז אימער, אונערמיעדליך און עהרליך שטודירט ווערען. עס מוזען געמאַכט ווערען אַלערליי עקספּערימענטען אזוי לאנג, ביז מען וועט ענדליך געפינען די לייזונג. דער העברעער טעמפּעל, דאָס איז די נאַטור, דאָס איז דאָס לעבען גופא. ביידע זיינען אזוי פול מיט שעהנקייט מיט געהיימניסע און מיט אוצרות. דאָס לעבען מיט זיין אָנגעבאָרענע לוסט, מיט לעבענס־פרייד, און דאָס אלעס הייליגסטע דערצו — די ליעבע. די נאַטור אין איהר אייביגקייט און אונענדליכקייט, אין איהר אַלמעכטיגקייט, איהרע אייביגע ווירקענדע געזעצע און שטענ־

דיגע ענטוויקלונג — און ווי אזוי ווערט אָט דער טעמפּעל — די נאטור און דאָס לעבען — געשענדעט דורך אַלערליי ליגענס און שווינדעל וואָס ווערען אין איהם געטריבען! אוועק דער־מיט. און אום איהם ריין צו מאַכען דארף מען נור דעם אמת און די וואהרהאפטיגקייט. אין אנדערע ווערטער: די אָפּענ־בארונגען פון דער וויסענשאפט מוזען ווערען דער געזעץ פון לעבען; דאָס אייביגע פאַרשען און די מוטהיגע פערקינדיגונג פון די רעזולטאטען פון פאַרשונג דארף ווערען אונ־זער גאָטעס־דיענסט, און די אונשולדיגע פערגעניגענס פון לעבען דארפען ערהויבען ווערען צו דער מדרגה פון רעליגיאָן. פארגעניגענס, אויף וועלכע אַלע האָבען א גלייכע רעכט. דאָס האָבען די קירכען זעהר גוט פערשטאנען, צוזאָגענדיג אַלעמען די זעלבע פערגעניגענס, אָבער ערשט אויף יענער וועלט. מיר ווילען עס פאר אלעמען גלייך אויף דער ערד. עס זאָלען ניט מעהר זיין קיין אָרימע, קיין ערנידריגטע. די ערד איז פרוכט־באר גענוג, אז קיינער זאָל ניט דארפען הונגערען, און נידריג דארף ניט הייסען קיינער, וועלכער דענקט ניט נידעריג.

„און איצט וועגען דער בייזער חיה“.

רודאָלף האָט זיך אָבגערוהט א ווייל אום צוזאמענצו־נעהמען זיינע געדאנקען. ער האָט געוואָלט איצט פאַרברייגען דאָס, וואָס האָט אָם טיעפּסטען געברענט איהם אין הארצען, און וועגען וואָס ער האָט געוואוסט דאָס עס שטאמט פון אן אויפפאסונג, וועלכע איז זעהר ווייט פון ניין־צעהנטעל פון די איצטיגע מענשען. פאר איהם איז די חיה רעה געווען דאָס, וואָס די מייסטע מענשען פארגעטערען.

מארטהא איז בעפאלען געוואָרען פון א שטילע אנגסט. זי האָט געזעהן קומען דאָס, וואָס איהר זוהן האָט געוואָלט זאָגען, און זי האָט געציטערט, אז די מייסטע אנוועזענדע זאָלען עס ניט אויפנעהמען אלס א בעליידיגונג. אין די פאר־קעט־רייהען האָט מען געזעהן פיעלע מיליטער־מענשען, און זי האָט געזאָגט צו איהר שכן גראף קאלנאָס, גאנץ שטיל —

— אך, קאלנאָס, איך האָב אזוי מורא...

— איך פארשטעה אייך — האָט ער איהר געענטפערט —

אָבער נור ניט פערצוויפעלט. דאָרט אויבען שטעהט א קעמפּ־
פער. ער טהוט און זאָגט, וואָס ער מוז.

„פריינד, געגנער און גלייכגילטיגע, גליקליכע און אונ־
גליקליכע, מענער און פרויען רייכע און אָרעמע, סאָלדאטען
און בירגער, אריסטאָקראטען און ארבייטער — די חיה רעה
פון וועלכע איך האָב גערעדט, איז ניט נור מיינע, נור אונ־
זער אלעמענס שונא. און זיין נאָמען איז געוואלט. אָבער דער
דאָזיגער שונא ווערט ניט אנערקענט אלס א מאָנסטער, א פער־
ניכטענדער, און אונגליק־ברייננגענדער, וואָס דארף בעקעמפּפט
ווערען; ניט אלס חיה רעה ווערט די געוואלט אנערקענט, נור
מען האלט איהר גאָר אלס די געזעצליכע הויך־געשעצטע הער־
שערין. געוואלט ווערט בעטראכט אלס דער פונדאמענט פון
דער אָרדנונג, אלס א שיצונג געגען אלערליי געפאהרען. זי איז
עס די, וועלכע טהיילט אוים איהרע ליעבלינגע די העכסטע
עהרען, און זי וואכט עס איבער דעם, אז גערעכטיגקייט זאָל
געשעהן. דער גלאנץ און דער שטאָלץ פון נאציאָנען שטיצט זיך
אויף דער מאכט, וואָס איז געזיכערט דורך געוואלט. געוואלד־
טהאטען רופט מען גרויסטהאטען; אום צו דערגרייכען טשי־
נען און כבוד, אום צו עראָבערען די העכסטע גיטער און אום
ארויסצואווייזען דעם געפיהל פון פליכט און מוטה איז דער
מיטעל דערצו — טוידטען.

און די סיסטעם איז אזוי איינגעוואָרצעלט אין אלע אונ־
זערע אינסטיטוציאָנען, אין דער ערציהונג, אז די מייסטע פון
אונז לעבען און שטארבען גאנץ אונבעוואוסט אין דיענסט אָט
צו דער חיה רעה, און האָבען קיין מאָל ניט די געלעגענהייט
אריינצוקוקען אין די אויגען פון אָט דער בלוט־טריפענדער
חיה.

די יעניגע וועלכע דערקענען דעם מאָנסטער אין זיין
גאנצער שרעקליכקייט, די ווערען דורכגענומען פון א טיעפען
שוידער און שמערץ... טויטען, טויטען, טויטען... ווען מען
פארטיעפט זיך נור אין דעם זין פון דעם וואָרט, און מען לאָזט
אביסעל די פאנטאזיע זיך פאנאנדערשפּיעלען און מען שטעלט
זיך פאָר, ווי מען בוירט אריין דאָס אייזען אין די ברוסט פון

א ברודער, אָדער אז ער זאָל אָבגעהן מיט בלוט אונטער אייער האק און ווען מען זעהט, אַלס לעצטען שלוס פון דער ציוויליזאציע, דיזעם שלאַכט־מעסער, וואָס מען רופט מיט דעם הויךקלינגענדען נאָמען „שווערד“, הערשענדיג אין זיין גאנצער מאכט, דאַן ווערט מען ארומגעכאפּט פון א פייער, וועלכער שרייט אוים אין אייך : דער מאָנסטער מוז בעזיעגט ווערען !“

ווידער האָט אויסגעבראָכען א שטארקער אפּלאָז.

שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ האָט רודאָלף פאָרטגעזעצט :

„ווען איך, אין דער היציגקייט פון מיין געפיהל, געברויך שטארקע ווערטער, דאַן בעלוינט איהר מיך מיט אייער בראוואָ. אָבער איך מוז עס אייך גלייך זאָגען, אז פאר די בעקעמפּפונג פון געוואַלט דענק איך ניט פון דעם געברויך פון מעהר געוואַלט. אזוי לאַנג, ווי מען דענקט צו קענען בעקעמפּפען דאָס בייז מיט בייזען, ווערט ניט צובראָכען דער געוואַלטרינג, וועלכער האַלט אונז ארומגענומען מיט צוואַנגען.

דער גאנג פון דער קולטור בעשטעהט אין דעם, וואָס געוואַלט מאכט פּלאַץ פאר דאָס רעכט. אמת, מיר זיינען נאָך ניט ווייט אויף דעם וועג. אָבער יעדענפאַל וועט די מענשהייט זיך ווייטער בעוועגען אין דער ריכטונג ביז זי וועט ארייננטרעטען אין די אָהן־געוואַלט־עפּאָכע, אין די צייט אָהן קריעג. וואָס מיר קענען טהאָן, איז צו פערזיכערען דיזע ענטוויקלונג. אָבער יעדער ברוטאַלער מיטעל : אויפשטאנד, אטענטאנט, פערפאָלגונג — דאָס דערגרייכט ניט זיין צוועק, און פארציהט נאָך דעם גאנג פון דער קולטור.

איך פערדיג ניט קיין רעוואָלוציע — איך זאָג ניט צום עולם : געה און פארניכט דאָס אָדער יענעס, ווייל איך וויים, דאָס מיר קענען ניט ארויסגעהן דירעקט פון אָט דעם זאל, א קליין הייפעלע, ווי מיר זיינען, אפילו ווען מיר וואָלטען עס געהאט בדעה — וואָס מיר זיינען עס ניט — אום היינט אבענד נאָך אָדער מאָרגען פריה מיטצורייסען די גלייכגילטיגע מאססע פון דרויסען צו בעקעהרען אלע אונזערע געגנער, און אומצושטויסען אינסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען שוין

אלט טויזענדער יאָהרען. איך זאָג נור דאָס, די אונצופריעדענע צום טרייסט און די צופריעדענע אלס ווארנונג:

די ענדערונג קומט שוין איצט פאָר!"

און פונקט ווי ער האָט אין אָנפאנג פון זיין רעדע אויס־גערעכענט אלע צושטענדע פון וועלכע די מענשען ווערען אזוי געדריקט און געפייניגט, אזוי האָט ער איצט אָנגערופען ביין נאָמען די פערשיעדענע בעוועגונגען און אָרגאניזאציאָנען, וועל־כע ארבייטען שוין פאר א גליקליכערע און גערעכטערע צו־קונפט. און צו די אָרגאניזאציאָנען, וואָס מען זעהט, האָט ער אויך צוגערעכענט די אונזיכטבארע שטימונגען, דעם צייטנייסט, דורך וועלכען עס ווערט אָנגעזאָגט דאָס קומען פון א העכערע סאָציאלע אָרדנונג.

„נאָך עטוואָס צום שלום. איך האָב גערעדט פון אחדות, סאָלידאריטעט, וואוילשטאנד, פריעדען, פרייהייט און האָב נע־וויזען ווי פיעלע שפּראָצונגען פון דעם זיינען שוין דאָ און פון וועלכע עס וועט ענדליך ארויסוואַקסען דער גאָרטען פון דעם קומענדען פאראדיז. און איך ווייס גאנץ גוט ווי עס וועלען חוזק מאכען פון מיר גאָר פיעלע חכמים, און זיי וועלען זאָ־גען: אָה, דער נאאיווער נאר, ער זעהט ניט ווי די פראקטישע וועלט איז אזוי געבויט אז איינער זאָל זיין געגען דעם אנדערען. ער זעהט ניט, אין וועלכען ווילדען קאמפף עס געפינען זיך די פערשיעדענע אינטערעסען. ער הערט ניט דעם ליארם פון די פארשיעדענע פארטיי־מחלוקות, פון דעם קלאסען־האס, פון די ראסען־פערפאָלגונגען. ער ווייסט ניט, ווי די גייסטער פון איצט זיינען פארטיעפט אין דעם אלטען און נייעם אָבערגלויבען — אָה, דער בלינדער, טויבער טרוימער!

„אויף דאָס וועל איך ענטפערען:

דאָס אלעס זעהען מיר און הערען נאָך צו דייטליך — מיר, וועלכע זאָגען נביאות אויף א שעהנערער צוקונפט. מיר זעהען און הערען זאָגאר נאָך שארפער, ווי די אנדערע,ווייל אונטער די אלטע פלאנצונגען זעהען מיר אויך די בלאס־גרינע קעפע־לעך פון די קומענדע בלומען. דורך דעם משוגענעם ליארם פון

היינט פארנעהמען מיר שוין דעם ווייטען טריאומף־רוף פון מאָרגען...

אלם לעצטעם וואָרט ווידערהאָל איך אלזאָ מיט דער טיעפ־סטער איבערצייגונג מיין ערשטעס וואָרט: עס ווערט בעסער.

אָבער מיר מוזען דערצו מיטהעלפען.

דער פאָרטראג איז געוועזען צו ענדע. אין זאל האָבען די מענשען געפּאטשט בראוואָ ניט צו שטארק, און דער עולם האָט זיך געשטופּט צו דער טהיר.

רודאָלף איז געשטאנען אין קינסטלער־צימער, וואו איי־ניגע פריינד האָבען איהם גראטולירט מיט זיין רעדע. שאָקלענ־דיג מיט'ן קאָפּ האָט ער זיך געווערט געגען די קאָמפּלימענטען. ער האָט זיך געפיהלט שטארק אונבעפריעדיגט און זעהר אָב־געשפּאנט.



# זעקס און צוואנציגסטער קאפיטעל.

רודאלף איז פון דער פערזאמלונג אוועקגעפאהרען דירעקט צו זיך אהיים, ניט אויסרעדענדיג א ווארט מיט זיין מוטער. ער האט שטארק געוואלט בלייבען אליין און אויסרוהען זיך.

די גאנצע פאסירונג האט איהם אויפגערעגט פיעל שטארקער, ווי ער האט עס זיך פארגעשטעלט. ווען ער איז ארויס רעדען, איז ער געווען גאנץ רוהיג. אבער אין דער צייט, ווען ער האט גערעדט, זיינען פאר איהם צוויי זאכען קלאהר געווארען: ערשטענס, דאס עס פעהלט איהם די מאכט צו זאגען אלעס אזוי, ווי ער וויל, און צווייטענס אז דאס וואס ער האט געזאגט, איז טהיילווייז געבליבען אונפערשטאנען און טהיילווייז איז עס אויפגענומען געווארען, אמת שטיל, אבער דאך מיט פיינדליכקייט, מיט א געפיהל פון געגנערשאפט, וועלכע ער האט ניט געקאנט בעקעמפפען. און דאס האט ארויסגערופען ביי איהם אן אויפרעגונג, וועלכע איז פאר איהם געווען העכסט שמערצליך.

אין בעט האט ער זיך געווארפען פון איין זייט אויף די אנדערע און ניט געקאנט בשום אופן איינשלאפען. ער האט פרובירט זיך דערמאנען, וואס ער האט געזאגט, און האט עס גע־האלטען אין איין קארעגירען: דאס און יענעס האט ער בע־דארפט זאגען. דערביי אבער האט ער אימער פארלארען דעם פאדים פון זיינע געדאנקען, און האט געמוזט אנהויבען פון דאס נייע.

ערשט ווען עס האט אנגעהויבען צו טאגען, איז ער אריינ־געפאלען אין א פיבערהאפטען שלאף, און ווען ער האט זיך אויפגעכאפט ארום א זייגער ניין, האט ער געפיהלט א שטאר־קען קאפ־וועהטאג. א קאלטע וואנע צו וועלכער ער איז גע־ווען צוגעוועהנט, האט איהם אבגעפרישט.

אויף דעם טיש האָט ער געפונען די צייטונגען. נאטירליך איז זיין ערשטער בליק געפאלען אויף די בעריכטען וועגען דער פאסירונג. עס האָט איהם ניט אינטערעסירט. אויב מען לויבט אָדער זידעלט איהם, נור אויב דער אינהאלט פון זיין רעדע איז איבערגעגעבען געוואָרען אין א גוטען אויסצוג; אויב זיין געדאנקען־גאנג איז ריכטיג פערשטאנען געוואָרען באַטש פון די צייטונגס־רעפּאָרטערס, אויב שוין ניט פון דעם אלגעמיינעם פובליקום.

דאָס איז ניט געווען דער פאל. איינצעלנע פראזען, ארויס־געריסען פון דעם גאנצען צוזאמענהאנג. עס זיינען אויך געווען גאנץ פערקריפּעלטע ציטאטען און א פירוש צו דעם — א שטי־קעל לויב אָבער מיט דער בעהאלטענער אָנדייטונג, אז דאָ האָט מען צו טהאָן מיט א גוט־מיינענדען אידעאליסט, וועלכער קען אָבער ניט די רויהעווירקליכקייטען פון לעבען און אין די אלע פראזען האָט דער וואָרט אידעאליזם געהאט די זעלבע בע־דייטונג ווי נארישקייט.

נור איין צייטונג האָט געבראכט א ריכטיגען אויסצוג פון זיין רעדע, אין וועלכען עס זיינען איבערגעגעבען געוואָרען איה־רע וויכטיגסטע פונקטען און האָט איהם צוגערופען א בעגייס־טערטען גליקוואונש.

ביי די צייטונגען איז געלעגען א קליין בריוועל אין דער געוויסער פארשטעלטער האנדשריפט פון דער אונבעקאנטער. ער איז געווען געשריבען נאָך לעצטען אבענד און זיך געלייענט ווי פאָלגט:

„איך בין בעגייסטערט. ווען איהר האָט בעטרעטען די פּלאטפאָרם האָב איך געפיהלט, אזוי ווי דער זאל וואָלט זיך געדרעהט ארום מיר. אלע לאָמפּען האָבען געטאנצט — איך בין דאן אריינגעבראכט געוואָרען אין א גאנץ אנדער וועלט. דאָ איז געשטאנען א מאַן, וועלכער האָט זיך ענטזאגט פון אלץ, און איז אריינגעטראָטען פול מיט בעגייסטערונג פאר אן איידעלע זאך, פאר די זאך פון דעם מענשליכען גליק. עס איז אלזאָ נאָך דאָ אמת'ע גרויסקייט אין דער וועלט. עס זיינען נאָך דאָ מענשען, וועלכע שטעהען אזוי הויך איבער

די גרויסע מאסען, און דערביי איז ער אזוי קראפט־פול, און איז אזוי בעצויבערענד. רודאָלף דאצקי, איך דאַנק אייך, וואָס איהר האָט פאַר מיר ענטפלעקט דאָס, וואָס מאכט דאָס לעבען ווערטהפול און איידעל. איך דאנק אייך, וואָס איהר זייט רודאָלף דאצקי."

דער בריוועלע, ווי די אלע פריהעריגע, זיינען געווען אָהן אן אונטערשריפט.

רודאָלף איז נאָך ניט געווען פערטיג מיט דער גאנצער אָנ־געקומענער פּאָסט, ווען זיין מוטער איז צו איהם געקומען. ער איז אויפגעשפּרונגען און איז איהר געלאָפען אנטקעגען.

— שטער איך דיר, ליבעס קינד?... דו האָסט זיך נעכטען פון מיר אָבגעג'גנב'עט — און איך מוז דאָך מיט דיר רעדען אי־בער דיין פּאָרטראַג.

— עס איז אמת, איך בין נעכטען אנטלאָפען. איך בין געווען אזוי אונצופריעדען מיט מיר און די אנדערע... איך בעט דיך, זעץ זיך. דאָ זיינען די צייטונגען... זיי זיינען אויך ניט צופריעדען.

— האָב זיי שוין געלייענט און מיך גוט געערגערט. די האָבען דיך ניט פערשטאַנען.

— און דו, וואָס פאַר אן איינדרוק האָט עס אויף דיך געמאכט?

— לאָך ניט פון מיר, אָבער איך בין געווען אזוי שטארק „די מוטער פון דעם דעבוטאנט", ד. ה., איך בין געווען אזוי שטארק אויפגעטרייסעלט פון דעם לאָמפּען־פיבער, דאָס איך האָב גאָר ניט געקענט פאסען א רוהיגען, בעשטימטען אורטייל.

— אלזאָ זאָגאר פאַר דיר איז דער ארעמער טייפעל, וואָס איז געשטאַנען דאָרט אויף דער פּלאַטפאָרמע, און וועלכער איז דאָך דאָרט געשטאַנען צוליעב ד י י ן זאַך, און דאָך איז ער געווען — ווי זאָל איך עס זאָגען? — בלויז א קאָנצערט־רעדנער? אלס אזעלכער בין איך געוויס קיין ערפאָלג ניט געווען, דאָס האָב איך גלייך געפיהלט.

— ניין. קיין קאָנצערט־רעדנער, א קעמפּפער איז דאָרט

נעשטאַנען. אזוי האָט זיך קאָלנאַס אויסגעדריקט. דער האָט דיך פערשטאַנען.

— יע, יע, מען ווערט אימער נור ריכטיג פערשטאַנען פון אַזעלכע, וועלכע זיינען פון אַ גלייכער מיינונג נאָך פאַר דעם פאָרטראַג. אָבער צו בעגייסטערען די אַנדערע, און דאָס איז דאָך דאָס וויכטיגסטע...

— בעגייסטערען? איך מיין, אַז דאָס וויכטיגסטע איז צו איבערצייגען, און אויך דאָס איז אַ זעהר שווערע זאַך, וואָס קען ניט געלינגען מיט איין מאָל. עס איז שוין פיעל אויפגעטהאָן, ווען עס געלינגט צו פאַרשטאַרקען אין זייערע איבערצייגונגען די גלייכגעזינטע. דארום וואָלט איך ליעבער געזעהען ווען דו וואָלסט זיך אָבגעגעבען אין דער דיענסט פון אַ בעשטימטער בעוועגונג, די בעוועגונג, וועלכע אין מיינע רוי־טע־טאָג־ביכלאך...

— דו מיינסט, ווען איך וואָלט, אַלס מיטארבייטער און רעדנער, זיך בעטהייליגט אין די פריעדענס־קאָנגרעסען?

— נו, געוויס. דאָרט וואָלסטו געקאָנט פאַרשטאַרקען די גלייכגעזינטע און אויך ווירקען אויף די אויסערע־וועלט, ווען דו וואָלסט זיך אָבגעגעבען בלויז צו אַ בעשטימטען געביט. דאָס אַלעס־ארומכאַפּענדע פערליערט זיך אין דער ווייטקייט. דו ווילסט דאָך אויפטרעטען אַלס לעהרער? נו, טו רעכען זיך מיט די שוואַכע קעפּ פון דיינע שילער, און רעד צו זיי פון בלויז איין זאַך ביי יעדען לעסאָן. פּרוביר ניט, איבערהויפּט מענשען, וועלכע קענען ניט דעם „אלף־בית“, צו מאַכען אין איין לעהר־שטונדע פאַר גרויסע געלעהרטע און פילאָזאָפען.

רודאָלף האָט געשאָקעלט שמייכלענדיג מיט׳ן קאָפּ.

— דיין קריטיק, ליעבע מוטער, איז נאָך פיעל שטרענגער, ווי די קריטיק פון די צייטונגס־רעפּאָרטערס.

אין די נעכסטע טעג האָט רודאָלף ערהאַלטען נאָך איינינע בריעף פון זיין געהיימער בעוואונדערין. דערצו נאָך אַנדערע בריעף פון פערשיעדענע ענטציקטע צוהערערינס, וועלכע האָבען איהם געבעטען, — פונקט ווי דאָס איז דער פאַל ביי אַק־טיאָרען און זינגער — ער זאָל זיי צושיקען זיין בילד מיט זיין

אונטערשריפט, און אנדערע האבען איהם זאגאר אנגעטמוט צו טרעפען זיך מיט זיי. דאן זיינען אנגעקומען אנפראגען פון פערשיעדענע פעראיינען, אויב ער וועט זיין אזוי גוט און האלטען ביי זיי א פארטראג אין פערלויף פון דעם ווינטער־סעזאן.

אויף די לעצטע אויפפאדערונג האט ער גלייך געשיקט אן איינשטימענדען ענטפער. חאטש די ערשטע פראבע האט איבערגעלאזען ביי איהם אזא ביטערען געשמאק, דאך האט ער געפיהלט א גרויסען חשק ווידער און ווידער צו רעדען צום פאלק איבער דעם, וואס ער האט געדענקט און געפיהלט. אפשר וועט ער דורך דאס שטענדיגע רעדען און פרעדיגען דאך קענען אויספיהרען, אז די צאל פון די, וואס זאלען ערקענען די וואהרהייט, זאל זיך פארמעהרען, און וועלכע וועלען אויף אזא אופן העלפען צו פארגיכערען דאס אנקומען פון דער ליכטי־גערער צייט. און אויב עס איז א קונסט דורך דאס גערעדטע ווארט צו איבערציינגען, צו טרייסטען, אויפצוטרייסלען, היג־צורייסען, נו וועט ער דורך פליים און פראקטיק, צוויי זאכען, וואס זיינען נויטיג פאר יעדער קונסט, אפשר דערגרייכען צו ווערען א מייסטער אין רעדען. ער וועט דאן ווערען א הער־שער, אום צו קענען דאס בעסער דינען. ווארים פאר איהם איז נור געוועזען די פראגע, ווי ער קען אם בעסטען דינען דער זאך, און ווי ער קען ערפילען די געבאטען פון זיין גע־וויסען. דערצו האט אין איהם אויפגעוואכט א גרויסע קאמפף־לוסט, א שטארקער דראנג ארויסצורייסען די מאסקע פון יע־דער צבוע'קישער נידערטראכט; א דראנג צו שליידערען דער געזעלשאפט אין פנים וויפיעל שרעקליך שלעכטעס און נארישעס עס איז דא אין די מענשען און זאכען, וועלכע זי, די געזעל־שאפט, שטעלט אזוי הויך. אמת, אז די געזעצע זיינען אזוי בעשאפען, אז איינער קאן ניט זאגען אלעס, וואס ער דענקט. מאנכע מענשען און זאכען זיינען גוט געשיצט פון די געזעצע, אז מען זאל זיי ניט קענען מאכען אזוי פערעכטליך, ווי זיי פארדינען עס, חאטש די געזעצע פארוועהרען זיי ניט צו זיין און צו האנדלען שענדליך און פערעכטליך.

רודאָלף'ס אויפטרעטען אַלס רעדנער האָט יעדענפאַלס ניט געמאַכט אין וויען דעם מינדעסטען אויפזעהען, וואָס זיינע פריינד און ער אַליין האָבען ערוואַרט. וואָרים, ניט אַכטענדיג שוין אויף דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט מען דאָך געמאָגט ערוואַרטען, אז אָס, וואָס אַ מאַן אין זיין שטעלונג האָט אַזוי געהאַנדעלט, וועט אַרויסרופען אַ געוויסע סענזאַציע אוז דאָס האַט עס ניט פּאַסירט. ניינציג הונדערטעל פון דער בעפעלקערונג האָבען פון דער גאַנצער מעשה גאָרניט געהערט, און דער קליינער פּראָצענט מענשען, וועלכער איז יאָ געוועזען ביים פּאָרטראַג, אָדער האָט געלייענט וועגען איהם, איז אויך ניט איבעריגעס נתפּעל געוואָרען. נאַטירליך האָבען די אנוועזענדע דערצעהלט זייערע בעקאַנטע, אַז זיי זיינען געוועזען ביי אַזאַ און אַזאַ פּאָרטראַג, אָבער וואָס זיי האָבען געהערט וואָלטען נור די וועניגסטע פון זיי געקאָנט איבערגעבען, און די האָבען זיך באַנוגענט מיט בלויז אַ קורצען אורטהייל, און דאָס אָפט מיט אַזעלכען פון אויבען אַרונטער.

דורך אַ צופאַל האָט רודאָלף זיך צוגעהערט צו אַ געשפּרעך איבער זיין פּאָרטראַג. ער איז געוועזען אין דעם קאַפע-הויז, וואָס איז געוועזען מייסטענס בעזוכט פון ליטעראַטען און קינסטלער. ער איז אהין אַריין, אום נאָכצוזעהן אין אייניגע אויסלענדישע צייטונגען און האָט זיך געזעצט ביי'ן פענסטער. אַרום אַ טישעל דערביי, צו וועלכען ער איז געזעסען מיט'ן רוקען, זיינען געזעסען אַ פּאָר יונגע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען גערעדט איבער די סאַמע מאָדערנסטע ווערק.

נאָך אַ ווייל איז דער געשפּרעך שטיל געבליבען. דאַן האָט אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר ניינצעהן מיט דעם פּנים פון אַ פּראָש, געלאָזט פאַלען פאָלגענדע בעמערקונג:

— פאָריגען זונטאַג בין איך געוועזען אין מוזיק-פעראיין־זאַל —

— אַך, יע, דער דאָצקי — נו, ווי איז ער געוועזען?

— שרעקליכער קוואַטש. אַלטע פראַזען. דער סטיל פון אַ לייט-אַרטיקעל, דער קירכען-גייסט אין זשורנאַליסטישען דייטש. ער האָט אַרויסגעבראַכט שוין לאַנג פאַרגעסענע שטאַנד־

פונקטען. מינעס פון בענשען געפּאַרט מיט דעם שווערד־פּאַ־
כען פון דאָן־קיכאָט, און דער בעקאַנטער אידעאַליסטישער
קוואַטש: פּאָרטשריט, פרייהייט, מענשען־ליעבע, אַלגעמיינע
וואָהלשטאַנד, מיט איין וואָרט „יוקס“. דער גוטער מאַן האָט
קיין אהנונג ניט פון דער אומווערטהונג פון אַלע ווערטהע, ער
ווייס גאָרניט פון דעם איבערמענש, וועלכער פריהער פון אַלץ
מוז פאָלגען דעם געבאָט: ווער הארט! דער דאָצקי וועט שוין
ניט זיין קיין קעמפּפער. וואָס אייגענטליך, ער וויל, ווייס איך
ניט, ווייס ער מסתמא אַליין ניט. אַזויפיעל איז זיכער: פון
דעם ווייס ער גאָרניט, אַז דער איינציגער ציעל פון דעם מאַ־
דערנעם מענשען דאַרף זיין: צו זיין אַן אינדיווידואַליסט
און זיך אויסלעבען.

רודאָלף האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל דאָ טהאָן. זאָל
ער זיך אומדרעהען און זיך פאָרשטעלען פאַר דער געזעלשאַפט,
ברייגגען אין פערלעגענהייט די גרויסע אינדיווידואַליטעט וואָס
לעבט זיך אויס און ערקלערען פאַר זיי זיין שטאַנדפּונקט. איהם
האָט זיך עס זעהר געגלוסט צו טהאָן, ער איז אָבער בייגעקומען
דעם נסיון, און האָט זיך ווייטער צוגעהערט. מען האָט אויפ־
געהערט צו רעדען פון איהם, און מען איז פון דאָס געזאָגטע
אַריבער אויף ניטשע, און באַלד זיינען זיי ווידער געקומען אויף
זייערע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, וועגען אַ נייעם זשורנאַל
וואָס זיי האָבען געהאַט בדעה אַרויסצוגעבען.

דאָס האָט שוין רודאָלפען קנאַפּ־וואָס אינטערעסירט. ער
האָט באַצאָהלט און איז אַרויס. ער איז געגאַנגען איבער׳ן גאַס
שטאַרק פאַרטראַכט. וואָס ער האָט דאָ געהערט, האָט נאָך
גערוישט אין קאָפּ ביי איהם. בעזאָנדערס דאָס וואָרט בע־
קעמפּפען.

דורך וואָס ווערט דאָס בעקעמפּפען אַזוי שווער פאַר איי־
נעם? דורך דעם, וואָס די אַרבייט פון די, וועלכע ווילען עט־
וואָס בעקעמפּפען, ווערט געשטערט, נאָך איידער זי ווערט
אויסגעפיהרט פון אַזעלכע, וועלכע מיינען, אַז זייער אויפגאַבע
אין לעבען איז צו בעקעמפּפען די בעקעמפּפער. אַט אַזוי, למשל,

האָט זיך באמיהט א געוויסע נאַטוראַליסטישע שולע צו בע־קעמפפען דעם אידעאַליזם, וועלכער איז אזוי פאַלש און ליג־נעריש געוואָרען. און איידער די דאָזיגע שולע איז רעכט גוט אויסגעוואקסען, איידער זי האָט נאָך צייט געהאט צו שאַפפען איהרע מייסטער־ווערק, האָט שוין ארויסגעשפּראָצט א ראָמאַנ־טישע שולע, וועלכע האָט זיך גענומען פאַר די בעקעמפפונג פון דער נאַטוראַליסטישער. דאָס ערשטע, וואָס מאַנכע דערווייסען זיך וועגען א נייער טהעאָריע, איז דאָס, וואָס איז זי איז שוין גאָר ניט ניי, און דאָס זי איז שוין לאַנג צוריק ווידערלעגט און בעקעמפפט געוואָרען. די לעהרע ווערט פערבּרייטעט פיעל שפּעטער, ווי זי ווערט פעראַורטהיילט, און אָט איז דער גרויסער קאַמפּף, אָן וועלכען רודאָלף האָט זיך אָנגעשלאָסען, אום צו בעקעמפפען די טויזענד־יאָהריגע אַלטע אינסטיטוציאָנען פון מענשליכער אונפרייהייט — א קאַמפּף, וועלכער האָט זיך ערשט אָנגעהויבען, און וועלכער נויטיגט זיך אין דער אונערמידליבער, אָנשטרענגונג פון מעהרערע דורות — און אויך דער קאַמפּף ווערט שוין פאַרלאַכט און פאַרשפּאָטעט, אַלס אַלטער קוואַטש... ווירקליך, שלאַגווערטער ענדערען זיך אין דער איצטיגער צייט שנעלער, ווי היט־מאָדעס. מען טאָר זיך גאָר ניט זעהען לאָזען אין דעם קרייז פון דער מאָדערנער יוגענד מיט א פאַראיאָהרי־גען אידעאַל! מען קען ערשט דאַן מיט איהם ארויסקומען נאָך א רייהע פון יאָהרען, ווען די בעקעמפפער פון אידעאַל גע־הערען שוין אַליין צו די גייסטיג־אַלט־געוואָרענע. אין אַלץ א ראַשערען טעמפּאָ שפּיעלט זיך אָב דאָס דאָזיגע אהין־און־אהער, דאָס אַלט ווערען פון דאָס נייע, דאָס ניי־ווערען פון דאָס אַלטע, מיט דעם צולייג פון ווירקליך אזעלכע בעגריפע, וואָס זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען. מען וואָלט ווירקליך געקאָנט ווילד און משוגע ווערען, ווען עס וואָלטען ניט געווען א פּאָר פעסטע פונקטען, עטוואָס, וואָס ערשיינט אַלס דאָס אייביגע פעסטע אונטער דאָס אַלעס, וואָס קאָכט און שוימט און בע־וועגט זיך מיט אזא שנעלקייט. צום ביישפּיעל: רודאָלף האָט געזוכט דאָס אייביגע—ליעבע, גוטסקייט, ער האָט געמוזט ניט ווילענדיג שמייכלען: דאָ בין איך ווידער אין סאמע מי־

טען פון דער אידעאַליסטישער פלוידעריי, ווי דאָס האָט געזאָגט דער אינגעל אין קאַפע־הויז.

א פאַרבייגעהער האָט זיך אָנגעשטויסען אָן איהם. דאַן האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט בעמערקט, דאָס ער געפינט זיך פאַר דעם טויער פון דער הויז, אין וועלכען די פאַמיליע ראַנעגג האָט געלעבט, און איהם האָט זיך פאַרגלוסט אָבצושטאַטען א בעזוך דער פאַמיליע.

— איז די פרוי גרעפין צו הויז? — האָט ער געפרעגט ביי'ן פּאָרטער.

— זי איז דאָ — האָט געענטפערט דער דינער און האָט געגעבען דעם גלאָקענצייכען.

אויבען האָט איהם דער דינער אריינגעלאָזען און אָנגעמעלדעט גלייך אין זאַל. גרעפין ראַנעגג און איהרע טעכטער קאַיעטאַנע און קריסטינע זיינען געזעסען ארום א רונדען טיש, מיט א ברענענדיגען לאָמפּ אין מיטען. דער טיש איז געווען פול מיט אלערליי ארבייטס־קערב און מיט ביכער.

ווען רודאָלף איז אריין האָבען זיך אַלע דריי שטימען גלייך אויפגעהויבען צו בעגריסען איהם; עס האָט איהם אויס־געזעהען, אזוי ווי אונטער די אויסרופען: „אַה, איהר!“, „אַה, גראַף דאָצקי“, וואָלט ער אויך געהערט א שטילען פארשטיקטען אויסגעשריי. איז דען זיין בעזוך געווען אזא איבערראַשונג? ער פלעגט דאָך אָפט אריינקומען צו זיי אין הויז, און ער האָט אויך זעהר גוט געקאָנט דעם געמיטליכען רונדען טיש, ארום וועלכען עס פלעגען זיצען די ראַנעגג־דאַמען, בעשעפ־טיגט מיט האַנד־ארבייט אָדער מיט בריעף־שרייבען. איז ער דען איצט, זינט ער איז אויפגעטראָטען אלס רעדנער, אזא ווילדע בעשעפעניש געוואָרען, דאָס זיין ערשיינען דערשרעקט מענשען?

די גרעפין אָבער האָט מיט א בעשיינפערליכער פריינד־שאַפט איהם די האַנד דערלאַנגט.

— זעצט זיך לעבען אונז, העדר גראַף רודי. עס איז ווירקליך שעהן פון אייך, דאָס מיט אייערע נייע, גרויסאַר־טיגע — זי האָט געזוכט א וואָרט און ניט געקאָנט געפינען

קיין פּאַסענדען — הם, זאַכען, האָט איהר דאָך אייערע אַלטע פריינד ניט פאַרגעסען.

— אַך, מיינע גרויסאַרטיגע זאַכען — האָט רודאָלף גע־ענטפערט מיט אַ שמייכעל — וועלען דוקא פיעלע פון מיינע פריינד דערוויטערען פון מיר, אָבער, איך האָף, ניט פון אייך.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף קאַיעטאַנע און ער איז געווען ערשטוינט פון איהר בלאַסקייט, בלאַס ביז צו די ליפּען.

— איך בין געווען געשטערט, און האָב ניט געקענט קומען אייך הערען לעצטען זונטאַג, אָבער קאַיע איז דאָרט געווען מיט דער בלאַסקאָוויץ — זי איז געווען גאָר ענטציקט.

איצט איז דאָס פּנים פון דער מיידעל געוואָרען בלוט־רויט.

רודאָלף האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ענטציקט? דאָס וואָרט, ווי מיר זעהט אויס, פּאַסט זיך קוים. די פראַגע איז: זיינט איהר געווען איינפער־שטאַנען?

קאַיעטאַנע האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און גאַנץ שטיל האָט זי צוגעלעגט:

— נייע האָריזאָנטען האָבען זיך פאַר מיר געעפענט... עס איז געווען שעהן.

רודאָלף האָט אָנגענומען איהר האַנד.

— איך דאַנק אייך, גרעפין. דאָס איז דאָס ערשטע וואָרט פון בייפאַל, פון ליוב, וואָס פרעהט מיך. יאַ, וועגען דעם האַנדעלט זיך עס טאַקי: נייע האָריזאָנטען, די זאָל די געמיינדע זעהען, ווען דער פּרעדיגער רעדט פון דעם פּער־שפּראָכענעם לאַנד.

— פּרעדיגער — האָט זיך קריסטינע אַריינגעמישט — הערט נור, הערר גראַף, פאַר אַזוי היילּיג האַלטען איך ניט אַלע אייערע צוהערער. איך קען פיעלע, וועלכע רופען אייך מיט'ן נאָמען אַגיטאַטאָר.

— אַגיטאַטאָר, בעוועגער? דאָס איז אויך ניט קיין שלעכטער נאָמען. הלואי וואָלט איך נור געקענט די מענשען בעוועגען, אויפטרייסלען.

— האָט ניט קיין פּאַראיבעל אויף מיך — האָט די אַלטע גרעפין נעזאָגט — אָבער איך בין ניט קיין פריינד פון אויפ־טרייסלען.

— דאָס ווייס איך, עקסעלענץ.

איהר ווילט דערמיט זאָגען, דאָס איך בין אַזוי קאָנסערוואַ־טיוו, ווייל איך בין די פרוי פון אַ געהיימראַט? אָ, ניין, נור דערפאַר, ווייל עס איז דאָך ניט גוט, ווען דער באָדען, אויף וועלכען מען שטעהט, הייבט אָן ציטערען, און די זיילען, אויף וועלכע מען שפּאַרט זיך אָן, הייבען אָן צו שאָקלען זיך, ניט אמת?

— וואו עס שטעהט איצט דער רינג, דאָרט איז מיט פערציג יאָהר צוריק געוועזען אַ מיליטערישע פעסטונג. וואָלט קיינער ניט געטרייסעלט די מויערדיגע וועגד פון דער פעסטונג, וואָלט דאָ אייער שעהן הויז ניט געקאָנט אויפגעבויט ווערען.

— איז דאָס אָבער אַ גרונד, איך זאָל מיר איצט לאָזען צושטערען מיט מיין גוטען ווילען מיין שעהן הויז? דאָס קאָנט איהר דאָך ניט פערלאַנגען פון מיר?

— נון, דאָס קען איך ניט פערלאַנגען פון אייך. זעהט איך אָבער אויס ווירקליך אַזוי, אַזוי ווי איך וואָלט דאָס פער־לאַנגט? מערקווירדיג, ווי גרינג מען פערבייט עס די שטילע אויפבויער, וועלכע אויף דעם פּלאַץ פון דעם אַלטען צופוילטען מאַטעריאַל ווילען בויען נייעס, אויף די געוואַלט־טהעטיגע צושטערער. וואָס איך וויל ברענגען, איז אַ ביסעל מעהר ליכט, מעהר ליעבע.

— ענטשולדיגט, ליעבער דאָצקי, אָבער דאָס זיינען דאָך ניט קיין נייע זאַכען. האָבען מיר ניט ליכט גענוג און ליעבע גענוג אין אונזער רעליגיאָן? ווען די מענשען וואָלטען ווירק־ליך נור פרום געוועזען. אָבער ליידער זיינען זיי עס צו ווייניג פון דער נאַטור און דאַן ווערען זיי נאָך פאַרפיהרט און צומישט פון אַלערליי אויפקלעהרער.

— און דאָס מיינט איהר מיך?

— אַך, נור ניט קריעגען זיך! — האָט קריסטינע אויס־געשריען.

קאיעטאַנע האָט אַ זיפץ געטהאָן. פאַר איהר איז געווען זעהר שמערצליך די ריכטונג, וואָס דער געשפּרעך האָט אָנ־גענומען, און דאריבער האָט רודאָלף זיך צוגעאיילט אָנצוהייבען צו רעדען פון עטוואָס אנדערעס, און ער האָט געפרעגט ביי דער גרעפין, ווי געהט עס איהרע זיהן.

— אָה, זיי געהט עס אויסגעצייכענט. זיי האָבען גע־ענדיגט די קריעגס־שולע גלענצענד... און איינמאָל איז זי גע־בראַכט געוואָרען אויף דער טהעמאַ, האָט די גרעפין גאַר ווי אויפגעלעבט. פון די זיהן איהרע איז זי אריבער צו איהרע טעכטער. פון איהר פערהייראַטע טאָכטער האָט זי דערצעהלט, אז צו דער פאַמיליע איז צוגעקומען נאָך אַ קינד, דאן אַ ירושה, אינטערעסאַנטע רייזען, קורץ — אַ בילד פון לעבען, געמאָהלט ראָזע אין ראָזע.

און אין אזא מין לעבען — איז דורכגעפלויגען אַ געדאַנק אין רודאָלף'ס קאָפּ — וואָלט איך אויך געקאָנט לעבען. אָהן זאָרגען, פאַמיליען־פרייַדען, געננוס־רייכע ערלעבניסע, און אַנ־שטאָט דעם...

— און איהר הערט — האָט די גרעפין ווייטער געזאָגט — איך וויל אייך עטוואָס אנפערטרויען... אין אייניגע טעג וועט עס דאָך זאָ־ווי־זאָ ווערען אָפּיציעל בעקאַנט...

— אָבער מאַמאַ! — האָט איהר קריסטינע אונטערברא־כען.

— עס שאַדט ניט. פאַר אַ וואָך לאַנג וועט עס רודי קענען האַלטען בסוד. אלזאָ, מיין קריסטינע דאָ איז אַ גליק־ליכע כלה — אָטטאָ ווייסענבערג —

— דער עלטערער זוהן פון פירשט פראַנץ ווייסענבערג? אָה, איך גראַטוליר אייך. דאָס איז דאָך איינע פון די גלענ־צענדסטע פּאַרטיען פון לאַנד, און דערצו איז ער אזאַ ליע־בער, שעהנער מענש. — איך האָב ווירקליך גרוים פערגניגען — און ער האָט געדריקט קריסטינע'ס האַנד — איצט אָבער קומט אייער צייט, גרעפין קאַיעטאַנע.

— אָה, די האָט אייגענטליך בעדאַרפט קומען צוערשט,

ווייל זי איז די עלטערע, אָבער זי איז א זעהר איינגעשפּארטע מיידעל.

קאיעטאַנע האָט געמאכט א פערדריסליכע מינע און האָט זיך אויפגעהויבען.

איצט זיינען געקומען איינינע אַנדערע בעזובער. דאָס זיינען געוועזען מייסטענס מענשען, וועלכע רודאָלף האָט גע־קאַנט. אין די אַלגעמיינע געשפּרעכען, וואָס זיי האָבען גע־פיהרט, האָבען זיי אויסגעמידען יעדען וואונק אויף דעם פּאַר־טראַג, וואָס רודאָלף האָט געהאַלטען. דאָס איז געוועזען פון זייער זייט, ווי זיי האָבען געמיינט, א זעהר צאַרטע ריקזיכט. מען רעדט דאָך ניט פון א ווילדען אויפטהו פון איינעם, א גו־טען בעקאַנטען. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען פון יאַגד און פון אַלערליי געזעלשאַפטס־פּלוידערייען. מען האָט פּרובירט גנעדיג ווידער אַריינצוציהען רודאָלפען און מען האָט זיך געמאכט אַזוי ווי דאָס וואָלט געוועזען דער איינציגער געשפּרעך, וואָס קען איהם אינטערעסירען. ווירקליך, זיי האָ־בען פּאַר איהם געבויט גאָלדענע בריקען, איבער וועלכע ער זאָל צוריק קענען אריין אין דאָס אמאָליגע לעבען, אויב ער וויל נאָר תשובה טהאָן און ווערען פּארנינפטיג. פון זייער זייט זאָל קיין מניעה ניט זיין. זיי זיינען בערייט איהם ווידער צו בעהאַנדלען ווי א נאָרמאַלען מענשען.

קאיעטאַנע איז אוועק אין דעם אַנדערען עק פון צימער, וואו עס איז געשטאַנען א פּיאַנאָ. זי האָט זיך גענומען צו ברענגען די נאָטען אין אָרדנונג.

רודאָלף איז צו איהר צוגעגאַנגען. ער האָט עס לענגער ניט געקאָנט אויסהאַלטען צווישען זיינע אמאָליגע פריינד. ער האָט געפּאַסט א פּלוצלונגען בעשלוס: אין דעם קרייז קיינ־מאָל מעהר ניט אַריינצוקומען. א שטרייט און קאַמפּף אויפ־נעהמען מיט זיי — דאָס יאָ, מיט יעדען און איבעראַל, אָבער אויסבייטען זיך מיט זיי מיט העפליכע רעדענסאַרטען, מיט גלאַטע פּלוידערייען, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרניט געשעהען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך ניט אַרויסגעריסען פון די אַנשויאונגען, וואָס גילטען דאָ, און נאָך זיך לאָזען פּאַטראָניזירען פון זיי —

ניין. דאָס קיינמאָל ניט מעהר. דאָס זאָל זיין זיין לעצטער בעזוך אין דעם הויז און נאָך אזעלכע.

אָבער צו קאיעטאַנע האָט עס איהם געצויגען. איהר מוז ער נאָך איינמאָל דריקען די האַנד. ער איז צו איהר צוגע־גאַנגען.

— וואָס זוכט איהר דאָ אין די נאָטען?

זי האָט איהם ניט געזעהען קומען. זי האָט זיך ראַש אוים־געדרעהט צו איהם אזוי ווי אַן עלעקטרישער קלאַפּ וואָלט דורכ־גענומען איהר.

— האָב איך אייך איבערגעשראָקען?

— ניין, איך... איך... אה, גראַף רודאָלף!

— וואָס, קאיעטאַנע, וואָס איז מיט אייך? איך האָב אייך נור געוואָלט אדיע זאָגען — איך געה.

— דאָס בעגרייף איך.

— ווי מיינט איהר עס?

— איך מיין, אז דאָרט האָט איהר זיך ניט געקאָנט פיה־לען גוט. זי האָט אָנגעוויזען מיט'ן קאָפּ אין די ריכטונג, וואו די געזעלשאַפט איז געזעסען.

— איהר האָט רעכט, איך פיהל מיך דאָרט גאָר ניט גוט. חאָטש דאָס איז דאָך די סביבה צו וועלכער איך געהער דורך מיין געבורט.

— איהר אָבער זיינט ניי־געבאָרען. איהר האָט אויסגע־קליבען אַ נייעם קעניגרייך, און דער איז ניט פון דער וועלט.

— איהר זיינט אַ מערקווירדיג מיידעל, קאיעטאַנע. געהערט איהר אויך צו אַן אַנדער וועלט?

— געהערען געהער איך נאָך ניט, אָבער שטרעבען צו איהר — דאָס יאָ.

— זייט ווען?

— זייט — זייט אייער אַבשיעדס־פעסט אין ברונהאָף און זייט אייער פּאָרטראַג און בראָשורען.

— מיינע בראָשורען האָט איהר געלייענט? דאַן וואָלט איך —

דער געשפּרעך איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך דאָס צוקומען פון קריסטינע. רודאָלף האָט זיך געזעגענט מיט אַלע־מען און איז אוועק.



# זיבען און צוואנציגסטער קאפּיטעל.

נאָך דעם אבענד אין בורג־טעאטער, האָט סילוויא פאַר־בראַכט אַן אונרוהיגע, אָבער אַ זיסע אונרוהיגע נאַכט.

איהר ליעבע — דאָס האָט זי געפיהלט — האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ מעכטיגע ליידענשאַפט, געגען וועלכע עס איז פאַר איהר אונמעגליך צו וועהרען־זיך. דעם געליעבטען וואָלט זי נאָך, אפשר, געקאָנט אָבזאָגען, אָבער ניט איהר ליעבע, פונקט אזוי גוט, ווי מען קען זיך אָבזאָגען פון אַ טרונק, אָבער דעם דורשט קען מען ניט פאַרטרייבען פון זיך. דער ברענט, צו מען וויל, צו מען וויל ניט.

שוין אַ לאַנגע צייט, ווי זי און איהר מאַן זיינען געשלאָפען אין בעזונדערע צימערען, און סילוויא איז דאַרום געוועזן גאַנץ אַליין אין איהר שלאָפצימער. אַרום אַ זייגער צוויי ביינאַכט, זעהענדיג אַז זי קען דאָך ניט איינשלאָפען, האָט זי אָנגעצונדען אַ ליכט, זי האָט אַראָבגעוואָרפען פון זיך די קאָלדרע און איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. אַ לאַנגע נאַכט־קלייד, אַרומגעוועבט מיט שפּיצען איז איהר אַרונטערגעפאַלען ביז די קנעכעל, און איהרע נאַקעטע פיס זיינען פערשוואונדען געוואָרען אין דעם האָריגען פעל וואָס איז געלעגען ביי איהר בעט.

זי האָט זיך איינגעוויקעלט אין אַ וואַרימען שלאָף־ראָק, האָט גענומען דאָס ליכט און איז אַריין אין דאָס צימער, אין איהר קליינעם זאַל.

וואָס זי האָט דאָרט געזוכט, איז געוועזן הוגאָ'ס פאָטאָגראַפיע, וועלכע איז געלעגען אויפ'ן טיש צווישען פיעלע אַנדערע בילדער, און זי האָט געוואָלט נעהמען צו זיך די זאַמלונג פון געדיכטע, וועלכע ער האָט איהר געווידמעט, און וועלכע זי האָט געהאַלטען פערשלאָסען אין איהר שרייב־טיש.

זי האָט גענומען ביידעס און איז אַריין צוריק אין איהר

שלאָפצימער. דאָ האָט זי אָנגעצונדען די ליכט אויף איהר טואַלעטען־טישעל אוןביין שפּיעגעל. זי האָט געוואָלט עס זאָל זיין גאַנץ ליכטיג אין צימער.

אויף דעם טואַלעטען־טיש האָט זי דערזעהן די בלומען, וועלכע זי האָט געהאַט מיט זיך יענעם אָוועגד. זיי זיינען שוין געוועזן פערוועלקט, אָבער דאָס שטאַרקער האָבען גע־שמעקט די רויזען. זי האָט גענומען דעם בוקעט און האָט אריינגעזויגען אין זיך זיין שטאַרקען ריח — דאָס האָט איהר צוריקגעבראַכט די גאַנצע שטימונג פון דעם גרויסען, שעה־נעם אָוועגד.

דאַן האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן שטול געגען שפּיעגעל, פון וועלכען עס האָט איהר אַרויסגעשטראַהלט איהר איי־גענער פּנים. זי האָט אַט געקוקט אויף זיך און אַט אויף הונגאָ'ס בילד, האָט געבלעטערט אין דעם טייערען העפט און געקושט די שטאַרבענדע ראָזען.

וואָס עס איז געוועזן אין די גליהענדע, אַזוי אָפט געלע־זענע ליעדער, און וואָס זי האָט ביז איצט אויפגענומען, אַלס זיין בעוואונדערונג פאַר איהר, און וואָס זי האָט ביז איצט באוואונדערט אַלס די העכסטע פּאָעזיע, דאָס האָט זי איצט ערשט פערשטאַנען, און האָט עס איהם געגלויבט. דאָס וואָס ער האָט גערעדט פון זיין ליעבע, דאָס איז דאָך אויך דיקטירט געוואָרען פון דעמזעלבען געפיהל, אונטער וועמעס כשוף זי האָט זיך געפונען. ער מוז גלוסטען נאָך איהר, פּונקט ווי זי גלוסט נאָך איהם. פּונקט אַזוי אונגליקליך וואָלט ער געוועזן, ווי זי, אין פאַל זיי וואָלטען געמוזט בלייבען האָפנונגסלאָז צושיידט. און פּונקט אַזוי וואָלטען זיי ביידע געוועזן איבער יעדע מאָס גליקליך, ווען זיי וואָלטען געהערט איינער צום אַנדערען. זי האָט געהאַט גרויסעס צו געבען און אָבצוזאָ־גען — אין איהר מאַכט איז געלעגען דאָס גליק אָדער דאָס אונגליק פון צוויי מענשען. זי האָט זיך ביידע צושטענדע אויסגעמאָלט אין בילדער, פון וועלכע איינע איז געוועזן פול גליק און די אַנדערע — פול מיט שמערץ און אונגליק. עס

האָט איהר אַרומגעכאַפּט אַ צערטליכקייט, וועלכע זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט.

נאָכדעם, ווי זי איז אַזוי געזעסען אַ גאַנצע שטונדע, זיינען איהר איהרע אויגען־דעקלאַך שווער געוואָרען. אַ זיסע שלאָף־לוסט איז איהר בעפאַלען. זי האָט געמוזט זיך צוזאַ־מעננעהמען, אום ניט איינצושלאָפען אויפ'ן שטול. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט אויסגעלאָשען די ליכט, האָט געלאָזען דעם שלאָפראָק פאַלען און האָט זיך אריינגעגליטשט אונטער די זיידענע קאָלדרע.

הוגאָ'ס בילד, געדיכטע און אויך דעם בלומענקראַנץ האָט זי אַרונטערגערוקט אונטער'ן קישען, און עס האָט ניט גע־דויערט קיין פינף מינוטען, און זי איז געלעגען אין אַ טיעפען שלאָף, אָבער ניט אָהן חלומות.

זי האָט זיך געזעהן אין חלום צערטליך ארומגענומען פון דעם אָרעם פון דעם געליעבטען ,שאָקלענדיג זיך אויף אַ שיף אויף דעם סאַפּיר־בלויען ים. לענגס ארום די ברעגען — גערט־נער און טערראַסען, וועלדער פול מיט פערשיעדענע בוימער און בלומען, זיילען און סטאַטוען, ווייסע פּאַוועס און פינק־לענדע פּאַראַדיז־פויגעל, שפּריצענדע פאָנטאַנען, — דאָס גאַנ־צע איינגעטונקט אין מאַגישע קאָלירען, אָט אין דעם פּורפּור פון אַ זונען־אונטערגאַנג, און אָט אין אַ וויאָלעטען־קאָליר, אַזוי ווי דער ים און דאָס לאַנד וואָלטען בעגאָסען געוואָרען פון אַן עלעקטרישען פּוילכענ־ליכט. איבער'ן שיף איז געווען אַ גאָלדענער דאַך און אויף דעם באָדען איז געלעגען אַ קאַרפּעט פול בעשאָטען מיט די אָבשטאַרבענדע ראָזען. קיהלע ווינד־לאַך, פון דער ווייטענס זיסע מוזיק־קלאַנגען — אַ בערוי־שענדער מאָלצייט־פעסט פאַר אַלע חושים, אָבער איבער אַלע אַנדערע פערגניגענס האָט זיך ערהויבען דער ליידענשאַפטלי־כער פולער גליק פון איהר ליעבע.

עס קען זיין, אַז דיעזער חלום מיט אַלע זיינע פּראַכט־בילדער האָט געדויערט בלויז אַ סעקונדע פון דער צייט, וואָס זי האָט געשלאָפען, אָבער אין דעם זכרון פון דער ערוואַכענדער איז אויסגעקומען, אַזוי ווי ער וואָלט געדויערט שטונדען־לאַנג.

ווען זי האָט גענעפּענט די אויגען, איז עס שוין געווען גוט ליכטיג, דאן האָט זי זיי שנעל ווידער צוגעמאכט, אום צוריק־צורופען דעם חלום, און, אויב מעגליך, איהם נאָך אמאָל גע־ניסען. אָבער דאָס איז איהר ניט געלונגען. דאָך, האָט טראכ־טען ווענען דעם חלום האָט איהר געבראכט אין אזא שטימונג, אזוי ווי זי וואָלטווירקליך אלעס, וואָס זי האָט גע'חלומ'ט, איבערגעלעבט און דאָס האָט איהר נעגעבען דעם בעוואוסט־זיין, דעם בעגריף פון א גראד פון גליק, וועלכען זי האָט ביז איצט זיך קיינמאָל נימ באָרגעשמעלט, אז איהר לעבענס־טהערמאָמע־טער זאָל עס קענען דערגרייכען.

אין דעם פריהמאָרגען האָט זי ניט געוואָלט צוזאמענטרע־פען זיך מיט איהר מאן ביים פריהשטיק. זי האָט דארום זיך געלאָזען ברענגען די שאָקאָלאדע און די צייטונגען אין איהר צימער. זי האָט נעשלונגען די צייטונגס־בעריכטע איבער די געכטיגע אויפפיהרונג. עס זיינען דאָרט געווען בלויז קורצע נאָטיצען אין דער טעאטער־און־קונסט־אבטהיילונג — די איי־גענטליכע קריטיקען קומען ערשט אין די פאָלגענדע טעג אין די פעלעטאָנען — אָבער שוין היינט איז אין אלע צייטונגען צוגעגעבען געוואָרען דער גרויסער ערפאָלג פון דער פיעסע, און איהר פערפאַסער איז בעגריסט געוואָרען, אלס א לעבעדי־גער, ליכטיגער שטערן אויף דעם הימעל פון דער דיכט־קונסט.

סילוויא האָט זיך געקוויקט מיט דיעזע קריטיקען. זי האָט גענאָסען דעם לויב, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען א הסכמה פאר איהר גרויסע ליעבע צום דיכטער.

און וואָס איצט? לאנג איז זי געבליבען פארטיעפט אין געדאנקען, און דער רעזולטאַט פון טראכטען איז געווען א קליין בריוועל, וואָס זי האָט געשריעבען צו הוגאָ ברעסער.

דער אינהאלט פון בריוועל איז געווען פאָלגענדער:

„איך ווינש, איך בעפעהל, דאָס איהר זאָלט זיך ניט דער־נעהנטערען צו מיר פאר גאנצע אכט טעג. באלד וועט איהר ערהאלטען פון מיר אן ערקלעהרונג“.

דאן האָט זי געקלונגען צו איהר דיענסט, זי זאָל איהר

העלפען זיך אנטהאן, געלאזט שפאנען און איז אוועקגעפאהרען צו איזור מוטער.

באר׳אנעסע טיללינג, וועלכע האט געמוזט בלייבען צו הויז צוליעב א שטארקע פארקיהלונג און איז דארום געשטערט געווארען צו זיין ביי דער פארשטעלונג, איז אויך געווען פעראינטערעסירט נענוג נאכצוזעהן אין די צייטונגען, וואס מען שרייבט וועגען ברעסער׳ס נייעסטע פיעסע. עס האט איהר שטארק אינטערעסירט, אויב דער זוהן פון איהר אלטען הויזפריינד האט געהאט ערפאלג. זי איז געזעסען אין א פאטעל, וואס איז געווען צוגערוקט צו א קנאקענדיגען פייער אין קאמין, און א טישעל מיט די צייטונגען לעבען זיך. דערזעהענדיג איהר טאכטער, האט זי אויסגערופען שטארק דערפרעהט:

— אה, דו ביזט עס, סילוויא! — דאס איז שעהן פון דיר... דו קומסט זעהען, ווי איך פיהל? נו, ווי דו זעהסט: פיעל בעסער. איך האב גראדע איצט געלעזען איבער ברעסער׳ס שטיק... דו ביזט דאך דארט געווען, דערצעהל... אבער וואס איז מיט דיר? דו זעהסט אויס אזוי מאדנע, אזוי פייערליך?...

סילוויא האט האסטיג אויסגעטהאן איהר הוט און מאנטעל. זי איז געווען בלאס און אויפגערעגט.

— וואס איז מיט מיר? דאס וועסטו גלייך הערען. און ווי דאס שטיק איז געווען? וואונדערפול. הוגא איז א גאון. איך בעוואונדער און ליעב איהם.

— קינד, וואס רעדסטו?

— טאר מען דאס ניט זאגען? דער אייגענער מאמע ניט? זאל מען פערשווייגען פון דער בעסטער פריינדין, ווען א גרויסער נעפיהל —

— א פערבאטענער געפיהל, סילוויא.

— מוטער, מוטער, אזא — אזא — פאליציי־ווארט פון דיר! פארבאטענע געפיהלען קענען דאך ניט זיין, און נאך פיעל ווענינער ווי עס קענען ניט זיין פערבאטענע מיינונגען. נור דאס ארויסזאגען זיי קען פארבאטען ווערען פון אירגענד

א שומר פון דער אָפיציעלער אָרדנונג און מאָראַל, אָבער ניט פון מארטא טיללינג!

— אַלזאָ, זאָג, וואָס דו ווילסט, מיין קינד.

סילוויא האָט זיך צונערוקט א פוס־בענקעל און האָט זיך ארונטערגעלאָזט צו מארטא׳ס פיס.

— איך וויל עס מאכען ווי אמאָל...

און מיט דעם רוקען אָנגעשפּארט אָן מארטא און מיט דעם פּנים צום צימער, האָט די יונגע פרוי אָנגעהויבען צו רעדען שטיל, לאנגזאם, מאָנאָטאָן, אין לענגערע און אין קירצערע זעצע:

— איך ליעב איהם און וויל ווערען די זייניגע.

מארטא האָט אונטערדריקט אַן אויסגעשריי.

— איך האָב מיר פאָרגענומען ניט צו אונטערברעכען דיך. רייד, אַלזאָ, ווייטער, מיין קינד.

— אנטאָן האָט מיר געבראָכען זיין טרייהייט. איך בין פריי. איך האָב דיר געשוואָרען דורכגעהן אין ריינקייט דאָס לעבען, איך האָב עס מיר אליין געשוואָרען. דאָס וויל איך האַלטען. מיט קיין פאלשקייט, מיט קיין ליגען וועל איך מיין האנדלונג ניט באשמוצען. אָנטאָן זיך א מאסקע? ניין. וואָס האָב איך זיך דען צו שעהמען? פּונקט פערקעהרט, שטאָלץ בין איך אויף מיין ליעבע, און שטאָלץ אויף זיינע. זיך פאר־בעהאלטען, פארשלייערען? ניין, פאָרקעהרט, איך זעץ מיר א קרוין ארויף.

אָ, מיין איצטיגע וועלט, מיט דער וועל איך מוזען זיך צוגעהן. דאָס ווייס איך גוט. די וועט מיר ניט מוחל זיין פאר מיין שטאָלצע ליעבע. אָט, ווען איך וואָלט מיך פאר־בעהאלטען, און איך וואָלט גענואָלט בעטריגען מיין מאן און זיי אלע, און זיי וואָלטען זיך דערפון דערוואוסט, — דאן וואָל־טען זיי געווען זעהר גנעדיג צו מיר: זיי וואָלטען זיך אביסעל געשושקעט, אביסעל געגלאָצט מיט די אויגען, נאָך א נומער אויף דער אמוזאנטער ליסטע פון דער סקאנדאל־כראָניק, אָבער פון דער ליסטע פון זייערע איינלאַדונגען, וואָלטען זיי מיך ניט אָבגעמעקט... אזוי אָבער, ווען איך וועל ארויסקומען אָפען און

שטאָלץ, וועלען זיי מיך אריינלעגען אין חרם: „איהר ווייסט שוין? די סילוויא דאַצקי איז דאָך מיט דעם יונגען דיכטער אנטלאָפּען (זיי וועלען עס אָנרופען אנטלאָפען) זיי זאָלען אין איטאַליען לעבען — העסליך!“

וואָרום גראדע אין איטאַליען, דאָס דערצעהל איך דיר שפּעטער. איך האָב נעהאַט אַ חלום. דאָרט איז אונזער ליע־בע געווען ארומגערינגעלט פון אזא רענעסאנס־פּראַכט... אפשר וועל איך עס געפינען אויף וועלכען עס איז איטאַליענישען ים אָדער אַ ים־ברעג. און ווי ער וועט דאָס דאָרט ארבייטען און שאַפען, אין זיין גליק די וועלט רייך מאַכען מיט די מתנות פון זיין גרויסען גייסט...

איבעריגנס, צוויי מענשען אויפ׳ן שפּיץ פון גליק, איז דאָס אַליין ניט שוין אַ בערייכערונג פאַר דער וועלט?

איך דאַנק דיר, וואָס דו אונטערברעכסט מיך ניט, אָבער איך קען מיר זיך פאָרשטעלען, וואָס דו האָסט איינצו־ווענדען: ווי לאַנג וועט עס דען אָנהאַלטען, אָט דער גליק־פּאַראָקסיזם? וואָס וועט זיין דאַן, ווען די שכרות וועט פאַרביי און די יוגענד פאַרשוואונדען?...

נו, וועגען דעם, וואָס וועט זיין דאַן, הינטער דעם ציעל פון אונזער גרויסער ליעבע, וועגען דעם קימערען מיר זיך ניט. זאָל דאָס גליק, וואָס איך שטעל מיר פאָר, אָנהאַלטען איין מאָי־מאָנאַט, וועט עס אָבער איבערוועגען הונדערט אזעלכע לע־בענס, ווי איך פיהר עס איצט, און וועלכער עס שטעהט מיר פאָר, ווען איך זאָל ווייטער אזוי לעבען, ווי איצט...

און דאַן ווער ווייס? אויך פאַר דעם עלטער קען פאַר אונז בליהען אַ שעהנער פריעדען. מיר קענען זאָגאר טהאָן דאָס, וואָס די וועלט פערלאַנגט פון אונז. איך קען ווערען ברע־סער׳ס פרוי, ווי קאָזימאַ סילאָ איז געוואָרען וואַגנער׳ס פרוי. איך וועל נעהמען אַ גט פון טאָני. עס וועט האָפענטליך ניט שווער זיין. דאַן קען ער הייראַטהען זיין געליעבטע און מאַכען זיין איננעל פאַר זיין געזעצליכען זוהן. דו זעהסט, איך ווייס אַלעס. וועט ער מיר ניט געבען מיין פרייהייט, דאַן וועל איך זי מיר נעהמען אַלס מיין רעכט. איך ויעבעליר דאַן...

דאָס אַ פרוי זאָל אָפּפּערען איהר גאַנצער צוקונפט פאַר אַ מאַן, וועלכער האָט איהר פערלאָזען פאַר אַן אַנדערער און פאַר וועמען זי אַליין האָט ניט קיין פונק פון ליעבע, דיעזעס שרעקליכע אונרעכט וועל איך ניט דולדען. איך רעבעליר!

דערמיט וועל איך דיענען ניט בלויז מיר! ווי אין יעדען קאַמפּף פאַר רעכט, וועל איך אויך העלפען דער אבסטראַקטער גערעכטיגקייט און מיינע ליידענס־שוועסטער. מען ליאַרעמט און מען יאָמערט אַזוי פיעל וועגען די קייטען אין יאָך און שקלאַפעריי... דו, מוטער, אַן דער שפּיצע מיט דיין רעבע־ליאָן געגען קריעג, רודאָלף מיט זיין געשריי געגען אירגענד וועלכע געוואַלד... אָבער דאָס יאָמערען און ליאַרעמען העל־פען ניט. אָבטרייסלען, אראָבוואַרפען פון זיך די קייטען, דאָס מוז מען. אין דער שקלאַפעריי זיינען שולדיג די שקלאַפען מיט זייער שרעקליכער געדולד. אַ געבויגענער נאַקען — איז דאָס שעהן? ניין, שעהן איז דער אויפגעהויבענער קאָפּ, דאָס העלדישע טרייסלען מיט די לאָקען...

מיין גאָט, איך רייד עטוואָס איבערשפּאַנט. די ווערטער קומען מיר אַזוי... זייט מאָנאַטען און מאָנאַטען לייען איך נור געדיכטע אין אַ געבונדענער שפּראַך, און איצט אין דער אויפ־רעגונג פאַל איך אַריין אין דעם טאָן... און דאָך, וואָס איך האָב מיר פאָרגענומען, דאָס וועסטו גלייך הערען, און גאָרניט איבערשפּאַנט, גאָר ניט איבעראייַלט — עס איז אַן איבער־לעגטער, רוהיגער שריט.

איך וועל מיט טאָני גאַנץ קלאָר זיך אויסרעדען. איך וועל איהם אַלעס זאָגען, פערלאַנגען צוריק מיין פרייהייט, פער־לאַנגען פון איהם אַ גט, און זאָל ער מיר ענטזאַגען אין דעם, מוז איך דאַן איינאָרדנען מיין לעבען, ווי איך מוז, אָהן פאַלש־קייט, אָהן פערשטעלעניש. אַזוי לאַנג, ווי עס איז אַלעס ניט איינגעאָרדענט צווישען אונז, וועל איך ברעסער'ן ניט זעהן. עס וואָלט פאַר מיר נאָך דעם נעכטיגען אָוועגד, נאָך דעם חלום, אונמעגליך געווען — איך פאַרזיכער עס דיר, — איינפאַך אונ־מעגליך, ניט צו פאַלען איהם אויפ'ן האַלז. און דאָס וויל איך

גיט, אזוי לאַנג ווי איך קען עס ניט טהאָן אין „ריינהייט“, אָהן פארבאהאלטען זיך און אָהן חרטה.

זעהסטו, איך בין צו דיר געקומען, אום צו שטעלען אויף די פראָבע מיין מוטה צו זאָגען דעם אמת... וועל איך זיין אין שטאנד מיין מוטער אלעס צו זאָגען? דאָס האָב איך זיך געפרעגט, ווען איך בין געווען נאָך אויף די טרעפּ... איך האָב די פּראָבע אויסגעהאלטען, און איצט איז מיר לייכט און ליכ־טיג ארום הארץ.

זי איז אויפגעשטאַנען און האָט אריינגעקוקט איהר מוטער אין פנים:

— איצט וואָלט איך געוואָלט הערען אן ענטפער פון דיר.

מארטא האָט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ איהרען אויף דעם רוקען פון פאָטעל און האָט צוגעמאכט די אויגען.

— ביסטו בייז, מוטער?

א טיעפער זיפץ האָט זיך ארויסגעריסען פון מארטא'ס ברוסט.

— מיינע צוויי אָרימע קינדער!

— וואָרום אָרעמע, מוטער? — זי האָט זיך געשטעלט אויף די קניע פאר מארטא — און וואָרום דענקסטו אויך איצט וועגען רודאָלפען? וואָס האָט זיין שיקזאַל פאר געמיינשאפט־ליכעס מיט מיינעם?

— דאָס, וואָס איהר זייט ביידע גלייך צו בעדויערען. ביידע פיהלט איהר דאָס אונערטרעגליכע וואָס איז אָרום אייך אין דער וועלט, די גרעניצען, און ביידע ווילט איהר זיי צו־ברעכען, און ביידע וועט איהר זיך בלוטיגע וואונדען מאכען.

— דאָס קען שוין זיין, אָבער מיר וועלען דאָך דאָס ארומיגע ארום אונז א שטארקען טרייסעל טהאָן, און דאָס בעסער וועט זיין פאר די, וואָס וועלען קומען נאָך אונז. איך פרעג דיך נאָך א מאָל: ביסטו בייז?

מארטא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין. סילוויא האָט זי געקושט.

— איצט געה איך, מאַמע. מאָרגען קום איך וויעדער. דו וועסט דאַן האָבען אַלעס איבערגעטראַכט און מיר קענען ענטפערען. איצט ביסטו צו שטאַרק אויפגעטרייסעלט. זיי געזונד.



# אכט און צוואנציגסטער קאפּיטעל.

## פון מארטא׳ס טאגעבוך.

איך וועל העלפען מיין קינד, איך וועל איהר העלפען צו קריגען א גט פון איהר מאן. אפשר וועט פאר איהר אויפבלי־הען א נייער לעבענס־גליק ביי דער זייט פון איהר געליעבטען דיכטער.

גליק... גליק... מיר אלע יאגען זיך נאך דעם דאזיגען שאטען. מיר אלע גלויבען, דאס מיר האבען א רעכט אויף דאס גליק, ניט נור פאר אונז אליין, נור אויך פאר אלע, וועל־כע זיינען אונז ליעב און טהייער... פאר מיר אליין האב איך שוין לאנג צוריק אבגעשלאסען אלע חשבונות מיט׳ן גליק, אבער איך האב זיך נאך געוואלט אביסעלע ווארימען אין דעם גליק פון מיינע קינדער, און עס האט אלעס אנדערש פאסירט. ביידע האבען אויף זיך גענומען אזוי פיעל זארג, ביידע געפינען זיך אין קאמפף, ביידע זיינען ארויסגעריסען פון דער געזי־כערטער געזעלשאפטליכער שטעלונג, וועלכע איז דאך אימער געווען דער פונדאמענט, אויף וועלכען עס איז אויפגעבויט גע־ווארען דער מענשליכער גליק.

בין איך ניט שולדיג אין דעם? יא, איך האב זיי אויפ־געררייצט צום קאמפף, איך האב מיין זוהן אויפגעהאדעוועט פאר די זויפגאבע אויסצופיהרען פרידריך׳ס מיסיאן. ער האט אבער דעם קאמפף ארויסגעטראגען אויף אזא ברייטע און וויי־טע פעלד, אויף וועלכע איך קען איהם מעהר ניט נאכפאלגען.

און פונקט אזוי איז מיט סילוויא. איהר שטאלצעס רע־וואלטירען געגען די אורטהיילע פון דער וועלט, און מיט וואס זי וויל אויך העלפען דער צוקינפטיגער בעפרייאונג פון דער

טרוי — אויך אויף דעם וועג קען איך ניט נאכפאלגען, חאטש זי מעג זיך זיין גאנץ גערעכט... פון רודאלפען וואלט איך פערלאנגט, אז ער זאל פאר זיך גרינדען א נייע היים, און ער זאל זיך בענוגענען מיט איין צווייג פון דער קולטור־ארבייט — מיט דער בעקעמפפונג פון מלחמה, ווי זי איז ערקלעהרט געװארען אין מיין „פראטאקאל“, פון סאן פיער, לייבניץ, קאנט און — טילינג, ביז זי קומט צו פרעדריק פאססי און עגידי. איך וואלט געוואונשען, ער זאל זיך אנשליסען אן זייערע ריהען, מיטברענגען צו די קאנגרעסען די קראפט פון זיין פערזענליכקייט, אונטערשטיצען די פראפאגאנדא מיט זיינע געלד־מיטלען, און צו מאכען אנהענגער אין די העכסטע קרייזען, צו וועלכער ער האט געהאט צוטריט דורך זיין געזעלשאפט־שטעלונג, וועלכע ער האט איצט אויפגעגעבען. דאס איז געווען מיין האפנונג, אבער פאסירט האט עס אנדערש. ער איז פיעל, פיעל ווייטער אוועקגעפלויגען, כמעט צו דאס, וואס האט גאר קיין ברעג ניט. אמת, אלע איבלען זיינען פארפלאכטען איינע אין די אנדערע, און א מענש מיט גייסט קען זעהען, ווי אלעס קייטעלט זיך צוזאמען. אבער פאזיטיווע העלפען, ווירקען, פארװערטס טרייבען, דאס קען יעדער איינצעלנער נור אויף אן איינצעלנעם געביעט. אזוי דוכט זיך מיר, ווענינגסטענס.

פערלארען אבער איז ניט זיין ארבייט און זיין שטרעבען. צו דער אלגעמיינער פערשטענדנים, ווי דער קומענדער טעמפעל זאל זיין געבוים, דערצו קען ער העלפען און בעגייסטערען, אז מען זאל זיך נעהמען טהאן, אבער ער וועט ניט קענען פרעהען זיך מיט דעם ערפאלג, וועלכער איז דער טהייל פון די, וואס בענוגענען זיך מיט צוטראגען בלויז איין שטיין צו דער געביידע...

דאן צוריק צו מיין ארימער סילוויא. וואס פאר א גרויסען אנטהייל און אינטערעס איינער זאל ניט נעהמען אין דעם עפענטליכען לעבען, אין די פאזען פון דער ארויף־און־אראבשטייגענדער קולטור, דאך, דאס סאמע נאהענטסטע בלייבט דאך די פרייד און זארג, גליק און אומגליק אין דאס אייגענע הויז. דאס פארנעהמט דעם סאמע אויבען־אן פון אונזער טראכטען

און האנדלען. וואס קען איך איצט טהאָן, אום צו העלפען מיין אָרעמער סילוויא? זאָל איך רעדען מיט דעלניצקי? מיין לעצטע אונטעררעדונג מיט איהם האָט אויפגעבויט א וואנד צווישען אונז ביידע, אָבער דאָך, וואָרום זאָל איך ניט ווידער אמאָל פּרובירען איהם איבעררעדען, ער זאָל זיך שיידען פון סילוויא? איך ווינש איצט אזוי שטאַרק ווי זי, אז זי זאָל פריי ווערען פון איהרע פאמיליען־קייטען.

און נאָך א וואונש האָב איך, אז רודאָלף זאָל ניט בלייבען אזוי עלענד־איינזאם... אך, מיינע ליעבע קינדער! עגידי האָט אויך א פאמיליע, א היים, וועלכע מאכט איהם טיעף גליקליך. דאָס האָט איהם ניט געשטערט אָבצוגעבען זיך מיט זיין גאנ־צער קראפט צו דער גרויסער זאך, וועלכע האלט נאָך אלץ אין וואקסען. איך גיב דאָ איבער עטוואָס פון דעם, וואָס ער האָט נעכטען צו מיר געשריעבען. בריעף פון אזעלכע מענשען דאר־פען אריינגעטראָגען ווערען אין דאָס טאָג־בוך, ווייל זיי זיינען אמת'ע לעבענס־פאסירונגען. ער שרייבט:

„וועגען אלעס צוברעכען, וועגען דעם טאָר איצט גאָר ניט געדאכט ווערען. מען דארף נור דענקען וועגען דעם צוזאמענ־ברוך, דעם איינפאלען פון אן אלטגעוואָרענע אנשויאונג.

„צו א צוברעכונג פון אלעס, צו א שרעקענט־צושטאנד קען עס נור קומען, ווען די פערטרעטער פון דער ביז־איצטיגער אָרדנונג וועלען בלייבען טרויעריג פערבלענדט, און וועלען זיך ווערהען געגען דאָס איינפאלען פון אלע אנשויאונגען און שוין פון לאנג־פערפוילטע אינסטיטוציעס. דאָס זיי קענען שטערען דעם צוזאמענברוך, דאָס איז, נאטירליך, ניט מעגליך, פונקט ווי איינער קען זיך ניט איינרעדען, דאָס ער האָט געבראכט צו דעם איינפאלען.

„די געזעלשאפט איז א לעבעדיגער אָרגאניזם, וועמעס פעהלערען מוזען גוט־געמאכט ווערען פון אינעווייניג ארויס; נור דורך א נייע, ריינע, ווארעמע הארץ־בלוט קענען זיי געהיילט ווערען. מען טאָר דערביי ניט זיין צו סענטימענטאל, מען טאָר זיך ניט פערליערען דערביי אין אלערליי פילאָזאָפיען און זיך פערטיעפען מיט אירגענד וועלכען ווערטער־געראויש. עס דארף

נור זיין דער ענטשלוס, דער ווילען ביי יעדען עטוואָס צו טהאָן, וואָס ער קען. מיר ווילען זיין פּראַקטישע טאַטען־אידעאַליסטען.

„ניט מיט איינמאָל וועט אַלעס אַנדערש ווערען, נור ביס־לעכווייז, נאַטירליך. אָבער די ראַשיגקייט פון אָט דיעזען ביס־לעכווייז וועט זיין די ענטשיידענדע קראַפט. ביסלעכווייז, פּאַ־וואָליע, דאָס זאָגען אַלע, עס האַנדעלט זיך נור וועגען דעם, צו דאָס זאָל זיין אַ לאַנגזאַמער שריט — איינס — נאָך אַמאָל צו־ריק — איינס — נאָך אַמאָל צוריק — צוויי, אָדער עטוואָס גע־שווינדער, חאָטש עס דאַרף ניט זיין קיין שטורם־שריט, קיין געלאַף. דאָס דורכברעכען זיך פון דער נייער וועלט־אַנשויאונג וועט ניט פּאָרקומען אָהן שמערצען און פּיין, אָבער דאָך, אַלס אַ נאַטירליכער פּראָצעס, אַלס אַ געבורט.

„איהר רעדט פון מיין ארבייטס־קראַפט, פערעהרטע באַראָ־נעסע. נו, יאָ, איך האָב די קראַפט און דעם וואונש צו שאַפען, צו ארבייטען. גערעדט און געשריעבען, דאָס האָבען שוין פיעלע געטהאָן. ווען זיי זיינען אָבער געשטעלט געוואָרען פאַר דאָס „טאָן", האָבען זיי זיך ארויסגעוויזען צו שוואַך. זיי האָ־בען געמאַכט עלענדע קאָמפּראָמיסען מיט דעם, וואָס, ווי זיי האָבען זיך געזאָגט, קען ניט געענדערט ווערען און מיט אַנדערע עלענד־בעגריעפע. ביי מיר האַנדעלט עס זיך, ווי צו ברענגען אין איינקלאַנג, אין האַרמאָניע די לעהרע און דאָס לעבען, און אין דעם טרעט איך ניט אָב אויף די ברייטקייט פון אַ האָר פון דעם, וואָס איך האָב אנערקענט אַלס ריכטיג".

ווירקליך, איך קען ניט קיין מענשען, אויף וועלכען עס זאָלען זיך בעסער פּאַסען די ווערטער פון דעם פּאָעט ערנסט ציעל, ווי אויף עגידי:

פון תאַלבקייט האַלט דיין וועג ריין
דער גאַנצער מאַן זעצט גאַנצע טהאַט איין
און אמת עהרע מוז אָהן אַ נאַט זיין.

דאָס עס לעבען אזעלכע מענשען, ווי מאָריץ פאָן עגידי און טרעטען ארויס אין דער וועלט צו פּאַרברייטען זייער לעהרע, דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסער טרייסט. אפילו ווען מען גלויבט ניט אין די מאַכט פון העלדען; אפילו, ווען מען דענקט, אַז

די קולטור־ענטוויקלונג קומט פאַר גאַנץ אונאבהענגיג פון דעם איינפלוס פון איינצעלנע, דאָך קען מען אָט די איינצעלנע בע־טראַכטען, אויב ניט אַלס בויער, איז לכל־הפחות, אלס סימפּ־טאָמען פון דער קולטור־פאָרטשריט. מיין „פּראָטאָקאָל" האלט מיר אין איין דערצעהלען פון דער שטענדיגער, חאָטש לאַנגזאַ־מער ענטוויקלונג פון דער בעוועגונג געגען קריעג. ביי דער לעצטער קאָנפערענץ אין בערן פון דער אינטערפּארלאַמענטאַ־רישער יוניאָן האָט דער פּרעזידענט שענק פאָלגענדע ווערטער געזאָגט:

„עס פרעהט מיך אַזוי פיעל פאָלקס־פערטרעטער צו זעהן, וועלכע ערהייבען די שטימע פאַר ענטוואַפנונג און פאַר די שליכטונג פון אַלע שטרייטיגקייטען צווישען די פעלקער אויף א פריעדליכען אופן. נאָך מעהר וואָלט עס מיך געפרעהט, ווען אָפיציעלע פערטרעטער פון די רעגיערונגען וואָלטען זיך צוזאַ־מענגעקומען צו א קאָנפערענץ איבער דיזעלבע זאַך. אָבער אַזא קאָנפערענץ וועט דאָך קומען".

וועט די דאָזיגע נבואה מקוים ווערען? די אידעע פון אַן אַלגעמיינער ענטוואַפנונג איז שוין אריינגעדרונגען אין די קאַ־בינעטען — דאָס ווייס איך. לאָרד סאַליסבורי האָט ניט לאַנג צוריק פערפאַסט א געהיימען דאָקומענט, אין וועלכען עס זיינען געווען אויסגערעכענט אַלע קאָסטען פון דער אויפהאַלטונג פון מיליטאַריזם אין אייראָפּא. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, צום ביישפּיעל, אַז אין די יאָהרען 1882 ביז 1886 האָבען די שטאַאַ־טען: פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך, ענגלאַנד, שפּאַניען און איטאַליען אויסגעגעבען אויף זייערע ארמעען די סומע פון 974,715,802 פונט סטערלינג. דער דאָקומענט איז געווען פון אנפאַנג בעשטימט בלויז פאַר דעם ענגלישען מיניסטעריום, אָבער לאָרד סאַליסבורי האָט עס מיטגעטהיילט דעם דייטשען קייזער, וועלכער איז געווען אַזוי איבערראַשט, דאָס פּריוואַט האָט ער געלאָזט וויסען זיין אבזיכט, דאָס ער רעכענט איינצו־רופען א קאָנפערענץ, אויף וועלכע מען זאָל קענען אָננעהמען פּראַקטישע מיטלען פאַר די פערזיכערונג פון אַן אַלגעמיינעם פריעדען. דאַן האָט די האַלב־אָפיציעלע פּרעסע געקראָגען א

וואונק אויפצו־וואַרפען די פראַגע און אָנצוהויבען אַגיטירען פאַר דעם. אין יאָהר 1892, ווי איך דערמאָן זיך, איז אָנגעפיהרט געוואָרען אַ ריכטיגער פרעס־קאַמפּיין פאַר דעם. דער פּלאַן אָבער איז זעהר שלעכט אויפגענומען געוואָרען אין פראַנקרייך, וואו מען האָט ערקלעהרט, אַז עלזאַס־לאָריין וועט בלייבען אַ שטענדיגע שטערונג פאַר יעדען געדאַנק פון ענטוואַפנונג. דאַן האָט דער דייטשער קייזער געלאָזט פאַלען די אידעע. אַזעלכע אידעען זיינען קראַפט, און זיי קענען אַזוי וואַקסען און מען קען אידעען ווערען אָבער אין אַ צייט אַרום ווידער אויפגענומען, זיי פונקט אַזוי ווענינ פערניכטען, ווי דעם שטאַאַט.



# ניין און צוואנציגסטער קאפּיטעל.

ווען רודאָלף האָט פערלאָזען יענעם נאָכמיטאג דאָס הויז פון די ראנעגס, האָט איהם אזוי ווי פערפאָלגט קאַיעטאַנעס בילד און שטימע. איהרע ווערטער האָבען איהם נאָכגעקלונגען, און דאָס, וואָס ער האָט ארויסגעהערט פון זיי, האָט ארויס־גערופען אין איהם דעם פערדאַכט, אויב זי איז עס ניט די אנאָנימע בריעפשרייבערקע.

אויב אזוי, איז עס מיט איין טעם מעהר, וואָרום ער דאַרף אויסמיידען דאָס הויז... ווידער אמאָל זיך לאָזען שמיעדען דורך נייע קייטען, וויעדער אמאָל ווערען אזא נאָהענטער מחותן מיט מענשען, וועלכע זיינען פון אזעלכע פערשיעדענע לעבענס־אינטערעסען און לעבענס־אויפפאסונג, ווי זיינע? ניין, דאָס טאָר ניט געשעהען. קאַיעטאַנע איז טאקי אַ וואוילע מיידעל, און, ווי עס זעהט אויס, איז זי אביסעל פארליעבט אין איהם, דערפאר בעוואונדערט זי איצט, פאר דעם מאָמענט, אזוי אלעס וואָס ער טהוט. ווי שנעל אָבער וועט זיך ארויסווייזען איהר אמת'ע נאטור, ווען איהר ליעבע וועט אביסעל אָבגעקיהלט ווע־רען, און ווי גיך וועט זי עס זיך בעמיהען, ווי בעאַטריסע האָט עס געטהאָן, איהם אָוועקצונעהמען פון זיינע „משוגעת'ען" און איהם צוריקברענגען אין דעם אליין־זעליג־מאכענדען שוים פון אריסטאָקראטיזם? און ער אליין? דער קאמפף וועלכען ער האָט אויפגענומען, האָט פאָלשטענדיג אויסגעפילט זיין נשמה, דער קאמפף האָט איהר אָנגעפילט מיט זאָרג, ערגעוניש, שטרע־בען, האָפען — קורץ, מיט אַ גרויסער ליידענשאפט. און ביי אזא ליידענשאפט איז ניטאָ מעהר קיין פּלאץ פאר ליבעס־אָנ־געלעגענהייטען, פאר חתונה־האָבען. העכסטענס — ער איז דאָך נאָך געווען אזוי יונג — שפּעטער־צו וועט זיין צייט פאר אַ קליינער גאלאנטער ליעבע־פּאסירונג. אָבער אויף וועגען דעם האָט ער איצט ניט געטראכט.

ער איז געגאַנגען אַזוי איבער די גאַסען פון וויען. דער אָוועַנד איז שוין אָנגעקומען. אין די אויסשטעל־פענסטער פון די געשעפטען האָבען געפינקעלט די גאַז און עלעקטרישע פלאַמען. קונסט־געשעפטען, בלומען־געשעפטען, בייסיקעל־געשעפטען, ציערונג־פירמען האָבען איינע לעבען די אנדערע אַרויס־געוויזען זייערע רייכטימער פון אַלעם וואָס ווילט זיך אַזוי גע־ניסען. פאַר אַ פּאַלאַץ פון אַן ערץ־הערצאָג, וועמעס ערשטער עטאַזש האָט געשטראַהלט פון דער גרויסער בעלייכטונג אינ־וועניג, זיינען געשטאַנען אַ רייהע עקיפּאַזשען. עס איז גע־ווען קלאָר, אַז דאָרט מוז פאָרקומען אַ גרויסער פעסט. פון דעם גרענד־האָטעל, ביי וועלכען ער איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיך אַרויסגעשפּאַרט אַ שטאַרקע מוזיק־חוואַליע. נו, גע־ווים, דאָרט העלפט אַ גרויסער אָרקעסטער דעם אַפּעטיט. אַ יונגע פּאָר, אָנגעטהאָן אין רייזע־קליידער איז נור וואָס אַרויס־געקומען פון טויער, און איז צוגעגאַנגען, בעגלייט פון דעם פּאָרטער און פון דעם האָטעל־דירעקטאָר צו אַ שעהנעם קאָטש, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט זעהר שעהנע קופערטען, און דער קוטשער האָט געקראָגען דעם בעפעהל: „צום אָריענט־עקספּרעס, שנעל“.

דאָ, אַלזאָ, האָט די וועלט ווירקליך אויסגעזעהן, אַזוי ווי זי וואָלט געווען די בעסטע פון אַלע וועלטען... דאָ וויל קיינער און דאַרף קיינער קיינע רעפאָרמען... מיט אַ פּלוצלונגען ענט־שלוס האָט רודאָלף אַ וואונק געטהאָן צו אַ דראָזשקע. ער האָט געוואָלט זעהן אויך די אַנדערע זייט פון דעם לעבען פון דער גרויס־שטאָדט, — לערנען, בעאָבאַכטען און זוכען דאָס, וואָס זאָל איהם מאַכען אַלץ מעהר און מעהר בעגייסטערט פאַר זיין אויפגאַבע.

— וואוהין, אייער גנאַדען? — האָט דער קוטשער גע־פרעגט.

— ווייט אַרויס אין פאָרשטאָדט, וועלכע עס איז נאָהענט צום אייזענבאַהן, אין אירגענד אַ האָטעל.

— וואָס פאַר אַ האָטעל?

— וואו עס זיינען דאָ פאָלקס־זינגער, אָדער נאָך בעסער,

וואו עס קומט פאָר אַ פערזאַמלונג, אָדער עטוואָס עהנליכעס...

— איך פערשטעה, אייערע גנאַדען. צופעליג איז אין דעם האָטעל „דער גאָלדענער עפּעל" היינט אַ יום־טוב. עס ווערט געפייערט עפּעס אַ זיעג, עפּעס פּאָליטישעס. איז דאָס גוט?

— גאַנץ גוט, פאָהרען מיר צום „גאָלדענעם עפּעל".

אין אַ פערטעל שטונדע איז די דראָשקע געבליבען שטעהען פאַר דעם האָטעל: ניט קיין זעהר שעהנע, אָבער אַ פיעל־שטאָקיגע געביידע.

דער קוטשער האָט געעפענט די טיר פון דער דראָשקע.

— דאָ זיינען מיר, אייערע גנאַדען. דאָ איז דער אריינ־גאַנג — האָט ער אָנגעוויזען אויף אַ טיר אין בייסמענט.

— גוט. וואַרט דאָ.

עס איז געווען אַ זאַל פול מיט דעם רויך פון ציגאַרען און מיט דעם ביער־געראוך, אין וועלכען רודאָלף איז איצט אריין. דער זאַל איז געווען אַ נידריגער און אַ זעהר אָרימער. ארום אַ צוואַנציג מענשען זענען געזעסען ארום קליינע טישלעך, און אין הינטער־גרונד איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, ארום וועל־כען עס זיינען געזעסען קרוב דרייסיג מענשען זעהר ענג איינע לעבען די אנדערע. נור איינער פון זיי איז געשטאַנען מיט אַ גלאָז אין האַנד, און אַרויסגערעדט די ווערטער: „אין דעם זין" — רודאָלף האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז ער איז געקומען צום שלום פון אַ טאָסט-רעדע, און דער גאַנצער עולם האָט אויסגעבראָ־כען אין אַ דונערענדען „האָך".

אין דער נאָהענט פון דעם גרויסען עהרען־טיש איז ביי אַ קליינעם טישעל איין פּלאַץ נאָך געבליבען ניט פאַרנומען. דאָ האָט זיך רודאָלף אַוועקגעזעצט און בעשטעלט אַ „קריגעל" ביער. ערשטוינטע בליקען, סיי פון די געסט און סיי פון די קעלנער, זיינען געווען אָנגעציעלעוועט אויף איהם, ווייל זיין אויסזעהן האָט זיך גאַנץ ווייניג געפּאַסט צו די געוועהנליכע בעזוכער פון דעם לאָקאַל. די בעזוכער זיינען ניט געווען קיין אַרבייטער, נור אַלערליי קרעמער און הויז־האַלטער, קצבים,

אלערליי וואויל־האבענדע קליינבירגער, וועלכע האבען זיך אליין נעהאלטען פאר זעהר וויכטיגע בירגער און וועהלער.

דער קוטשער האט געזאגט גאנץ ריכטיג. עס איז דא גע־פייערט געווארען א פאליטישער זיעג. דער קאנדידאט פון די אנוועזענדע וועהלער איז „געלאפען" געגען א ליבעראלען, און איז מיט א גרויסער מאיאריטעט ערוועהלט געווארען. איצט, אלזא, איז דער קליינער סוחר, קרעמער, געדעטעט, די קארופ־ציאן בעזיעגט, דער גלויבען פון די אבות פעסטגעשטעלט און נאך די אלע אנדערע רעזולטאטען פון אזא וואהל־זיעג.

דאס אלעס האט רודאלף ארויסגענומען פון די איינצעלנע זעצע און פון דער אלגעמיינער אונטערהאלטונג ארום איהם. דאס איז געווען, נאטירליך, צוזאמענגעמישט מיט די געוועהנ־ליכע בעריהמערייען: „מיר וועלען זיי ווייזען, די באנדע בלוט־זויגער!"

ביי רודאלף'ס טישעל, למשל, זיינען געזעסען צוויי יונגע לייט פון א זעהר העסליכען אויסזעהן. איינער איז געווען בלאס און מאגער, דער צווייטער פעט און בלוי־רויט אין פנים, גע־קליידט זיינען זיי געווען אין זאכען, וועלכע די רייכע „הער־שאפטען" האבען שוין אויסגעטראגען. זייערע העמדער זיינען געווען ניט גאנץ זויבער, און אזוי אויך זייערע לויז־געבונדענע קראוואטען. די צוויי האבען גערעדט צווישען זיך, אבער ניט וועגען פאליטיק, נור איבער פארשיעדענע מאלים און גרעטעס. וועמעס שעהנקייט און חן זיי האבען געריהמט איינער דעם צווייטען. אויך די האבען געהערט צו דער געזעלשאפט פון עהרען־טיש, ווארים, ווען די טאסט־רעדע איז געווען געענדיגט, האבען אויך זיי אויסגעשריען: בראווא, ספעציע!

אן עקעל האט פארשטיקט רודאלף'ס האלז. דאס איז עס אלזא דער מאטעריאל, פון וועלכען עס ווערט געבויט די געזעצ־געבונג פון לאנד — מענשען פון אזא בילדונגס־גראד, פון אזעל־כע רויהע געפיהלען. זיי געהערען עס צום רעדער־ווערק פון דער מאשין, וועלכע וועבט עס דעם שיקזאל פון א גרויסען לאנד!

צו דעם מאראלישען עקעל איז נאך צוגעקומען דער פיזי־שער. די מענשען האבען געראוכערט ווירזשינא־סיגארעטען,

און געשפּיגען יעדען אויגענבליק אויפ'ן פּאָדלאָגע. ווען זיי האָבען אויפגעהויבען זייערע ביער־גלעזער צום טרינקען, האָט מען געזעהען, ווי שמוציג עס זיינען זייערע הענד, און ווי קיינמאָל ניט אויסגערייניגט עס זיינען זייערע אָבגעביסענע נעגעל!

גליקליבע צושטענדע, א מענשענווירדיגער לעבען פאַר אַלע, — האָט רודאָלף געטראַכט. — יאָ, דאָס איז דער ציעל, אָבער צו דעם דאַרף מען, אַז מענשען זאָלען ריכטיג ערצויגען ווערען, אַז זיי זאָלען זיין מאָראַליש און קערפּערליך ריינע מענשען. מיט אנדערע ווערטער: דער מענשענגעשלעכט מוז זיין שעהן, אום צו פערדיענען צו זיין גליקליך. מעהר נאָך, אום צו קענען זיין גליקליך...

פון אזעלכע געדאַנקען איז רודאָלף ארויסגעריסען געוואָרען דורך א הויכען „מיינע העררען", וועלכען דער מאַן אויף דעם סאַמע עהרען־פּלאַץ ביין טיש האָט ארויסגעברומט. עס איז געווען קלאָהר, אַז ער איז דער געפייערטער העלד, דער גליקליכער קאַנדידאַט, וועמעס זיעג עס ווערט דאָ געפייערט. ער האָט געקלאַפּט מיט'ן מעסער אָן זיין גלאָז, און האָט זיך אויפגעהויבען, א סימן, דאָס ער האָט געוואָלט רעדען.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָבען אַלע אויסגעשריען און זיינען באַלד שטיל געבליבען, וועלענדיג הערען וואָס זייער העלד האָט צו זאָגען.

„מיינע העררען, אָדער בעסער, מיינע פריינד (בראַוואָ!) מיינע פערעהרטע קאַמפּף־גענאָסען! איך וויים, איך וויים זעהר גוט, וואָס פאַר א פליכט עס לעגט ארויף אויף מיך דער זיעג, וואָס איך פאַרדאַנק אייער געזינונגס־טרייהייט. און די פליכט — דאָס טהו איך א נדר, — וועל איך אויספיהרען פול און גאַנץ (בראַוואָ!) אָהן שרעק, אָהן מורא וועל איך אויפדעקען אַלע פעהלערען... און אַרונטעררייסען די מאַסקע פון די לומפּען, די געמיינע לומפּען, וועלכע וועלכע —"

— נו, יאָ, נידער מיט די אידען! — איז איינער פון די אַנוועזענדע געקומען דעם רעדנער צו הילף.

„יאָ, איך וועל דעם מאַנדאַט פון אונזער קריסטליכער בע־

פעלקערונג הויך האלטען, און וועל זעהען, אז די פערפאָלגטע, פערשטויסענע קריסטען זאָלען ווידער קומען צו זייערע רעכטע, און דאָס ד'ער געמיטליכער, גוטהערציגער, עהרליכער ווינערטום, די גאָלדענע ווינער־הארץ, די אלטע קייזער־געטרייע, גאָטס־פאָרכטיגע, איבערגענעבענע, זאָלען געשיצט ווערען, — ווי זאָל איך עס זאָגען — פון די ווירקונגען פון א ספעקולאטיווער ראסע פון פאראזיטען מיט פולער קראפט — דאָס הייסט, מיט ענטשלאָסענהייט, קורץ —

— קורץ, ארויסיאָגען די אידען! — האָבען אלע אויס־געשריען אין בעגייסטערונג.

איצט האָט רודאָלף ניט געקענט זיך מעהר צוריקהאַלטען, ער איז אויפגעשפרונגען און איז צוגעגאנגען צום טיש.

„מיינע הערען!“ — זיין שטימע האָט געקלונגען פעסט— אויך איך בין א ווינער וועהלער, און בין שוין אליין געוועזן א קאנדידאט. מיין נאָמען איז, — אָבער דער נאָמען איז דאָ ניט וויכטיג. ווילט איהר מיר לאָזען זאָגען א וואָרט?

— ווער זענט איהר דען? א שעהנער הערר, האָפענט־ליך א ספעציע. נו, רעדט, — האָט זיך געהערט פון פערשיע־דענע זייטען.

— איך בין ניט קיין ספעציע, אויב איהר פארשטעהט אונטער דעם א געזינונגס־גענאָסע. אָבער אזוי ווי איהר — ער האָט זיך געוועגדעט צום גליקליכען געפייערטען קאנדידאט — וועט אויך געפינען געגנער אין פארלאמענט, וועט איהר עס מסתמא קענען פארטראָגען צו הערען אויך דאָ אייערען א געג־נער.

— אלזאָ, א ליבעראלער, אָ יע! — האָט אויסגערופען דער געוועהלטער. נו, טו ארויס מיט לשון! — און ער האָט אנגענומען א פארלאמענטארישע פאָזע, ארייגרוקענדיג די האנד אין דעם אויסשניט פון זיין וועסט.

— א ליבעראלער? — האָט רודאָלף ווידערהאָלט — איך וויים ניט, וואָס איהר מיינט דערמיט. נור איינפאך, אלס מענש וואָלט איך געוואָלט זאָגען, דאָס עס איז זעהר טרויעריג,

ווען האס און פערפאָלגונג איז דער לאָזונג פון א פּאָליטישען קאמפּף.

— אָהאָ! — האָט אימיצער אויסגעשריען — איהר זיינט מסתמא אליין א איד.

— צופעליג ניט.

— אלזאָ, א אידען־קנעכט, א געדונגענער, אויב אזוי, האָט איהר גאָרניט וואָס צו טהאָן אין א געזעלשאפט פון עהרליכע אנטיסעמיטען. זעהט נור, רוקט זיך!

רודאָלף האָט פארקאטשעט די ארבעל. ער איז געווען טוידט־בלאס, אָבער ניט פון מורא, נאָר פון צאָרן.

— גוט — האָט ער געזאָגט — איך וועל אויף אן אויגענבליק אריינגעהן אין אייער לאגע. איהר זענט אנטיסעמיטען. דער טיטעל איז איצט א גאנץ בכבוד'יגער, ניט נור ביי אזעלכע געוועהנליכע בירגער ווי איהר, נור אויך אין די סאמע העכסטע קרייזען איז דאָ איצט דער סאָרט מענשען. אויך געלעהרטע און פּראָפעסאָרען פערטהיידיגען די דאָזיגע אנשויאונג פון אלערליי עטנאָגראפישע און נאציאָנאל־עקאָנאָמישע שטאנדפונקטען; אָבער איהר, איהר, ווי איך זעה, ברענגט נור אייער געפיהל, אייער טעמפּעראמענט, טו זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי דענקט איהר אייער פּראָגראם דורכצופיהרען? וואָס זאָל מען טהאָן מיט די אידען?

— וואָס זאָל מען טהאָן מיט זיי? ארויסיאָגען זיי נאָך פּאלעסטינא. אומברענגען זיי, דאָס קען מען לוידער ניט, אָבער מען קען שטערען, אז זיי זאָלען ניט ווערען קיין לעהרער, קיין ריכטער, דאָס מען זאָל גאָרניט קויפען אין א אידישען געשעפט, און אויב מעגליך, זאָל מען צונעהמען די פערמעגענס פון די רייכע, פון די ראָטשילדס און נאָך אזעלכע, און אויך ניט האָבען קיין פערקעהר מיט זיי, און אויך ניט מיט די געשמד'טע.

אן אנדערער איז איצט ארייגעפאלען:

— איך וואָלט שוין מיטגעהאָלפען ביי דעם שמד פון א אידען, פונקט ווי דער זייליגער יאָהאנעס האָט עס געטהאָן, איהם אין גאנצען איינמונקען, האלטען זיין קאָפּ אונטער'ן וואַ־

סער אזוי לאנג, ביז ער זאָל דערטרונקען ווערען. — דער שפּאס האָט געמאכט אַלעמען לאכען.

רודאָלף איז צוגעגאנגען צום פעסט־טיש מיט דער אבזיכט צו זאָגען אַ פּאָר הארציגע ווערטער פון אויפקלעהרונג איבער די ציעלען און פליכטען פון אַ פאָלקספּערטרעטער, צו ערקלעה־רען, אז פון האס און פערפאָלגונג קען גאָרניט גוטעס ארויס־קומען; ער האָט געוואָלט אפּעליערען צום הארצען און צום פערשטאַנד און האָט געוואָלט ווייזען, ווי די ביידע ווערען גע־שטעלט אין דינסט פון דער געזעלשאַפט, ווי זיי העלפען צו דעם מאָראַלישען און מאַטעריעלען גליק פון דער געזעלשאַפט. אָבער נאָכדעם, וואָס ער האָט איצט געהערט, האָט ער איינגע־זעהען, אז אזא רעדע וואָלט דאָ אזוי פערשטאנען געוואָרען, פונקט ווי אַ גריכישע אָדע פון ווילדע אינדיאנער, און ער האָט אויפגעגעבען יעדען ווייטערען געדאַנק צו רעדען, צו טענה'ן מיט די אנוועזענדע. ער האָט געזוכט איין וואָרט, וואָס זאָל געבען אויסדרוק צו זיין טיעפען צאָרן איבער די גע־זונקענהייט פון די אנוועזענדע, אָבער ער האָט אזא וואָרט ניט געפונען.

— נו, איצט איז דער הערר שטום? זעהט ער אז מען קען גאָרניט מאכען מיט אזעלכע שטראַמע פּארטיי־מענשען, ווי מיר — דאָס מיר ווילען זיך איינשטעלען פאַר אונזער קריסטליך פאָלק געגען אַלע אידען און אידען־ליבעראַלען, ווי אויך געגען אַלע פריימויערער און סאָציאַליסטען? אונזער אַלטע וויזען מיט איהר גאָלדענע הארץ זאָל ניט געמאכט ווערען צו שאַנד פון די, וואָס האָבען זיך ארייגגעריסען צו אונז, און אויך ניט פון די קנעכט זייערע. נו, זאָגט דער הערר נאָך אַלץ גאָרניט?

— איך זאָג, דאָס איך בעדויער אייך, פונקט אזוי שטאַרק ווי איך פעראכט אייך.

און ער האָט געוואָלט אוועקגעהן. אָבער דאַן האָט אויס־געבראָכען אַ שטורם. אַלע האָבען אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער. זידעלווערטער האָבען אָנגעהויבען האָגלען אויף איהם, און מעהר פון אַלץ האָט מען געשריען, אזוי ווי דאָס וואָלט

גערט דער ערנסטער שימפף־וואָרט: איד! איד! איינער האָט אַ שליידער געטהאָן איהם אין קאָפּ אַ ביער־קרוג, האָט איהם אָבער ניט געטראָפען. די צוויי מענשען, ביי וועמעס טיש ער איז געזעסען, האָבען איהם געכאַפּט פאַר די אַקסלען, בעת דער גאַנצער זאַאל האָט אויסגעבראָכען אין אַ געשריי: אַרויס! אַרויס, וואַרפט איהם אַרויס! און רודאָלף איז געשטופּט גע־וואָרען צום אַרויסגאַנג, און איז אַרויסגעשטופּט געוואָרען אַזוי שטאַרק, דאָס ער איז אַנידערגעפאַלען אויפ'ן גאַס. הינטער איהם האָבען די העלדען פאַרקלאַפּט די טיר.

די גאַס איז געווען פּוסט, נור די דראָזשקע איז געשטאַנען. דערשראָקען איז דער קוטשער צו איהם צוגעלאָפען און האָט געהאָלפען איהם זיך אויפהויבען פון דער ערד.

— יעזוס, מאַריע און יאָזעף, אייער גנאַדען, האָט איהר זיך עפּעס צושלאָגען?

—גאָרניט, גאָרניט — האָט רודאָלף געענטפערט. — מיר פאָהרען איצט צוריק צום רינג. און ער איז אַריינגעשטי־גען אין דראָזשקע. דאָרט ערשט האָט ער בעמערקט, דאָס פון אַ קלאַפּ אין שטערען האָט זיך ביי איהם בלוט געגאָסען.

עס איז אָבער געווען בלויז אַ קראַץ. אויף מאָרגען איז שוין קיין סימן ניט געווען דערפון. אָבער אַן אַנדער וואונד האָט איהם די פּאַסירונג געבראַכט: זיין גלויבען אין די מענש־הייט איז שטאַרק פערוואונדעט געוואָרען.

# דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

הונאַ ברעססער האָט מיט אונגעדולד געוואַרט אויף סיל־וויא׳ס בריעף. אין צוויי טעג אַרום האָט ער איהם ערהאַל־טען, וועלכער האָט זיך געלייענט, ווי פאָלגט:

„איך וויל זיין דיינע, אָבער אָהן פאַלשקייט און אָהן פאַר־באַהעלטעניש. צוערשט מוז איך מיך פריי מאַכען. אַלזאָ, גערולד. איך וועל דיר ווידער שרייבען. ביז דאַן איז מיין הויז פאַרשלאָסען פאַר דיר. אָבער ניט אמת? מיין וואָרט איז גענוג — איך זאָג עס נאָך אַמאָל: אַזוי אמת, ווי איך וויל לעבען, און קען — וויל איך דיינע זיין“.

טיעף אויפגערעגט פון דיעזע ציילען, האָט זיך הונאַ ברעססער גלייך אוועקגעזעצט שרייבען איהר אַן ענטפער. זיין פולס האָט מערכטיג געשלאָגען, אַ זעליגע בערוישטקייט האָט איהם אַרומגעכאַפּט, און שנעל האָט ער אויפגעשריעבען אויף דער ערשטער זייטעל פּאַפּיער פיער גליהענדע פערזען — אַ טריאומפף־ליעד אויף די טעמא: „דו ווילסט מיינע זיין“, אפשר דאָס שעהנסטע פון אַלע ליעדער, וואָס ער האָט צו איהר געווידמעט, און דאַן האָט ער פאָרטגעזעצט אין פּראָזע:

„סילוויא! זאָג ניט צום גליק: „שפּעטער!“ שפּעטער קען דאָך איינער פון אונז ביידע זיין טוידט, און דאַן, וואָס פאַר אַ שאָדען דאָס וואָלט געווען! דו ווילסט זיך פריי מאַכען? ביסטו עס אָבער דען ניט? ווייסטו דען ניט, אַז אין בעגליק־טער ליעבע ליעגט אַזאַ כח, וועלכער צוברעכט שפּיעלענדיג אַלע קייטען, צווייפעל, ריקזיכטען?

„און דאָס וואָס דו ווילסט צוערשט קריגען אַ גט, און דאָס וואָס דו דאַרפסט צוערשט לאָזען וויסען אַלע דיינע מומעס, אַז דו ליעבסט מיך, און אַז דו ווילסט ווערען מיינע, דאָס איז ווידער אַ שקלאַפּישער בויגען זיך אונטער דעם יאָך פון אַ

פרעמדען ווילען, ווידער אמאָל א געפיהל פון אבהענגיגקייט פון פרעמדען אורטהייל.

„וועמען געהט עס אָן? דאָס איז דאָך אונזער וועלט, און אזא גרויסע, אזא ליכטיגע, אזא פולע מיט העלער פרייד, דאָס די גאנצע איבעריגע וועלט ווערט פארשטופּט אין דונקעלקהייט, ווערט גאָרניט! דו ביזט צו שטאָלץ צו פארשטעלען זיך, צו זאָגען ליגען? איז פריהער פאר אלץ דארפען מיר זיין צו שטאָלץ אונזער גליק ארויסצו־ווייזען דעם גאנצען קאלטען, גלייכגילטיגען המון... א גליק, וואָס איז אלץ מעהר זיס, וואָס שטילער ער איז... און ניט פערשוויינען דעם גליק צוליעב שרעק, נור זאָרגלאָז, אזוי ווי די מיט־וועלט וואָלט פאר אונז גאָרניט עקזיסטירט. די ליעבע האָט אָט די קראפט פון אָבזונדערען־זיך פון אלעמען. זי נעהמט ארום די גליקליכע פאָר מיט א נעץ, דורך וועלכען מען קען ניט דורכקוקען, געוועבט פון פלאמען. דאָס איז דער עכטער פייער־כשוף.

„איך בין ווירקליך שטאָלץ... ביי מיר קומט אויס, אזוי ווי די ערד וואָלט ניט געטראָגען קיינעם, ווער עס איז גלייך צו מיר. איך בין דער קעניג פון אלע קעניגע, ווייל דו ווילסט מיינע זיין. קיינער איז ניט גוט גענוג מיר די שיך צו פערבינדען, אָבער פאר דיר ליעג איך אין שטויב, הארינטע מיינע.

„אָבער ניין, ניט דיין קנעכט וויל איך זיין, נור דיין בעשיצער — קינד! דו ווייסט ניט, וואָס פאר א זיסע, שמעלצענדע צערטליכקייט איך האלט פאר דיר אָנגעגרייט; רוהען זאָלסטו אויף מיין הארצען, זאָלסט זיך אין מיינע אָרעמס איינשליסען, זייענדיג זיכער, אז אין זיי ביזטו אמת געשיצט. דו האָסט דאָך אזוי פיעל געליטען; דו האָסט דורכגעמאכט אזוי־פיעל שטונדען פון ביטערקייט, פון עקעל און פון רעבעליאָן. דו נויטיגסט זיך אין טרויסט, רוה און שטילקייט. האָב ניט קיין מורא, אז דיין געליעבטער וועט דיך אריינרייסען אין א שטורם פון ליידענשאפטען. איך וועל דיר געבען פרידען, מינוטען פון פלאמענדער ענטציקונג, אָבער אויך שטונדען פון רויטערער פערנינפטיגקייט. מיר זיינען יעדער פאר זיך קלוג גענוג, אום זיך צו ערלויבען צוזאמען צו זיין קינדיש. יא, לוס־

טיג ווילען מיר זיין, שפּאסען און לאכען. שפּאס איז דער דיענער פון דער קעניגין „פרייד", און די פרייד איז די פרוי פון דעם קעניג „גליק".

„דאן ווען מיר אויך אין אנדערע שטונדען זיין ערנסט, דעם לעבען מיט זיינע רעטענישען אריינקוקען טיעף אין די אויגען, מיר ווען —

„איך הער אויף, איך האָב ניט קיין געדולד. דעם בריעף וועל איך אליין אוועקטראָגען אין דיין הויז, כדי דו זאָלסט איהם קריגען שנעל און זיכער. און דו, האָב מיטלייד מיט מיר און מוטה!"

אין דערזעלבער צייט איז אויך סילוויא געווען פאַרנומען מיט שרייבען א בריעף. דאָס איז געווען א בריעף צו איהר מאן:

„ליעבער אנטאָן!

„עס זיינען דאָ זאכען, וועלכע לאָזען זיך זאָגען גרינגער שריפטליך, ווי מיט'ן מויל, — און מסתמא איז מיין פערלאנג פונקט דערזעלבער וואָס דיינער — אז דו זאָלסט מיר א גט געבען.

„זייט מעהרערע יאָהרען ליעבסטו א שעהנע קינסטלערין, וועלכע האָט דיר א זוהן געשענקט. מעהר ווי א העלפט פון דיין צייט פארברענגסטו אין איהר הויז, וואָס דו האָסט איהר געגעבען אלס מתנה. דו פּרובירסט גאָרניט צו פערבעהאלטען דיינע פערהעלטניסע מיט איהר. קורץ, ווי דער אמת איז, זיינען מיר דאָך שוין לאנג צושיידט.

„איך בין געווען אליין, און דערפאר אויך פריי. איך בין אָבער געבליבען אליין, און מיין טהייל אין דעם צובראָכענעם קאָנטראקט האָב איך אָבגעהיטעט. איצט אָבער מוז עס אנדערש ווערען. איך האָב מיין הארץ געשענקט אַן אנדערען, און וויל האָבען מיין פרייהייט. אָבנארען דיך וויל איך ניט. ניט דיך און ניט די וועלט. איך בעט דיך אלזאָ צו טהאָן אלעס נויטיגעס, אז איך זאָל וואָס גיכער ווערען געשיידט פון דיר. פון מיין ליעבע וועל איך ניט אָפּלאָזען אונטער קיינע אומשטענדען. זאָלסטו זיך אָבזאָגען פון צו געבען מיר א גט, וועל איך איינפאך אוועקפאָהרען פון דאנען, און ניט אליין.

„איך האָב מיין אייגענעם פערמעגען, דאָס ווייסטו, און קען לעבען אונאבהענגיג וואו איך וויל.

„די הויפּטזאַך האָב איך, אלזאָ, ארויסגעזאָגט. דאָס אנ־דערע, אויב דו ווילסט, קען מינדליך פערהאנדעלט ווערען, אָדער דאָס קען איבערגעגעבען ווערען צו צוויי פריינד.

„ניט גאָר אָהן וועה נעהם איך אבשיעד פון דיר. איך דערמאָן זיך אָן דער צייט, ווען איך האָב געגלויבט, אז מיר וועלען ביידע צוזאַמען קענען גליקליך זיין. עס איז אנדערש געקומען. דו ביזט געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געזוכט זיין גליק פון דער היים, און אויך געפונען. איצט איז גע־קומען די צייט פאַר מיר, מיר וואָלט זיך אויך געוואָלט —“

ביז דאנען האָט זי געשריעבען, ווען די דיענסט איז אריינ־געקומען און איהר דערלאַנגט הוגאָ'ס בריעף.

סילוויא האָט גלייך דערקענט די איהר טהייערע האנד־שריפט, אָבער זי האָט איהם ניט גלייך געעפענט. צוערשט האָט זי געוואָלט ענדיגען איהר אייגענעם בריעף און איהם גלייך אָבשיקען צו איהר מאַן.

— ווארט איין אויגענבליק — האָט זי געזאָגט צו איהר דיענסט — און מיט א האנד, וואָס האָט געציטערט פון אויפ־רעגונג, — דער בריעף פון איהר געליעבטען האָט אויף איהר געווירקט, אזוי ווי ער וואָלט דאָ אליין געווען — האָט זי צו־געשריעבען די לעצטע פּאָר ציילען, האָט דעם בריעף אריינגע־לעגט אין א קאָנווערט און געזאָגט צו דער ווארטענדער דיענסט:

— נאָ, טראָג עס אריבער צום הערר גראף, און איבערגיב עס איהם אליין.

— ווייס דען ניט פרוי גרעפין, דאָס דער גראף איז היינט פריה אוועקגעפאָהרען? דער קאַמער־דיענער האָט איהם געבראכט זיין קופערט, דאן א קאָטש... און דער גראף איז אוועקגעפאָהרען צו דער באהן, און דעם פּאָרטער האָט ער ער־קלעהרט, דאָס ער וועט ערשט קומען מאָרגען אָדער איבער־מאָרגען.

— אזוי? — נו, עס איז אלץ איינס. לעג אוועק דעם בריעף אויף זיין שרייב־טיש.

איצט איז זי געבליבען אליין און האט זיך פארטיעפט אין הוגא'ס שרייבען. זי האט עס דורכגעלעזען איינמאל, דאן א צווייטען מאל, זאץ נאך זאץ, און יעדען זאץ איבערלעזענדיג צוויי מאל. איינצעלנע ווערטער האט זי ארויסגערעדט אויפ'ן קול, האט זיך צוגעהערט צו זייער קלאנג, אזוי ווי זיי וואלטען געוועזען מוזיק: „א נעץ, געוועבט פון פלאמען"... „דיין בע־שיצער קינד", „שמעלצענדע צערטליכקייט"... אלע טענער, וועלכע דער בריעפשרייבער האט אנגעריהרט: ליידענשאפט, מוטה, דאס שטרעבען נאך רוה, גליהענדע בעגייסטערונג און א שוימענדע לוסטיגקייט, דאס אלעס האט אבגעקלונגען אין איהר נשמה, און האט ארויסגערופען אזא פערלאנג נאך זיין נאהענטקייט, דאס אויס „רחמנות" מיט זיך אליין מעהר, ווי מיט איהם, וואלט זי אם ליעבסטען גלייך געשיקט נאך איהם... אבער זי האט בעזיעגט דעם נסיון. רופען וועט זי איהם ניט, אבער ווען ער וואלט אליין געקומען... ביי דעם געדאנק האט זי געפיהלט אזא קלעמעניש, וועגען וועלכער זי אליין וואלט ניט געקאנט זאגען, צו דאס איז שמערץ, אדער גליק...

מיט געוואלט האט זי זיך ארויסגעריסען פון איהר טרוי־מעריי, און האט געקלונגען צו איהר דיענסטמיידעל:

— שנעל, א דראזשקע!

זי האט בעשלאסען אוועקצופאהרען צו איהר מוטער, און ביי איהר פערברענגען דעם גאנצען טאג. זי האט ניט געוואלט בלייבען אליין. אליין מיט דעם וואונש פון איהר הארצען.

אבער באראנעסע טיללינג איז ניט געוועזען אין דער היים. אויך זי — האט איהר דער דיענר געמעלדעט — איז היינט פריה אבגעפאהרען פון וויען נאך גרומיץ מכח געשעפט.

די דראזשקע האט סילוויא געלאזט אוועקפאהרען און איז אוועק צו־פוס אין דער ריכטונג פון רינג. אויף א געוויסען פלאץ האט זי געמוזט שטעהן בלייבען, אום צו לאזען איניגע פוהרען פאראיבערפאהרען, און פלוצלונג האט זי דער־הערט א שטימע הינטער זיך:

— סילוויא!

זי האט זיך אומגעדרעהט.

— אך! — האט זי אויסגערופען — חוגא ברעסער איז געשטאנען לעבען איהר. ער איז געווען אזוי אויפגערעגט, ווי זי, און פונקט אזוי בלאס. ווי זי, מיט ווייט־געעפענטע אויגען און מיט ציטערענדע ליפען האבען זיי, ווי פערשטארטע, אנגע־קוקט איינער דעם אנדערען.

א פאק־טרעגער, וואס איז פארבייגעגאנגען, האט זיי, ניט ווילענדיג א שטויס געטהאן. ערשט דאן זיינען זיי געקומען צו זיך, און זיי האבען זיך דערמאנט. אז זיי שטעהען אין מיטען דער קאכעדיגער גאס. סילוויא האט גענומען געהן, און אזוי ווי דאס וואלט געווען גאנץ זעלבסטפערשטענדליך, איז הוגא מיט איהר מיטגעגאנגען.

— איהר האט מיין בריעף — האט ער אנגעפאנגען. זא־גען איהר „דו", ווי אין בריעף. דאס איז געווען פאר איהם צו שווער אויף אן עפענטליכען פלאץ. ער האט אויך דא ניט גע־קאנט רעדען וועגען בריעף, און דארום האט ער דעם זאץ ניט פארענדיגט, און האט געפרעגט עטוואס אנדערעס:

— פון וואנען קומט איהר?

סילוויא האט פרייער אויפגעאטהעמט פון זיין לעצטע פראגע, און זי האט געענטפערט:

— איך קום פון דער וואוינונג פון מיין מוטער. זי איז אבער היינט אוועקגעפאהרען נאך גרומיץ און איך האב איהר ניט געטראפען. ווי געהט די ווייטערע אויפפיהרונג פון אייער פיעסע?

— איך בין דארט ניט געווען. עס איז מערקווירדיג, ווי גלייכגילטיג מיר איז געווארען די פיעסע, אפשר דערפאר, ווייל איך לעב איבער מיין אייגענע דראמע.

זי איז געגאנגען שווייגענדיג ווייטער, און ער ביי איהר זייט. אין א ווייל ארום האט ער ווידער אנגעהייבען.

— איך האב היינט פריה געזעהן גראף דעלניצקי אוועק־פאהרען מיט א קופערט אויפ'ן וואגען. איז ער אוועק אויף לאנג?

— נור אויף איינעם אדער צוויי טעג.

— זיינט איהר איצט אליין?

זי האָט פערשטאַנען דעם מיין פון דער פראַגע, און האָט געענטפערט:

איך נעהם איצט קיינעם ניט אויף אין מיין הויז.

זיי זיינען צוגעקומען צום דראָזשקע־פּלאַץ.

— פאָהרען מיר, אייער גנאָדען? — האָט געפרעגט איי־נער פון די קוטשערס.

הוגאָ איז שטעהן געבליבען, און אריינגעקוקט סילוויא'ן אין געזיכט.

— ווי וואָלט געווען, ווען מיר נעהמען אַ דראָזשקע און —

— וואוהין?

— אַלץ־איינס: נאָך שעהנברון, אויף דעם נאַקעטען בארג — איבעראַל וואָלט עס דאָך געווען גן־עדן.

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און איז ווייטער געגאַנגען. גן־עדן איז אויך איהר ציעל געווען, אָבער דאָס מוז ערשט זיין אין איטאַליען, און נאָכדעם ערשט, ווען זי איז גענצליך פריי. זיינע ווערטער האָבען ארויסגערופען ביי איהר אַ בילד, וועל־כעס איז געווען איינגעטונקט אין פריידען־גלאַנץ, און איבער־הויפּט גליקליך, אמת־גליקליך האָט איהר שוין געמאַכט דאָס אליין, וואָס ער איז נעבען איהר.

נאָך אַ פּאָר טריט האָט הוגאָ ווידער אָנגעהויבען:

— עס האָט מיר אימיצער געשריעבען: „איך וויל דיינע זיין".

זי האָט געמאַכט אַ העפּטיגע בעוועגונג מיט דער האַנד, וועלכע ער האָט פערשטאַנען, אַלס אַ פערלאַנג, אַז ער זאָל ניט רעדען פון אַזאַ הייליגער זאַך אויף דער אָפענער גאַס, און ער האָט אָנגעפאַנגען צו רעדען וועגען אַנדערע זאַכען: פון אַ ביטערער קריטיק, וואָס אַ וואָכענשריפט האָט געשריעבען איבער זיין פּיעסע, וועגען רודאָלף'ן, וועמעס פּאָרטראַג ער האָט ליי־דער ניט געקאָנט קומען הערען, דאָך איז אין זיין שטימע גע־ווען אַזויפיעל צערטליכע ווארעמקייט, אַזוי ווי ער וואָלט גע־האַלטען אין איין זאָגען: איך ליעב דיך, איך ליעב דיך...

אין איהר איז געוואָרען אַלץ גרעסער דער פערלאַנג צו הערען דאָס וואָרט פון זיינע ליפּען און עס איהם אַליין זאָגען, און

אזוי זיינען אויך איהרע קורצע ענטפערס דורכגעציטערט געווען פון א צוריקגעהאלטענער צערטליכקייט.

פון צייט צו צייט זיינען זיי ביידע שטיל געבליבען, און געגאנגען איינער לעבען אנדערען, ניט ארעם אין ארעם, נור אזוי נאהענט, דאס זייערע ארעמס האבען זיך בעריהרט... סיל־וויא איז זיך פארגעקומען צו זיין איצט אין א לאגע, וואס זי האט קיינמאל זיך ניט פארגעשטעלט. אלץ, וואס איז פארגע־קומען ארום איהר, איז איהר אויסגעקומען אזוי מאדנע, אזוי פרעמד, אזוי ווי זי וואלט קיינמאל אזעלכעס ניט געזעהען און ניט איבערגעלעבט — דאס קלינגען פון די טראמווייען, די שפיגעל־שויבען פון די קראמען, די שטארק בעשעפטיגטע און די זיך־איילענדע מענשען — אלעס איז איהר אויסגעקומען צו זיין אזוי פאנטאסטיש, אזוי ווי זי וואלט ניט געהערט צו דעם, און אלעס ארומיגע וואלט ניט געהערט צו איהר. איבערהויפט, דאס, וואס האט איהר איצט דורכגענומען, איז דאך געווען נור א פראלאג... דאס שטיק האט דאך ערשט געזאלט קומען... אויך איהר גאנצער פריהעריגער לעבען איז איהר אויסגעקומען, ווי אויסגעלאשען, די געגענווארט איז גארניט, נור דאס קומענ־דע... און זי האט ניט געוואגט אריינצוקוקען אין דאס קומענ־דע, — פונקט, ווי מען קען זיך אין די זון ניט איינקוקען.

אזוי זיינען זיי אנגעקומען צו איהר הויז. זי האט גע־וואלט איהם נור די האנד דערלאנגען און איהם זאגען „אדיע", אבער זי איז געווען ווי פאראליזירט, און האט עס ניט געטהאן. זי האט ניט צומאל געקאנט בלייבען שטעהן, נור זי האט זיך בעוועגט מעכאניש ווייטער, און איז אריין הינטערן טויער. ער דאסזעלבע. דאן האט איהר הארץ אנגעהייבען שטארק צו קלאפען. זי האט שוין גארנישט געוואלט, דאס ער זאל זי פערלאזען.

אויף די טרעפ האט ער איהר אנגעבאטען זיין ארעם, און ביי דער טהיר האט ער א ציה געטהאן דעם גלאק. נאך איצט האט זי געקאנט איהם אוועקשיקען. זי האט עס אבער ניט געטהאן.

דער דיענער האט געעפענט. סילוויא איז אריבערגעטראָ־

טען די שוועל פון פארצימער, ער נאך איהר. דער דיענער האט צונענומען פון איהר און פון דעם גאסט זייערע מאנטלען, און געעפענט פאר זיי א טיר. סילוויא איז געגאנגען פאראויס, ניט אומקוקענדיג זיך איז זי דורכגעגאנגען די רייהע צימער, ביז זי איז אנגעקומען אין איהר קליינעם זאאל. זי האט א ווארף געטהאן איהר הוט אויף א שטוהל און האט זיך אומגעדרעהט. הוגא, וואס איז איהר נאכגעגאנגען, איז געשטאנען איצט מיט'ן רוקען אן די צוגעמאכטע טיר, און געעפענט די ארעמס. מיט א האלב־דערשטיקטען געשריי איז זי אריינגעזונקען אין זיי.

„א, מיין געליעבטער, געליעבטער, געליעבטער“, איהר קאפ איז געלעגען אויף זיין ברוסט, און זי האט זיך געפיהלט ווירקליך ווי בעשיצט. יא, דאס איז געוועזען דאס ריכטיגעווארט פאר דאס, וואס זי האט איצט געפיהלט.

ער האט אויפגעהויבען איהר קאפ, האט איהם צוריקגעצויגען, אום אריינצוקוקען טיעף אין איהרע אויגען:

„מיין, מיין!“ — דאן האט ער צוגעדריקט זיין מויל אויף איהרע קושען־דורשטענדע געעפענטע ליפען, אזוי זיינען זיי געבליבען צוויי גליקליכע מינוטען ארומגענומען. דאן האט זיך סילוויא ארויסגעריסען, און האט זיך דערווייטערט פון איהם א פאר טריט.

זי האט זיך אראבגעלאזען אויף דעם ווינקעל פון סאפא מיט א טיעפען ציטערענדען זיפץ. ער איז צו איהר צוגעגאנגען.

— דארט — האט זי צו איהם געזאגט, און איהם אנגעוויזען אויף א פאטעל, וואס איז געשטאנען עטוואס אן א זייט.

ער האט איהר געפאלגט. אין דעם צימער, דאס האט ער פון פריהער געוואוסט, קען אימיצער אריינקומען יעדען אויגענבליק. נור פריהער, ווען ער איז געשטאנען אנגעלעהנט ביי דער פארמאכטער טיר, זיינען זיי געוועזען זיכער פון יעדער איבערראשונג.

— איך האב ניט געגלויבט, — האט סילוויא געזאגט — דאס איך קען אזוי ליעבען.

— ווי אזוי איך ליעב דיך, דאָס ווייס איך שוין פון לאנג...
שוין דאַן, דערמאָנסטו זיך אין ברונהאָף, ביי דעם פלוצלונגען
שטורם, ווען דו ביזט מיר אנטקעגען געלאָפען, און איך האָב,
כדי דו זאָלסט ניט פאלען, דיך אויפגעכאפּט אין מיינע אָרעמס,
שוין דאַן האָב איך געוואוסט, אז פאר מיר קען זיין נור איין
גליק אויף דער ערד: דיך צו בעזיצען.

— יא, מיר וועלען גליקליך זיין, גליקליך איבער אלע בעגריעפע... און דערביי וועסטו נאָך ווערען א גרעסערער דיכטער, ווי דו ביזט שוין איצט.

— אין דער שטונדע איז ביי מיר אָבגעשטאָרבען יעדע עהרגייץ. העכערעס ווי דיך, קען איך ניט דערגרייכען.

— ניט אָבגעשטאָרבען, נור פארטויבט... איך פיהל אויך איצט אזוי... ווי אין א בערוישטקייט, און דאָך אזוי רוהיג, רוהיג... טייערער.

זי האָט אויסגעשטרעקט די האנד. ער האָט זיך צוגערוקט נעהענטער מיט זיין שטול, אום צו קענען אָננעהמען איהר האנד. איצט האָבען זיי זיך געזאָגט שטילערהייד, האנד אין האנד און אויג אויף אויג, די הונדערטע הערצליכע, נארישע זאכען, וועלכע זיינען אזוי ווי ארויסגערעדטע ליעבעס־קושען און ענדליך, פארגעסענדיג אָן דער ניט־פארשלאָסענער טיר, האָבען זיך זייערע ליפּען ווידער געפונען אין א לאנגען קוש, אין וועלכען די גאנצע וועלט איז פאר זיי פערשוואונדען געוואָרען, אזוי ווייט פערשוואונדען, דאָס זיי האָבען ניט געהערט, ווי די טיר האָט זיך ווירקליך געעפענט, און אימיצער איז אריין און איז באלד געשטאנען אין סאמע מיטען פון צימער.

ערשט א צאָרנדיג־אויסגעשריענער פלוך האָט זיי פארנאנדערגעשיידט. הוגאָ איז אויפגעשפרונגען. איהם אנטקעגען איז געשטאנען אנטאָן דעלניצקי.

מיט דעם אויסגעשריי: „עלענדער, פרעכער לומפּ“, האָט זיך הוגאָ אויף איהם א וואָרף געטהאָן און האָט איהם דערלאנגט א פּאטש.

סילוויא האָט ארויסגעשטויסען א געשריי, און איז אָנידערגעפאלען אויפ'ן בּאָדען אין אונמאכט.

# איין און דרייסיגסטער קאפיטעל.

אין דער צייט, ווען עס האָט זיך אָבגעשפּיעלט די דראמע אין הויז פון גראף דעלניצקי, האָט רודאָלף געהאלטען ביין פערלאָזען וויען, אום צו האלטען אייניגע פאָרטרעגע אין אויס־לאנד. עס איז אמת, אז ער האָט ניט געהאַט זיך וואָס צו איילען, ווייל ביז צום ערשטען פּאָרטראַג וואָס ער האָט צוגע־זאָגט זיינען נאָך געווען גאַנצע צוויי וואָכען, אָבער דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איהם אויף דער פּאָליטישער פערזאַמ־לונג, האָט איהם געמאַכט אזוי שלעכט פיהלען, דאָס ער האָט געוואָלט אזוי שנעל ווי מעגליך פערלאָזען וויען, איינאטהעמען אַ גאַנץ אַנדערע לופט, אפשר וועלען די גאַנץ נייע איינדריקע אויסמעקען דעם שמערצליכען איינדרוק פון יענעם אווענד.

ער איז געווען אין אזאַ איילעניש, דאָס ער האָט זאָגאָר ניט געוואָלט זיך געהן זעגענען מיט זיין מוטער און שוועסטער. אָבער וועגען איין זאַך האָט ער זיך נאָך געוואָלט אויסרעדען, איידער ער פּאָהרט אָב. ער האָט עס געפיהלט אלס זיין פליכט פאָרצוברענגער אַ געוויסע ווארנונג.

צוליעב דעם איז ער אוועק מיט אַ בעזוך צום געוועזענעם מיניסטער, הערר וועגעמאַן, וועלכער האָט געהאַט זיין צונאָמען מיניסטער „אודאי“, אָדער מיניסטער „פון דער אַנדערער זייט“. ער האָט איהם געטראָפען צו הויז. עס איז געווען די צייט, ווען דער מיניסטער האָט געגעסען אָנבייסען.

דער מיניסטער „אודאי“, האָט איינגעלאַדען רודאָלפ'ען מיטצועסען, אויף וואָס רודאָלף האָט זיך ניט געלאָזט פיעל בעט־טען, ווייל ער האָט געוואוסט, אז ביים מאָלצייט, און איבער־הויפּט נאָך דעם מאָלצייט, ביים קאַפע און ציגאַר לאָזט זיך אמ־בעסטען רעדען. ער האָט געהאַט ברעה זיך גוט אויסצורעדען

וועגען דעם, וואס האט איהם אזוי שטארק געדריקט אויפ'ן הארצען. עס איז ריכטיג, דאס דער מיניסטער איז שוין ניט געווען מעהר אקטיוו אין פאליטיק, אבער ער איז געקומען אין שטענדיגער בעריהרונג מיט איינפלוסרייכע מענער, און מיט אלע זיינע אנזיכטען און נייגונגען האט ער געהערט צו דער הערשענדער פארטיי... דערצו איז ער געווען דער אינטימס־טער פריינד פון יענעם שטאאטסמאן, וועלכער האט דאן גע־האט דעם שטארקסטען איינפלוס, און וועלכער איז געווען שטארק געאכטעט — אפילו פון זיינע געגנער — פאר זיין אוניווערזאלע בילדונג און אמת־ריינעם כאראקטער.

די היים פון דעם מיניסטער איז געווען א זעהר געמיטלי־כע. אלעס ארום איהם איז געווען אויסגעוועהלט שעהן און בעקוועם. איינינע גרויסע פרויען־פארטרעטען אויף די ווענד האבען געמאכט איינעם משער זיין, דאס דער מיניסטער, אלס איינער, וואס איז קיינמאל ניט געווען פערהייראט, האט עס פערשטאנען צו מאכען נאך אנגענעהמער זיין געגענווארט מיט די שעהנע עראינערונגען פון דער פערגאנגענהייט.

רודאלף האט געשפירט א געוויסען געפיהל פון קנאה, וועלכעס פלעגט איהם אין דער לעצטער צייט באהערשען, ווען ער פלעגט זיך צוזאמענטרעפען מיט א מענשען, וועמעס לעבען, דענקען און פיהלען איז געווען אין א פאלשטענדיגער הארמא־ניע מיט די אומשטענדען און דעם לעבען ארום איהם; א מענשען, וועמעס גאנצער גייסטיגער לעבען — דאס דענקען, וויסען און פיהלען — איז געבראכט געווארען אין א סיסטעם; דאס אלעס איז אזוי שעהן איינגעארדערט און פריעדליך, דאס דערביי קען איינער דענקען פון זיינע אייגענע קליינע פערגני־גענס, דאס מען קען פיהרען א גרויסען שטאאט, בעזיצען א היבשען פערמעגען, און מען קען זיין דורכגעדרונגען פון דער אייגענער קלוגשאפט און וויכטיגקייט, קורץ, זיך פיהלען אין דער אטמאספערע פון דעם ענג־בעגרענצטען עגאאיזם, ווי א פיש אין וואסער — ווערהענד אזעלכע מענשען ווי ער, רודאלף, וועלכע טראכטען און שטרעבען צו אנדערע צושטענדע, — מענ־

שען, וועלכע טראָגען אין זיך די בענקעניש נאָך דער צוקונפט, פיהלען זיך אַזוי עלענד, אַזוי היימלאָז, אַזוי אויסגעטהאָן און אָבגעריסען פון די קליינע אינטערעסען פון דער געגענוואַרט ארום זיי.

ווען די ביידע מענער, נאָך דעם געענדיגטען אָנבייסען, זיינען אריין אין רויך־צימער, וואו קאפע און אַלערליי וויינען האָבען געוואַרט אויף זיי, האָט רודאָלף אָנגעהויבען:

— און איצט לאָמיר צוקומען צו דעם אייגענטליכען צוועק פון מיין בעזוך. דאָס איך פאָהר אָב פון וויען אויף אַ לענגערע צייט, האָב איך אייך שוין געזאָגט. און וואָס דאָס איז דער גרונד, וועלכער פארטרייבט מיך פון דאַנען, דאָס וויל איך אייך איצט זאָגען. איך האָב דאָ ניט לאַנג דורכגעמאַכט עטוואָס, וואָס איז אַזוי עקעלהאַפט, דאָס פאַר אַ לענגערע צייט מוז איך איינאָטהעמען אַ גאַנץ אַנדער לופט. אָבער אייך, וועלכער בלייבט דאָ, וואָלט איך געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכען אויף די געפאַהר, וועלכע איך זעה קומען און ווערען אַלץ גרעסער אין עפענטליכען לעבען.

— אודאי, געפאַהרען זעה איך אויך. צום ביישפּיעל, די אַלץ־וואַקסענדע אפיקורסות, דער וואַקסענדער מאַטעריאַליזם, מיט וועלכען עס געהט האַנד אין האַנד אַלץ מעהר גראָבקייט און רויהקייט, און די גרעסער־ווערענדע פאָדערונגען פון די מאַסען, און נאָך אַזעלכע געפאַהרען, און דערפאַר טאַקי איז נויטיג, אַז די איידעלע עלעמענטען אין דער געזעלשאַפט זאָלען זיך צוזאַמעננעהמען און מיט אַלע כחות ניט דערלאָזען דער פערברייטונג און פערשטאַרקונג פון די אַלע געפעהרליכע זאַכען.

— איך בעט אייך, לאָמיר ניט רעדען וועגען דעם, וואָס איז אַזוי דונקעל און אונבעשטימט. דאָס, וואָס איך וויל זאָגען — די זאַך, וועלכע זעהט מיר אויס צו זיין זעהר געפעהרליך, איז עטוואָס גאַנץ פּאָזיטיוועס, בעשטימטעס. עס וויל זיך דאָ ברייט מאַכען אַ פּאַרטיי, וועלכע שטיצט זיך אויף איין־און־איינציגע אידעע, אויף דער אידעע פון ראַסען־פערפאָלגונג.

— נו, יאָ, לאָמיר אויך רעדען פּאָזיטיוועס. איהר מיינט דאָך אודאי די אנטיסעמיטען.

— יא, איך וויים, דאָס דיעזע פּארטיי, אָדער ריכטיגער, די דאָזיגע געזינונג פערשפּרייט זיך און דרינגט אריין ביז די סאַמע העכסטע קרייזען, אָבער דאָס איז, אַזוי צו זאָגען, אינ־קאָגניטאָ, פערשטעלט, וועהרענד די פיהרער, וועלכע ווילען אריינברענגען דיעזע געזינונג אלס א פּאָליטישע פּראָגראם אין פּארלאמענט, האָבען אין זייערע רייהען אַזעלכע גראָבע, אונ־געבילדעטע מענשען... ווען מ'זאָל דאָס אַזוי לאנג לאָזען אָנגעהן, וועלען די מענשען אריינברענגען אין עפענטליכען לעבען אזא רויהען טאָן, אזא ניעדריגען גייסט־צושטאנד, דאָס, שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם, ווי געמיין דאָס איז אזא פּרינציפּ פון העצעריי, וועלען דורך דעם אַלע אנדערע פּאָליטישע פראגען ווערען שטארק ארונטערגעדריקט. ווען איך וואָלט אייך דער־צעהלט, וואָס איך האָב ניט לאנג צוריק געהערט פון דעם מויל פון די, וועלכע זיינען ערשט אויסגעוועהלט געוואָרען אלס פּאָלקס־פערטרעטער, וואָלט איהר געווים אויפגעשוידערט.

— איך וויים, איך וויים, זיי זיינען דאָך אַלע איינפאַכע פּאָרשטאָדטס־בירגער, וועלכע רעדען אַזוי, ווי זיי קענען. אין פּארלאמענט וועלען זיי שוין מוזען אָננעהמען דעם פּארלאמענ־טארישען טאָן... און פון דער אנדער זייט, דארף מען דאָך געדענקען, דאָס דיעזע וואהלען בעדייטען א זיעג איבער פיעל געפעהרליכערע קאנדידאַטען. וועגען די אנטיסעמיטען וויים מען דאָך, אז זיי זיינען גלויביגע קריסטען, און דאָס זיי ווילען בעקעמפּפען אַלעס, וואָס די אולטרא־ליבעראלען און די סאָציאַ־ליסטען און נאָך אַזעלכע פּאָליטישע טהוער ווילען אויספיהרען, אום צו שטירצען טראָהן און אלטאר.

רודאָלף האָט געוואָלט עטוואָס ענטפערען, אָבער דער מי־ניסטער האָט איהם ניט צוגעלאָזען דערצו, מיט א בערוהיגענ־דער האנד־בעוועגונג, און האָט ווייטער גערעדט:

— מיין גאָט, איך אליין האָב גאָר ניט נעגען די אידען. איך בין דאָך, ווי איהר ווייסט, א גאַנץ אָפטער גאַסט ביי דער

הויך־פינאנץ, און איך קען אויך אייניגע גאנץ גוטע מענשען צווישען די אידישע דאָקטאָרען... אָבער, ווי געזאָגט, די אַנ־טיסעמיטען — וועמעס פערפאָלגונגס־אידעע מען דארף זעהן ניט דערלאָזען אויפוואקסען, — די האָבען אויך זייער גוטע זייט. און ווען מען אונטערשטיצט זיי, איז עס דורכאויס ניט, וייל מען וויל דערגרייכען זייערע ציעלען, אָדער מען וויל אָנ־נעהמען זייערע מיטלען, נור ווייל אינדירעקט העלפען זיי צו בעזיעגען אנדערע געגנער.

— איהר גיט אלזאָ צו, דאָס יענע פארטיי ווערט נעשטיצט פון די סאמע העכסטע קרייזען? נעהערט אפשר גראף — (ער האָט דאָ אָנגערופען הער וועגעמאַנ׳ס פריינד, דעם גרויסען שטאאטסמאַן) צו דיעזע בעשיצער?

— אוודאי.

— איך קען איהם דאָך אלס אן איידעל־דענקענדען מענ־שען, אלס א מילדען קריסט, וועלכער איז אונפעהיג מסכים צו זיין צו אזעלכע זאכען, אָדער צו פיהלען אזא האס, וועלכען די אנטיסעמיטען, אין זייערע קאמפיינס, ווילען אויפבלאָזען — און דאָך, איז עס מעגליך, אז ער זאָל עס האלטען פאר רעכט צו אונטערשטיצען אזא פארטיי?

— מיין פריינד איז א שטארק־גלויביגער קאטאָליק. ערשט נעכטען האָבען מיר גערעדט וועגען די אלץ־גרעסער־ווע־רענדע רעליגיעזע גלייכגילטיגקייט.

— און איך בעמערק גאָר, אז דער איינפלוס פון די גלחים ווערט אלץ שטארקער.

— געוויס. אין מאנכע קרייזען, אָבער פון דער אנדערער זייט —

— אלזאָ, וואָס דענקט אייער פריינד וועגען דעם?

— ער האָט געזאָגט — איך קען מיך גאנץ גוט דערמאָנען אָן זיינע ווערטער — וואָס מעהר איך איבערלעג מיר איבער דיעזע פראגען, דאָס פעסטער און קלאָהרער ווערט מיין איבער־צייגונג, דאָס דיעזע פראגען זיינען די, אָן וועלכע עס ווענדעט זיך די גאנצע צוקונפט און דער שיקזאל פון איירָאָפּאָ. דער

קריזיס, וועלכען מיר מאכען דורך, בעשטעהט אין דעם קאמפף פון דער רעוואָלוציע נעגען די קריסטליכע אידעען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די גאַנצע שטאאטליכע אָרדנונג פון אייראָפּא און איהר ציוויליזאציע. וועלען דיעזע אידעען ניט זיעגען, דאַן געהט צוגרונד גאַנץ אייראָפּא מיט איהר גאַנצער איצטיגער אָרדנונג, דאַן וועט קומען א צושטאַנד פון כאָאָס, וועלכער וועט אזוי לאַנג אָנהאַלטען, ביז די קריסטליכע אידעען וועלען וויעדער זיעגען, ווי אין די צייטען פון קארל דעם גרויסען, וועלען ביסלאַכווייז וויעדער געווינען די גייסטער, און וועלען אויפבויען ווידער אמאָל א קריסטליכע אָרדנונג פון שטאאטען און פעלקער — עטוואָס, וואָס ניט מיר און ניט אונזערע קינדער וועלען דערלעבען. ווילען מיר זיי בעשיצען פון די אַלע שרעקען פון דער אַנארכיע, מוזען מיר מאכען א פעסטען ווידערשטאַנד נעגען דעם שטורם, וואָס סטראַשעט דער קירכע.

— דאָס שטימט מיט מיינע געדאַנקען — האָט רודאָלף געזאָגט. מען זעהט, מען פיהלט, ווי עס שאָקלען זיך די אַלע דאָגמען, וועגען וועלכע מען דענקט, אַז זיי זיינען דער פונדאַמענט פון דער ציוויליזאציע, אָבער איך, פון מיין זייט, וויל פרעגען, אויב די היינטיגע שטאאטען האַנדלען ווירקליך לויט די קריסטליכע פּרינציפּען... הלואי וואָלט עס נור אמת געווען, דאַן וואָלטען אוועקפאַלען דריי־פינפטעל פון מיינע אַנקלאַגען, אָבער איך וויל זיך צוריקקעהרען צום ענין: אַלזאָ, אום צו שיצען אָט די ציוויליזאציע, מוז מען קעמפּפען, און אין א קאַמפּף איז גילטיג דער כלל, דאָס יעדע וואָפע איז גוט, פונקט, ווי די יעזואיטען זאָגען: דער צוועק הייליגט די מיטלען. אָבער טאַקי דאָס איז די קראַנקהייט פון אונזער גאַנצער סיסטעם: צוועקען, וועגען וועמעס ניצליכקייט מען קען האָבען א טעות, צוקונפטס־נעפּאַהרען, וועלכע קען זיין, עקזיסטירען גאָרניט, ווערען אויפגעבּלאַזט אזוי גרויס, דאָס גלייך ווערען געהייליגט די סאַמע געמיינסטע מיטלען, און מען בעשיצט גראָבקייט, ווילדקייט, פערפאָלגונג און אַלעס, וואָס איז נידריג אין דער געגענוואַרט, און אַלץ צוליעב דעם, כדי אָבצוּווענדען

פאנטאסטישע צוקונפטס־אונגליקען... און מען פארזעהט, דאס די געשיצטע רויהקייט קען שוין דערווייל ברענגען מיט זיך די ערגסטע רעזולטאטען. זעהט איהר, ווערטהער פריינד, דאס איז דער סוד, ווארום אייגענטליך גאנץ גוטע מענשען לאזען געשעהען אזוי פיעל שלעכטס; זיי גלויבען, אז דורך דעם ווערט אויסגעמידען נאך פיעל ערגערעס. אזוי זיינען אלע היסטארישע שענדליכקייטען בעגרינדעט געווארען דורך גאנץ איידלע מאטיווען... און די געשיכטע וועט אזוי לאנג בלייבען א קייט פון גרויליכקייטען, אזוי לאנג ווי די קולטור־מענשען וועלען ניט אבזאגען זיך פון דעם יעזואיטישען כלל, אז דער צוועק הייליגט די מיטלען; אזוי לאנג זיי וועלען ניט אנער־קענען, דאס פאר קיינע צוועקען טאר ניט געברויכט ווערען א מיטעל, וועלכער איז ווניגער הייליג, ווניגער ריין, ווי דער צוועק. ווען איהר האט איינפלוס אויף אייער פריינד, ליעבער פריינד וועגעמאן, און דעם האט איהר, ווי אויך אויף פיעלע אנדערע מאכט־האבענדע קריסטען, דאן בענוצט איהם, אום צו ווארנען זיי. אט וועגען דעם האב איך עס אייך געוואלט בעטען.

— ניין, מיין ליעבער דאצקי, איך האלט מיך צוריק פון אריינמישען זיך אין עפענטליכע אנגעלעגענהייטען. איך נעהם ערנסט מיין איצטיגע צוריקציהונג פון עפענטליכען לעבען. און א חוץ דעם, בין איך מיט אייך גאר ניט איינפערשטאנען. איהר האט ניט קיין ריכטיגען בעגריעף פון שטאאטס־פאליטיק. דא מוז מען זיך ווערען אזוי גוט, ווי מען קען, און די מיטלען מוזען אויסגעקליבען ווערען ניט לויט אידעאלען, נור לויט זייער פראקטישען ווערטה. ווען מיר שיצען דעם מאנארכישען יסוד פון דעם קריסטליכען גערעאנק, שיצען מיר דען ניט דעם באדען, אויף וועלכען מיר שטעהען, און די לופט, וועלכע מיר אטהעמען? די אנדערע, אונזערע געגנער, די האבען ווידער אן אינטערעס צו אונטערגראבען זיך אונטער אונזערע פרינצי־פען, און טהוען עס מיט אלע מיטלען, וועלכע זיי קענען נור אננעהמען — זאלען מיר דאס דערלאזען? איהר זיינט אן אויסגעצייכענטער מענש, ליעבער רודי, א ליעבענסווירדיגער

טרוימער, אָבער פון די פליכטען פון א שטאַאטסמאַן האָט איהר קיין בעגריעף ניט... אידעאַליזם און עסטהעטיק און נאָך אזעל־כעס זיינען גאַנץ שיינע זאַכען, זיי געהערען אָבער אין א גאַנץ אנדער געביט: אין קינסטלער־הויז, אין די אַקאַדעמיעס און אוניווערזיטעטען, אָבער ניט אין פּאַרלאַמענט און ניט אין מיניסטער־קאַבינעט — אין די מוז —

רודאָלף איז געוואָרען אונגעדולדיג און האָט איהם אונ־טערבראָכען:

— ענטשולדיגט, וואָס איך מוז אייך ווידערשפּרעכען. מיין מיינונג איז, אַז די פּאַרלאַמענטען און די מיניסטער־קאַבינעטען זיינען יענע פּלעצער, וואו עס ווערט די ריכטונג צום ל ע ב ע ן פון די פעלקער געגעבען, דערפאַר גראַדע מוז מען דאָרט מעהר, ווי אַנדערשוואו, אויפּפּאַסען אויף דעם אידעאַל, ווייל דערצו שטרעבט דאָך די קולטור, אַז די שעהנהייט־אידעאַלען און די מאָראַל זאָלען דורכדרינגען אין דאָס לעבען. מיר וועלען איינע די אנדערע ניט איבערצייגען, איך זעה עס, און עס וואָלט גע־ווען אומזיסט ווייטער צו שטרייטען, דאָך האָב איך פיעל גע־לערענט פון אונזער געשפּרעך. איך האָב איצט ערשט געקראָ־גען א טיעפען איינבליק אין די אורזאַכען פון די איצטיגע קעמפּ־פע, און וואָרום זיי ווערען געפיהרט אויף אַזאַ אופן.

— וואָרום זאָגט איהר א י צ ט י ג ע קעמפּפע? עס איז אימער דערזעלבער קאַמפּף, מיין ליעבער, וועלכער שטורמט זייט די וועלט איז געשאַפען געוואָרען, און וועט אייביג שטור־מען — דער קאַמפּף צווישען גוט און שלעכט.

רודאָלף האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אייביג? דאָס איז ווידער א פאַל פון א ניט־ריכטיגער אויסטייטשונג פון דעם ענטוויקלונגס־געזעץ. דער לאַנגער קאַמפּף איז דאַרום ביז אַ־צט נאָך געבליבען אונענטשיעדען, ווייל דאָס גוטע האָט נאָך ניט פּרובירט צו קומען צו זיך דורך דאָס גוטע; ווייל דאָס בייזע האָט נאָך ביז איצט געגאָלטען אַלס א מיטעל. א נייע, גאַנץ נייע ליכט מוז די גייסטער אויפ־קלעהרען, און דאָס וועט קומען. פּונקט ווי אויף דעם פיזי־

שען געביט איז געקומען די עלעקטרישע ליכט, אזוי וועט אויף דעם גייסטיגען געביט אויפשטראהלען א נייע ליכט, דורך וועלכע עס וועט ענדליך פארטריבען און אין גאנצען בעקעמפפט ווערען די מאכט פון פינסטערניס.

וועגעמאן האט שמייכלענדיג געקוועטשט מיט די פלייצעס:

— טרוימער!

— איך דאנק! — האט רודאלף געענטפערט, אויפהייבענדיג זיך פון זיין פלאץ — איך נעהם אן דיעזען נאמען, אלס אן עהרענטיטעל, און איך בין זעהר צופריעדען דערמיט. איך וויל נור צולעגען, דאס ווען איך רעד אייניגערמאסען טרוימעריש פון דער גרויסקייט פון דער צוקונפט, וואס איך זעה פאראויס, פארגעס איך אבער ניט דערביי די קליינע שריט, וועלכע מוזען געמאכט ווערען אין יענער ריכטונג, און וועלכע יעדער פון אונז זאל זיך בעמיהען צו מאכען. און איצט, אדיע, און נאך אמאל א דאנק פאר דעם בעלעהרענדען געשפרעך.

אין דעם זעלבען אווענד האט רודאלף פארלאזען וויען. זיין ציעל איז געווען ווענעדיג. פון דעם שטילען צויבער פון דיעזער שטאדט, צו וועלכען ער האט זיך געוואלט איבערגעבען, האט ער געגלויבט צו קריגען פערלייכטערונג פאר זיין פארוואונדעטען געמיט.

## צוויי און דרייסיגסטער קאפּיטעל.

הונאַ ברעסער איז געלעגען אַ טוידט־קראַנקער אין זיין פּאַטערס וואוינונג. די קויל, וועלכע רעלניצקי האָט אין איהם אריינגעשאָסען אין אַ דועל, איז געפונען און ארויסגענומען געוואָרען, אָבער דאָך האָט דער קראַנקער געשוועבט צווישען לעבען און טוידט.

אין קראַנקענצימער איז געווען האַלב־דונקעל. די פענס־טער־פאָרהאַנגען זיינען געווען אראָבגעצויגען, ווייל הונאָ האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגען די ליכטיגקייט. זי האָט איהם וועה געטהאָן. צוקאָפּענס פון זיין בעט איז געשטאַנען זיין אַלטער פאָטער, און ביי דער זייט זיינען געזעסען צוויי פרויען: סיל־וויא און מאַרטאַ.

נאָך דער דועל האָט אַנטאָן רעלניצקי פאַרלאָזען וויען. זיין פרוי האָט ער געשריעבען, דאָס ער גיט איהר צוריק די פרייהייט, וואָס זי פערלאַנגט פון איהם. „דעם גט וועסטו קריגען" — האָט ער געשריעבען — דעם גרונד דערצו האָ־סטו געגעבען. דיין געליעבטען, נאַטירליך, האָב איך געמוזט דערשיסען; נאָכדעם, וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט ניט ער און ניט איך געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו דועלירען זיך. דו און איך קענען מעהר ניט האָבען צו טהאָן איינער מיט'ן אַנדערען. דאָס, וואָס מיר האָבען געטהאָן איינער צום אַנדע־רען, דאָס קענען מיר איינער דעם אַנדערען ניט מוחל זיין. דו האָסט אונזער עהרע טוידטליך פערוואונדעט, און פונקט אַזוי האָב איך פערוואונדעט דיין געליעבטען. עס איז דאָ ניטאָ קיין פערצייהונג, ניט פאַר מיך און ניט פאַר דיך. מיר זיינען פאַרטיג איינער מיט'ן אַנדערען".

ווען סילוויא איז געקומען צו זיך פון איהר אונמאַכט, אין

וועלכע זי איז אריינגעפאלען ביין צוזאמענשטויס צווישען איהר געליעבטען און איהר מאן, האט זי זיך געפונען אויף איהר בעט. זי האט ניט געוואוסט, ווי לאנג זי איז געוועזן אין אונמאכט, און אויך ניט, וואס ווייטער האט פאסירט.

דאס עס מוז קומען צו א דועל, דאס האט זי געוואוסט, און א שרעקליכער צארן האט ערוואכט אין איהר געגען די נאַרישע מנהגים פון דער געזעלשאפט, וועלכע, אלס לייזונג פון א שווערער לאגע, האט איינגעפיהרט דעם מארד. אזוי ווי דער טוידט פון איינעם אדער דעם אנדערען וואלט געקאנט עטוואס בעסער מאכען. דיביידע מענער וועלען זיך שלאגען, דאס איז פאר איהר געווען קלאהר, און א ווילדער פערלאנג האט איהר בעהערשט ניט צו דערלאזען דערצו, אבער צו דערזעלבער צייט האט זי געוואוסט, אז זי וועט דא גארניט קענען אויספיהרען. וואס האט זי דען געקאנט טהאן? ווארפען זיך פאר איהר מאן אויף די קניע? אומזיסט. אבצובעטען עפּעס ביי איהם — האט זי דאך ניט געהאט וואס; און בעטען פאר דאס לעבען פון איהר געליעבטען, אבער וואס קען עס העלפען? דער אנדערער אליין וועט דאך ניט רוהען — זי האט זיך דערמאנט אן דעם פאטש אין פנים וואס ער האט געקראגען — ביז ער וועט די שאנדע מיט בלוט ניט אבוואַשען. אזוי ווי פערגאסענעם בלוט וואלט געקאנט איבערהויפּט עטוואס ריין מאכען, עטוואס, וואס איז שוין געשעהען. צו מאכען אזוי ווי דאס וואלט קיינמאל ניט געשעהען — — אט דער געהייליגטער אונזין, אונטער וועמעס הערשאפט די נאַרישע וועלט געפינט זיך. אדער זאל זי אפשר לויפען צו הוגא און איהם זאגען: „דו געהערסט איצט צו מיר, דו האסט איצט מעהר קיין רעכט צו לאזען זיך רויבען פון מיר, קום, לאמיר פאהרען...“

אבער ווי נור זי איז געקומען צו איהר בעוואוסטזיין, און די און עהנליכע געדאנקען האבען זיך געפלאנטערט אין איהר קאפּ, איז זי באלד אריינגעפאלען אין א שטארקען פיבער. און וואס עס האט געבראכט די נעקסטע טעג, דאס האט זי ניט געוואוסט. זי האט נור דונקעל געפיהלט, דאס עס דרעהען זיך

ארום איהר פרויען, דאָס אַ מאַן פיהלט איהר פולס, און דאָס די געשטאַלט פון איהר מוטער איז געווען אריבערגעבויגען אי־בער איהר.

ערשט, ווען דער דועל איז שוין געווען פאַריבער, איז זי ווידער געקומען צו זיך. איצט האָט זי אַלעס געמוזט זיך דערוויסען. זי האָט געשריען, אַז מען זאָל איהר אַלעס זאָגען, און זי האָט אַ רעכט צו וויסען אַלעס. מאַרטאַ האָט איהר נאָכגעגעבען.

— דער דועל האָט שטאַטגעפונען — מיט פּיסטאָלעטען. אַנטאָן איז געבליבען אונפערוואונדעט, און איז אָבגעפאָהרען און הוגאָ —

— איז ער טויט?

— ניין, קינד, ניט טויט, אָבער שווער פאַרוואונדעט.

איצט האָט זי ניט געקענט מעהר רוהיג בלייבען. זי האָט געמוזט געהן צו איהם.

— אָבער, סילוויאַ, דו וועסט געהן צום מאַן, מיט וועמען דיין מאַן האָט זיך דועלירט? וואָס וועט די וועלט זאָגען?

— פאַר דער וועלט אַרט מיך ניט — הוגאָ קען זיין שטאַרבט. די וועלט? דאָס איז דאָך דיזעלבע וועלט, וועמעס פּרינציפּען האָבען דיר דיין מאַן ערמאָרדעט און וועלכע האָבען אויך דעם מאַן, וועלכער האָט מיך בעטראָגען, געלאָזט ווערען צום מערדער פון מיין געליעבטען.

— דיין געליעבטער?... הייסט עס, אַז ער איז געווען —

— ווי זאָל איך איהם אַנדערש רופען? איך ליעב איהם דאָך. די וועלט פעראַכט איך, און איך וואָלט אַליין געווען צום פעראַכטען, ווען איך וואָלט עס ניט געטהאָן... געהען מיר, קום מיט, מאַמע, אָבער גלייך.

איצט איז עס געווען אויפ'ן דריטען טאָג זייט דעם ערשטען קראַנקען־בעזוך פון די ביידע פרויען.

הוגאָ איז געלעגען מיט צוגעמאַכטע אויגען און האָט שווער געאָטהעמט.

— שלאָפט ער? — האָט מאַרטאַ געפרעגט גאַנץ שטיל. דאָקטאָר ברעסער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

— איך גלויב ניט.

סילוויא איז געווען בלאס און פארוויינט. זי האָט נאָך געהאָפט אז ער וועט געראַטעוועט ווערען. אָבער שוין די מעגליכקייט, דאס ער קען שטאַרבען, און דערצו דאָס צוזעהן פון זיינע ליידען האָט איהר געמאַכט אזוי פיעל שמערצען, דאָס אין דעם משך פון די לעצטע דריי טעג האָט זי ניט אויפגע־הערט צו וויינען.

נעכטען און ערב־נעכטען האָבען מוטער און טאָכטער פאר־בראַכט צו עטליכע שטונדען ביים קראַנקען־בעט. צו אָוועגד־צו האָבען זיי געשיקט אָנפרעגען, ווי געהט עס איהם. קיין אוינגענבליקליכע געפאַהר איז נאָך ניט געווען.

מארטא האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער, און איז אויפ־געשטאַנען.

— קום, סילוויא, מיר דאַרפען געהען.

און סילוויא האָט זיך אויפגעשטעלט.

— אויב עס זאָל איהם ערגער ווערען. לאָזט אונז גלייך רופען — האָט סילוויא געזאָגט צום פאָטער זיינעם.

אָבער, ווען זיי זיינען שוין געווען ביי דער טיר, איז דער אַלטער צוגעגאַנגען צו זיי און האָט זיי געזאָגט:

— געהט ניט.

סילוויא האָט אויפגעציטערט. זי האָט ארויפגעקוקט צו דאָקטאָר ברעסער מיט א פראַגע פון שוידער אין איהר בליק.

ער האָט פארשטאַנען איהר פראַגע, — און האָט געזאָגט:

— איך האָב מורא —

סילוויא איז ווידער צוגעלאָפען צום בעט, און זיך גע־שטעלט אויף די קניע. איצט האָט זי ניט געוויינט. דער שרעק איהרער איז געווען צו שטאַרק.

הוגאָ איז געלעגען אָהן אירגענד א בעוועגונג. דער אָט־העם, וואָס איז ארויסגעדרונגען דורך זיינע האַלב־אָפענע ליפּען, האָט געהאַט אזא קרעכצענדען טאָן.

באראָנעסע טיללינג האָט גענומען די האַנד פון איהר אַל־טען פריינד.

— וואָס האָט איהר מורא? האַלט עס אזוי שלעכט?

— יא, זעהר שלעכט.

מארטא האט געפיהלט די ווערטער ווי שטאך אין הארצען, דערביי האט זי וועניגער געטראכט פון הוגא, ווי פון איהר אלטען פריינד. זיין איינציגער זוהן — די פרייד און שטאלץ פון זיין עלטער... אזא גלאנצפולע צוקונפט פערניכטעט...

— איך האב ניט געגוג צוטרוי אין מיין אייגענע קונסט, אויך ניט אין דעם דאקטאר, וועלכער בעהאנדעלט איהם צוזאמען מיט מיר, און איך האב געלאזט רופען פראפעסאר ל י נ ד ע ן.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו סילוויא און געזאגט:

— גרעפין סילוויא, דאקטאר לינדען קען אריינקומען יעדען אויגענבליק. ווילט איהר ניט דערווייל אריינגעהן אין דאס צימער דערביי?

זי האט אויפגעהויבען דעם קאפ:

— דאס האט אבער נאך צייט, ביז ער וועט קומען, און ביז ער וועט מיך הייסען ארויסגעהן.

— אבער דאן וועט ער שוין האבען געזעהען —

סילוויא האט איהם אנגעקוקט, ניט פארשטעהענדיג, וואס ער מיינט.

— איך מיין, אז דאן וועט מען זיך דערוויסען איבעראל, פראפעסאר לינדען קומט אין פערשיעדענע הייזער... און נאך אלעם, וואס מען רעדט שוין אין שטאדט.

— איז מיין פלאץ ניט דא, מיינט איהר?

— מיין נאט, די וועלט.

אן אויסדרוק פון דער טיעפסטער פעראכטונג האט זיך געוויזען אויף סילוויא'ס פנים.

— איך בלייב — האט זי ערקלעהרט, און האט ווידער איינגעגראבען איהר קאפ אין די דעקע, וואס איז אראבגעהאנגען פון ברעג פון בעט. ברעסער האט זי פערשטאנען. אין דעם אנבליק פון ליעבע און טויט — די צוויי ערהאבענע כחות, האט פאר דער יונגער פרוי צוזאמענגעשרומפט אין גארניט דאס, וואס ער האט גערופען „די וועלט“.

דער ערוואַרטעטער בעריהמטער פּראָפעסאָר איז געקומען. ער האָט נור געקענט בעשטעטיגען דאָס, וואָס ברעסער האָט אַליין געוואוסט: די געפאַהר איז געוועזען זעהר גרויס. נאַטירליך האָט ער דערקאָנט דיביידע דאָמען, און ער האָט שטאַרק זיך געוואונדערט זיי דאָ צו טרעפען, אָבער האָט זיי עס ניט געלאָזט מערקען.

ער האָט געהייסען געבען דעם קראַנקען אַ גרויסע דאָזע כינין, אום אַרונטערצושלאָגען דעם פיבער, און וועט זיך עס ניט איינגעבען צו פּאַרמינדערען די 40־גראַדיגע טעמפּעראַטור, און זאָל עס נור שטייגען איין גראַד העכער, דאַן מיינט עס דער סוף... אָבער עס איז דאָך נאָך מעגליך... נו, ער וועט נאָך דעמזעלבען אָוונד ווידער קומען.

אין פּאַרצימער איז עס צוגעגאַנגען גאַנץ לעבעדיג. צייטונגס־רעפּאָרטער, איינער נאָכ'ן אַנדערען, און פיעלע אַנדערע זיינען געקומען פרעגען וועגען דעם, ווי עס האַלט מיט דעם דיכטער. ברעסערס דיענער האָט די צייטונגס־מענשען דערלאַנגט די בולעטינס, וועלכע זיינען ערשיענען אין די מאָרגען און אָוונד־צייטונגען, און די אַנדערע נייגיריגע האָט ער ערקלעהרט אין קורצען, ווי דער קראַנקער פיהלט. די גאַנצע שטאָדט איז געוועזען פול מיט סימפּאַטיע און אינטערעס, און דערצו איז עס נאָך געוועזען פּאַרמישט מיט דער לוסט צו סקאַנדאַל. מען האָט זיך דערצעהלט אויף פערשיעדענע אַרטען, וואָס עס האָט געקאָנט זיין די אורזאַכע פון דעם דועל, און אין אַלע פּירושים האָט זיך געהערט דאָס בעקאַנטע פראַנצויזישע וואָרט: „זוך די פרוי“.

עס איז געוואָרען אָוונד. אַ לאָמפּ אין אַ ווינקעל פון צימער, ווייט פון קראַנקען־בעט האָט פאַרשפּרייט אַ פערשטיקטע ליכטיגקייט אין דעם קראַנקענס צימער. דאָס צימער, וואו הוגאָ איז געלעגען, איז געוועזען זיין שרייב־צימער, ווייל דאָס איז געוועזען דער גערוימסטער אין הויז.

הוגאָ האָט איינגעדרעמעלט. סילוויאַ איז געזעסען לעבען איהם, און געהאַלטען זיין האַנד. אויף אַ דיוואַן אין אַ צווייטען ווינקעל פון צימער זיינען געזעסען דאָקטאָר ברעסער און

מארטא, אויסבייטענדיג זיך פון צייט צו צייט מיט אייניגע ווערטער.

— דערמאָנט איהר זיך — האָט מארטא געזאָגט נאָך א קורצען שטילשווייגען — אָן אונזער צוזאמענפאָהרען אויף דער באהן פון קעניגסהאָף נאָך האָראָוויץ אין א טאָג שפעטער נאָך דער שלאכט?

— איך דערמאָן זיך... אָן די הורבע מתים, אויף וועלכע די קראָהען זיינען געשטאנען. דאָס איז געווען נאָך טרויערי־גער.

— נור שרעקליכער, און פונקט אזוי איבעריג, ניט נויטיג.

— יא, דאָס איז דיזעלבע גרויסע זינד: א מלחמה צוויי־שען צוויי אָדער א מלחמה צווישען הונדערטע טויזענדע, די־זעלבע משוגעת, דאָס מיט דעם טויט קען מען עטוואָס דער־גרייכען, עטוואָס בעוויייזען, עטוואָס גוט מאכען. עס איז אלעס אזוי שרעקליך, אזוי טרויעריג...

— מיין אָרימער פריינד! האָט מארטא שמערצליך אויפ־געזיפצט.

עס איז איהר געווען שרעקליך ביטער. דיעזער שטאר־בענדער יונגערמאן, דער רואינירטער לעבען פון איהר טאָכ־טער... פון רודאָלף — דער האָט אויך אויפגענומען אזא שווע־רען קאמפף — האָט זי שוין פון א לענגערע צייט גארניט גע־הערט. די גאנצע צוקונפט פון איהרע קינדער (וועגען זיך האָט זי שוין ניט געטראכט) איז איהר מיט איינמאָל אויסגע־קומען אזוי פינסטער, — און די גאנצע וועלט אזא שלעכטע, — בילדער פון דער פערגאנגענהייט זיינען פארבייגעצויגען פאר איהרע אויגען, און אלע אזוי שרעקליך, ווי דאָס בילד, אָן וועל־כען זי האָט זיך נור וואָס דערמאָנט: די הורבע טויטע קער־פער, געגעסען פון קראָהען, וועלכע זי האָט געזעהען אין א גע־וויסע נאכט, בעלויכטען פון דעם בלאסען לבנה־שיין. זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם נאָוועמבער־טאָג אין סאראָוואָ, ווען זי האָט געזעהען דעם יונגען קייזער וויינען, אָן די פראָסטע היל־צערנע טרונען, אין וועלכע מען האָט אין דעם משך פון דער איינציגער חאָלערא־וואָך אין גרומיץ, אריינגעלעגט איהרע דריי

שוועסטער, און דאָס שרעקליכסטע בילד פון אלע, איהר גע־ליעבטער מאַן, צוזאַמענפאַלענדיג אונטער דעם פייער פון די ביקסען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קראַנקער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

„וואַסער!“ — האָט ער געבעטען מיט אַ שטילען קול.

דער אַלטער דאָקטאָר איז צוגעלאָפען, אָבער סילוויא האָט שוין געהאַט אָנגעפילט אַ גלאָז און מיט ציטערענדע הענד צו־געטראָגען עס צו הוגאָ׳ס ליפּען. ער האָט געטרונקען מיט מאַ־טערניש, אָבער מיט דורשט. דאַן איז זיין קאָפּ צוריק געזונ־קען אויפ׳ן קישען. ער האָט זי ווידער ניט דערקענט.

זייט סילוויא איז אַהערגעקומען — איצט איז עס שוין געווען דער דריטער טאָג — האָט ער נאָך מיט קיין וואָרט, מיט קיין בליק ניט געוויזען, דאָס ער האָט געוואוסט, ווער עס זיצט נעבען איהם. און זי האָט אָבער געוואָלט, אַז ער זאָל עס וויסען. זי האָט געוואוסט, אַז דורך איהר נאָהענטקייט, וועט ער זיך פיהלען בעגליקט. עס איז געווען שרעקליך פאַר איהר, דאָס ער איז ניט אימשטאַנד צו פיהלען כאָטש דעם גליק, און אפשר אויך דאָס לעצטע. אומזיסט האָט זי צו איהם גערעדט גאַנץ שטיל: „הוגאָ, הוגאָ, איך בין עס, דיין, דיין סילוויא“. אומזיסט האָט זי איהם אין די אויגען אריינגעקוקט מיט אַ ברע־נענדער ליידענשאַפט און מיט דער זיסעסטער צערטליכקייט אין איהרע אייגענע אויגען — זיינע אָרעמע, פיבער־ברענענדע אוי־גען האָבען אַרומגעבלאָנדזשעט, און ער האָט ניט אַרויסגעוויזען דעם מינדעסטען סימן, אַז ער פאַרשטעהט וואָס קומט פאָר, אָדער, אַז ער דערקענט אימיצען. דאָס איז גאָרניט געווען הוגאָ, וועלכער איז דאָ איצט געלעגען, ניט איהר דיכטער, פון וועמען זי איז געווען אַזוי געליעבט, נור אַ צוקענדער, ליידענדער קערפּער, וועלכען די נשמה האָט שוין כמעט ווי פאַרלאָזען.

אַרום צעהן איז דער פּראָפעסאָר ווידער געקומען. ער האָט געפונען דאָס זעלבע, וואָס ברעסער, אַז דער פיבער האָט בעדייי־טענד אָבגעלאָזען.

דאָס איז זעהר גינסטיג — האָט ער צוגעלעגט.

סילוויא האָט אויפגעציטערט. ווי א גליקליכער האָפנונג־בליץ האָט דורכגעשניטען דאָס וואָרט איהר ציטערענדע, פאַר־שמאַכטע הארץ.

ביין אוועקגעהן, האָט דער בעריהמטער דאָקטאָר ערקלערט, אז עס איז מעגליך, אז הוגאָ זאָל בלייבען לעבען. די נאַכט וועט ער ווארשיינליך רוהיג שלאָפען. דאָס וואָלט געווען זעהר פיעל געוואונען. און ווען ער וועט זיך ווידער אויפכאַפּען — הוגאָ האָט דערווייל ווידער איינגעדרעמעלט — וועט ער זיין ביי זיין פולען בעוואוסטזיין.

— בעוואוסטזיין! — האָט סילוויא נאָכגעזאָגט דעם בע־ריהמטען דאָקטאָר — אויך דאָס וואָרט האָט איהר געמאַכט פריי־דיג אויפציטערען — וואָס פאר א ווידערזעהען וועט עס זיין צווישען זיי!

מארטאַ האָט פאָרגעשלאָגען צו פאָהרען אהיים. סילוויא האָט אָבער ניט געוואָלט.

— איך וועל פון דאנען ניט אוועק, ביז ער איז גערעטעט, אָדער —

ווען מארטאַ האָט געזעהן, אז איהר טאָכטער איז אזוי ערנסט ענטשלאָסען צו בלייבען, האָט זי אויך אויפגעגעבען דעם פּלאַן צו געהן אהיים. דאָקטאָר ברעסער האָט איהר אָבגע־טראָטען זיין שלאָפצימער. ער מוז בלייבען ביין קראַנקען. אויך סילוויא'ן האָט ער פאָרגעשלאָגען א בעט אין נעבען־צימער, אָבער זי האָט ערקלעהרט, דאָס זי וועט זיך ניט א ריהר טהאָן פון שטוהל, וואָס איז געשטאַנען ביי הוגאָ'ס בעט. זי קען אויך דאָ רוהען. מארטאַ האָט אָנגענומען דעם דאָקטאָר'ס פאָרשלאָג און איז אוועק אביסעל זיך צולעגען.

צוויי שטונדען שפּעטער. הוגאָ האָט געאָטהעמט רעגעל־מעסיג און רוהיג. ברעסער איז געלעגען אָנגעקליידט אויפ'ן דיוואַן, און האָט איינגעדרעמעלט, און פונקט אזוי די וועכטע־רין, וועלכע איז געזעסען אין א שטול, נעבען אויווען. די איינ־ציגע, וואָס האָט געוואַכט, איז געווען סילוויא, וועלכע איז גע־זעסען צוקאָפּענס פון דעם קראַנקענבעט, און מיט איהרע אויגען

געציעלעוועט אויפ'ן פנים פון הוגא, כאָטש אין דער האַלב־דונ־קעלהייט האָט מען קוים געקאָנט זעהען זיין פנים. דער וואנד־זייגער האָט געקלאפּט זיין טיק־טאַק, און ערשט נים לאנג האָט זי געשלאָגען איינס. אין אויוועז האָבען געפלאַמט די ברע־נענדע שייטלען האָלץ. פון דער גאַס, כאָטש אלע געשעפטען זיינען שוין געווען געשלאָסען, האָט זיך צוגעטראָגען דער פער־שטיקטער גערויש פון א פארבייפאָהרענדען וואָגען מיט מענשען, וואָס זיינען געפאָהרען פון בעללער, באנקעטען, און וועלכע האָבען קיין אהנונג ניט געהאט פון דעם צער און שרעק פון דאָ אויבען, וועלכע קענען זיך אפשר באלד פערוואנדלען אין די טיעפסטע פערצווייפלונג. דער געדאנק, דאָס דער געליעבטער וועט שטארבען, איז איהר מעהרערע מאָל געקומען אין קאָפּ. מאנכעס מאָל האָט זי זיך אליין געפייניגט פאָרשטעלענדיג זיך דאָס ער איז שוין טויט...

אזוי איז אוועק נאָך א שעה. דער זייגער האָט אָנגעהויבען אויסצושלאָגען צוויי. אין דערזעלבער צייט האָט זיך דער קראַנ־קער א ריהר געטהאָן.

סילוויא איז אויפגעשפרונגען און זיך איבערגעבויגען אי־בער איהם. זיינע אויגען זיינען געווען אָפען, עס האָט דורכ־געשניטען איהר דערזעלבער האָפנונגס־שטראהל, ווי ביי פּראָ־פעסאָר לינדען'ס וואָרט: „בעוואוסטזיין", אפשר איצט, אפשר איז ער אין גאנצען שוין דאָ.

— הוגאָ, הוגאָ, דערקענסטו מיך? — האָט זי אויסגערופען שטיל, אָבער מיט געפיהל.

און ער איז ווירקליך געקומען צום בעוואוסטזיין. אין ראַשע ערינערונגס־בליצען האָט זיך אין זיין גייסט אפּגעשפּיגעלט אלעס, וואָס האָט פּאסירט: דער דועל, זיין ווערען פערוואונדעט, דאָס ווערען געבראכט אהער, די אָפּעראציע און דאן א פוסט־קייט. און איצט: איהר פנים איז געלעגען אין שאָטען, אָבער איהר שטימע האָט ער דערקענט, איצט, איינגעבויגען איבער איהם די פרוי, וועמען ער ליעבט אזוי...

— סילוויא, סילוויא, דו! — און אזוי האָב איך דיך ווידער?

— און אויף אייביג... ביזט געדעטעט, ביזט גענעזען...
א לאנגעס לעבען ליעגט פאר אונז... קיין זאך זאל אונז ניט צו־
שיידען. ווי איז דיר? ווי פיהלסטו זיך?

— איך בין גליקליך, סילוויא, א גליק —

ער האט זיך אביסעל אויפגעהויבען, אבער מיט א דורכ־
דרינגענדען שמערץ־געשריי איז ער צוריקגעפאלען אין קישען.

דאן איז שוין אויך דאקטאר ברעסער געווען ביי דער זייט
פון זיין זוהן און האט זיך אריבערגעבויגט איבער איהם.

— ער איז געקומען צו זיך — האט סילוויא געזאגט —
ער האט מיך דערקענט. ניט אמת, הוגא? וואס איז דיר?
אבער רעד דאך!

דער אלטער ברעסער האט איהר ניט געלאזט מעהר רע־
דען:

— שטיל, ער שטארבט!...



# דריי און דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

א בריעף פון מארטא טיללינג צו גראף קאלנאָס.
גרומיץ, 1895.

טהייערער פריינד: —

א הערצליכען דאנק פאר אייער אָנזאָגען מיר וועגען אייער באלדיגען צוריקקומען און פאר דאָס, וואָס איהר האָט מיר צוגעשיקט אייער אדרעס פון אייער לעצטען אָבשטעל־פּלאַץ. דאָס מאכט פאר מיר מעגליך ווידער צו שרייבען צו אייך וועגען אלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיין פאמיליע אין דער לאנגער צייט, וואָס איהר זיינט געוועזן אוועק.

עס איז געוועזן א דראמע, א שרעקליכע דראמע. איהר וועט אלעס הערען, ווען איהר וועט צוריקקעהרען, אָבער, מעגליך שטארק איבערטריבען און צוקריפּעלט. דערפאר זאָלט איהר פון מיר אליין זיך דערוויסען דעם גאנצען אמת.

וועניגע טעג נאָך דעם, ווי איהר זיינט אוועקגעפאָהרען, האָט זיך אָבגעשפּיעלט די דאָזיגע שרעקליך־טרויעריגע דראמע. אפשר האָט איהר וועגען דעם געלייענט אין די צייטונגען? אָבער איהר לייענט דאָך קיינע צייטונגען, ווען איהר מאכט אייערע רייזען, און מסתמא ווייסט איהר גאָר ניט וועגען דעם ברעסער־דעלניצקי דועל. יא, מיין איידעם דעלניצקי האָט ברעסער'ן טוידטליך פארוואונדעט. ברעסער איז געוועזן — ניין, ניט סילוויא'ס געליעבטער — פון סילוויא'ן געליעבט. אזוי געגליעבט, דאָס ניט קימערענדיג זיך וועגען דעם, וואָס די וועלט וועט זאָגען, איז זי אוועק צו זיין קראנקען־בעט — איך און זי — ביז צו זיין לעצטען אטהעם־צוג.

וואָס עס איז נאכהער געוועזן, איז געוועזן שרעקליך. עס האָט די הארץ צוריסען. מיין גאָט, איך האָב דאָך דורכגעמאכט אין מיין לעבען פיעלע סצענען, וועלכע דער טראגעדיען־דיכטער, דער טויט, וויים צו שאפען: די אגאָניע אין די בעהמי־

שע לאזארעטען, די חאָלערא־וואָך אין גרומיץ, די דערשיסונג פון מיין געליעבטען... צולעצט די אונגליקען, וואָס האָבען געטראָפפען מיין זוהן — אָבער איך האָב ניט געגלויבט, אז מיר וועט אויסקומען דורכצומאכען א טויט־שטונדע, וועלכע זאָל פאר מיר ענטפּלעקען א גאנץ נייעם שמערץ. עס איז שוין איצט פאָראיבער, א דאנק גאָט, קען איך עס דערצעהלען. אין דער שטונדע, וועלכע האָט אוועקגעריסען פון מיין טאָכטער דעם געליעבטען פון איהר הארצען, איז מיין אָרימע סילוויא אריינגעפאלען אין א וואהנזיניגע פערצווייפלונג, וועלכע אנדערע רופען עס אין קורצען משוגעת. זי האָט געמוזט אוועקגענומען ווערען אין א נערוועז־אנשטאלט, וואו מען האָט זי געמוזט זעכס מאָנאטען האלטען אונטער דער שטרענגסטער אויפפּאסונג, ווייל מעהר ווי איינמאָל האָט זי געוואָלט ארויסשפּרינגען הויך'ן פענסטער, אָדער זיך דעם קאָפּ צוברעכען אָן א וואנד. זי האָט ניט־בעוואוסטזיניג געוואָלט בעגעהן זעלבסטמאָרד, נור אונטער אָנפאלען פון א פיבער משוגעת. ביסלאכווייז, ביסלאכווייז האָט די פארפינסטערונג פון איהר גייסט אָנגעהויבען צו פארשווינדען, און די אויסברוכען פון שמערץ האָבען געמאכט פּלאץ פאר א זאנפטערען, שטילערען, אָבער זעהר שווערען געמיטה. שטונדענלאנג האָט זי געוויינט אויף מיין ברוסט — איך האָב זי בעזוכט, נאטירליך, יעדען טאָג. נאָך אנדערע צוויי מאָנאטען האָט זי שוין פערלאָזען דעם אנשטאלט, אלס פאָלשטענדיג אויסגעהיילט, און איצט לעבט זי ביי מיר. אָבער זי איז נאָך יונג, און איך רעכען אויף די צייט, וועלכע איז אזא גוטע היילערין, אפשר וועט איהר דער שיקזאל נאָך טרייסט ברענגען...

דעם גט האָט זי שוין, אָבער ליידער האָט זי געקראָגען דעם גט נאָכדעם, ווי זי איז געמאכט געוואָרען, אלס די איינציגע שולדיגע. אנטאָן האָט ניט לאנג צוריק געהייראַט מיט זיין זינגערין. די האָט איצט פערלאָזען דאָס טהעאטער, און ביידע לעבען זיי אין דעם לאנד־הויז, וואָס אנטאָן האָט איהר שוין מיט יאָהרען צוריק געשענקט.

און רודאָלף? — די פראגע וואָלט איהר מיר זיכער גע־

שטעלט נאָכדעם, ווי איך וואָלט אייך אַלעם פריהעריגע מינדליך דערצעהלט. ווייל איהר ווייסט דאָך, דאָס אין מיינע געדאַנקען און זאָרגען פאַרנעהמען מיינע ביידע קינדער אימער אַ גלייכען פּלאַץ. איהר לייענט דאָך אַזוי גוט אין מיין נשמה, קאַלנאַס, און האָט מיך אימער אַזוי גוט פאַרשטאַנען, אפילו דאַן ווען איהר האָט פאַר אַ ווײַלע געמאַכט אַ קליינעם טעות — איז אויך דאַן האָט איהר באַלד פערשטאַנען, וואָרום דאָס האָט ניט גע־קאָנט זיין... אָבער וועגען דעם רעדען מיר דאָך קיינמאָל ניט. ענטשולדיגט מיך, וואָס איך האָב אָנגעריהרט אַן עררינערונג, וועלכע איז אפשר שמערצליך פאַר אייך... פאַר מיר, אָבער, איז זי איינע פון מיינע ליעבע עררינערונגען...

אַלזאָ, רודאָלף? ער איז מיט אַן אָוועגד פריהער פאַר דעם דועל אָבגעפאָהרען פון וויען, און האָט זיך ערשט דערוואוסט אין איניגע טעג ארום דורך די צייטונגען. פון סילוויאַ׳ס צו־שטאַנד האָט ער גאָרניט געוואוסט, איך האָב איהם ניט געוואָלט לאָזען וויסען וועגען דעם, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ער מוז ערפילען דאָס, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען, און האָב ניט געוואָלט נאָך שווערער מאַכען זיין אויפגאַבע. אָבער ער האָט זיך עס דערוואוסט פון אַנדערע. דאַן האָט ער אָבגעזאָגט זיך פון זיינע איניגע פאָרטרעגע, וואָס ער האָט געזאָלט געבען, און איז צוריקגעקומען נאָך וויען: בייצושטעהן דער מוטער און שוועסטער אין זייער גרויסען צער. דאָס האָט ער אַנערקענט, אַלס זיין ערשטע פליכט. און ווירקליך, זיין נאָהענטקייט האָט מיר וואויל געטהאָן.

נאָך אַן אַנדער ליעבער מענש האָט זיך באַמיהט ארום מיר צו פערשאַפען מיר הילף און טרייסט. דאָס איז קאַיעטאַ־נע ראַנעגג. אַזוי אָפט, ווי איך בין געווען אַליין, איז זי צו מיר געקומען. נור, ווען רודאָלף איז צו מיר געקומען, פלעגט זי אַוועקגעהן, און אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט מערקען. זי מיידט איהם אויס אַזוי שטאַרק, ווי זי קען נור. דאָס זי האָט איהם ליעב, דאָס ווייס איך שוין פון לאַנג... איך האָב עס דאָך אייך שוין אַמאָל געזאָגט, און דערביי אויסגעדריקט מיין וואונש,

הלואי וואָלט רודאָלף מיט איהר געהייראַט, אָבער די צרה איז, דאָס רודאָלף וויל גאָר ניט הערען פון זיך ווידער פערהייראַטען.

ווען סילוויא איז געוואָרען פאָלשטענדיג געזונד, האָבען מיר זיך איבערגעקליבען נאָך גרומיץ, וועמען איך בין אונטריי געוואָרען פאַר אַ לענגערע צייט צוליעב ברינהאָף. אך, ווי שטאַרק איז דער אָרט באַפּעלקערט פון די שאָטענס פון מיין יוגענד... רודאָלף האָט מיך אָהער געבראַכט, און דאַן איז ער ווידער אוועקגעפאָהרען, ער האָט געמוזט גוט מאַכען דאָס, וואָס ער האָט פריהער פאַרזאַמט. וואָס ער טהוט, טראַכט און פּלאַנעוועט, דאָס וועל איך אייך מינדליך דערצעהלען. איך בין נאָך אימער מיט מיין גאַנצער נשמה ביי דער גרויסער אויפ־גאַבע, וועלכע מיין מאַן האָט פאַר מיר איבערגעלאָזען, און וועל־כע מיין זוהן האָט איבערגענומען. שטאַרק, ווי עס דריקט מיך די זאָרג וועגען מיין אונגליקליכער סילוויא, און אַזוי שטאַרק ווי איך לייד אַליין, — דאָס אַלעס האָט געמאַכט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף מיין שוואַכע הארץ — דאָך האָב איך קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען מיינע אידעאַלען, וועלכע זיינען מיין רעליגיאָן.

וואָס זאָל איך אייך נאָך דערצעהלען? מאַקס און עלי־זאַבעט דאָצקי, וועלכע לעבען אַזוי גליקלאך אין ברינהאָף (האָט רודאָלף ניט געהאַנדעלט איבעראיילט?... ער האָט געוואָלט זיך בעפרייען פון די קייטען, און דאָך, וויפיעל נאָך קייטען ער שלעפּט הינטער זיך!) אַלזאָ, דיביידע גליקליכע האָבען נאָך איצט געקראָגען אַ יורש — אָרעמער, ליעבער פריצעל, ער איז געוועזען אַזאַ טהייערינקער. דאָס איז אויך עטוואָס, וואָס איך קען ניט פאַרגעסען.

פון לאָרי גריזבאַך האָב איך שוין לאַנג גאָרניט געהערט. עס הייסט, אַז זי איז געוואָרען זעהר פרום, געהט טעגליך אין קירכע, בעשעפטיגט זיך מיט זאַמלונגען פון פאָנדס פאַר אַלער־ליי הייליגע צוועקען, פאַר די אונטערשטיצונג פון קאַטוילישע פאַראיינען, פון מיסיאָנען און אַזוי ווייטער. דעם טויט פון איהר טאָכטער און אייניקעל בעטראַכט זי — אַזוי האָט זי ניט לאַנג געזאָגט אונזערען אַ געמיינשאַפטליכען פריינד — אַלס

א שטראָף פון גאָט פאַר די פאַמיליע דאָצקי, ווייל די דאָצקי פאַמיליע האָט ניט דעם עכטען גלויבען. נו, יאָ, דאָס איז געווען א זעהר הארטער קלאַפּ פאַר די אָרעמע, טו פארגין איך איהר צו געפינען טרייסט און שטיצע אין איהר רעליגיאָן... נאַטירליך, אויב די גאַנצע פרומקייט איז ניט עטוואָס, וואָס איז איצט אין דער מאָדע, ווייל איצט ווערט עס בעטראכט, אלס „גוטער טאָן" פון דער העכערער געזעלשאַפט צו מאַכען אַן אָנשטעל פון גלויביגקייט — נאָך דעם ביישפּיעל וואָס ווערט געגעבען פון סאַמע אויבען, פון אונזער קאַיזער גופא.

דאָ, אין גרומיץ, לעבען מיר, די דריי פרויען, זעהר שטיל. מיר פרעהען זיך נור מיט דער זומערליכער נאַטור. „עס איז די צייט פון ראָזען". מיר דריי, האָב איך געזאָגט, ווייל קאַיעטאַנע ראַנעגג איז ביי מיר צוגאַסט. איך בין איהר זעהר דאַנקבאַר, ווייל איהר געזעלשאַפט פאַר מיין טרויעריגער סילוויא איז אַן אמת'ע ברכה, און כאָטש אויך זי האָט א געהיימען שמערץ, דאָך איז זי פון א פרעהליכען געמיט. דאָס איז א געזעלשאַפט, וועלכע איז פאַר מיין סילוויא'ן פיעל בעסער, ווי די געזעלשאַפט פון אַן אַלטע, געדריקטע פרוי, וועלכע האָט איהרע אייגענע ליידען.

ניט, דאָס איך פיהל מיך אַזוי אַלט... אָבער אין די אויגען פון יונגע לייט.. עס איז א נאַטור־געזעץ, דאָס פאַר די יוגענד גילט בלויז די יוגענד.

צו מיין פריינדין ראַנעגג איז איינפערשטאַנען דערמיט, וואָס איהר טאָכטער איז אהער געקומען און האָט זיך אַזוי שטאַרק בעפריינדעט מיט סילוויא, דאָס ווייס איך ניט. דער גט, דער דועל, די „נערוועןקראַנקהייט", וואָס איז געקומען נאָך דעם יונגען ברעסער'ס טויט — דאָס אַלעס מוזען זיין זאַכען, וועלכע זיינען שטאַרק ניט צום הארצען אַזאַ פרוי, ווי גרעפין ראַנעגג. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז די פרוי צו ברייטהערציג, אַז זי זאָל פאַרבאָטען איהר טאָכטער צו טרייסטען אונז ביידען מיט איהר ליעבער נאָהענטקייט. און פאַר מיר איז קאַיעטאַנע אַן אמת'ער טרייסט. איך ליעב זי באמת, און איך פיהל, דאָס זי האָט מיך אויך ליעב. און כאָטש אפילו

איך ווייס, דאָס זי ליעבט מיך נור, ווייל איך בין רודאָלף'ס מאמע, ארט עס מיך גאַנץ ווייניג. אין גענענטייל: איך בין איהר דאַנקבאר פאר דאָס וואָס זי פיהלט צו מיין זוהן. איך קען מיט איהר רעדען איבער זיינע פּלענער, און זי הערט זיך צו צו זיי מיט אזא לעבהאפטער פערשטענדניס. אלעס פון איהם איז אין איהרע אויגען שעהן און ערהאבען. מעגליך, אז ווען ער וואָלט פערטרעטען פונקט דעם געגענזאַץ פון דעם, אין וואָס ער גלויבט איצט, וואָלט זי עס פונקט אזוי בעוואונדערט. איך ווייס עס ניט. אָבער עס איז פאר מיר א פערגניגען צו וויסען, דאָס עס שלאָגט אזוי ווארים א הארץ פאר מיין איינזאמען רודאָלף. ווער ווייס! אפשר, ווען די היימלאָזיגקייט, די איינזאמקייט וועט איהם גוט צודריקען, אפשר דאַן — לאַכט פון מיר ניט, קאָלנאָס, וואָס איך ווייז זיך ארוים אלס א שדכנ־טע. מען קען ניט אזוי גליקליך זיין אין דער הייראַט ,ווי איך בין עס געווען, און ניט פארשפּירען א מאָל א וואונש — נאַ, גענוג. דער בריעף איז געוואָרען צו לאַנג. אויף וויעדערזעהן. איך קוק שוין אוים אויף אייער בעזוך.



# פיער און דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

רודאָלף איז ווידער צו זיך געקומען פון די אויפטרייסלענדע פּאסירונגען, סיי די, וועלכע האָבען מיט איהם אליין פּאַסירט אויף יענער אנטיסעמיטען-פערזאמלונג, און סיי די, וועלכע האָבען פּאסירט מיט זיין שוועסטער. איצט איז שוין סיל־וויא געוועזען אויף׳ן וועג פון אַ פאַלשטענדיגען גענעזען־ווערען, און וואָס אנבעטרעפט די עררינערונגען פון יענעם אָווענד אין דער פּאַרשטאָדט־פּערזאמלונג, זיינען זיי פערדונקעלט געוואָרען דורך נייע ערהויבענדע איינדריקע אויף דעם סאָציאלען פעלד. רודאָלף האָט זעהר גוט געוואוסט, אַז ער לעבט אין אַ קאַמפּף־צייט, אין אן איבערגאנגס־צייט, ווען צוויי וועלט-אנשויאונגען, ניין, צוויי וועלט־אָרדנונגען, קעמפּפען איינע מיט דער אנדערער, און ער האָט פערשטאַנען, אַז דער, וואָס קעמפּפט פאַר די נייע אָרדנונג, טאָר ניט ווערען מוטהלאָז, ווען אין מאַנכע פּלעצער און צו פּאַרשיעדענע צייטען זיעגט נאָך אימער די אַלטע, די צוריקגעשטאַנענע אָרדנונג. מעהר פון אַלץ טאָר עס ניט פּאַרדונקלען זיינע אויגען פון צו זעהן די סמנים, די אָנזאָגער פון זיעג אין זיין אייגענעם לאַגער. עס ווענדעט זיך נור אָן דעם, וואוהין איינעמס בליקען זיינען געציעלעוועט. און אין דער לעצטער צייט האָט רודאָלף געזוכט און געפונען די געלעגענהייט צו בעאָבאַכטען די ליכטיגע פּאזען פון דער סאָציאַלער ענטוויקלונג, און האָט זיך פאַרנומען מיט די זאַכען און פּערזאָנען, וועלכע האָבען געטהאָן די פּאָרבערייטענדע ארבייט פאַר דאָס אריינטרעטען אין די נייע עפּאָכע.

נאַטירליך איז רודאָלף ניט געווען בלינד צו דעם, וואָס האָט געהערשט אויף דער אנדערער זייט: צו דעם עלענד אין די אונטערשטע שיכטען פון דער געזעלשאַפט, און צו דער אונוויסענהייט און אויסגעלאַסענהייט, וואָס האָט געהערשט אין

אַלע שיכטען; ער האָט אויך גאַנץ גוט געזעהען די אויפגע־
העצטע פערפאָלגונגס־ליידענשאַפטען פון די נאַציאָנען און ראַ־
סען, דאָס גרויסהאַלטען פון דער געוואַלט־פּרינציפּ אין די רע־
גיערונגס־קרייזען — דאָס אַלעס האָט ער זעהר גוט געזעהען,
אָבער דאָך האָט ער געפיהלט איבער דעם אַלעם דעם אָטהעם
פון דעם נייעם גייסט, פון דעם גייסט, וואָס האָט געהאַט אַלס
זיין מיסיאָן בייצוקומען דאָס אַלעס. ער האָט בעגריפען, אַז
די אַלע שלעכטע זאַכען ווערען שוין מעהר ניט בעטראַכט, אַלס
אַן אונפערמיידליכעס בייז, מיט וואָס איינער מוז שלום מאַכען,
נור אַלס פּראָבלעמען, וועלכע מוזען אַזוי אָדער אַנדערש גע־
לייזט און פאַרענטפערט ווערען, און דאָס איבעראַל זיינען דאָ
כחות, וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט דעם זוכען פון צו לייזען
זיי. די כחות זיינען פוןביידע מינים: בעוואוסטע און אונ־
בעוואוסטע.

דער אַלטער יאָמער איז נאָך אַלץ ניט אָבגעשאַפט, אָבער
די קולטור־מענשהייט האָט איהם, ווי מען זאָגט עס, געגעבען
נאָטיס, איהם אָנגעזאָגט, אַז זיין טערמין פון געוועלטיגונג געהט
צו־ענד.

וואָס עס האָט רודאָלפ׳ען געבראַכט מעהר אין אַ געהויי־
בענע און האָפנונגספולע שטימונג, איז געוועזן דער פערזענלי־
כער פאַרקעהר מיט זיינע געזינונגס־גענאָסען. אין דעם האָט
ער געפונען דעם פּאָזיטיווען טרייסט, דאָס אַ גאַנצע רייהע פון
גייסטער שטרעבט צו דעמזעלבען ציעל, וואָס ער. שוין פון
לאַנג פריהער איז ער געשטאַנען אין קאָרעספּאָנדענץ מיט די
פיהרער פון פערשיעדענע פאָרטגעשריטענע אידעען. איצט
האָט ער געמאַכט מיט זיי זיין פערזענליכע בעקאַנטשאַפט, און
אין אַ לעבעדיגען אויסטויש פון געפיהלען און געדאַנקען איז זיין
איינענע איבערצייגונג און זיכערהייט פיעל שטאַרקער געוואָ־
רען. ער איז געפאָהרען נאָך בערלין, אום פערזענליך בעקאַנט
צו ווערען מיט מאָריץ פאָן עגידי. ער איז ניט נור געווען אַלס
צוהערער ביי זיינע פאָרטרעגע, וועלכע טויזענדע האָבען גע־
הערט און אפּלאָדירט, נור ער איז מיט איהם אַליין געוואָרען
זעהר אינטים בעפריינדעט. דאַן איז ער אוועק קיין ענגלאַנד.

וואָס איז ניט נור געווען אַ רייזע, אום צו בעזוכען הערבערט ספענסער, וועמעס ווערק האָבען געבילדעט דעם פונדאַמענט פון זיין אייגענעם געדאַנקען־גאַנג, נור הויפּטזעכליך האָט ער געוואָלט בעזוכען ענגלאַנד, דאָס פרייעסטע לאַנד פון אייראָפּאַ, אויף וועמען די קראַנקהייט פון מיליטאַריזם האָט גאָר קיין שליטה ניט געהאַט, און וועלכעס האָט איהם אויסגעזעהען צו זיין די אמת'ע פעסטונג פון דעם פריעדענס־געדאַנק, און וועלכעס, נאָך די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד אַמעריקא, איז ווירקליך די וויעגעלע פון דעם פריעדענס־געדאַנק. און באָטש אויך דאָרט, ווי אומעדום, איז דאָ אַ זשינגאָ־פּאַרטיי, און די גרויסע מאַסען זיינען נאָך ניט דורכגעדרונגען מיט דעם געדאַנק פון אַ געזיכערטען וועלט־פריעדען, דאָך האָט ענגלאַנד דאַן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פאַקט, וואָס האָט דאַן נאָך אין ערגעץ ניט עקזיסטירט, דאָס די רעגיערונג, אין דער פערזאָן פון איהר פיערמאָל בעשטימטען און ווירקענדען פריים־מיניסטער, האָט פאַרטראָטען דעם פרינציפּ פון אַרביטריישאָן צווישען די פעלקער. נאַטירליך האָט רודאָלף דאַן ניט געקאָנט פאָראויסזעהען, דאָס גראַדע אין דעם לאַנד וועלען אייניגע יאָהר שפּעטער אויפפלאַקערען די שטאַרקסטע קריעגס־ליידענשאַפטען, און וועלכע וועלען זיך אין גאַנצען האָבען אָבגעטרייסעלט פון גלאַדסטאָן'ס פרינציפּען.

רודאָלף האָט אָבגעשטאַט זיין בעזוך אויך צו גלאַדסטאָן, צו דעם „גרענד אָלד מען". דאָרט האָט ער אויך זיך בעקענט מיט גלאַדסטאָן'ס פריינד, מיט דעם מ. פ. פיליפּ סטענהאָפּ, דעם אינגערען ברודער פון לאָרד טשעסטערפיעלד, אויך אַ פריעדענס־קעמפפער און אַ מיטגליעד פון דער אינטערפּאַרלאַמענטאַרישער יוניאָן. מען האָט גערעדט פון דער נעכסטער קאָנפערענץ פון דער יוניאָן, וועלכע אין יענעם יאָהר, אין 1894, האָט געזאָלט פאָרקומען אין דער קאַממער פון די האָלענדישע גענעראַל שטאַאַטען.

— איך האָב מיין פריינד סטענהאָפּ געגעבען אַ מיסיאָן פאַר דיעזע קאָנפערענץ — האָט גלאַדסטאָן געזאָגט. — שוין פאַריגען יאָהר — האָט ער צוגעגעבען — האָב איך עס אויסגע־

דריקט אין פארלאמענט, צו דער געלעגענהייט פון דעם פאָר־שלאַג פון קרעמער און סער דזשאהן לאָבבאָק, אָבצושליסען אַ שטענדיגע ארביטריישאָן־אָבמאַך מיט די פעראייניגטע שטאַא־טען. איך האָב דעם פאָרשלאַג אונטערשטיצט, האָב אָבער נאָך צוגעגעבען, דאָס ווי וויכטיג עס זיינען די ערקלעהרונגען וועגען ארביטריישאָן און געגען אַ צו־שטארקע בעוואפנונג, איז אָבער דאָ נאָך אַן אַנדער מיטעל, וועלכען איך האלט פאר בע־זונדערס אַ זעהר שטארקען, און דאָס איז, אויפצובויען אַ טרי־בונאַל, אַ צענטראַל־טריבונאַל פון אייראָפּא, אַ הויף־געריכט פון אַלע אייראָפּעאישע מאַכטען. מיין פריינד סטענהאָפּ ווער די אידעע מיינע מעהר ענטוויקלען פאר דער בעפאָרשטעהענדער קאָנפערענץ.

און אין דעם פאָלגענדען סעפּטעמבער איז רודאָלף געוועזן אין האאג ביי דער קאָנפערענץ. ניט אַלס טהיילנעהמער, נור אַלס צוהערער.

צום פונקט 3 פון דער טאגעסאָרדנונג: „פאָרבערייטונג פון אַן אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן פון אַן אינטערנאַציאָנאַלען אַר־ביטריישאָן געריכט" האָט דער רעדנער געבראַכט אין זיין רעדע גלאַדסטאָן'ס ווערטער: „הויף־געריכט פון די אייראָפּעאישע מעכטע", און האָט אונטער אַנדערעס פאָלגענדעס ערקלעהרט:

אונזער אויפגאַבע איצט איז פאָרצוברענגען אָט די פאָדערונג פאר די רעגיערונגען. אַלעס, וואָס איז דאָ ביז איצט פון דעם זאָגענאַנטען אינטערנאַציאָנאַלען רעכט, איז אָהן אַן אייגענטליכען פונדאמענט, אויפגעבויט אויף צופעלע און אויף ענטשיידונגען פון הערשער. דערפאר איז דאָס אינטער־נאַציאָנאַלע רעכט יענע וויסענשאַפט, וועלכע האָט געמאַכט די קלענסטע פּאָרטשריטע, וועניגער ווי אַלע אַנדערע וויסענ־שאַפטען. פאר די ציוויליזירטע פעלקער ליעגען פאַר צוויי גרויסע נויטווענדיגקייטען: אַן אינטערנאַציאָנאַלער טריבונאַל, און אינטערנאַציאָנאַלע געזעצע, וועלכע זאָלען אויסדריקען דעם מאָדערנעם גייסט און וועלכע זאָלען זיין עלאַסטיש גענוג זיך צוצופּאַסען צו די נייע פּאָרטשריטע. דערמיט וואָלט דער־גרייכט געוואָרען דער טריאומף פון דער קולטור, און עס

וואָלט געמאַכט געוואָרען אַ סוף צו דעם מיטעל פון מאַסען־מאָרד. ווי די לאַגע איז איצט ווערען אין יעדען פּאַרלאַמענט געפאָדערט מיליטער־קרעדיטען, און פון דער פּרעסע ווערען מיר געהעצט און געצוואונגען זיי צו באַוויליגען. גאַנץ אַנדערש וואָלט עס אָבער געווען, ווען מיר וואָלטען געקענט ענטפערען: די געפאַהרען, געגען וועלכע די פערלאַנגטע פאַרמעהרטע בע־וואַפנונג דאַרף עס אונז שיצען, וואָלט דאָך פאַר אונז דער פערלאַנגטער טריבונאַל במילא בעזייטיגט. דערפאַר זאָל דאָ אויסגעאַרבייט ווערען אַ פּלאַן, וועלכען מיר זאָלען קענען פאָר־לעגען פאַר די רעגיערונגען.

מיט גרויס פאַרגעניגען האָט רודאָלף זיך צוגעהערט צו דער רעדע. אַלזאָ, די בעוועגונג איז שוין אַרויס פון דער טהעאָ־רעטישער וועלט אין די פּראַקטישע. מיט שפּאַנונג האָט ער זיך צוגעהערט צו דער דיסקוסיאָן, וואָס האָט געפאָלגט נאָך סטענהאָפּ׳ס פאָרשלאַג.

איין אָפּאָנענט האָט ערקלעהרט, אַז פריהער פון אַלץ איז נויטיג צו באַשליסען נור אַזעלכעס, וואָס זאָל מעגליך זיין, אַז מען זאָל עס אָננעהמען אין די פאַרשיעדענע פּאַרלאַמענטען. און ער איז זיכער, דאָס הערר פאָן קאַפּריוויי וועט קיינמאָל ניט נור ניט אָננעהמען נור אויך גאַרנישט נעהמען אין אַנבעטראַכט דעם פאָרשלאַג פון אַן אינטערנאַציאָנאַלען טריבונאַל; אויך מוז מען זעהען אויסמיידען ניט אַרויפציהען אויף זיך דעם פלוך פון לעכערליכקייט. די געגנער זיינען נאָך גאָר צו שטאַרק גע־נייגט צו פאַרשפּאָטען אַלע קאָנפערענץ־בעזוכער אַלס טרוימער.

— אַך, — האָט רודאָלף געזאָגט אין דער שטיל צו זיין שכן — דאָס נעהמען אין אַנבעטראַכט די אָפּשפּעטונג פון די נאַרען וועט אימער־צו שטערען דעם ווייטערען פאָרטשרייטען פון די קלוגע.

דער אָפּאָנענט קריגט אָבער פון אַנדערע זעהר אַ גוטען ענטפער. הוגאָ דע־לאַהיע רעדט פאַר דעם פאָרשלאַג, און זאָגט, דאָס אין אַנבעטראַכט פון אַזעלכע גרויסע געדאַנקען, ווי די, וועלכע זיינען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרען, און אין אַנבעטראַכט, וואָס די זאַך ווערט פערטראָטען פון אַזעלכע מענער, ווי גלאַד־

סטאָן און סטענהאָפּ, קען מען איבערהויפּט ניט ארויסרערען דאָס וואָרט „לעבערליך". און מיט גרויסען בייפאל איז אויפגענומען געוואָרען די דאָזיגע בעמערקונג. און א צווייטער איז ארויס מיט דער ערקלעהרונג, דאָס איז דער עהרווירדיגער פרעדעריק פּאססי — „איך וויל פּראָטעסטירען, האָט ער געזאָגט — געגען אַן אַנדער וואָרט, וואָס איז דאָ פריהער אָנגעווענדעט געוואָרען. איך מיין עס דאָס וואָרט „קיינמאָל. עס איז נאָך קיין גרויסער פּאָרטשריט ניט געווען, וועגען וועלכען מען האָט אין אָנפאַנג ניט געזאָגט, אַז דאָס קען ק י י נ מ אָ ל ניט געשעהען, ווי למשל, אַז פּארלאמענטאריער פון אַלע לענדער זאָלען זיך צוזאַמענקומען אום צו פערהאַנדלען איבער וועלט־פריעדען, און דאָס זיי זאָלען עס אויספיהרען אין דעם זיצונגסזאל פון דער ערשטער קאמער פון א מאָנאַרכישען שטאַאט... וויפיעל וואָלטען אויף די פראַגע, ווען מען וואָלט זיי געשטעלט אַזעלכע, געענטפערט: קיינמאָל ניט!"

דעם פערלויף פון אַלע פערהאַנדלונגען האָט רודאָלף סטענאָגראַפירט און אָבגעשיקט צו זיין מוטער. צו דעם האָט ער איהר ווי פּאָלגט געשריעבען:

„דאָ האָסטו עטוואָס פאַר דיין פּראָטאָקאָל". ווען טיללינג וואָלט דאָס דערלעבט! דער פּלאַן וועט אויסגעאַרבייט און צושיקט ווערען צו אַלע רעגיערונגען. ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז ווערט דאָס וואָרט דאָך אומגעוואַנדעלט אין פליישׁ, אין א פאַקט. דאָסמאָל שטאַמט עס דאָך פון מענשען, וועלכע זיינען אַליין רעגיערונגס־פיהרער. דאָס איז א בעוויז, אַז דער ווילען ערוואַכט שוין אויך אין אַזעלכע רעגיאָנען, וואו מען ק ע ן, בעת ביז איצט האָט ער געפיהרט זיין אָבגעלאַכטען לעבען נור דאָרט, וואו מען האָט געוואונשען. אמת, אַז גראַדע איצט שטורעמט אין דעם ווייטען איסט א גרויזאַמע מלחמה (האָסטו געלעזען די שרעקליכע נייעס, פון וועלכע די האָר שטעלט זיך קאַפּויר, פון פּאָרט ארטור?) וועט אייראָפּאַ צורופען א האַלט צו דיעזער מענשען־שחיטה?... אָבער צוריק־רעדענדיג, איז עס ניט געוועזן אייראָפּאַ, וועלכע האָט געלערענט די כינעזער און די יאפּאַנעזער די קריעגס-קונסט, און וועלכע האָט זיי בעזאָרגט

מיט די מאָדערנסטע וואפען? די אַלטע סיסטעם ברענגט אי־
בעראַל נאָך איהר פרוכט, אָבער דאָס נייע שפּאַרט זיך דורך
אָהן אָבהאַלט — די מאַסען זעהען עס נאָך ניט, אָבער די,
וועלכע פאַרשטעהען און זעהען, די זעהען עס מיט פולער קלאָר־
הייט".

די געפּלאַנטע פּאָרטראַגס־רייזע, וועלכע איז צושטערט גע־
וואָרען דורך דעם אונגליק פון זיין שוועסטער, סילוויא, האָט
רודאָלף שפּעטער דאָך אויסגעפיהרט. צו ער האָט דורך זיי
געקראָגען פיעלע נייע אנהעננגער פון דער פריעדענס־אידעע,
אין דעם האָט ער געצווייפעלט. אָבער דאָס האָט ער געוואוסט
בעשטימט, אַז דורך די פּאָרטרעגע איז ער אַליין בעפעסטיגט
געוואָרען אין זיינע אנזיכטען, און זיין געדאַנקען־האָריזאָנט איז
פיעל ברייטער געוואָרען.

צוזאַמען מיט דעם לעבעדיגען אינטערעס, וואָס ער האָט
געפונען אין דעם פּערזענליכען פאַרקעהר מיט די לייטענדע
גייסטער צווישען די צייט־גענאָסען, האָט ער זיך אויך פאַר־
טיעפט אין זייערע שריפטען און האָט נאָכגעפאָלגט אַלעס פון
די נייסטע וויסענשאַפטליכע און דיכטערישע ערשיינונגען, וואָס
האָבען בעוועגט די וועלט. און דאָך, ביי זיין גאַנצען אינטע־
רעס אין דעם גאַנג פון דער וועלט, ביי דעם גאַנצען חשק, מיט
וועלכען ער אַליין האָט געזוכט צו־צוטראָגען אויך זיין חלק צו
דער אַלגעמיינער קולטור־אַרבייט, פלעגט איהם דאָך פון צייט
צו צייט אַרומכאַפּען אַ געפיהל פון איינזאַמקייט און לעבענס־
פּוסטקייט. דאָס זיינען געווען געפיהלען, וועלכע פלעגען צו־
ערשט פאַרקומען גאַנץ זעלטען, דאַן אָבער פלעגען זיי קומען
אַלץ אָפטער און אַלץ לענגער איהם פּלאָגען. דאָס איז געווען,
ווען עס פלעגט בעפאַלען איהם אַ שטיקענדע, אַ שווערמוטיגע
שטימונג, עטוואָס, וואָס האָט קיין אויסזיכט, קיין האָפנונג —
גאַנץ און גאָר היימלאָזעס, עלענדעס. די פּאָדערונג אויף פער־
זענליכען גליק, וואָס ערוואַכט אין יעדען לעבעדיגען וועזען,
האָט זיך געלאָזט פיהלען ביי איהם דורך אַן אונבעשטימטען
פערלאַנג דורך אַ פּייניגענדען פאָרוואַרפען זיך זעלבסט.
עס איז געווען פונקט, ווי עס וואָלט אין איהם געווען אַ צוויי־

טער „איך“, וואָס האָט געשריען מיט אַ ביטערען פאָרוואורף צו דעם ערשטען „איך“: ווי גיסטו דאָס אַלעס אוועק פאַר די אונדראַנקבאַרע מיט-וועלט, ווי זאָרגסטו דאָס פאַר די דורות, וועלכע זיינען נאָך ניט געבוירען געוואָרען, און ווי שטאַרק דו פאַרגעסט דערביי אָן מיר און מיינע רעכטע... בין איך דען גאָר-קיינער-ניט?

אַם בעסטען פלעגט רודאָלף פּטור ווערען פון זיין אינער־ליכען אויפרייצער, ווען ער פלעגט זיין אין דער געזעלשאַפט פון מיט-קעמפּפער. און דערפאַר האָט ער גערן אָנגענומען די איינלאַדונג אַנטהייל צו נעהמען אין דער אינטערפּאַלאַמענטאַ־רישער קאָנפערענץ, וועלכע האָט שטאַטגעפונען אין 1895 אין ברוססעל, און וואו עס האָט בעדאַרפט פאָרגעלעגט ווערען דער פלאַן, וועגען וועלכען מען האָט גערעדט אויף דער פריהע־ריגער קאָנפערענץ.

צום ערשטען מאָל איז געווען פאַרטראָטען אין דיעזער קערפּערשאַפט אונגאַרן, און דוקא אויף דעם גלענצענסטען אופן, דורך איהר בעריהמטעסטען שריפטשטעלער מאורוס יאָקאַי און דורך איהר גרעסטען פּאָליטישען אָראַטאָר גראַף אַלבערט אַפּאָני.

דער פלאַן פאַר די עטאַבלירונג פון אַ שטענדיגען אינטער־נאַציאָנאַלען אַרביטריישאָן-געריכט, אויסגעאַרבייט פון דעם בעלגישען סענאַטאָר שעוואַליער דעקאַמפּ איז אָנגענומען גע־וואָרען פון קאָנפערענץ און עס איז בעשלאָסען געוואָרען איהם פאַרנאַנדערצושיקען צו אַלע רעגיערונגען.

און ווען רודאָלף האָט זיך געקליבען וועגען דעם אַלעם, וואָס האָט איהם אויסגעזעהען אַזוי וויכטיג און אַזוי פול מיט די העכסטע מעגליכקייטען, צו שרייבען צו זיין מוטער, האָט ער נעקראָגען אַ טעלעגראַמע פון גרומיץ:

„קום גלייך, מוטער זעהר קראַנק. סילוויא“.

מיט דעם נעכסטען צוג איז רודאָלף געפאָהרען אַהיים. די טעלעגראַמע האָט איהם דערלאַנגט אַ שמערצליכען קלאַפּ. ער האָט געגלויבט, אַז די ווערטער „זעהר קראַנק“ פאַרבאַהאַל־טען הינטער זיך עטוואָס פיעל ערגערעס, וואָס איז נור גע־

שריעבען געוואָרען, אום איהם צו פאַרשאַנעווען און איהם צו פאַרבערייטען אויף דאָס ערגסטע.

ווי שטאַרק ער איז געווען צוגעבונדען צו זיין מוטער, דאָס האָט ער ערשט איצט דערפיהלט, ווען ער האָט געגלויבט, אַז זי איז פאַר איהם פאַרלאָרען. איינזאַם האָט ער זיך גע־פיהלט אין דער לעצטער צייט... איצט האָט ער בעגריפען, אַז די ריכטיגע איינזאַמקייט וועט ערשט איצט קומען, ווען זיין פערטרויטע, ווען די, וועלכע האָט איהם געמאַכט צו דעם, וואָס ער איז, וועט פון איהם אַוועקגעריסען ווערען.

ווען ער וואָלט זי כאָטש געפינען ביין לעבען! ווען ער זאָל איהר נור נאָך איינמאָל קענען זאָגען, ווי טהייער זי איז איהם, און שווערען איהר ווייטער צו ארבייטען פאַר דער אויפ־גאַבע, וואָס טיללינג האָט איהר און איהם איבערגעלאָזען.

עס איז געווען אַ טרויעריגע רייזע. מאַנכעס מאָל האָט ער זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, דאָס זי קען נאָך ווידער געזונד ווערען, און נאָך לאַנג לעבען. דאַן האָט ער געזעהען זי ליעגען אין טרונע, אראָבגעלאָזען אין קבר...

---

ווען ער איז אָנגעקומען אויף די לעצטע סטאַנציע, פון וועלכער עס איז נאָך געווען אַ האַלבע שטונדע רייזע מיט'ן וואָגען, האָט זיין שרעק דערגרייכט דעם העכסטען גראַד, ווייל דאָ האָט ער זיך שוין געמוזט דערוויסען, צו זיין מוטער לעבט, צי ניט.

ער איז ארויסגעשפרונגען פון וואַגאָן, און אַ דינער פון גרומיץ האָט שוין געווארט אויף איהם.

— ווי געהט עס? — האָט ער געפרעגט פול אנגסט.

— בעסער, גרעפליכע גנאַדען, בעסער... אייערנעכטען איז עס דער גרעפין געגאַנגען זעהר שלעכט, אָבער איצט, זאָגט דער דאָקטאָר, איז עס פיעל בעסער — ביטטע, די קאָטש איז דאָ.

מיט אַן ערלייכטערטע הארץ און פול מיט נייע האָפנונגען איז רודאָלף אריינגעשפרונגען אין דעם קליינעם וועגעלע און האָט אַליין גענומען די לייצעס אין האַנד.

עס איז געווען אַ פרעהליכער זומער־טאָג, װאַרם, זונניג

און שמעקעדיג. דער וועג האָט געפיהרט פארביי א גרויסע פעלד, דורך א וואלד, פול מיט הויכע אַלטע בוימער, און הינטער דעם וואלד האָט זיך געזעהען דער שלאָס, צו וועלכען עס האָט געפיהרט א לאַנגע קאשטאַן-אַלעע.

אין דער אלעע זיינען געקומען אנטקעגען צוויי פרויען-געשטאַלטען. רודאָלף האָט איינגעהאלטען א ווייַלע, האָט צו-געוואָרפען די לייצעס צום דינער, און איז אַרויסגעשפרונגען: שוין פון דערווייטענס האָט ער דערקענט די ביידע:

סילוויא און קאיעטאַנע.

ער האָט ניט געוואוסט, דאָס קאיעטאַנע ראַנעג איז צו-גאַסט ביי זיין מוטער, און דאָס איז פאר איהם געווען אַן אַנ-גענעהמע איבעראַשונג.

סילוויא איז געפאַלען איהר ברודער אויפ'ן האלז.

— גאָט זיי דאַנק, רודי — עס געהט איהר פיעל, פיעל בעסער. אָבער מיט א פאָר טעג צוריק האָבען מיר אַלע גע-מיינט, אַז דאָס איז שוין דער סוף... ניט אמת, קאיעטאַנע?

דאָס יונגע מיידעל האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט דערלאַנגט פון איהר זייט רודאָלף'ן איהר האַנד. דאָס איז געווען א קיהלע און ציטערענדע האַנד.

— יא, — האָט זי געזאָגט — דאָס איז געווען א שרעק-ליכע שטונדע.

זיי זיינען איצט געגאַנגען איילענדיג צום שלאָס. דערביי האָט רודאָלף זיך דערוואוסט וועגען אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען. עס איז געווען א האַרץ קראַמפ, שוין דער דריטער אָדער דער פיערטער מאָל זייט א פּאָר מאָנאַטען. אָבער, וועהרענד די פריהעריגע זיינען געווען גאַנץ לייכטע, האָט דער לעצטער אָנ-גענומען די פאָרמע פון א דערשטיקונגס-אַנפאַל.

— אָבער וואָס זאָגט דער דאָקטאָר?

— דאָס איז אַזאַ האַרץ-פעהלער, ווען מען זאָל נור גוט אויפפּאַסען, קען מען אַלט ווערען אַכציג יאָהר. דאָס האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, וועמען מיר האָבען פון וויען אַרויסגע-רופען. דער היעגער דאָקטאָר, וועלכער האָט געזעהען דעם

אָנפאַל, איז געווען זעהר צושראָקען, און אויף זיין עצה האָב איך עס צו דיר טעלעגראפירט.

סילוויא האָט זיך אָנגעהאנגען, ווען זי האָט איהם אַלעס דערצעהלט, אויף רודאָלף'ס אָרעם. ערשט איצט האָט ער בעמערקט, ווי קראנק זי זעהט אויס, ווי אָבגעמאָגערט, און וואָס פאר א ריהרענדער שמערץ עס ליעגט אין איהר, כאָטש נאָך אַלץ זעהר שעהנעם, פּנים.

— ביזטו אויך קראנק, סילוויא? — האָט ער געפרעגט פול אינטערעס.

— ניין, נור אונגליקליך.

— קענסטו זיך ניט טרייסטען?

— קיינמאָל ניט.

רודאָלף האָט געשוויגען. ער האָט ניט געוואָלט פאַר־ברענגען דעם אויסגעדראָשענעם טרייסט, דאָס די צייט פאַר־היילט אַזעלכע וואונדען. ווער עס פיהלט אזא גרויסען, אזא טהייערען וועהטאָג, דער פיהלט אַזעלכע טרייסט־פּערזוכען, אַלס א בעליידיגונג, דאָס האָט ער געוואוסט, און דאָס עס איז גיטאָ קיין אנדער וועג ווירקליך, ווי איבערצולאָזען צו דער צייט צו טהאָן דאָס איהרע, צו דער גרויסער צושטערערין, וועל־כע פערלעשט אַלעס, צום גליק, אויך דאָס אונגליקליך־זיין.

— ווייסטו — האָט סילוויא געזאָגט א ווייל שפּעטער — ווער עס פארשטעהט אַם בעסטען — איך וויל ניט זאָגען צו טרייסטען מיך, נור צו טהיילען מיט מיר מיין לייד, און זאָגאר מיך מאכען אויף איין אויגענבליק צו פארגעסען? די דאָ, אונ־זער ליעבע קאַיע —

זיי זיינען אָנגעקומען צום שלאָס.

— קום! — איצט נעהם איך דיר צו אונזער מוטער. זי וואַרט אויף דיך.

# פינף און דרייסיגסטער קאפיטעל.

מארטא טיללינג האָט געלאָזט איבערשטעלען איהר בעט צו דער אָפענער באלקאָן־טיר, און דאָ איז זי געלעגען מיט א קישען אונטער'ן קאָפּ און מיט א דעקע איבערגעדעקט איבער'ן שוים. פון איהר לעצטען קראַנקהייטס־אָנפאל איז איהר איבערגעבליבען א גרויסע מיעדיגקייט, און כאָטש די זון האָט אזוי געווארעמט, האָט זי געפיהלט גאַנץ קאלטלאך.

רודאָלף איז ארייננעלאָפען און איז גלייך צוגעגאנגען צו איהר.

ער האָט זיך געשטעלט לעבען איהר אויף די קניע און צוגעדריקט זיין קאָפּ צו איהר ברוסט.

— מיין רודאָלף... ווי דאָס פרעהט מיך, וואָס דו ביזט דאָ, און דאָס איך בין... נאָך ניט אוועק.

— דו וועסט באלד ווידער געזונד זיין, מוטער.

— מעגליך... לאָמיר עס האָפען, כאָטש... ניין, עס וואָלט געווען שרעקליך, ווען איך וואָלט אזוי פלוצלונג, ניט קענענדיג דיך זעהען צום לעצטען מאָל, געמוזט געהען... דאָס איז פאר מיר געווען דאָס שמערצליכסטע ביי דעם אָנפאל, ווען איך האָב געגלויבט, אז אלעס איז שוין פארביי, און דו ביזט אזוי ווייט...

— איצט בלייב איך ביי דיר, ביז דו וועסט פאָלקאָם געזונד —

— אָדער ביז איך וועל — ניין, לאָמיר איצט גאָרניט דענקען וועגען דעם... איך בין אזוי צופריעדען, וואָס דו ביזט געקומען. מיר וועלען דאָך האָבען אזוי פיעל זיך צו דערצעהלען.

ווען רודאָלף האָט אין עטליכע שטונדען שפּעטער איבער־געטהאָן זיך אין זיין צימער, און איז אריין אין עס־צימער צום

אוועגד־מאהלציים, האט ער אויסער סילוויא און קאיעטאנע געטראפען דארט גראף קאלנאס, וועלכער איז שוין זיים איי־ניגע וואכען געוועזען מארטא'ס גאסט אין גרומיץ. דער יונגער־מאן האט זיך באמת דערפרעהט צו טרעפען דא זיין עלטערען פריינד. אויך האט ער געוואוסט, ווי שטארק זיין מוטער שעצט קאלנאס'ען, און דאס עס וועט איהר זיין בעזאנדערס ליעב צו געניסען די געזעלשאפט פון איהר אלטען פריינד אין דער צייט פון איהר געזונד ווערען. ער איז געוועזען פעסט איבער־צייגט, אז דאס וועט באלד געשעהען. די מורא איהר ניט מעהר צו געפינען ביים לעבען איז געוועזען אזוי גרויס און אזוי שמערצ־ליך, דאס די פרייד וואס האט נאכגעפאלגט, געפינענדיג איהר לעבעדיג, איז געוועזען דערפאר דאס שטארקער און האט ניט דערלאזען צו קיין נייעם שרעק. די נאהענטקייט פון דעם שעהנעם מיידעל — פון דער אנאנימען בריעף־שרייבערין, וואס דאס האט ער שוין פון לאנג געוואוסט, האט נאך געהאלפען מעהר צו זיין גוטער שטימונג, און ווירקליך, אין א געפיהל פון אמת'ען פארגניגען האט ער פארנומען זיין פלאץ ביי דעם קליינעם טיש. פארגעסען און פארזאגט זענען געווארען אלע קאמפף־זארגען, נור אן אייגענטהימליכער געפיהל פון צופריע־דענהייט.

דיעזער גרומיצער עס־צימער — וואס פאר א קינדהייטס־ערינערונגען דאס האט ארויסגערופען אין איהם. עס איז דארט אלעס אזוי געבליבען, ווי מיט 30 יאהר צוריק. די־זעלבע בילדער פון פרוכט און חיות. דיזעלבע זיל־בער־בעפוצטע כלים — דאן די אונהיימליכע פויגלען מיט די אראבהענגענדע פליגלען און מיט די אפענע שנאבלען אזוי ווי גרייט עפעס איינצושלינגען, די האבען אימער געמאכט אויף איהם א גאנץ בעזונדערען איינדרוק; און פונקט ווי איינעם צוקט עס דורך א שוואכער דערמאנען־זיך אן א גע־וויסען ריח, אן א געוויסען געשמאק, אזוי האט עס איהם דורכ־געצוקט, זעהענדיג די אלטע, אמת־ליעבע בילדער. ער האט זיך דערמאנט, ווי ער פלעגט אריינגעפיהרט ווערען, אלס קליין־איננגעלע, צום דעסערט, און ווי דער אלטער גרויס־פאפא אלט־

הויז פלעגט איהם נעהמען אויפ'ן שויס און געבען איהם א פרוכט אדער א צוקערעל, ער האט נאך געזעהען די ווייסע באָרד און דעם לויזען צונויפגעקנעפעלטען בלויען גענעראל-ראָק.

די אלע פערגאנגענהייטס־עררינערונגען האבען נאך פאר־שטארקט זיין געמיטהליכע שטימונג, און אין א פרעהליכען טאָן האט ער אנגעהויבען צו פלוידערען מיט די אנוועזענדע. אבער ער האט ניט געפונען קיין ווידערקלאנג. אויף זייערע געזיכטער איז געלעגען א טונקעלער שאטען. זיי האבען איהם געגעבען קורצע ענטפערס און מיט א פארשטיקטען קול. אויף סילוויא האט ער זיך ניט געוואונדערט, ווייל איהר אונגליק איז דאך אזוי גרויס, אבער ווארום זיינען קאלנאס און קאיעטאנע אזוי טרויעריג געשטימט? איז עס מעגליך, אז די געפאהר איז נאך ניט פאראיבער? האבען זיי געוואוסט פון א האפ־נונגסלאזען אורטהייל פון דעם דאקטאר?

— ווארום זענט איהר אזוי טרויעריג? — האט ער גע־פרעגט — דער צושטאנד פון אונזער קראנקער איז דאך ניט אזעלכער, אז מען זאל נאך מוזען מורא האבען...

קאלנאס האט אויפגעזיפצט און געזאגט:

— קיין באלדיגע געפאהר, ווי עס זעהט אויס, איז ניטא, אבער —

— וואס אבער?

— עס איז געווען א שרעקליכער מאמענט אייערנעכטען, און דער קען ווידער קומען.

איצט איז רודאלף'ס פרעהליכע שטימונג פערשוואונדען. ער איז אויפסנייע געוואהר געווארען, דאס דער מלאך־המות איז שוין געווען זעהר נאהענט אין די הויז. האט ער דאך מיט איינינגע שטונדען צוריק אליין מורא געהאט צו געפינען איהם דא.

און מיט דער ענדערונג פון זיין שטימונג האט ער זיך דערמאנט איצט שוין אן אנדערע בילדער פון זיין קינדהייט אין גרומייז... גארניט מעהר פון שפיעלען און פעסטען, נור פון יענער כאלערא־וואך, אין 1866, וואס האט איבערגעלאזען אין זיין זכרון אזעלכע שרעקענס.

אין דער איבעריגער צייט פון עסען האָבען שוין כמעט אַלע געשוויגען. גלייך נאָך דעם עסען איז סילוויא אוועק, אום צו זעהען וואָס די מוטער מאַכט.

— ברענג אונז נאַכריכט — האָט איהר רודאָלף געזאָגט, און פרעג איהר, אויב זי וויל, אז נאָך היינט זאָל אימיצער פון אונז קומען און פאַרברענגען ביי איהר.

אין אַ ווײַלע שפּעטער איז אַריין דאָס קאַמער־מעדכען און האָט געזאָגט:

— פרוי גרעפין סילוויא לאָזט וויסען, דאָס דער פרוי באַראָנעסע געהט עס פיעל בעסער, דאָס זי האָט זיך שוין צו־בעט געלעגט, און וויל שלאָפען, און וויל היינט קיינעם ניט זעהען. פרוי גרעפין סילוויא בלייבט ביי איהר.

די דיענסטמיידעל האָט זיך געוועגדעט צו געהן. קאַיעטאַנע האָט איהר אָבער צוגערופען:

— זאָגט דער גרעפין סילוויא, דאָס איך וועל אין דער נאַכט־וואַך קומען איהר פאַרבייטען.

— זעהר גוט, גרעפין, איך האָב שוין זאָ־ווי־זאָ, אַזוי ווי נעכטען און אייער־נעכטען געמאַכט פאַר אייך אַ בעט אין דעם נעבען־צימער.

— ווי גוט איהר זיינט צו מיין מוטער, קאַיעטאַנע —

— ווייל איך ליעב זי.

נאָך די ווערטער איז דאָס יונגע מיידעל געוואָרען רויט, ווי פייער. עס איז איהר איינגעפאַלען, דאָס געברויכענדיג דאָס וואָרט „זי", האָט מען עס געקאָנט אויסטייטשען, אז דאָס מיינט זי איהם, און שנעל האָט זי צוגעגעבען: ווייל איך ליעב די באַראָנעסע טיללינג.

אַ כוואַליע פון צערטליכקייט האָט בעגאָסען און דער־וואַרימט רודאָלף'ס האַרץ. ער האָט אויף איהר אַ קוק גע־טהאָן מיט אַ דאַנקבאַרען בליק און געדריקט איהר שטום די האַנד.

באַלד איז זי אוועק, און די ביידע מענער זיינען געבליבען אַליין.

— אַ ליעבע בעשעפעניש — האָט געזאָגט גראַף קאָל-

נאָס נאָכדעם, ווי די טיר האָט זיך געשלאָסען הינטער איהר — איך וויים, וואָס פאַר אַ טרייסט זי ברענגט דאָ אין הויז. און זי ווייזט ארוים אַ שטאַרקען כאַראַקטער דערמיט, וואָס זי בלייבט דאָ. טעגליך קריגט זי בריעף פון איהרע עלטערן, וועלכע רופען איהר אַהיים. די איהריגע זיינען גאַרניט איינ־פערשטאַנען דערמיט, וואָס זי איז דאָ, אָבער זי טהוט דאָס, וואָס זי וויל. קום, איך שלאָג פאָר, דאָס מיר זאָלען רויכערען אונזערע ציגאַרען אין דרויסען. עס איז דאָך אזא וואונדער־פאָלער אבענד.

די פענסטער־טירען פון דעם שפייז־זאאַל האָבען ארויס־געפיהרט אויף אַ טעראַסע, פאַר וועלכער עס איז געלעגען די בלומען־אבטהיילונג פון פּאַרק. קאָלנאָס און רודאָלף זיינען ארויס און האָבען זיך אַרונטערגעלאָזען אין צוויי וויעגשטולען. די לופט איז געווען ווארים; אויף דעם הימעל אָהן אַ לבנה האָט עס געשוויבעלט מיט פינקלענדע שטערען. אַ ריח פון פיאָלקעס און העליאָטראָפּס האָט זיך געטראָגען פון די בייטען. מען האָט געהערט דאָס זשומען פון דער נאַכט: די רוישענדע בוימער, דאָס טראָפּען פון די פאָנטאַנען, אַ ווייטער כאָר פון פויגלען און דאָס נאָהענטע קוויטשען פון די גרילען. מאַנכעסמאָל האָט מען געהערט דעם בילען פון אַ הונד און פון דעם שלאָס, וועמעס אַלע פענסטער זיינען געווען אָפען, האָט מען געהערט די פאַרשטיקטע טענער פון אויפגעטהאָנענער הויז־אַרבייט: דאָס שליסען פון טירען, שטומע טריט.

דורך די פענסטער פון אויבערשטען עטאַזש, דאָרט, וואו מאַרטאַ'ס צימער זיינען געווען, האָט זיך געזעהען אַ שיין דורך די פאָרהאַנגען. קאָלנאָס האָט ארויפגעקוקט.

— עס איז נאָך ליכטיג ביי איהר — האָט ער געזאָגט. דאָן אַ ווייל שפּעטער — דאָ אויף דער טעראַסע זיינען מיר געזעסען, זי און איך, ערשט מיט עטליכע טעג צוריק, און איך האָב איהר דערצעהלט פון מיין לעצטער רייזע. עס איז אפשר געווען מיין לעצטע... איך בין שוין צו אַלט, אום ארומצו־טרייבען זיך איז דער פרעמד.

— וואו ביזטו דאָס מאָל געווען?

— אך, לאמיר וועגען דעם ניט רעדען. מיר ווילט זיך דערצעהלען דיר עטוואס אנדערעס, עטוואס, וואס ליעגט ווייט צוריק, און וואס מיר, ביים בעט פון דיין מוטער, וועלכע האט מיר אויסגעזעהען ווי א טוידטען־בעט, איז געקומען פאר'ן גייסט אזוי לעבעדיג, אזוי —

— וואס איז עס געווען? — האט רודאלף געפרעגט, זעהענדיג זיין אלטען פריינד אזוי אויפגערעגט, אז ער האט ניט געקאנט ענדיגען.

— די עררינערונג אן מיין לעצטע טיעפע ליידענשאפט. דו זאלסט עס וויסען, רודאלף. איך האב געליעבט מארטא טיללינג פון מיין גאנצען הארצען.

— דו?... מיין מוטער? — האט דער יונגער מאן אויס־גערופען שטארק אויפגעטרייסעלט — און זי?...

— זי?... אך, דו קענסט דאך איהר... זי איז געבליבען טריי צום טוידטען. איך וועל דיר נאך אמאל לאזען לייענען דעם בריעף, אין וועלכען זי האט צוריקגעוויזען דאס אנבאטען פון מיין האנד.

— ווען איז דאס געווען?... און איך האב וועגען דעם גאר קיין בעגריעף ניט געהאט.

— דאס איז געווען אין מיטען פון די זיבעציגער יאהרען, ווען איהר שעהנקייט איז געווען אין רעכטער בליהונג. זי איז דאן אלט געווען פינף און דרייסיג. מיר האבען פאר א לענגערע צייט זיך קארעספאנדירט וועגען א זאמלונג פון געדיכטע, וואס איך האב פארעפענטליכט, און אין וועלכע זי האט געפונען אייניגע פערזען געגען מלחמה. דאן האב איך זי בעזוכט. די ליעבע, די געטריישאפט צו דעם, ווען זי האט פערלארען, האט מיך צוריקגעהאלטען פון צו געבען אויס־דרוק צו מיין ערוואכענדע ליידענשאפט. אבער מיר האבען זיך פערשטאנען זעהר גוט אין פיעל זאכען... שטונדענלאנג האבען מיר געקאנט רעדען בייזאמען וועגען גאט און דער וועלט. איך האב געפיהלט, ווי א ווארימע פריינדשאפט פאר מיר האט אריינגעצויגען אין איהר הארץ. און דאן אין א יאהר ארום האב איך עס געוואגט צו בעטען זי, אז זי זאל מיינע ווערען.

איך האָב עס ניט געזאָלט טהאָן, איך האָב בעדאַרפט פאַרשטעהן, אַז איך פערלאַנג עטוואָס אונמעגליכעס.

—יאָ, איך קען עס מיר אויך ניט פאַרשטעלען, דאָס מיין מוטער זאָל אמאָל זיך קענען נעהמען אַ נאָכפאָלגער נאָך דעם, וועמען זי בעטרויערט נאָך איצט.

— פאַר מיר איז איהר זאַנפטער אָבער פעסטער „ניין" געוועזן אַ שטאַרקער קלאַפּ. דאַן האָב איך עס אונטערנומען מיין ערשטע גרויסע רייזע, וועלכע האָט מיך געהאַלטען ווייט פון אייראָפּאַ פאַר דריי לאַנגע יאָהר.

— און דו ביזט צוריקגעקומען אַ געהיילטער? יאָ, די צייט און דאָס ווייט-זיין זיינען די בעסטע מיטלען געגען ליע-בעס-שמערץ.

— ניט אימער — האָט קאָלנאָס געענטפערט, שאָקלענ-דיג מיט'ן קאָפּ — דו קענסט זעהען אַז דיין אייגענער מוטער. איך האָב געפונען ערלייכטערונג. מיין ליידענשאַפט האָט זיך פערוואַנדעלט אין פריינדשאַפט, און איצט — נו, איצט זיינען מירביידע אַלט, און די פריינדשאַפט איז פון ביידע זייטען אַן עכטע. איך קען דיר גאָר ניט זאָגען, ווי איך האָב זיך דערשראָקען, ווען איהר איז געוואָרען אַזוי שלעכט... איהר צו פאַרלירען, דאָס וואָלט געוועזן אַן אונגליק...

— לאָמיר דערפון ניט רעדען — האָט איהם רודאָלף אונ-טערבראָכען — איך האָף שטאַרק, אַז זי וועט ווידער געזונט ווערען.

די ביידע מענער זיינען נאָך אַ שטונדע לענגער געבלי-בען און גערעדט. רודאָלף האָט דערצעהלט וועגען זיינע נייע אונטערנעהמונגען און ערפאַהרונגען, און דאַן האָבען זיי גע-רעדט וועגען זיינע ווייטערע פּלענער.

עס איז געוועזן צעהן דער זייגער, און קאָלנאָס איז אוועק צו זיך אין צימער. רודאָלף איז פאַרבליבען נאָך אַ ווייל, פאַרזונקען אין געדאַנקען. דאַן איז ער אַראָפּגעשטיגען די טרעפּ צום סאַד צו. ער האָט געוואָלט נאָך מאַכען אַ שפּאַציער אין די פּרעכטיגע אַלעען פון סאַד.

אין דערזעלבער צייט איז קאָיעטאַנע ראַנעג אַריין אין סאַד

פון דער אנדערער זייט. די שעהנע פּרעכטיגע נאַכט האָט איהר ארויסגעצויגען אין דרויסען. אין איהר צימער איז זי געמוטשעט געוואָרען פון א גרויסער אונרוהיגקייט. דאָס צו־זאמענטרעפען זיך מיט דעם אזוי שטארק געליעבטען מענשען האָט איהר שטארק אויפגעטרייסעלט. ער איז איהר איצט נאָך טהייערער געוואָרען, דערוויסענדיג זיך, וואָס פאַר א געטרייער זוהן ער איז, ווי שטארק ער האָט ליעב זיין מוטער. מאָרגען, האָט זי בעשלאָסען, מוז זי אַבפאָהרען... זי מוז אנטלויפען פון איהם, אפילו ווען זי זאָל דורך דעם ארויסווייזען וואָס זי פיהלט צו איהם. פיליייכט וויים ער שוין. געוויס וויים ער, ווער עס האָט צו איהם געשריעבען די אנאָנימע בריעף, און דאָך איז ער געבליבען אזוי קאַלט. זי האָט אַלזאָ אויף גאָרניט צו האָפען, און איהר שטאָלצקייט האָט איהר עס פאַר־באָטען נאָך מעהר ציהען אויף איהר דעם פארדאכט, דאָס ניט קוקענדיג אויף דאָס אַלעס, טראַכט זי דאָך איהם צו קרי־גען... אַלזאָ, זי מוז אוועק פון גרומיץ...

דער בעשלוס האָט איהר געבראכט א טיעפען שמערץ, אָבער זי קען ניט אנדערש, זי איז עס שולדיג איהר עהרענגע־פיהל. דער ריח פון דער שעהנער זומער־נאַכט האָט איהר אויסגעזעהען, ווי דער אויסדרוק פון איהר שמערץ. גראָדע, ווי די מוזיק שיינט צו זאָגען, נור אין א שטארקערער מאָס, וואָס עס ליעגט אין דער שטימע פון דעם בעוועגטען צוהערער, אזוי ריידען מאַנכעסמאָל די ריחות דאָס, וואָס עס פילט אָן די זעעלע פון דעם אָטהעמדען: געלוסטונג, צערטליכקייט, טרויער.

ביי א געוויסען פּלאַץ אין סאָד האָבען זיך ביידע, רודאָלף און קאַיעטאַנע, זיך צוזאמענגעטראָפען.

— אַ, קאַיעטאַנע, נאָך אויף?

איהר הארץ האָט געשלאָגען שטארק.

— יא, — איך — עס איז אזא שעהנע נאַכט...

— יא, וואונדערפול!

ער האָט גענומען איהר אָרים אונטער זיינעם, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען עטוואָס זעלבספערשטענדליכעס, דאָס זיי

זאָלען ווייטער צוזאַמען שפּאַציערען. אַ גליק־ציטערניש האָט דורכגענומען דאָס יונגע מיידעל, דאָך האָט אָנגעהאַלטען איהר וועהמוטה, ווייל זי האָט דאָך געוואוסט, אַז זי ליעבט האָפ־נונגסלאָז.

רודאָלף האָט אָנגעהויבען ריידען פון זיין מוטער. דאָס איז דאָך געווען די פראַגע, וואָס האָט איהם איצט אַם מייס־טען אינטערעסירט. וועט דער סטראַשענדער אונגליק אויס־געמידען ווערען אָדער ניט? און דער בעוואוסטזיין, אַז דאָס מיידעל ביי זיין זייט איז אַזוי צוגעבונדען צו זיין מוטער, האָט געמאַכט פאַר איהם דאָס מיידעל ליעב און ווערטהפול, מעהר נאָך ווי דאָס, וואָס ער האָט געוואוסט, אַז זי טראַכט אַזוי פיעל וועגען איהם. אָבער אויך דאָס איז איהם געווען אָנגענעהם: געליעבט פון איהר צום ערשטען מאָל, זייט ער האָט דערקאָנט קאַיעטאַנע. דער געדאַנק האָט איהם שטאַרק געריהרט. ער האָט צוגעדריקט איהר אָרים צו זיך און איז שטעהן געבליבען.

— ליעבע קאַיעטאַנע! — האָט ער געזאָגט מיט הערצליכ־קייט. איהם איז געווען אַזוי אָנגענעהם, אַזוי וואַרים אַרום הארצען.

אָבער נײן, אַזעלכע האָפנונגען טאָר ער איהר ניט געבען. מיט געוואַלט האָט ער זיך ארויסגעריסען פון דער צערטליכער שטימונג, און געהענדיג ווייטער, האָט ער געזאָגט אין אַ גענ־דערטען טאָן:

— מיר מוזען אַריינגעהן צוריק אין הויז... איך וויל נאָך איינמאָל נאָכפרעגען אויבען... און איהר, איהר פאַר־בלייבט דאָ דערווייל?

זי האָט אַרויסגעלאָזען זיין אָרעם.

—יאָ, איך בלייב נאָך... גוטע נאַכט.

ער האָט איהר געדריקט די האַנד און איז שנעל אוועק.

קאַיעטאַנע האָט זיך אומגעדרעהט און האָט ווייטער שפּאַ־צירט אין די דונקעלע אַלעען. דער ריח פון די בלומען האָט צו איהר הארצען איצט נאָך שטאַרקער געוועדט, ווי פריהער. דאָס, וואָס זי האָט איצט דורכגעמאַכט האָט פאַרדאָפּעלט די

שטאַרקייט פון איהרע גערפיהלען: דאָפּעלט פאַרליעבט, און אין געגענזאַץ צו דעם קורצען גליק, וואָס זיין פלוצלונגע וואַרימקייט האָט אַרויסגערופען אין איהר, און דאַן זיין פלוצלונגע קאַלטקייט, וועלכע האָט איהר געמאַכט דאָפּעלט אונגליקליך.

---

מאַרטאַ האָט פאַרבראַכט אַ גוטע, רוהיגע נאַכט. אויף מאָרגען האָט זי זיך געפיהלט אַזוי געקרעפטיגט, דאָס זי האָט געוואָלט פאַרלאָזען די בעט און אַרויסגעהן אַביסעל. דאָס האָט אָבער דער דאָקטאָר ניט דערלאָזען. זי האָט זיך ניט געטאָרט אָנשטרענגען.

אַרום צוויי איז זי געזעסען מיט אַלעמען ביים מיטאָגמאָהלצייט. דער מאָהל־צייט איז געווען אַ סאָרט פייערען פון איהר געזונד־ווערען. קאַיעטאַנע האָט אָבער געפעהלט. זי איז אַוועקגעפאָהרען נאָך ראַנעגסבורג צו איהרע עלטערען.

ווען רודאָלף האָט זיך דערוואוסט וועגען איהר אַוועקפאָהרען, האָט ער זיך געפיהלט זעהר אונאַנגענעהם. דאָך די פרייד פון זיין מוטער׳ס געזונד ווערען האָט פאַרדעקט אַלעס. עס איז איהם נעקומען אין געדאַנק די נעקסטע פאַר טעג צו בעזוכען ראַנעגסבערג. ער האָט נור געפרעגט:

— וואָרום איז זי אַזוי פלוצלונג אַבגעפאָהרען? איז עטוואָס געשעהען?

— אָה, איהר מוטער האָט שוין לאַנג געוואָרט, זי זאָל צוריק־קומען. זי האָט שוין געזאָלט פריהער אַוועקפאָהרען, איז זי אָבער פאַרבליבען צוליעב מיין פלוצלונגען קראַנק ווערען... און אַזוי ווי איך בין איצט ווידער געזונד — האָט מאַרטאַ געזאָגט אין דער הויך, אָבער שטיל האָט זי צוגעלעגט: זי לויפט אַוועק פון דיר.

נאָכמיטאָג האָט רודאָלף בעזוכט זיין מוטער אין איהר צימער. זי איז געווען אַליין.

— נו, ווי געהט׳ס? — האָט רודאָלף אויסגערופען, אַריינקומענדיג, אין אַ מונטערען טאָן.

— אַך, נישטקשה... זעהר שעהן, וואָס דו ביזט געקומען. איך האָב מיט דיר פיעל צו רעדען.

— שטרענג דיך נור ניט אָן מיט'ן רעדען.

ער האָט צוגערוקט אַ שטוהל, און האָט זיך אַוועקגעזעצט צופוסען פון דער סאָפא, אויף וועלכער מארטא איז געלעגען.

— איך וואָלט געוואָלט רעדען פון דעם — האָט מארטא אָנגעפאַנגען — וואָס נאָך מיין טױדט.

— ניין, ניין, דאָס וויל איך ניט — האָט רודאָלף איהר אונטערבראָכען — דו ביזט ווידער געזונד, און דו דאַרפסט איצט ניט דענקען וועגען שטאַרבען, און איך וויל גאָר ניט הערען וועגען דעם.

מארטא האָט צוזאַמענגעלעגט די הענד.

— זיי דאָך געשייט — האָט זי געבעטען — דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ פּייניגונג עס איז געווען פאַר מיר יענער מאָמענט, וועלכען איך האָב געהאַלטען, אַלס דעם סוף, דערפאַר, ווייל דו ביזט ניט געווען ביי מיין זייט. איך האָב ניט געקאָנט אַלעס זאָגען און פון דיר ניט הערען, וואָס מיר צוויי מוזען זיך זאָגען ביים אָבשייד. און כדי אַזאַ פּיין און וועהטאָג זאָל ווידער ניט פאָרקומען, טו לאָז אונז בענוצען זיך מיט דער איצטיגער שטונדע, ווען דו ביזט מיט מיר, און ווען איך האָב כח צו רעדען. דו ועעסט דאָך פון דאַנען ווידער אַוועקפאָהרען. און אויך פאַר דיר וועט עס זיין זעהר צופריעדענשטעלענד — אין פאַל, אַז מיט מיר זאָל עטוואָס געשעהען, דאָס מיר זיינען איינער פון דעם אַנדערען ניט אָב־געריסען געוואָרען, ניט האָבענדיג געזאָגט איינער דעם אַנדערען דאָס, וואָס עס איז געווען צו זאָגען. אַלזאָ, לאָמיר איצט רעדען, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען מיין לעצטע שטונדע. דאָס איז דאָך נור אַזאַ פאַנטאַזיע... דער שמערץ איז ניטאָ, אָבער די ערנסטקייט זאָל זיין... מיר זיינען דאָך צוויי פערנינפטיגע מענשען, רודאָלף, מיר ווייסען, אַז דער טױדט, ווען ער האָט איינמאָל אָנגעקלאָפּט, מוז באַלד ווידער אַמאָל קומען... שאָקעל ניט מיט'ן קאָפּ — אַזוי איז עס... און מיר ווייסען אויך, דאָס זיין קומען אָדער אויסענבלייבען ווערט ניט בעשטימט פון דעם, צו מען רעדט וועגען איהם, צו ניט. מירביידע האָבען שוין ערגערע טויטענפעלע געקוקט אין פּנים, מיין אָרימער

זוהן, ווי עס וועט זיין מיין טוידט... עס איז אָווענד. איך האָב ניט מורא פאַר דער נאַכט.

— נו, טו רייד, מוטער, איך הער.

זי האָט גענומען פון דעם דערביי־שטעהענדען טישעל א גלאָז, אָנגעפילט מיט לעמאָנאַדע, און האָט א טיעפען שלונג געטהאָן.

— איך בעט דיך — עס איז מיין לעצטע און שטאַרקסטע בקשה, לאָז קיינמאָל ניט אָב פון דער אַרבייט, וואָס דו האָסט אָנגעהויבען. ווען דו וועסט האָבען שטאַרקע און פיעלע ענטוישונגען, ווען דו וועסט אויך אויסגעפינען, אַז דער אָנגענומענער וועג איז ניט דער ריכטיגער, טאָ פּרוביר אַן אַנדערען, נור דעם ציעל זאָלסטו קיינמאָל ניט פאַרליערען פון אויג. עס האַנדעלט זיך דאָך אום אַזוינס, וואָס איז אַזוי גרויס, אַזוי גרויס וואָס מען קען עס זיך גאַרניט אויסדענקען! דאָס איז דאָך ניט קיין קלענערע זאַך, ווי דאָס גליק פון דער וועלט אויף דעם פּלאַץ פון איהר איצטיגען עלענד.

— איך פאַרשטעה דיך — האָט ער געזאָגט.

ביי די לעצטע ווערטער, וועלכע זי האָט אַרויסגערעדט מיט א שטימע, וואָס האָט געציטערט פון אינערליכער אויפרעגונג, האָט זי זיך אַביסעל אויפגעהויבען. איצט האָט זי זיך ווידער אין גאַנצען צוריקגעלעגט און האָט גערעדט ווייטער אין א רוהיגען טאָן:

— מען זאָל דאָך גלויבען, אַז ווען איינער פאַרלאָזט דיעזע וועלט מוז איהם גאַנץ גלייכגילטיג זיין, ווי אַזוי עס ענטוויקעלט זיך די צוקונפט פון די קומענדע דורות, דאָס איז אָבער ניט אַזוי. ווענינגסטענס ביי מיר ניט. די געלוסטונג נאָך בעסערע צייטען פאַר אונזערע אייניקלעך — כאָטש איך אַליין האָב קיינע — ברענט מיר דאָ אויפ'ן טויטענבעט — רודאָלף האָט געמאַכט א בעוועגונג — עס איז דאָך נור אַזאַ פאַנטאַזיע, בעאונרוהיג זיך ניט, ברענט מיר פונקט אַזוי הייס, ווי אין דער צייט פון יוגענדליכער לעבענס־קראַפט, ווען איך האָב נאָך געקאָנט האָפען אַליין צו דערלעבען די צוקונפט. דאָס מוז זיין אַזאַ נאַטור־טריק. דיעזע זאָרגט פאַר דאָס „יענזייט" פון דעם

אייגענעם לעבען. און אויף דעם פאַקט, דאָס אזא טריעב איז דאָ, שטיצט זיך מיין גלויבען אין אונשטערבליכקייט.

— דאָס טהוען אויך די גלויביגע, וועלכע האָפען אויף א הימעל.

— יא, די האָפען אָבער אויף א הימעל פאַר זייער אייגענעם „איך", אויסערהאַלב פון דער ערד און אויסערהאַלב פון די מענשען. פאַר אזעלכע איז געוועהנליך אויך גאַנץ גלייכגילטיג די צוקונפט פון דער מענשהייט, און זיי טהוען גאַרניט פאַר דעם. איך אָבער גלויב אין אַן אַלגעמיינעם — ניט אינדיווידועלען — אייביגען לעבען, א לעבען, אין וועלכען מיר זיינען אַלע גלייך בעטהייליגט. אימער-צו האָט די וועלט א בעוואוסטזיניגען, ליידענדען, העכער-שטרעבענדען „איך" — מאַכט ניט אויס, אויב די איינצעלנע ערשיינונגען פון דעם זיינען דאָ אָדער דאָרט געשטאָרבען, אָדער זיינען נאָך גאָרניט געבאָרען געוואָרען... אָבער לאָזען מיר דאָס... כדי דו זאָלסט מיך קענען פאַרשטעהן, וואָלט איך געמוזט לאַנג רעדען, און איך מוז דיר נאָך פיעל אַנדערעס זאָגען.

— איך גלויב דאָך, אז איך וויים, וואָס דו מיינסט, צום ביישפּיעל, א גרויסער פלאַקערדיגער פלאַם. די איינצעלנע פונקען ווערען פונאַנדערגעשטויסען, אַנדערע צינדען זיך אָן, עס איז אָבער דערזעלבער פייער און ברענט ווייטער.

מאַרטאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

— און זאָל ניט נור ווייטער ברענען, נור אימער ליכטיגער און אימער הייסער, כדי יעדער איינצעלנער פונק, וועלכער צינדט זיך אָן אויף דאָס ניי, זאָל אַלץ פרעהליכער פינקלען... און אזוי וועט דער קומענדער יאָהרהונדערט זיין דער יאָהרהונדערט אָהן מלחמות, אָהן עלענד, און די, וועלכע העלפען דערצו, ערפילען דעם געזעץ... די אליין זיינען אויף דעם ריכטיגען וועג — און מעגען זיך טויזענדע שטערונגען שטעלען געגען זיי, און מעגען זיי ווערען מיספערשטאַנען און פאַרשפּאָטעט, און מעגען זיי פאַרניכטעט ווערען, זייער אַרבייט וועט אָבער דאָס קומענדע ענדיגען. און וועלען זיי איבערלעבען דעם שטורם פון די געגענקרעפטע, קענען זיי נאָך דערלעבען

צו זעהען זייער זיעג. דיר, רודאָלף, קען עס זיין בעשערט. דו ביזט דאָך נאָך אַזוי יונג.

— איך זעה שוין היינט, מוטער, ווי די געביידע הייבט אָן צו וואַקסען, צו וועלכער איך טראָג צו און וועל צוטראָגען, אַזוי לאַנג, ווי איך וועל לעבען, די נויטיגע, כאָטש זעהר קליי־נינקע שטיינער. לאָז מיר די ערנסטקייט פון דיעזער פאַנטאַזיע אַז דו האָלסט ביין שטאַרבען, בענוצען, אום צו שווערען דיר, דאָס איך וועל קיינמאָל ניט מיעד ווערען אין דעם אָנגעפאַנגע־נעם קאַמפף, דאָס קיינע נסיונות און קיינע אונגליקען זאָלען מיך פון דעם קאַמפף ניט אָברייסען. איך בין דיר מודה, דאָס מאַנכעסמאָל ווער איך פערצווייפעלט... און אין אַזעלכע אוי־גענבליקען וועל איך זיך דערמאָנען אָן די איצטיגע שטונדע, אָן די בענייטע שבועה צו האַלטען געטריי אונזער פאָהן.

ביי די ווערטער: „דאָס דו ביזט אַ שטאַרבענדע“, האָט זיך רודאָלף אַראָבגעלאָזען אויף די קניע און אָנגענומען מאַר־טאַ'ס אַראָבהענגענדע האַנד. צום שלום האָט ער אַרויפגע־דריקט אַ קוש אויף איהר, און האָט זיך ווידער געזעצט אויף זיין פאָריגען פּלאַץ.

— אַ דאַנק דיר, מיין קינד. און נאָך עטוואָס: גלויב ניט, דאָס איך בין אַ ווייבליכער אברהם, וועלכער אָפּפערט איהר זוהן פאַר פרעמדען גליק. איך זעה אין געגענטהייל, אַז עס ווינקט צו דיר דער העכסטער גליק, די גרעסטע צופריעדענשטע־לונג, ווען דו ווידמעסט זיך צום גייסט פון דער וואַקסענדער קולטור, ווען דו, מעג פאַסירען וואָס עס וויל זיך, בלייבסט אַ קעמפּפער פאַר דאָס גוטע. „די צוקונפט געהערט צו דאָס גוטע“, דאָס וואָרט שטאַמט פון טיללינג, אָבער כדי דאָס גוטע זאָל ווערען צום הערשער, זאָל איינגעהמען די וועלט, מוז עס האָ־בען זיינע קראַפטפולע העלדען, מעגסטו זיין אַזעלכער! דערביי אָבער — איך האָב שוין געזאָגט — ווערסטו ניט אויפגעאָפּפערט. די אַרבייט פאַר דאָס גליק פון אַנדערע שליסט ניט אויס דאָס אייגענע גליק.

— טיללינג איז געווען גליקליך — האָט רודאָלף געזאָגט פאַרטראַכט.

— יא, און איך אויך. ווייסטו, רודאלף, דו זאלסט — דאך נײן, איך וויל ניט מיסברויכען די שטונדען, אום ארויפצוצווינגען עטוואס אויף דיר, עטוואס צו וואס דיין אייגענע הארץ טרייבט דיך ניט... אבער, ווען דו זאלסט זיך אמאל פיהלען איינזאם.... אבער, זאג עס מיר אפען, האסטו וואו־עס־איז א ליעבע, וועלכע —

— ניין, איך בין פריי, און איך פארשטעה, וואס דו ווילסט מיר זאגען... קאיטאנע... דאס האסטו דאך געמיינט, ווען דו האסט מיר געזאגט ביין טיש, אז זי איז צוליעב מיר אוועקגעפאהרען.

— אזוי איז עס. זי פיהלט, אז דו ווייסט פון איהר ליעבע, און דערביי ווייסט זי, אז דו דענקסט ניט וועגען איהר — אלזא מיידט זי דיך אויס, צוליעב שטאלץ און מורא. זי ליעבט און בעוואונדערט דיך אזוי שטארק, דאס זי וואלט אין גאנצען זיך אויפגעלייזט אין דיין ארבייט און שטרעבען... קיין זאך איז איהר ניט פרעמד וועגען דיר, ניט נור קען זי אלעס אויסווענינג, וואס דו האסט געשריעבען און גערעדט — זי האט אלע בעריכטע איבער דיינע פארטראגען — נור זי איז אויך דורך מיין שולע דורכגעגאנגען. איך האב איהר אריינגעבראכט אין דעם קדשי־קדשים פון אונזערע אידעאלען, און איך ווייס, אז אויף דער גאנצער וועלט האסטו ניט קיין מעהר פערשטענדיגע און מעהר בעגייסטערטע אנהענגעריז, ווי זי. אבער גענוג, אין דער שטונדע דארף איך ניט וועלען בעאיינפלוסען דיך אין דער הינזיכט פון דיינע הארצענס־געפיהלען. איך האב נור נאך איין בקשה צו דיר: נעהם זיך אן פאר אונזער סילוויא, זיי איהר שטיצע. זי וועט קומען צו זיך, אבער איצט טאר מען איהר ניט איבערלאזען צו זיך אליין, צו איהרע פינסטערע געדאנקען. זעה העלף איהר.

— איך זאג עס צו.

— אזוי, און איצט — מארטא האט זיך ווידער אויפגעהויבען — קעהר איך זיך ווידער צוריק צו די לעבעדיגע, צו די פיליכט, וועלכע וועלען נאך לאנג לעבען. די פאנטאזיע איז צו ענד. איך וויל געזונד ווערען.

רודאלף האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט זיינע אָרימס.

— דאָס האָף איך גאַנץ בעשטימט, מוטער!

דעם נעכסטען טאָג, ווען מוטער און זוהן זיינען געווען ווידער אַליין, האָבען זיי ווידער אָנגעהויבען צו רעדען פון די־זעלבע זאַכען, פון וואָס זיי האָבען גערעדט נעכטען, פאַרשטע־לענדיג זיך, אַזוי ווי מאַרטאַ טיללינג וואָלט געהאַלטען ביים שטאַרבען. נור דאָס מאָל האָבען זיי גערעדט אָהן די נעכטיגע פייערליכקייט, אָהן דעם פּאַטאָס, נור אין אַ גאַנץ פאַמיליאַר־נעם טאָן.

— איך פיהל מיך היינט ווירקליך פיעל בעסער — האָט מאַרטאַ געזאָגט — מעגליך, אַז איך וועל נאָך ווערען גאָר אין גאַנצען געזונד.

— אָבער זיכער!

— ווייסטו, כאָטש איך האָב ניט מורא פאַר'ן שטאַרבען, פונדעסטוועגען איז מיר דאָס לעבען דאָך אַזוי ליעב. דאָס לעבען, שוין ניט רעדענדיג פון מיינע פריידען, ווייל דאָס גלייכט זיך דאָך אָפּט אויס מיט די ליידען, איז אַז און פאַר זיך אַזוי אינטערעסאַנט. וועניגסטענס פינף יאָהר וואָלט איך געוואָלט נאָך לעבען.

— וואָרום גראַד פינף?

— ווייל דאַן הויבט זיך אָן אַ נייער יאָהרהונדערט, און די מענשען וועלען דאַן, אפשר —

— אַך, אויף דאָס האָף איך ניט — האָט רודאָלף איהר אונטערבראָכען, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. — זאָג מיר נור, מו־טער, אום צו רעדען פון נאָהענטערע זאַכען, דו האָסט ניט געוואָלט ביי מיר אַרויסצווינגען אַ צוזאָג אין —

ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען.

— נו.

— אין בעצוג צו קאַיעטאַנע — זאָג, וואָלסטו עס גע־וואונשען?

— אָה, ווי שטאַרק!

— וואָרום?

— שוין צוליעב דעם אליין, אז דיין אדעלקייט זאל פארט־געזעצט ווערען.

— מיין אדעלקייט, מיין יחוס? פון דעם האלטסטו? נו, אבער ווי באלד איך האב זיך ענטזאגט פון מיין ירושה —

— פארשטעה מיך ניט שלעכט. ניט פון דעם גראפישען, דאצקישען יחוס רעד איך, נור פון דעם ראנג, אלס עדעלמענש. אויך דאס ווארט שטאמט פון טיללינג, דערמאנסטו זיך? און אזוי ווי דו האסט איבערגענומען דעם ראנג פון טיללינג, וואל־סטו עס געקאנט איבערגעבען צו דיין זוהן, פארטצוזעצען דעם שטאם פון די, וועלכע האבען דעם מוטה צו קעמפפען פאר רעכט, ווייל דו וואלסט דאך דיינע קינדער ערצויגען אויף אזא אופן.

— שוין ווידער דענקסטו פון די וויטע דורות? דער־ווייל דענק איך צו מאכען א ווירקונג אויף מיינע צייט־גענא־סען, וועלכע הערען מיך, לעזען מיך, און מעהר פון אלץ טראכט איך פון ערציהען זיך זעלבסט. איך פיהל, דאס איך האלט מיך אין איין ענטוויקלען, און דאס איך האב נאך זעהר פיעל צו לערנען און זיך אויסצובילדען. מען מוז זיך אימער צוהע־רען צו דער אייגענער אינערליכער שטימע, מען מוז טראכטען, ווי צו בעפרייען דעם אייגענעם אינערליכען וועזען פון אלער־ליי שטערונגען.

— מען טאר ניט זיין קיין קאמפראמיס־מענש, ווילסטו זאגען?

די אונטערהאלטונג איז אונטערבראכען געווארען דורך דאס אריינקומען פון קאלנאס און סילוויא.

קאלנאס האט איהר אריינגעבראכט די נור־וואס אנגעקו־מענע פאסט, און האט זיך צוגעזעצט צו מארטא, אום איהר פארלעזען פון די צייטונגען, ווי דאס איז ביי איהם געווארען א געוואוינהייט אין די לעצטע וואכען.

רודאלף האט זיך דערוייל בענוצט, אום אוועקצונעהמען זיין שוועסטער אין א צווייטען ווינקעל פון צימער.

— קום, סילוויא, לאמיר אביסעל פלוידערען. מיר האבען איינענטליך נאך גארניט געהאט די געלעגענהייט דערצו. איך

וואלט געוואלט, אז דו זאלסט פאר מיר אויסרעדען אלעס, וואס דו האסט אויפ'ן הארצען.

אין דערזעלבער צייט האט מארטא דורכגעקוקט איהרע בריעף. צוויי פון זיי האט זי געגעבען צו קאלנאס.

— לייענט זיי מיר פאר. עס וועט אייך אויך אינטערע-סירען.

ער האט געלייענט:

קראסנאיא פאליאנא.

אויף די געפאהר אייך צו לאנגווייליגען, ליעבע באראנעסע, און דאס, וואס איך וועל איבער'חזר'ען דאס, וואס איך האב אזוי אפט געזאגט אין מיינע שריפטען, און איך גלויב, אייך אויך, קען איך מיך ניט צוריקהאלטען פון צו זאגען עס נאך אמאל: וואס עלטער איך ווער, און וואס מעהר איך דענק נאך וועגען מלחמה, דאס מעהר בין איך איבערצייגט, אז די איינציגע לייזונג פון דער פראגע ליעגט אין די בירגער גופא, אז זיי זאלען זיך ענטזאגען צו ווערען סאלדאטען. אזוי לאנג, ווי יעדער מענש, — פון 20-21 יאהר זאגט זיך אפ פון זיין רעליגיאן, קריסטליכער אדער אידישער, און אנשטאט זיך האלטען ביי דעם געבאט „לא תרצח", שווערט ער גאר צו טוידטען און נידערשיסען אלע, וועלכע זיין אפיצער בעפעהלט איהם — אויך די ברידער און די עלטערען — אזוי לאנג וועט דער קריעג אנהאלטען און וועט ווערען אלץ גרוייזאמער. כדי די מלחמה זאל אבגעשאפט ווערען, איז נויטיג בלויז די איינציגע זאך: די ווידעראויפריכטונג פון דער אמת'ער רעליגיאן, און דערמיט אויך פון דעם מענשליכען עהרען-געפיהל. מען מוז די מענשען וייזען, אז זיי אליין זיינען עס, וועלכע ברענגען אויף זיך די ליידען פון מלחמה דערמיט, וואס זיי פאלגען מעהר די מענ-שען ווי גאט.

לעא טאלסטאי.

— וואס זאגט איהר דערצו? — האט געפרעגט מארטא — האלט איהר דעם מיטעל פון טאלסטאי פאר ווירקליך דעם איינציגען?

— איך גלויב איבערהויפט ניט אין איינציגע מיטלען —

האט קאלנאס געענטפערט. אזא טויזענד־פאך פארפלאנטערטע זאך, ווי אז אלטע אינסטיטוציאן, מוז פון טויזענד זייטען אנגעגריפען ווערען, אום זי זאל מוזען מאכען פלאץ פאר דאס נייע. און דאן, ווער קען צווינגען דעם איינצעלנעם — דעם אנדערען — צו געהן און ווערען א מארטירער? אויך די שקלאפעריי איז ניט אבגעשאפט געווארען דורך דעם, וואס די שקלאפען האבען זיך געשטעלט ראגעגען... דאן האט קאלנאס פארגעלייענט דעם צווייטען בריעף:

אלעשטאר, נארוועגיען.

איהר פרעגט מיך, ווי איך שטעל מיר פאר די צוקונפט פון דער זאך פון פריעדען? אימער אין דעם בילד פון זונען־אויפגאנג. פאר אונז, נארדלענדער קען דער זונען־אויפגאנג פיעל מעהר בעדייטען, ווי פאר די זידליכע, אזוי, דאס מאנכעס מאל ווערט ער ערוואַרט און בעגריסט, ווי א וואונדער. די פינסטערנים איז געווען אזוי דריקענדיג לאנג, די שטילקייט אזוי אונהיימליך, דער ערשטער בריק איבער די פעלזען־שפיצען אזוי בעטריגעריש... עס דויערט, און דויערט און וואקסט, אבער אלץ קיין זון ניט. און אפילו דאן, ווען דער הימעל שטראהלט אויף אזוי פול מיט האפנונג, אויך דאן איז ניטא קיין זון, און עס איז קאלט, אייגענטליך פיעל קעלטער, ווי פריהער, ווייל די פאנטאזיע איז געווארען אונגעדולדיג.

און אויף איינמאל, ווי א בליץ, קומט אן די לאנג־פער־קינדערטע מאיעסטעט, די זון. אזוי שטארק, אזוי בעצווינגענד, דאס די אויגען קענען איהר ניט פארטראגען. מיר ווענדען דעם בליק צו דער לאנדשאפט, וועלכע איז שוין געווען בע־גליקט, כאטש מיר האבען עס ניט בעמערקט — און די לופט, וועלכע איז שוין לאנג בעלויכטען, כאטש מיר האבען עס ניט געזעהען. אלעס, אלעס, ביז אראפ אין די טיעפעניש‌ען, און ביז ארויף אין די העכסטע פוסטקייטען, איז בעשיינט פון דער זון, קלאר, פולענדעט — אנגעפילט פון ווארימקייט, פון טע־נער פון דונער דורכגעדרונגען...

אזוי, מיין איך, פאסירט עס מיט אונז. אין אונזער היי־

סען שטרעבען באמערקען מיר ניט ווי עס קומט פאר, ווי נאַ־הענט עס איז שוין די זון פון דעם וועלט־פריעדען. עס קומט עטוואס, וואס ברענגט איהם, ווי א וואונדער, אבער עס איז קיין וואונדער. מיר זעהען עס נור ניט אין אונזער אונגעדולד, ווי אלעס איז געווען פארבערייטעט פאר דעם.

אייך, ליעבע פרוי באראנעסע, פיעלע גרוסען

ביערנסטערנע ביערנסאן.

אין דערזעלבער צייט האט זיך רודאלף אוועקגעזעצט מיט זיין שוועסטער אויף א קליינע סאפא. ער האט זי אנגעקוקט מיט פיעל מיטלייד און ליעבע. זי איז געווען אזוי בלאס, און די איידעלע געזיכטסציגע אזוי שמאל.

— נו, זאג, וועסטו ביי מיר ווידער ניט אויפבליהען? דו ביזט דאך קיין אכט־און־צוואנציג ניט. וואס קען דיר דאס לעבען נאך אנבאטען!

— גארנישט. — און נאך א קליינעם קורצען שטיל־שוויי־גען — האסטו געליינט זיין דראמע „דער טוידטער שטערען“?

— יא, אבער דענק דאך ניט אימער אן דעם פארלארענעם. איך וויים, אז דיר האט געטראפען א שווערער אונגליק.

— אך, ווען מיין אונגליק וואלט נור געווען אזעלכער, אז איך זאל ניט האבען אויף וואס חרטה צו האבען.

— דו האסט חרטה?

— יא.

— מיין ארעמע שוועסטער. אלזא דאך?

— וואס דאך?

— דו ביזט געווען זיין גנעל —

זי האט איהם אונטערבראכען מיט א העפטיגער בעוועגונג.

— ניין, ניין. און דאס איז עס טאקי, אויף וואס איך האב חרטה, אויף דאס קיינמאל ניט גענאסענע, און קיינמאל ניט געשענקטע גליק. „מען זאל צום גליק ניט זאגען: שפעטער! — שפעטער קען איינער פון אונז זיין געשטארבען“ — דאס האט ער מיר געשריעבען אין זיין לעצטען בריעף, און אזוי איז עס אויך געקומען. שפעטער איז ער געווען טוידט.

רודאלף האט איהר געדריקט מיטפיהלענדיג די האנד.

— אה, אזוי מיינסטו עס ?

אין א ווייל שפעטער האט ער פארטגעזעצט :

— דו דארפסט ניט, דו טארסט ניט זיך אזוי איבערגעבען צו דיין גרויסען צער. נעהם זיך ניט אלס ביישפיעל די גרויסע טרייהייט פון אונזער מוטער צו איהר טוידטען. דו האסט קיין רעכט ניט דערצו. ווען מען איז געווען יאהרענלאנג פארבונדען מיט א געליעבטען וועזען, ווען מען איז געווען איינס מיט איהם, און מען האט צוזאמען געטהיילט גליק און אונגליק, די נשמות פעראייניגט מיט אלע געדאנקען און ווינשע, נור דאן איז ערלויבט דאס טרויערען אויף לעבען־לאנג. אבער דו און הוגא ? גלויבסטו אז ווען ער וואלט פארלארען דיך, ווען ער האט קיינמאל ניט געהאט, וואלט ניט באלד א נייע ליעבע אנגעפילט זיין דיכטער־הארץ ?

— דו טהוסט מיר וועה, רודאלף.

— פערצייה. א רעטענדע האנד מוז אמאל גאנץ הארט אנכאפען דעם טרינקענדען.

— מיר פעהלט קאיעטאנע — די האט געהאט א גאנץ איידעלען שטייגער ארומצונעהן ארום מיר מיט מיין פערוואונדעטער נשמה... דאס זי איז אזוי פלוצלונג אבגעפאהרען, דאס מאכט מיך בייז אויף דיך.

— ווארום אויף מיך ? האב איך דען ארויסגעטריבען דיין פריינדין ?

— א, דו ווייסט גאנץ גוט.

יא, ער האט געוואוסט, און אז די אנטלאפענע זאל איצט דא זיין האט איהם א זעהר שטארקער וואונש אנגעכאפט. אם ליעבסטען וואלט ער געוואלט זאגען צו סילוויא : „שרייב איהר, דאס זי זאל צוריק קומען“. אבער ער האט זיך צוריקגעהאלטען.

# זעקס אין דרייסיגסטער קאפּיטעל.

אין מיטען נאכט. מאַרטאַ איז געווען מעהרערע טעג אַזוי געזונד און קרעפטיג, דאַס זי אַליין און אויך אַלע אַרום איהר האָבען עס ניט געהאַלטען פאַר נויטיג, דאַס איַמיצער זאָל זיין מיט איהר אין צימער ביינאַכט, און דאַרום איז זי געווען אַליין אין איהר שלאָפצימער.

זי האָט אָבער ניט געקאָנט שלאָפען, און האָט פאַר זיך קיין רוה ניט געקאָנט געפינען. אַ באַזאָנדערע קלעמענעש האָט איהר פאַרשטיקט די האַלז, און אַ מאָדנע בענקשאַפט האָט בעהערשט איהר געמיט. זי האָט געמאַכט ליכטיג און האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט. זי האָט עס ניט געקאָנט אויסהאַל־טען צו בלייבען ווייטער ליגען.

זאָל זי אָנקלינגען צו דער מיידעל, וואָס האָט געשלאָפען אין דעם צימער דערביי? ניין — צו וואָס? — זי דאַרף דאָך גאָרניט, נור לופט, אָבער דאָס האָט זי דאָך געקאָנט זיך אַליין פאַרשאַפען, ווען זי וועט נור דאָס פענסטער עפענען. וואָלט זי צוליעב דעם גערופען דאָס מיידעל, וואָלטען אַלע אין הויז באַלד זיך איבערגעשראָקען. עס וואָלט געהייסען אַ נייער ער־שטיקונגס־אַנפאַל און דאָס גאַנצע הויז וואָלט צוזאַמענגעלאָפען.

זי האָט זיך אַריינגעגליטשט אין איהרע פאַנטאָפעל און אין אַ ברייטען, ווייכען שלאָפראָק, וואָס איז געלעגען אויף אַ שטוהל לעבען איהר בעט, און מיט שטילע טריט איז זי צוגע־גאַנגען צום פענסטער, וועלכען זי האָט געעפענט.

אַ פרישע לופט, וואָס האָט געשמעקט נאָך דעם זומער־רעגען, האָט אַריינגעשטראָמט. מען האָט געהערט דעם קלאַפּ פון די געדיכט־פאַלענדע טראָפּען אויף די לאַנקע און דאָס ריי־נען פון וואַסער פון אַ דאַך־רינע. מאַרטאַ האָט אין טיעפע ציגע ־איינגעאָטהעמט די קיהלע, פייכטע לופט, און די קלעמענעש אין דער ברוסט איז אַוועק. איהר טרויעריגע שטימונג איז

אבער געבליבען. ניין, זי איז נאך זאגאר שטארקער געווארען. די דונקעלהייט, דאס קלאפּען פון רעגען און זאגאר דער רעגען־גערוך האט געהאט עטוואס מעלאנכאלישעס... אך, ניין, די מעלאנכאלישע איז זי אליין געווען, ניט די פייכטע זומער־נאכט. און איצט האט זי אויך געוואוסט, ווארום איהרע אויגען פילען זיך אן מיט טרערען, וואס איז די אורזאכע פון איהר שווערען טרויעריגען געמיטה: דאס איז געווען דער געדאנק צו זיין געשטארבען, צו ווערען באגראבען.

זי האט ווידער צוגעמאכט דאס פענסטער, האט גענומען דאס ליכט, און איז דורך די אפענע טהיר אריין אין איהר שרייב־צימער, דארט, וואו עס זיינען געווען אלע איהרע געליעבטע זאכען, וואס זיינען איהר געבליבען פון דער פערשוואונדענער יוגענד. דארט זיינען געווען אין אלע ווינקעלעך טיללינג'ס בילדער און דא האט זי געוואלט רעכט־גרינדליך טראכטען וועגען טוידט, דא האט זי געוואלט זיך זעגענען מיט אלע איהרע ערינערונגען און מיט זיך זעלבסט.

זי האט זיך א ווארף געטהאן אין דעם לעהנשטול, וואס איז געשטאנען פאר דעם שרייב־טיש, און האט אזוי אוועקגעשטעלט דאס ליכט, אז זיין שיין איז געפאלען אויף טיללינגס גרויסעס געמאלענעס בילד, וועלכעס איז געשטאנען אין א ראהם אויפ'ן טיש. דער ליבער האט אויסגעזעהען אזוי ווי ער וואלט איהר אנגעקוקט.

„מיין פרידריך!" לאנגזאם און הייס זיינען גערונען די צוויי טרערען פון איהרע אויגען איבער איהרע באקען.

דאן אבער האט זי מעהר ניט געוויינט. ניט צו טרויערען האט זי זיך דא געזעצט. טראכטען האט זי געוואלט. נאך אמאל איבערטראכטען וועגען דעם, וואס זי האט גערעדט מיט איהר זוהן אין דער שטונדע, ווען זי האט זיך פארגעשטעלט, אז זי האלט ביים שטארבען. זי האט זיך געפרעגט, אויב זי האט איהם אלעס געזאגט, וואס זי האט געוואלט איהם זאגען. ניין, בשום אופן ניט אלעס. וויפיעל זי האט גערעדט און געשריעבען אין איהר לעבען איבער די גרויסע זאך, וואס איז איהר געלעגען אויפ'ן הארצען, אבער אימער איז געבליבען עפּעס

ניט-דערזאגטעס. אימער גערארע דאס, וואס זי האט אם שטארקסטען געפיהלט, און אם קלארסטען בעגריפען, איז גע־בליבען ניט ארויסגערעדט.

פריהער, ווען זי איז געלעגען אין דער פינסטער אויף איהר בעט, און א קראנקהאפטער צוזאמענציהען פון איהר הארץ האט איהר אויפגעוועקט פון שלאף, דאן איז מיט איין איינציגען געדאנקען האט אויפגעבליצט ביי איהר א פולע פארשטענדניס פאר דעם גאנצען עלענד פון דער גאנצער מענשהייט און אויך פאר די ערהאבענהייט פון דעם ציעל צו פארטרייבען אזא עלענד, און אויך, ווי איינפאך דאס איז צו דערגרייכען דעם ציעל, און זי איז געווען זיכער, דאס ענדליך האט זי געפונען די ריכטיגע פארמולע... אבער ווערענד זי האט דאס געוואלט אנטאפען מיט איהרע געדאנקען-פינגער, איז דער גאנצער בע־וואוסטזיין-צושטאנד אזוי ווי פארשוואונדען. איצט, זיצענדיג אזוי, האט זי פרובירט איהם, דעם בעוואוסטזיין, צוריקצורו־פען, אבער אומזיסט, אנדערע געדאנקען האבען זיך געשפארט אין איהר קאפ: סילוויא, קאיעטאנע, און מיט דער גאנצער געוואלט, אזוי שטארק, ווי אימער, ווען זי איז געווען אויפגע־רעגט, האט זיך א שפאר געטהאן א גאנצער מבול פון עררי־נערונגען אן איהר פערלארענעם — אלע בילדער פון גליק און שמערץ פון דער אזוי רייכער צייט פון זייער צוזאמענלעבען... וואלט זיך איצט זיסער און לייכטער געשטארבען, ווען ער וואלט נאך איצט דא געווען? ווען זי וואלט איצט אין דער לעצטער שטונדע געקאנט אנשפארען איהר קאפ אן זיין ברוסט, דער ברוסט, וועלכע איז שוין מעהר ווי צוואנציג יאהר צושא־סען און פערניכטעט געווארען? איצט איז געקומען איהר רייהע צו ווערען צופוילט און פערניכטעט — צוריק אריין אין דאס „אלל", אין די אבגעשיידטע אטאמען. ביי דעם געדאנק „אלל" — עס איז דאך נור אן אנדערווארט פאר גאט, איז איהר איבערגעלאפען א קעלט. אזוי איז זי געבליבען פארזונ־קען. זי האט איצט קיינעם וועגען גארניט געבעטען, אבער דאס איז דאך געווען א תפלה.

דאן האט זי גענומען טיללינגס בילד אין האנד. דאס זיי

ביידע זיינען אמאָל אזוי גליקליך געווען. דאָס זיי האָבען איינע די אַנדערע אזוי געליעבט, דאָס איז ווענינסטענס אַ ווירקליכ־קייט, וואָס קען ניט פערניכטעט ווערען און מען קען אויך ניט באַ[illegible]טען די אידעע, וועלכע ער האָט איהר איבערגעלאָזען געהיטען, און וועלכע זי גיט איצט איבער צו איהר זוהן.

ווידער האָט זי זיך אנגעשטרענגט צו געפינען אַ וואָרט־באַרמולע, אין וועלכער יענע אידעע זאָל זיך לאָזען אריינ־קוועטשען, ווי די טהייערע טראָפּענס פון לעבענס־עלעקסיר אין אַ גאָלדענע פלעשעלע.

דרויסען האָט עס גערעגענט אַלץ שטאַרקער. עס האָט זיך איצט אויך אויפגעהויבען אַ שטאַרקער ווינד, וועלכער האָט דעם רעגען־גוס געטריבען אויף די שויבען, און פייפענדיג זיך געוואָרפען אין קאַמין. די קלאַנגענדע טענער האָבען ארויס־געריסען מאַרטאַ'ן פון איהר טראַכטען און האָבען פאַרשטאַרקט איהר געפיהל פון שרעק און בענקשאַפט... זאָל זי דאָך אי־מיצען רופען? איהרע קינדער וואָלטען געווים באַלד געקו־מען צו לויפען צו בערוהיגען איהר, צו טרייסטען איהר, איהרע ליעבע, אָבער, אַך, אזוי ווענינ גליקליכע קינדער... ניין, צו וואָס צושטערען זייער שלאָף, מאַכען זיי אומזיסט אנגסט?

די גייסטיגע קלעמעניש איז באַלד ווידער איבערגעגאַנגען אין אַ פיזישע, אַ שטאַרקער וועהטאָג אין הארצען איז געוואָרען אַלץ גרעסער, ביז עס האָט איהר אויסגעפעהלט לופט. זי האָט ניט געקאָנט אָפּאָטהעמען, און אַ הויכעס קרעכצען האָט זיך ארויסגעריסען פון איהר ברוסט.

דאָס מיידעל, וועלכעס האָט ערוואַכט צוליעב דאָס פייפען פון ווינד און האָט געזעהן אונטער דער טיר דעם שיין פון ליכט, האָט איצט געהערט דאָס קרעכצען און איז אריינגעלאָ־פען צוהעלפען איהר הערריז. זי האָט זי געפונען קעמפּפענדיג פאַר לופט, און עס האָט פּאַסירט דאָס, וואָס מאַרטאַ האָט גע־וואָלט אזוי שטאַרק פאַרהיטען, דאָס גאַנצע הויז האָט ערוואַכט און איז געוואָרען שטאַרק איבערגעשראָקען.

דער אַנפאַל האָט ניט לאַנג אנגעהאַלטען. באַלד איז זי

געלעגען גאַנץ רוהיג אָטהעמענדיג און בעפרייט פון שמער'ץ אויף איהר בעט, ארום וועלכען איהרע קינדער זיינען גע־שטאַנען.

דער געבראכטער גרויסער דאָקטאָר האָט געבעטען, אז מען זאל גלייך שיקען נאָך דעם ווינער פּראָפּעסאָר, און אַ רייטענ־דער שליח איז אוועקגעשיקט געוואָרען אויף די סטאַנציע צו טעלעגראַפירען צום פּראָפּעסאָר. פּונקט אזוי האָט סילוויא, לויט איהר געגעבענעם פאַרשפּרעכען — געשיקט גלייך אַ טע־לעגראַמע צו קאַיעטאַנע.

אין אַ שטונדע ארום איז מאַרטאַ איינגעשלאָפען.

איז איינגעשלאָפען, און האָט זיך שוין קיינמאָל מעהר ניט אויפגעכאַפּט. אַ האַרץ־שלאַג האָט געמאַכט אַ לייכטען סוף צו איהר לעבען.

* * *

מיט רעמזעלבען צוג, מיט וועלכען עס איז אַנגעקומען דעם פאָלגענדען נאָכמיטאָג דער ווינער פּראָפּעסאָר, איז אויך אַנגעקומען קאַיעטאַנע ראַנעגג. שוין אויף דער סטאַנציע האָ־בען ביידע זיך דערוואוסט, דאָס זיי זיינען געקומען צו שפּעט.

ווייגענדיג איז דאָס יונגע מיידעל אריין אין טוידטען־צימער און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דעם געלעגער פון דער טוידטער, ביי וועמעס זייט רודאָלף איז געשטאַנען. סילוויא איז געזעסען אויף אַ געוויסער ווייטקייט, פאַרגראָבען דעם פּנים אין די הענד.

רודאָלף איז צוגעגאַנגען צו קאַיעטאַנע. אַ שטראָם פון צערטליכקייט האָט זיך אויסגעגאָסען אויף זיין פערוואונדעטע האַרץ. ער האָט איהר ארומגענומען און האָט געוויינט אויף איהר אַקסעל.

— זי האָט דיך זעהר ליעב געהאַט, קאַיעטאַנע — האָט ער געזאָגט.

דאָס ער האָט זיך פּערלאָזט מיט איהר מיט דעם „דו“ און מיט דער אומאַרמונג, דאָס האָט ער געפיהלט. דאָך האָט

ער עס געפיהלט אלס אן ערלייכטערענדען טרייסט, ווי אן ער־שיינונג פון א האפען — —

דעם נעכסטען אווענד — ביי דער טוידטער האבען גע־וואכט סילוויא און קאלנאס — איז דאס חתן־כלה־פאר גע־גאנצען אין דיזעלבע אלעען הין און צוריק, ווי זיי האבען עס געטהאן אין יענער נאכט, פאר קאיעטאנע'ס אבפאהרען.

ווידער האבען די בלומען געשמעקט, אזוי שטארק, אבער דאס מאל האבען זיי דעם יונגען מיידעל געבראכט גאנץ אנדערע ריחות, ווי אין יענער נאכט. עס האט זיך אריינגעמישט אין דעם ריח — עטוואס, וואס איז אין דער ווירקליכקייט געווען בלויז א פאנטאזיע. — דער ריח פון וואקסענע ליכט, וואס האבען געברענט צוקאפענס און צופוסענס פון דער טוידטער, און אזוי האבען די בלומען איהר איצט דערצעהלט פון דעם אונגע־האפטען ליעבעס־גליק און פון דעם אומעדיגען טוידט...

אזוי ווי דאן האט ער גענומען איהר ארים אונטער זיינעם.

— מיר האבען ערפילט א ליבלינג-וואונש פון דער פער־לארענער — האט ער געזאגט.

זי האט זיך דערשראקען.

— ווי? אפשר נאר צוליעב דעם? נור, אום צו ערפי־לען איהר לעצטען וואונש?

ער האט געשאקעלט מיט'ן קאפ:

— ניין. זי האט מיר גארניט בעפוילען. זי האט נאר געוואוסט, וואס איז גוט פאר מיר. דאך איינס האט זי אויף מיר ארויפגעלעגט, און איך האב עס איהר געשווארען: צו בלייבען טריי מיין לעבענס־ארבייט. ביזטו ענטשלאסען, קינד, צו זיין מיר א פערטרויטע, א חבר'ין?

— יא, דאס וויל איך.

— ווייסטו, אז דו מוזט אויפגעבען דיין גאנצע ביז־איצ־טיגע געזעלשאפט, דיין גאנצע געוואהנטע אומגעבונג, ניט קו־קען, ניט אכטען אויף דעם בייפאל פון די דייניגע, און ניט האבען מיט זיי קיין געמיינשאפטליכעס?

— יא, דאס ווייס איך.

— דו וועסט מיר מוזען פאלגען אין אנדערע לענדער, און ווער וויס, אפשר וועט עס גאר זיין ניט קיין פרייוויליגע רייזע — עס איז דאך אלץ מעגליך. פיליכט וועט מען מיך שלעכט פארשטעהן און מען וועט מיך פערפאלגען, און מען וועט מיך ארויסווייזען.

— אלעס וויל איך טהיילען מיט דיר: אויך די פערשי־קונג, אויך די געפענגניס, און זאגאר דעם טוידט.

ער איז געבליבען שטעהן.

— און אפשר דעם זיעג, געליעבטע! — האט ער געזאגט און איהר צוגעדריקט צו זיין הארץ.

ע נ ד ע.



